


# סאָוועטיש

## 2

1987

# היימלאנד

# סאָוועטיש היימלאַנד

ליטעראַריש-קינסטלערישער
כּוידעש-זשורנאַל

אָרגאַן פון שרײַבער־פאַרבאַנד פון פסס״ר

דערשײַנט פון 1961

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל״
מאָסקווע

פעוורואַל

1987

# אינהאַלט

א. ס. פּושקין — צום 150־טן יאָרצײַט פונעם גרויסן רוסישן דיכטער.



---

א. ס. פּושקין.
אַקוואַרעל פון פּ. פּ. סאָקאָלאָוו. 1836


**הויפּט־רעדאַקטאָר**

א. ווערגעליס

**רעדקאָלעגיע:**

כ. ביידער (שטעלפאַרטרעטער פון הויפּט־רעדאַקטאָר),
ש. גאָרדאָן, ט. גען,
א. טווערסקאָי,
נאָטע לוריע, ב. מאָגילנער,
ב. מילער, כ. מעלאַמוד,
ה. פּאָליאַנקער,
י. שוסטער (פאַראַנטוואָרטלעכער סעקרעטאַר), י. שרײַבמאַן


1987

# א. ס. פּושקין

## צום 150־טן יאָרצײַט פונעם גרויסן רוסישן דיכטער



„פּושקין איז באַרופן געוועןצו זײַן דער ערשטער פּאָעט־קינסטלער פון רוסלאַנד, צו געבן רוסלאַנד א פּאָעזיע אַלס קונסט, און ניט בלויז אַלס שיינע שפּראַך פון געפיל...

...און וואָס איז דאָס פאַר א ליד! אַנטישע פּלאַסטיק און שטרענגע פּאַשעטקייט האָט זיך פאַרייניקט אין איר מיט דער באַצויבערנדיקער שפּיל פונעם ראָמאַנטישן גראַם; די גאַנצע אַקוסטישע רײַכקייט, די גאַנצע קראַפט פון דער רוסישער שפּראַך האָט זיך אַנטפּלעקט אין איר אין א וווּנדערלעכער פולקייט; זי איז צאַרט, זאַפטיק, ווייך, ווי דער מורמל פון דער כוואַליע, קאָמפּאַקט און געדיכט, ווי סמאָלע, לויטער, ווי א בליץ, דורכזיכטיק און ריין, ווי קרישטאָל, דופטיק און אַראָמאַטן־פול, ווי דער פרילינג, פעסט און מעכטיק, ווי דער קלאַפּ פון א שווערד אין דער האַנט פונעם העלד.

**וו. ג. בעלינסקי**

## א. ס. פּושקין

# ליריק

### דער דענקמאָל

איך האָב אַליין אַ וווּנדערלעכן דענקמאָל זיך געשאַפֿן,
פֿון פֿאָלק דער שטעג צו אים איז אָפּגעהיט,
נאָך העכער הייבט ער אויף זײַן קאָפּ ניט פֿאַרשקלאַפֿטן
פֿון אַלעקסאַנדערס זײַל־גראַניט.

ניין, ניט אינגאַנצן כ'שטאַרב, — עס וועט מײַן גײַסט אין לירע שטערבן
אַריבערלעבן מיך, פֿון טויט אַנטלויפֿן וועט,
און זײַן וועל איך באַרימט ווי לאַנג נאָר עס וועט לעבן
אויף אַט דער ערד כאָטש איין פּאָעט.

דורך גאַנץ ראַסיי וועט אומגיין וועגן מיר אַ קלאַנג אַ מילדער
און ס'וועט מיך אָנרופֿן אַ יעדער פֿאָלק צוריק,
דאָס שטאָלצע אייניקל פֿון סלאַוו, דער פֿין און איצט דער ווילדער
טונגוס, דער פֿרײַנט פֿון סטעפּעס, דער קאַלמיק.

און לאַנג וועל איך דעם פֿאָלק דערמיט זײַן טײַער,
ווײַל לירע מײַן געוועקט געפֿילן גוטע האָט,
ווײַל אין מײַן גרויזאַמען יאָרהונדערט כ'האָב געריימט די פֿרײַהײַט
און פֿאַר געפֿאַלענע געבעטן גנאָד.

אָ, מוזע, פֿאָלגן זאָלסטו גאָט אין דײַנע וועגן,
אַ קראַנץ ניט פֿאָדער נאָר, פֿאַר אוּלע שרעק זיך ניט, פֿאַר צאַר;
סײַ לויב, סײַ בילבל גלײַכגילטיק באַגעגן
און אַמפּער זיך ניט מיט קיין נאַר.

ייִדיש — מ. טייף

* * *

כ'טרינק פֿאַר געזונט פֿון מערי,
ליבער מערי מײַן.
קיינער זאָל ניט הערן,
שטיל, אָן געסט, כ'וועל ווײַן

טרינקען פֿאַר מײַן מערי.

שענער טרעפֿט פֿאַר מערי,
שענער פֿאַר מערי מײַן
פֿאַר דער קליינער פּערי;
נאָר מ'קען ניט ליבער זײַן
פֿאַר דער צאַרטער מערי.

זײַ זשע גליקלעך, מערי,
זון פֿון לעבן מײַנס!
זאָל פֿון צאַר און טרערן,
זאָל פֿון טעג אין מײַן
גאַרניט וויסן מערי.

ייִדיש — ז. אַקסעלראָד

* * *

שוין צײַט, מײַן פֿרײַנט, שוין צײַט, דאָס האַרץ בעט רו אַצינדער,
עס לויפֿן טעג נאָך טעג, און יעדע שאָ געשווינדער
טראָגט אָפּ אַ טייל פֿון זײַן, און מיר מיט דיר באַצווייט
מיר טראַכטן לעבן נאָך, נאָר זע ס׳קומט אָן דער טויט.

ניטאָ קיין גליק אין וועלט, פֿאַראַן איז פֿרײַהײַט, פֿרידן,
שוין לאַנג פֿון אַזאַ גורל וואָלט איך זײַן צופֿרידן,
שוין לאַנג, דער מידער קנעכט, אַנטלויפֿן כ׳וויל
אין ווײַטן ווינקל דאָרט פֿון מי און לויטערן געפֿיל.

ייִדיש — ז. אַקסעלראָד

# א וואָלקן

פֿאַרבליבענער וואָלקן פֿון שטורעם צעזייטן!
דו איינער יאָגסט אום אין די זויבערע ברייטן,
א שאָטן א גרויער פֿון דיר גיט א טראָג,
דו איינער פֿאַרומערסט דעם פֿריידפֿולן טאָג.

האָסט נאָרוואָס דעם גאַנצענעם הימל פֿאַרנומען,
און שטרענג האָבן בליצן דיך האַלדזן גענומען.
פֿאַרבאָרגענע דונערס זיך האָבן דערהערט,
און דו האָסט געפּאָיעט די דאָרשטיקע ערד.

די צײַט איז געענדיקט, געננג, ווער צעראָנען!
די ערד איז שוין פֿריש, ס׳איז דער שטורעם אַנטרונען,
די בלעטעלעך צערטלט דער ווינט אויפֿן בוים
און טרײַבט דיך און יאָגט פֿון באַרויִקטן רוים.

ייִדיש — ה. קאַמענעצקי

* * *

אויף ברעג פֿון גרוזיע שפּרייט זיך אויס די נאַכט;
אַראַגווי־טײַך אין טיף דאָרט בויערט.
עס איז מיר שווער און גרינג; מײַן טרויער איז מיר לײַכט;
מיט דיר, מיט דיר איז פֿול מײַן טרויער,

מיט דיר און בלויז מיט דיר... מײַן אומעט און מײַן צער,
קיין אומרו קאָן שוין ניט באַטריבן,
און ווידער פֿלאַמט און ליבט דאָס האַרץ — דערפֿאַר,
ווײַל ניט אימשטאַנד איז — ניט צו ליבן.

ייִדיש — ש. ראָסין

* * *

ניט זינג, מײַן טײַערע, פֿאַר מיר
פֿון גרוזיע די טרויער־לידער,
ווײַל זיי דערמאָנען איצטער מיר
אַן אַנדער ברעג א ווײַטן ווידער.

אָ וויי, ס׳דערוועקט מיר און דערמאָנט
דײַן ליד, וואָס איז איצט פֿול מיט לײַדן:
די נאַכט, דעם סטעפּ, דעם האָריזאָנט,
די שטריכן פֿון דעם צאַרטן מײדל.

ווען איך דערזע דיך — איך פארגעס
אַן דעם געשפּענסט דעם מילדן, טרײסטן;
און ווי דײַן ליד נאָר זינגען נעמסט,
און דער געשפּענסט אַפּסנײַ באַווײַזט זיך.

ניט זינג, מײַן טײַערע, פאַר מיר
פון גרוזיע די טרויער־לידער,
ווײַל זיי דערמאָנען איצטער מיר
אַן אַנדער ברעג אַ ווײַטן ווידער.

ייִדיש — ש. ראָסין

## א ווינטער־אָוונט

דער געוויטער הימלען כווישעכט,
שניי־וויכערס ער דרייט געשווינד;
ווי א חיה, אָט ער רוישט דאָרט,
אָט צעווײנט זיך, ווי א קינד.
אױף דעם אַלטן הײַבל וועט ער
באַלד די שטרוי אַ טרײסל טאָן,
ווי אַ דורכגייער אַ שפּעטער,
אונדז אין פענצטער קלאַפּט ער אָן.

אונדזער שטיבעלע דאָס אַלטע
איז אין טרויער אײַנגעהילט.
וואָס זשע זיצטו דאָרט, מײַן אַלטע,
בײַ דעם פענצטער אײַנגעשטילט?
צי דאָס ברומען פון געוויטער
האָט, מײַן פרײַנט, דיך אײַנגעמידט,
צי צום שלאָף דער שפּינראָד ציט דיך
מיט זײַן זשומען, מיט זײַן ליד?

לאָמיר טרינקען, פרײַנדן עכטע,
פון מײַן אָרעמער יוגנט־פּײַן,
טרינק פון צאָרעס: וווּ ז'דאָס קווערטל?
אױפן האַרץ וועט גרינגער זײַן.
זינג א ליד, ווי ס'לעבט א פויגל
פרײַ אין יאַמען־ווײַטן לאַנד:
זינג א ליד מיר, ווי א מיידל
איז צום ברונעם פרי געגאַן.

דער געוויטער הימלען כווישעכט,
שניי־וויכערס ער דרייט געשווינד;
ווי א חיה, אָט ער רוישט דאָרט,
אָט צעווײנט זיך, ווי א קינד.
לאָמיר טרינקען, פרײַנדן עכטע,
פון מײַן אָרעמער יוגנט־פּײַן,
טרינק פון צאָרעס: וווּ ז'דאָס קווערטל?
אױפן האַרץ וועט גרינגער זײַן.

ייִדיש — ד. האָפשטיין

## ווידערקאָל

צי הוילט א חיה טיף אין וואַלד,
א האָרן שאַלט, א דונער פאַלט,
א מיידל זינגט, — דו ענטפערסט באַלד
אױף יעדער קלאַנג,
אױף יעדער בויג, אױף יעדער פאַלד
אין לופט־געהאַנג.

נעמסט אױף פון דונערן דעם קנאַל,
דעם רויש פון הויכן וואַסערפאַל,
פון פריִע פאַסטעכער דעם שאַל —
מיט קלאַנג־געוועט;
אַליין אָן מיטקלאַנג איבעראַל...
ווי דו, פּאָעט.

ייִדיש — ד. האָפשטיין

## פאַרגעפּיל

ווידער האָבן וואָלקנס גראָע
אין דער שטילקייַט מיר באַקרייַזט,
און עס נעמט מיט אומגליק דראָען
בייזער גוירל מיר באַנייַס...
וועל איך קענען אים פאַראַכטן?
וועל איך קעגן אים אוועק
מיט געדולד און מוט דערוואַכטן
פון די שטאָלצע יוגנט־טעג?
פון די שטורעם־טעג א מידער,
אַף דעם שטורעם כ׳וואַרט אין רו:
עפשער וועל איך קומען ווידער
אין א האַפן ערגעץ־וווּ...

נאָר אין פאַרגעפּיל פון ליידן,
ביז די בייזע שאָ קומט אָן,
מאַלעך מייַנער, צום צעשיידן
כ׳אייַל דייַן האַנט א דריק צו טאָן.
מאַלעך מילדער און באַרוטער,
מיט א וואָרט א שטילס באַגלייט,
זאָל דייַן צאַרטער בליק דייַן גוטער
טאָן א ציטער שטילערהייט.
און דייַן אָנדענק וועט פאַרבייַטן,
אין מייַן האַרצן טאָן א וועק
האָפענונג, קראַפט און שטאָלץ פאַרשייַטן,
און דעם דרייסט פון יונגע טעג.

ייִדיש — מ. כאַשטשעוואַצקי

## ציגייַנער

אַפן וואַלד־ברעג, אין דער נידער,
אין דער שטילקייַט פון פאַרנאַכט
ברענען שייַטערס, הילכן לידער,
זייַנען בייַדלעך אופגעוואַכט.

זייַ געגריסט, דו, שיוועט פרייַער!
דייַנע שייַטערס כ׳זע מיט פרייד.
אָט די בייַדלעך, א געטרייַער,
כ׳וואָלט אַן אַנדערש מאָל באַגלייט.

מאָרגן מיטן טאָג דעם קלאָרן
אייַער שפור פאַרשווינדן וועט,
איר וועט אָפּפאָרן, — ניט פאָרן
וועט מיט אייַך נאָר דער פּאָעט.

ער האָט שוין די וואַנדער־זיטן
און פון שטיפערייַ דעם בלענד
אַף דער רו אין דאָרף פאַרביטן,
אַף די היימישע פיר ווענט.

ייִדיש — מ. כאַשטשעוואַצקי,
י. קאָטליאַר



סל יאָר אָקטיאַבער

פון אונדזער ליטעראַטור־אוצער

מ. דאַניִעל

# יאַנקל „מאַראַט"

יאַנקל מאַראַט איז דער איינציקער צווישן דעם הײַפל קאָמונאַרן, וואָס רעדט א סאַך וועגן דער רעוואָליוציע, וועגן אירע וועגן און גרויסקײַט.

די קריגס־געפאַנגענע פאַרשטייען ניט, פון וואָס א מענטש איז אזוי אופגעשטראַלט און פריילעך, זיי האַלטן אים פאַר א צעדרייטן און קערן זיך אויס מיט די רוקנס.

ער לויפט איצט אום איבערן ראַט און זוכט יוליסן. דאָס היטל זיצט בא אים אפן שפּיץ קאָפּ, אראָפּגערוקט צום קאַרק. צוויי שאַרפע שטערן־ווינקלען פאַרקריכן טיף אין שאַרבן. דער שאַרבן איז בא אים א הויכער, באַרג־אַרופיקער. דער פאַרשמאָלצענער צעריסענער ראָק איז פאַנאַנדערגעשפּיליעט, ווײַזט א שמוציק סאָלדאַטיש העמד. דאָס סאָלדאַטישע העמד איז אָן קנעפּלעך. די צוויי דינע בענדלעך, וואָס זײַנען געווען באַרופן דעם קאָלנער פאַרבינדן, האָבן זיך אָפּגעריסן, הענגען אראָפּ אף זײַן ני־דעריקן נאַקעטן האַלדז, ווי ווײַזערס; ווען ער רעדט, באַקומען די בענדלעך באַוועגונג, שפּרינגען ארויף און אראָפּ, מעסטן די גרויסע אופרעגונג פון זייער באַלעבאָס.

א סאַך היציקע געדאַנקען זײַנען אָנגעלאָפן אין קאָפּ, טראָגן אים א פאַרקישעפטן איבערן ראַט; די געדאַנקען זײַנען ווײַטע, אַבסטראַקטע, זיי האָבן גאָרניט צו טאָן מיט דער לאַגע אין ראַט; זיי לויפן אום אין צעהיצטן מויער מוירעדיק גיך, פלאָנטערן זיך, שלעפּן ארויס פון זיקאָרן א סאַך ווינקלדיקע, זײַטיקע.

א שטראָם ווערטער זײַנען פון דער טיפעניש ארויס, אופגעהויבן א פאַראַט קעגן זייער באַלעבאָס און ווילן צוריק ניט אריַין.

יאַנקל ווייסט, אז ער דאַרף איצט שווײַגן, אז קיינעם גייט איצט ניט אָן זײַן באַגײַסטערטע פרייד פאַר דער לעצטער רעוואָליוציע, פאַר זײַנע ווײַטע קאָמוניסטישע טרוימען, — ער קאָן זיך ניט באַהערשן, ער ווערט געטריבן פון אופגעבונטעוועט בלוט און אָפּט ווערט ער שיקער פון רייד, בלײַבט ליגן א פאַרמאַטערטער און פאַרשעמטער.

לאַנגע יאָרן האָט יאַנקל געשוויגן, געשלעפּט אף זײַן ברייטן געבויגענעם רוקן שווערע פּעק פּאַפּיר בא דובינסקין אין לאַגער און געוואַרט אף דער רעוואָליוציע.

און די רעוואָליוציע איז ניט געקומען.

פון אומגעדולד, פון וואַרטן און ניט דערוואַרטן זיך, איז ער איבערגעגאַנגען פון איין אַנאַרכיס־טישער שיטע צו א צווייטער, פאַראַטן באַקונינען צוליב קראָפּאָטקינען און צום סאָף געשאַפן אַן אייגענע טעאָריע.

ארום יאַנקלען האָבן זיך שטענדיק ארומגעדרייט אָפּגעריסענע, ארויסגעשטויסענע נעפּאַשעס, מענטשן אָן באַשטימטע פּראָפעסיעס, אָן אַן אָנהאַלט אין לעבן. זיי האָבן אים גיך געקרוינט פאַר א פירער, זיך צוגעהערט צו זײַנע היציקע בונטאַרישע געדאַנקען. זייער אינסטינקטיווע סינע צו דער באַלעבאַטישער אײַנגעפונדעוועטער שטאָט, וואָס האָט זיי פון קינדווײַז אָן פאַרמישפּעט אף הונגער און וואַלגער, האָט בא יאַנקלען אין מויל באַקומען א העכערע באַרעכטיקונג; די אַלע קליינינקע אַלטעגלעכע באַליידיקונגען האָבן זיך איצט צונויפגעוויקלט אין א גרויסן קנויל, זיך געקײַקלט אונטער די שטיינערנע מויערן, אונטער די אַלטע פאַרפוילטע ביניאָנים מיט אופרײַס־אָפּהילכן און מערידע...

יאַנקל איז אָבער געווען אָפּגעלאָזן און פאַרטאָן אין זײַנע אַבסטראַקטע אידייען און טעאָריעס, גאָרניט געטאָן, קעדיי זײַנע טאַלמידים צונויפבינדן אין א פעסטער גרופּע. נאָך עטלעכע היציקע שמועסן פלעגן זיי אים פאַרלאָזן, אוועקגיין יעדערער מיט זײַן אייגענעם וועג.

---

א קאַפּיטל פון דעם בוך „יוליס".

די רעוואָליוציע האָט אַלע טאָג געקלאַפּט אים אין פֿענצטער, און ער איז שטענדיק געווען גרייט אַרויסגיין איר אַנטקעגן, אַוועקגעבן איר זײַנע אויסגעטראַכטע, פֿאַרנעפּלטע עמעסן און ניט לאָזן זי פֿירן אַף פֿאַלשע וועגן...

געבוירן און אויסגעוואַקסן אין דער יאַטקע־גאַס, ווו אַ געשטאַנק פֿון רוי פֿלייש, פֿון אָפּגעשוונדענע בעהיימעס מישט זיך צונויף מיט אַ גריל־צנדיקן געשריי פֿון שמאַטעס־הענדלערס, וואָס זיצן בײַ זייערע קופּקעס טראַנטעס, ווי בײַ קינדערשע קוואַרימלעך.

געבוירן אין אַ גאַס, ווו די רויטע ציגלנע ווענט זײַנען דורכגעזאַפּט מיט האַנדל און קלאָלעס, און קרעמער רײַסן זיך איבער אַ קונע, ווי די הונגעריקע הינט פֿאַר אַ ביין בײַ די יאַטקע־קלעצער.

אַ קינד פֿון אַ טאַטן אַ טרעגער, וועלכער האָט אים צו צען יאָר אַרויסגעריסן פֿון כּיידער, אײַנגעשפּאַנט אין דער בלינדער ראָד פֿון לעבן, אונטערגערוקט זײַן קינדערשן רוקן אונטער שווערע פּעקלאַפּיר און געוואָלט, ער זאָל האַכנאָעדיק־שטיל דערטראָגן ביזן לעצטן אָטעם־אויסהויך.

און יאַנקל האָט אים ניט געפֿאָלגט.

יאַנקל האָט פֿון גאָר יונג גענומען טרינקען ביכער, ווי זײַנע כאַוויירים־טרעגער בראַנפֿן, געטרונקען אָן אַ מאָס, אָן אַ צאָל.

ביז שפּעטער נאַכט, בײַ אַ צאַנקענדיק נאַפֿט־לעמפּל איז ער געזעסן אַ געבויגענער בײַ פּעק ביכער, געזוכט אַלץ נײַע באַווײַזן, אַז אין גרונט פֿון אַלע פֿריִערדיקע רעוואָליוציעס איז באַגאַנגען געוואָרן אַ פֿעלער.

שלאָפֿט די נאַכט אונטער די נידעריקע פֿענצטער. זעלטן־ווען הילכן דורך טריט פֿון פֿאַרשפּעטיקטע פֿאַרבײַגייער, שטאַרבן אָפּ אינדערווײַט. און ווידער איז שטיל אין שמאָלן געסל, פֿײַערן בײַ אַלע שכיינים זײַנען אויסגעלאָשן, דאָס הויזגעזינד שלאָפֿט פֿאַרוויגט פֿון מידקײַט און הונגער. אָפּט שרײַט אַ קינד פֿון היציקן כאָלעם, וואַרפֿט זיך אומרויִק אַפֿן שטרויענעם זאַק, בריקעט מיט די נאַקעטע פֿיסלעך, וועקט אויף פֿון שלאָף די ברידערלעך, וואָס ליגן איבערגעפֿלאָכטן און אַרומגענומען. יאַנקל זעט ניט, ווי דאָס ווײַב קריכט אַראָפּ פֿון בעט, דרייט איבער דאָס אומרויִק קינד אַף דער צווייטער זײַט, פֿאַרוויגט אים מיט מײַסעס און צאַרטע מאַמישע ווערטער.

— יאַנקל, דער זייגער איז שוין 2 און דו שלאָפֿסט נאָך ניט. דו וועסט דאָך מאָרגן צו דער אַרבעט ניט קאָנען גיין...

יאַנקל קוקט אַף איר מיט ווײַטע, ניט־היגע אויגן; זיי זײַנען אין אַזאַ רעגע גרויס און לויכטנדיק, די קנייטשן אַפֿן שטערן האָבן זיך אויסגעגלײַכט, דאָס פֿאַרוואַקסן פּאָנעם קוועלט אַרויס אָן איבערלעכע פֿרייד און גליק. יאַנקל האָט ניט געהערט דעם קינדס שרײַען פֿון שלאָף. דעם ווײַבס ווערטער צו אים... אופֿשטאַנדן, בונטן, רעוואָליוציעס פֿון אַלע צײַטן און לענדער צעשפּאַרן די ווענט פֿון זײַן ענגן צימער, שטעלן זיך פֿאַר די אויגן, ווי איין גרויסער בלוטיקער פּאַס; שטייט יאַנקל פֿאַר זיי מיט אַ פֿאַריסענעם קאָפּ און וואַרפֿט זיי אין פּאָנעם זײַן גרויזאַמען פֿאָרוווּרף:

— ניט געדאַרפֿט אַרויסגיין אַף די באַריקאַדן, ביז איר האָט ניט אויסגעפּרוווט דעם אידעאַל, פֿאַר וועלכן איר האָט אָפּגעגעבן אײַער בלוט, ניט געדאַרפֿט!

— יאַנקל, שטילער! דו וועסט דאָך אופֿוועקן די קינדער...

ערשט איצט דערפֿילט ער, אַז ער איז שטאַרק מיד און אויסגעשעפּט פֿון אַ טאָג אַרבעט, פֿון אַ נאַכט לייענען. ער פֿאַרמאַכט דעם בוך, האַלט אים נאָך אַ ווײַלע אין זײַנע גרויסע פֿאַרהאַרטעוועטע הענט, ווי אים וואָלט שווער זײַן מיטן בוך זיך געזעגענען, דערנאָך פֿאַרוקט ער אים אונטערן בעט צווישן אַ סאַך אַנדערע און שלעפּט זיך אַ מידער צו זײַן שטרוי־זאַק, צו זײַן הילצערן בעטל.

די ביכער זײַנען געלעגן אין באַזונדערע פּעקלעך אונטער די הילצערנע צעפֿאַלענע בעטן. קיין אַנדער אָרט איז פֿאַר זיי אין צימער ניט געווען.

און די קינדער האָבן קיין ציאַצקעס ניט געהאַט מיט וואָס זיך צו שפּילן, די קינדער האָבן זיך געשפּילט מיט די גראָבע פֿאַרשטויבטע ביכער, געמאַכט פֿון דער „גרויסער פֿראַנצויזישער רעוואָליוציע“ ווינטמילן און פֿריידיק געפּאַטשט אין די הענטלעך, ווען די גראָבע בלעטער פֿלעגן ריטמיש פֿאַלן צו דער ערד.

אַלע טאָג זײַנען צווישן יאַנקלען און זײַן ווײַב פֿאָרגעקומען קריגערײַען. אַלע טאָג האָט זיך יאַנקל געבייזערט, וואָס די קינדער צערײַסן און צעשלעפּן אים די ביכער, דאָס ווײַב איז אָבער ניט שולדיק געווען; זי האָט אַלץ געטאָן, קעדיי די ביכער און קסאַוויאַדן פֿאַרהיטן פֿון די אומרויִקע קינדערשע הענטלעך.

זי האָט מיטן גאַנצן האַרצן געגלייבט, אַז גאָר גיך וועלן מעקוייעם ווערן אַלע זײַנע טרוימען און כאַלוימעס, און דאַן וועלן אַלע שכיינים דערזען, אַז יאַנקל איז ניט קיין מעטורעף און אויסוווּרף...

דערווײַל, ביז די רעוואָליוציע וועט קומען, איז זי אַלע אירע פֿאַרטאָגן אָפּגעשטאַנען בײַ אָן אָנגעבראַנטן אויוון, געקנאָטן גרויסע דיזשעס טייג, און אַלע צוויי יאָר געבוירן אַ קינד.

יאַנקל האָט עס ניט באַמערקט, פּונקט ווי ער האָט ניט באַמערקט, אַז די הויט אויפן ווײַבס פּנים ווערט אַלץ געלער און דורכזיכטיקער, דער בויך נאָך יעדן טראָגן — אַלץ העכער און אָנגעקוואָלע־נער, די רייפן אונטער די אויגן — טיפער און אונטערגעריסענער.

אין דעם זעלבן טאָג, ווען יאַנקל האָט זיך דערוווּסט, אַז אין רוסלאַנד האָט אויסגעבראָכן אַ רעוואָליוציע, איז אַ שווערער פּאַק פּאַפּיר אויף די טרעפּ געבליבן שטיין. יאַנקל האָט אים ביזן לאַגער ניט דערטראָגן. ער האָט אויסגעטאָן פון זיך דעם פאַרשמאָלצעוועטן ברודיקן פאַרטעך, דערלאָפן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם אַהיים און פריידיק דערקלערט:

— איך גיי מאָרגן פאַרטאָג קיין רוסלאַנד! דאָרט שלאָגט זיך דער אַרבעטער פאַר זײַנע רעכט און פרײַהײַט, און איך מוז זײַן מיט אים.

בלאַ אַ צווייטן וואָלט די פרויע געקלונגען פאַלש און טרוקן. מיט אַ סך אָנגעבלאָזענע פײַער־לעכקײַט און פּאָזע, נאָר יאַנקל האָט עס אַרויסגעזאָגט אַזוי טמימותדיק און האַרציק־שטיל, ווי אַנ־דערש קאָן גאָרניט זײַן.

עס האָבן ניט געהאָלפן דעם ווײַבס טרערן און געבעט, דאָס געוויין פון די קינדער.

פאַרטאָג האָט זיך שוין יאַנקל אומגעדרייט אַ שולדיקער איבערן ענגן צימער, פאַרפּאַקט אין אַ לאַנגן זאַק אַ לאַבן שוואַרץ ברויט, צוויי הערינג, עטלעכע ביכער און אַ פּאַק קסאָוויאַדן און איז אַוועק.

זעקס כאָדאָשים איז יאַנקל אָפּגעווען אין רוסלאַנד. אויפן זיבעטן כוידעש איז ער נאָכאַמאָל אַרי־בער אַלע גרענעצן און פאַרצוימונגען און צוריקגעקומען קיין ווילנע.

ווי־אַזוי ער האָט געלעבט אין רוסלאַנד? וואָס ער האָט דאָרט געטאָן? — איז געווען ניט באַוווּסט. אייניקע האָבן דערציילט, אַז ער איז אַ סך מאָל מיט זײַנע טעאָריעס געגאַנגען צו לעניגן, און לעניגן האָט אַלץ קיין צײַט ניט געהאַט אים אויפנעמען... אַנדערע, ווידער, האָבן דערציילט, אַז ער האָט מיט אַ גרופּע אַנאַרכיסטן פאַרכאַפּט אַ ליידיקע קראָם אויף טווערער גאַס, פאַר פרײַלעכע מאַט־ראָסן, אַרבעטלאָזע גאָס־מיידן און צופעליקע פאַרבײַגייער אָפּגעלייקנט די עקזיסטענץ פון אָן אָביעק־טיווער וועלט, דערוויזן מיט זייער פיל פאַקטן, אַז אַלע נאַטור־געזעצן זײַנען אָן אויסטראַכטעניש פון בורזשואַזע דענקער... אין דער ווירקלעכקײַט עקזיסטירן זיי ניט, ביז דער מענטש אַנטדעקט זיי ניט... דער מאָמענט פון אַנטדעקן דעם געזעץ — איז אויך דער מאָמענט פון זײַן געבורט...

די פרײַלעכע מאַטראָסן און מיידן האָבן געשמאַק געקנאַקט קערלעך, גאָרניט פאַרשטאַנען אין זײַנע צעפלאָנטערטע טעאָריעס, נאָר פון קראָם ניט אַוועק. זיי האָבן מיט נײַגער געקוקט אויף זײַנע גראָבע פליישיקע ליפּן, אויף אַ קין, וואָס פאַרלויפט פאָרויס שאַרף און דרײַעקיק, אויף צוויי גרויסע אומרויִקע אויגן אונטער האָריקע ברעמען, נאָר מער פון אַלץ האָט זיי געוווּנדערט, ווי־אַזוי אַ מענטש קאָן אַזוי גיך און שלעכט רעדן רוסיש.

עטלעכע וואָכן איז אַ שוואַרצע גרויסע ברעט אָפּגעשטאַנען אין ראָש פון טווערער גאַס, אָנגע־זאָגט מיט רויטע אויסיִעס די אײַנוווינער פון מאָסקווע, אַז יאַנקל מאַראַט (אַזוי זאָל ער זיך האָבן אָנגערופן איצט) וועט אָפּלייקענען די עקזיסטענץ פון הימל, ערד, זון, אַטמאָספער און גאָרער אָביעק־טיווער וועלט...

יאַנקל האָט וועגן זײַן אַרבעט אין רוסלאַנד גאָרניט דערציילט. ער האָט ווידער, ווי פריִער, געשלעפּט אויף זײַן געבויגענעם רוקן שווערע פּעק פּאַפּיר, און נאָך מערער זיך דערווײַטערט פון די היגע מענשעוויסטישע פירער.

אין ראַט איז ער געקומען אַן אויפגערעגטער, אָפּגעזוכט אין זײַטיקן זיצונג־זאַל יוליסן און אָפּגעריסן דערקלערט:

— איך בין געקומען צו אײַך נאָך גאַראַנטיעס! איך פאָדער גאַראַנטיעס, אַז דאָס מאָל וועט איר ניט אָפּנאַרן.

יוליס האָט פאַרוווּנדערט אָנגעקוקט דעם נידעריקן, עטוואָס געהויקערטן יידן אין אַ צעריסענעם מאַנטל און פאַרבלאָטיקטע שטיוול, ווי ער וואָלט אויף זיי געטראָגן בלאָטע פון אַלע פאַרשטאָט־געסלעך.

— וועמען אָפּנאַרן? — האָט יוליס ניט פאַרשטאַנען.

— דעם אַרבעטער־קלאַס, דאָס פאָלק!

— ווער זײַט איר?

— יאַנקל אַס, אַ טרעגער.

— איר געהערט צו אַ פּאַרטיי?

— איך געהער צו זיך און צו מײַן רעוואָליוציאָנערן געוויסן... איך האָב אַ מיטל, ווי צו ראַ־טעווען די רעוואָליוציע פון פאַלשע וועגן און אומזיסטע קאָרבאָנעס.

— איר האָט אַ גרופּע?

— אַכט נאָכפאָלגער, וואָס זײַנען ניט געבונדן מיט קיין אָרגאַניזאַציאָנעלע פליכטן.

— אַ סך אַרבעטער צווישן זיי?



דער אווטאָר פון דעם דאָזיקן פראַגמענט מ. דאַניעל (מייעראָוויטש) וואָלט איצט אַלט געוואָרן 90 יאָר. ער האָט דעביוטירט אין דער ליטעראַטור מיט אַ דערציילונג אין 1924. די וויכטיקסטע פּראָזע־ווערק: „ראַכמיִעל דער נאַכט־שוימער" (1925), „אָפּן שוועל" (1928), „אין אַ צײַט אַזאַ" (1929), „יוליס" (1930), „פאַרשטעט" (1930), דראַמען: „זיאַמקע קאַפּאַטש" (1936), „דער פינדער און קאָמעדיאַנט" (1937), „שלוימע מײַמאָן" (1940). געשטאָרבן אין 1940.

---

— דרײַ אַרבעטער און פינף גאַס־מענטשן.

— איר זײַט שוין לאַנג אַ טרעגער?

— פון צען יאָר אָן.

— ווו אַרבעט איר?

— בײַ דובינסקין אין פּאַפּיר־סקלאַד, אויף יאַטקע־גאַס.

— וואָסערע גאַראַנטיעס פאַרלאַנגט איר פונעם ראַט?

— ניט פונעם ראַט, פון אײַך פאַרזענלעך. כ'האָב אײַך געהערט רעדן אויף אַ גרויסן מאַסן־מיטינג און פאַרשטאַנען, אַז איר זײַט ניט קיין בויך־רעוואָלוציאָנער, וואָס פויזעט פאַר יעדער מאַכט און איז גרייט צו פאַרקויפן די רעוואָלוציע, אַבי ניט אָנרירן דעם מעלוכע־פּעטיש.

יוליס האָט איבערגעריסן:

— רעדט קאָנקרעט! וואָסערע גאַראַנטיעס פאַרלאַנגט איר?

— איך פאַרלאַנג, אַז איר זאָלט אונטערשרײַבן מיט מיר אַן אָפּמאַך, אַז נאָך דעם, ווי מיר וועלן פאַרכאַפּן דאָ אין געגנט די מאַכט, גיט איר מיר אָפּ אַ פריצישן מאַיאָנטעק פאַר מײַנע סאָציאַלאָגישע עקספּערימענטן.

— איך פאַרשטיי ניט, וואָס איר ווילט.

— איז עס בלויז אַ באַווײַז, אַז איר האָט אַ פּראַקטישן קאָפּ און קענט ניט דענקען מיט היסטאָרישע קאַטעגאָריעס... ס'איז גאַנץ פּשוט: איך דאַרף אַ פּלאַץ, וווּ איך זאָל קענען אומגעשטערט פעסטשטעלן, וועלכע מעלוכע־סיסטעם איז מער צוגעפּאַסט צו דער מענטשלעכער נאַטור, וועלכע מעלוכע־סיסטעם זיכערט די אַבסאָלוטע פרײַהייט און וועט ניט געבן קיין רעצידיוון פון אונטערדריקונג.

— וויאַזוי רעכנט איר עס פעסטצושטעלן?

— אין פריצישן מאַיאָנטעק וועלן זיך געפינען בײַ דרײַ הונדערט מענטשן־עקזעמפּליאַרן. דעם ערשטן כוידעש וועלן מיר לעבן אין קליינע פאַנאַנדערגעוואָרפענע שוואָטים... דעם צווייטן כוידעש — בײַ אַ פעאָדאַלער סיסטעם... דעם דריטן כוידעש בײַ אַ מאָנאַרכיסטישער סיסטעם... דעם פערטן — בײַ אַ רעפּובליקאַנישער... דעם פינפטן — בײַ דיקטאַטור. און וועלכע סיסטעם ס'וועט געבן מער פרייד און גליק דעם מענטשן און פאַרזיכערן די אַבסאָלוטע פרײַהייט און גלײַכהייט — יענע וועט ווערן דעקרעטירט פריִער פאַר רוסלאַנד און דערנאָך פאַר אַלע אויפגעשטאַנענע פעלקער.

יאנקל האָט זיך אומגעקוקט און גענומען רעדן שטילער, צוגעשטיקטער, ווי ער וואָלט זיך געקליבן א גרויסן סאָד פאַרטרויען:

— די אַלע אומגליקן און טאָעסן פון די פריערדיקע רעוואָליוציעס האָבן זיך גענומען פון א פאַלשן מעטאָד... מ'האָט געזען וואָס — פאָלק צום געווער, געהייסן אים אָפּגעבן טויזנטער לעבנס, די בעסטע זין און טעכטער, און פריער ניט אויסגעפּרוּווט דעם אידעאַל, פאַר וועלכן מע שלאָגט זיך. עפּשער טויג ער ניט? אַן אידעאַל דאַרף מען פריער עקספּערימענטאַל אויספּרוּוון, זיך דערוויסן, צי ער שלעפּט ניט אין זיינע גערעדעם פאַרבאַרגענע מאַמזיירימלעך, וואָס וועלן דערנאָך אויסוואַקסן און ווידער אונטערדריקן...

יוליס האָט נאָך פּעסט ניט באַשלאָסן, צי זאָל ער דעם צעטומלטן אַנאַרכיסט פּאָשעט אויסלאַכן, אָדער אַרייַנטרעטן מיט אים אין אַן ערנסטן קריג, דערווייַל זיך באַנוגנט מיט א קורצער באַמערקונג:

— דעם פּעאָדאַליזם האָבן די פויערים פון אַלע לענדער אויסגעפּרוּווט אויף זייערע צעשמיסענע לייַבער... די רעפּובליקאַנישע סיסטעם האָבן די אַרב...

יאנקל האָט איבערגעריסן:

— פּאַלש! פּאַלש! א פּאַלשער געדאַנק. די אַלע מעלוכע־סיסטעמען, וואָס האָבן עקזיסטירט און עקזיסטירן איצט, זיינען געווען און געבליבן געמישטע... די רעפּובליקאַנישע סיסטעם האָט איבערגעלאָזן אַ א שיר עלעמענטן פון מאָנאַרכיזם, און אָנהייבן פון א נייַער... און איך וועל מיינע עקספּערימענטן מאַכן אויף ריינע פאָרמעס, אויף סטאַטיש פאַרגליווערטע. איך וועל אַרבעטן אויף מיינע מענטשן־עקזעמפּליאַרן ווי א כעמיקער, ווי א נאַטור־פאָרשער, און דערגיין דעם עמעס...

און דאָ האָט פּאַסירט א מאָדנע זאַך:

יוליס האָט זיך ניט פאַנטאַנדערגעלאַכט, דערשטיקט אין זיך דעם פאַרלאַנג אים פרעגן, ווער וועט זיין דער פּרעזידענט אין זיין געפּלאַנטער רעפּובליק; ווער וועט זיין דער קייסער אין זיין געשאַפענער מאָנאַרכיע און וועלכע פאָרמעס וועלן טראָגן די גאַראַדאָוואָיען... פאַר יוליסן איז געשטאַנען א געבויגענער טרעגער, מיט אויגן, פאַרצויגענע פון פּיין און אומרו; דער שאַרפער ענערגישער קין האָט געציטערט, די דיקע ליפּן האָבן זיך נאָך אַלץ באַוועגט, געזוכט אין זיקאָרן נייַע באַווייַזן. פון אויפרעגונג האָט ער גענומען אַרומשפּאַנען איבערן צימער. זיינע פאַרבלאָטיקטע שטיוול האָבן אין שטילן ראַט אָפּגעקלאַפּט מיט א סאַך פאַרבאָרגענעם קויעך און אַקשאָנעס; עפּעס האָבן געקלונגען אין זיין שטים ניט נאָר אָנגעטראַכטע מעשוגענע געדאַנקען. די ווערטער זיינען פון יאַנקלען אַרויס פאַרוויקלט אין שטיקלעך האַרץ, אין אייגן בלוט; א גרויסע שרעק פאַרן גויר̄ל פון דער רעוואָליוציע האָט אין זיי געפּלאַטערט, געצוווּנגען אים גלייבן און אויסהערן.

יוליס איז פּלוצעם נאָענט צוגעגאַנגען צו יאַנקלען, אים א האַנט אויף דער פּלייצע אַרופגעלייגט און ווי גאָר א נאָענטן פאַרטרויט:

— יאַנקל, דערלויבט מיר ריידן צו אייַך ווי צו א פריינט און ניט ווי מיט אַן אידיישן קעגנער. איך פאַרשטיי, אַז איר האָט זייער פיל איבערגעטראַכט און איבערגעלעבט, איידער איר זייַט געקומען צו אייַער טעאָריע, אָבער אייַערע געדאַנקען זיינען פאַנטאַסטישע און טויגן ניט, זיי וועלן גאָרניט געבן דער רעוואָליוציע, און אייַך פּערזענלעך וועלן זיי ברענגען בלויז א פלאָנטעריש און ביטערע אַנטוישונג. אויף וואָסערע צאָרעס דאַרפט איר די גאַנצע שפּיל אין מעלוכע־סיסטעמען?

יאנקל האָט זיך באַפרייַט פון יוליסעס האַנט, אָפּגעטראָטן אויף עטלעכע טריט, דאָס פּאָנעם איז געוואָרן בייז און אין קנייטשן צעפּאַלמעסט, די שטים — טרוקן און שרייַענדיק. ווערטער זיינען איצט געפאַלן אינעם קליינעם צימער, ווי שטיינער אין אויסגעבראָכענע שויבן.

— פאַר מיר איז עס ניט קיין שפּיל! איך וויל ניט, אַז די קומענדיקע דוירעס זאָלן דאַרפן אין דרייַסיק אָדער פופציק יאָר אַרום פאַרגיסן נייַ בלוט, קעדיי צעברעכן דאָס, וואָס איך בוי איצט אויס מיט מייַנע אייגענע הענט!.. זיי האָבן מיר געמאַכט פאַר א מעשוגענעם, פאַר א צעדרייטן, ווייַל איך זאָג דעם עמעס, איך קען זיי גוט, די היגע סאָציאַליסטן; בויך־רעוואָליוציאָנערן זיינען זיי! זיי קושן שוין איצט די שטיוול בא יעדער מאַכט... קוקן אויף דער מעלוכע, ווי אויף א פאַנצער, וואָס וועט באַשיצן זייערע אַדוואָקאַטישע קאַבינעטן... און איך דאַרף זי ניט האָבן, די מעלוכע; איך האָב ניט וואָס צו באַשיצן... אויב איך גיי זיך שלאָגן, רוף דעם אַרבעטער־קלאַס אויף באַריקאַדן — דאַרף איך זייַן זיכער, אַז מע וועט מיר אויף די פּלייצעס ניט אַרופזעצן א מעלוכע־געץ, וועלכער וועט מיר שפּעטער שפּייַען אין פּאָנעם און אויסלאַכן מייַן פאַרגאָסן בלוט... די, וואָס פּראַצעווען, האָבן שוין ניט איין מאָל געמאַכט רעוואָליוציעס... מיט זייערע הענט צעבראָכן אַלטע סיסטעמען און אויסגעבויט נייַע, און שטענדיק האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי האָבן עס געטאָן ניט פאַר זיך. איך וויל גאַראַנטיעס! איך וויל זייַן זיכער, אַז מער וועט מען שוין אונדז ניט אָפּנאַרן.

יוליס איז געזעסן באַם טיש און לאַנג געשוויגן. יאַנקל איז געשטאַנען אינמיטן צימער אַן אָנגעכמורעטער און בייזער, געוואַרט אומגעדולדיק, אַז יוליס זאָל אָנהייבן רעדן; רעגעס האָבן זיך געצויגן פּייַנלעך־שווער און לאַנגזאַם.

שוין א סאך מאָל האָט יאַנקל פּאָרטרויט זײַנע אויסגעטראָגענע, אויסגעווייטיקטע עמעסן; גע־וואָרט, אַז עמעצער וועט זיי פאַרשטיין און גיבן אים די מעגלעכקײַט זיי פאַרווירקלעכן אין לעבן, און אַלעמאָל האָט ער אָנשטאָט צוטרוי און באַגײַסטערונג באַגעגנט שפּאָט, כּויזעק און פּיליסטערישע פּלוידערײַ. יאַנקל איז באַ זיך ניט אָראָפּגעפאַלן, נאָך מיט מער אַקשאָנעס געזוכט אין ענגן צימער, באַ דער שײַן פון אַ רויכערדיקן נאַפט־לעמפל, נײַע באַווײַזן, אַז ער איז גערעכט. ער פאַרלאַנגט דאָך אַ קלייניקײַט: פאַרהיטן דעם אַרבעטער־קלאַס פון פאַלשע וועגן און אומזיסטע קאָרבאָנעס. די היגע באַלעבעסלעך, וואָס פריידיקן דעם סאָציאַליזם, פּונקט ווי זייערע טאַטעס — די קרעמער — דעם אַלטן איווערבאַטלדיקן פּאָסעק „לעשאָנאַ האַבאַ בעיערושאַלאַיִם", און דערווײַל האַנדלען זיי געשמאַק מיט טווע און שניט־סכוירע אויף אַלע גאַלעס־מעריק, — זײַנען אים שטאַרק ניט אָנגעגאַנגען. זיי האָבן אים ניט געדאַרפט פאַרשטיין. ער וואָלט געהאַלטן פאַר אַ כאָרפּע און באַליידיקונג, ווען זיי זײַנען מיט אים מאַסקים... אָבער איצט זיצט פאַר אים און שווײַגט יוליס, — דער, וואָס באַוואָפנט די אַרבעטער מיט דײַטשישע ביקסן און גרייט אַלע טאָג אַרויסגיין אין גאַס...

יוליסעס שטים האָט אים פון זײַנע פאַרזוויפּלטע געדאַנקען אָפּגעריסן:

— יאַנקל, קום אַהער, גיט אַ האַנט און לאָמיר אַרבעטן אײנינעם: פאַר מיר איז קלאָר, אַז אײַער אָרט איז אין ראַט צווישן אונדז. קיין גאַראַנטיעס קאָן איך אײַך ניט געבן, און אײַערע עקספּערימענטן גאַראַנטירן אויך גאָרניט. ווען ס'וואָלט מעגלעך געווען זיך אויסטאָן פון לײַב און אײַך באַווײַזן דאָס האַרץ, וואָלט איר אָן ווערטער פאַרשטאַנען, אַז מיר שלאָגן זיך ניט קעדיי צו פאַרבײַטן די שילדן אויף די מעלוכע־אַנשטאַלטן. ניין! ניט צוליב דעם רופן מיר דעם אַרבעטער־קלאַס צום געווער! די מענשעוויקעס, אָדער ווי איר רופט זיי, די „פּויזענדיקע רעוואָליוציאָנערן", ווילן איבערבײַטן די שילדן אויף די מעלוכע־אַנשטאַלטן, קעדיי מיט אַ רויקן געוויסן זיך אַרײַנזעצן אין די אַלטע פאָטעלן, און מיר ווילן צעברעכן די שילדן אײנינעם מיט די אַנשטאַלטן, און ניט בלויז די אַנשטאַלטן, — און דאָ איז דער טאַעס פון אײַערע אָנגעטראַכטע טעאָריעס און פון אַלע אַנדערע אַנאַרכיסטישע ריידערײַ. מיר זײַנען דרייסטער. ס'איז דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע, ווען דער אַרבעטער מאַכט זײַן אײגענע רעוואָליוציע. מיר וועלן אָדער אָפּגיין מיט בלוט, אָדער צעברעכן די מעלוכע־סיסטעם אײנינעם מיט די קלאַסן, וועלכע האָבן זי געבוירן און וועמען זי באַשיצט. איר האָט מוירע פאַר נײַע מאַכט־געטער? איך האָב פאַר זיי קיין מוירע ניט! אין פײַער פון רעוואָליוציע וועלן מיר פאַרברענען די באַדינגונגען, וואָס רופן זיי אַרויס.

יוליס האָט זיך פאַרשעמט, וואָס ער האָט באַנוצט אַזאַ ריטאָריש־קלינגענדיקע פראַזע, איבער־געריסן זײַן ריידן מיט אַ פראַגע:

— איר האָט געלייענט לעניגס „מעלוכע און רעוואָליוציע"?

— ניין.

— רייד איך אומזיסט. איך כאַפּ איבער שלעכט זײַנע געדאַנקען.

ער איז מיט גיכע אָפּגעריסענע טריט אַוועק אין צווייטן צימער, לאַנג דאָרט געזוכט צווישן קעסטלעך אָנגעוואָלגערטע ביכלעך.

יאַנקל האָט געוואַרט, געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אין טיש און שוין אין זיך געפילט, אַז ער וועט פונדאַנען שוין ניט אַוועקגיין. יוליס איז געווען דער ערשטער מענטש, וואָס האָט גערעדט מיט אים ערנסט און ווי צו אַ גלײַכן.

— אָט איז דער בוך.

— אַזאַ דינער?

— ער האָט קיין צײַט ניט געהאַט פאַרענדיקן אים שרײַבן. איר ווילט, וועל איך אײַך איבער־לייענען דאָס לעצטע בלעטל, ווו לעניג דערקלערט, אַז ס'איז פריילעכער צו מאַכן אַ רעוואָליוציע, אײדער צו שרײַבן וועגן איר.

— ניין, מע דאַרף ניט, — האָט זיך יאַנקל פּלוצעם דערשראָקן, זיך אַראָפּגעזעצט אויפן שטול און גענומען באַטראַכטן דעם באַקומענעם בוך.

דער בוך, וואָס יאַנקל האָט איצט געהאַלטן אין האַנט, איז געווען אָפּגעדרוקט אויף געל פּאַקפּאַ־פּיר, אויפן שאַרבלאַט איז געווען אָנגעשריבן: „נ. לעניג (וול. אילין) מעלוכע און רעוואָליוציע".

— יאַנקל, איך בין זיכער, אַז נאָך דעם ווי איר וועט איבערלייענען דעם בוך, וועט איר קומען צו אונדז. הײַנטיקער געשפּרעך דאַרף זײַן דער לעצטער. מער קיין צײַט אויף ריידן האָב איך ניט. יאַנקל האָט גאָרניט געענטפערט, גענומען שפּאַנען מיט זײַנע פאַרבלאָטיקטע שטיוול צום אַרויס־גאַנג. יוליס האָט אים אָנגעיאָגט באַ דער טיר.

— אויב איר וועט קומען צו אונדז, פאַרגעסט ניט ברענגען די דרײַ אַרבעטער, וואָס געפינען זיך צווישן אײַערע טאַלמידים, איך וויל זיך מיט זיי דורכרעדן.

יאַנקל האָט אים זײַטיק אָנגעקוקט:

— איר האָט די גאַנצע צײַט פון אונדזער געשפּרעך אין דעם ניט פאַרגעסן?

— אויב איר וועט זיך ניט באַליידיקן, וועל איך אײַך זאָגן דעם עמעס: ווען איר זײַט אײַנער, וואָלט איך אַזוי לאַנג מיט אײַך ניט דיסקוטירט.

— איר פּאַנגט נעשאָמעס?..

— ניין, איר האָט מיך שלעכט פאַרשטאַנען. מיר שטייען פאַר ערנסטע שלאַכטן דאָ אין שטאָט, אָבער מענטשן האָבן מיר ביז גאָר ווייניק. די מערהייט אַרבעטער איז דערווײַל ניט בּאַ אונדז... איר ווייסט עס אַליין גוט.

קיינעם איז ניט באַוווּסט, וואָס יאַנקל האָט איבערגעלעבט פאַר די פינף טעג. ס'איז אויך ניט באַוווּסט, וואָס יאַנקל האָט געטאָן מיט די פּעק אַנאַרכיסטישע ביכער און אייגענע קסאַוויאַדן.

אפן זעקסטן טאָג איז יאַנקל געקומען אין ראַט און מער שוין ניט אַוועק. מיטן באַקומענעם בוך האָט ער זיך ניט געוואָלט שיידן. אף שטורמישע פאַרזאַמלונגען, אף שטילע זיצונגען — אומעטום האָט דער בוך אים באַגלייט. צווישן דעם טונקעלן און געדיכטן שריפט, צווישן די ענגע שורעס האָט יאַנקל אַרײַנגעשריבן נײַע, אייגענע. די געלע בלעטלעך זײַנען געווען צעווירעט פון זײַן רויטן בלײַשטיפט. אף די ליידיקע ערטער האָט ער אַרײַנגעקריצט זײַן מעשוגענע באַגײַסטערונג צו לעניִנען. גאַנצע קאַפּיטלעך האָט ער פאַרגעדענקט אף אויסווייניק, זיך אומגעטראָגן מיט זיי צווישן די קריגס־געפאַנגענע און אַלעמען פאַרשריִען: „ס'איז די לעצטע רעוואָלוציע! די לעצטע! אָט לייענט!"

די קריגס־געפאַנגענע ווילן אים ניט פאַרשטיין, דרייען זיך אויס צו אים מיט די רוקנס; ער גייט אַוועק צו כאַיִמקען, צו זײַן געוועזענעם טאַלמיד, וואָס זיצט באַם פענצטער און שיסט אין פינצטערן דרויסן.

— פאַרשטייסט, כאַיִמקע, ס'איז אַ פרייד, אַ גרויסע פרייד, — פאַרענדיקן, וואָס דוירעס האָבן אָנגעהויבן. פאַרענדיקן ביזן סאָף. פאַרוואָס האָב איך זיך מײַן גאַנצן לעבן געשראָקן? איך האָב מוירע געהאַט, אַז מײַנע ברידער וועלן פאַרגיסן זייער בלוט פאַר די פּלאַפּלער, פאַר די אַדוואָקאַטן. פון אַלע פריִערדיקע רעוואָלוציעס האָבן אַדוואָקאַטן געוווּנען, און איצט ווייס איך, אַז די רעוואָלוציע איז פאַר מיר, פאַר דיר.

יאַנקל באַמערקט, אַז בּאַ כאַיִמקען איז דאָס פּאָנעם בלייך און אויסגעמאַטערט, די אויגן שלעפּעריק. ער פאַרשעמט זיך פאַר די צופיל רייד, פאַר זײַנע אומזיסטע אַרומלויפן, באַהאַלט דעם בוך אין בוזעם־קעשענע, נעמט בּאַ כאַיִמקען די ביקס:

— גיי לייג זיך צו. איך וועל שוין אָנשטאָט דיר אַ שיס טאָן אין די פּריצישע פּליאַקעס...



# אין די איבערזעצונגען אף דער שפּראַך הינדי

דער ליטעראַרישער קריטיקער און דיכטער פון אינדיע, לאַורעאַט פון דער פּרעמיע פונעם פאָנד אפן נאָמען פון דזשאַוואַכאַרלאַל נערו — וואַריאַם סינגך איז ברייט באַוווּסט אין זײַן לאַנד אויך ווי אַן איבערזעצער. אַרבעטנדיק אינעם צענטער פון רוסישע פאָרשונגען פונעם אוניווערסיטעט אפן נאָמען פון דזשיש. נערו אין דעלי, האָט ער צוגעגרייט און אַרויסגעלאָזט עטלעכע זאַמלונגען פון דער אַנטאָלאָגישער סעריע „פּאָעטן פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד" אין דער איבערזעצונג אף דער פירנדיקער שפּראַך אין אינדיע — הינדי. אַדאַנק אָט דער ביכער־סעריע זײַנען אין די לעצטע יאָרן באַקאַנט געוואָרן דעם מאַסן־לייענער פון אינדיע די דיכטערישע ווערק פון בעלאַ אַכמאַדולינאַ, אַנדריי וואָזנעסענסקי, אַרן ווערגעליס, אַנדריי דעמענטיעוו, פּאַוועל באָצו און אַנדערע פּאָעטן פונעם פילנאַציִאָנאַלן סאָוועטנלאַנד.



## כאַים מעלאַמוד

# אַרום די פיר ווערבעס

### צווייטער טייל

### ראָמאַן

5

עס וועט, אַפּאַנעם, קיינמאָל ניט אויפהערן כידעשן דער בוקאָווינער האַרבסט מיט זײַן שטראַלנדיקער גינגאָלדיקײַט און בלענדנדיקער פילפאַרביקײַט, ווען אַלץ אַרום איז אײַנגעהילט אין אַ מילדער וואַרעמקײַט, באַשײַנט מיט דער ניט־סאַרפּענדיקער זון. יעדער בוים, יעדער קווייטעלע מיט זײַן באַזונדערער דערקענבאַרקײַט, מע זאָל, כאַלילע, ניט איבערפּלאָנטערן די פאַרוויטלטע קליאַנען מיט די באַזילבערטע בעריאָזעס, די פאַרגעלטע דעמבן מיט די נאָך גרינע אַקאַציעס. און איבער אַלעמען די שטאָלטנע און גאָלדעסדיקע סמערעקעס, פאַר וועמען דער שניי איז קיין שניי ניט און דער פראָסט איז פאַר זיי אויך ניט שרעקלעך. זיי שטייען פאַרטראַכטע און כיינעוודיקע, אויסגעקליידט אין טונקל־גרינעם, וואָס גייט אַריבער אין אַ סאַמעטדיקער גרויקײַט.

---

פאָרזעצונג. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד” נום. 1, 1987.

און אַפילו די אָטאַווע, די פאַרשפּעטיקטע ווידערוווּקסן אויף דער שוין צוגעטריקנטער סטערניע, שפּאַרט מאַמעש אַרויס פון דער ערד מיט פרילינגדיקער זאַפטיקײַט. און עס פּאַשעט זיך אויף זיי פּראַנק און פרײַ די דאָרפישע טשערעדע.

אַלץ איז פול מיט האַרבסטיקער איבערגעזעטיקטקײַט, מיט נאָכעסדיקער שפע, און איבערן גאַנצן אַרום שמעקט מיט האָניקדיקער זיסלעכקײַט. צי פון די געפּלאַצטע קאַוועס אויף די נאָך ניט צוגעקליבענע באַשטאַנעס, צי פון די פּאַדאַלניצעס, וואָס דער ווינט טרייסלט אַראָפּ פון די עפּל־ און באַרנביימער. און עס ציט זיך און ציט זיך איבער די פעלדער און דערפער אַ זויבערער איבערפלעכט פון דינינקן שפּינוועבס, וואָס שוועבט אַרום אינדערלופטן ווי אַ דורכזיכטיקער נעפּל. אויך אַ זיסלעכער און אַ ביסל אַ קלעפּיקער.

בוקאָווינער האַרבסטן מיט זייערע מידע פאַרנאַכטן, ווען דער טאָג ווערט אויסגעלאָשן ניט מיט־אַמאָל, נאָר פּאַמעלעך, ביסלעכווײַז, און דער קילער ביינהאַשמאָשעס ציט זיך אַ גוטע שאָ. די זון זעט מען שוין ניט, נאָר מע פילט, אַז זי איז נאָך דאָ, אַז זי האָט זיך בלויז צוגעזעצט צווישן די בערג פאַרן פאַרגיין. און די צאַפּלדיקע שאָען צווישן טאָג און נאַכט זײַנען פול מיט שטילער פרייד. עס דוכט זיך דיר, אַז דו ביסט ניט עלטער געוואָרן אויף אַ טאָג, נאָר פאַרקערט, יינגער געוואָרן אויף גאַנצע צוויי. און נאָך דוכט זיך דיר: ערגעץ ווײַט זינגט עפּעס, און דו ווייסט אַליין ניט וווּ און ווער. צי עפּעס אַ פויגל אין וואַלד, צי אַ כאָפּטע מיידלעך אויפן צווייטן ברעג פון דאָרף, צי אין דיר אַליין. אַ ניגנדל, וואָס דו האָסט קיינמאָל ניט געהערט און וואָס וועט זיך קיינמאָל ניט איבערכאַזערן.

ביז דאַן, ביז יענעם פאַרנאַכט, ווען פראַזינע האָט זיך אומגעקערט אַהיים, האָט זי זיך קיינמאָל ניט פאַרטראַכט וועגן אַזעלכע זאַכן. מעגלעך, זי האָט אַפילו ניט באַמערקט די קישעפדיקע שיינקײַט פון עם גרינעם וועלטל, וואָס האָט זיי אַרומגערינגלט פון אַלע זײַטן באַטאָג און באַנאַכט, זומער און ווינטער. זי האָט געהאַלטן, אַז אַזוי האָט באַשאַפן די וועלט גאָט אַליין, און קיין מייסע וועלט האָט ער ניט געקאָנט באַשאַפן. פאַר אַלע יאָרן איז זי אין ערגעץ ניט געווען, כוץ אין אַ שכײַנעסדיקן דאָרף אויף אַ כאַסענע צי אויף כרעסטינעס. און זי האָט זיך ניט פאָרגעשטעלט קיין אַנדערע פאַרנאַכטן און באַגינענס.

איר טאַטע, וואָס האָט ניט איינמאָל זיך באַרימט, אַז ער איז גרייט הריזען מיט דער נאָז די ערד, אַבי פאַרפירן אַ לײַטישע באַלעבאַטישקײַט, האָט אַליין געהאָרעוועט ביזן זיבעטן שוויס, און זי, פראַזינע, איז אויך ניט געווען קיין פוילע. קיין איבעריקע רײַכשאַפטן איז בײַ זיי ניט געווען, קיין גרויסע באַלעבאַטישקײַט אויך ניט, נאָר זאַטקײַט איז געווען פאַר זיי אַ נאַטירלעכע זאַך. אָנגעטאָן זײַנען זיי געווען אויך ניט ערגער פון אַנדערע. איז פראַזינע געווען זיכער, אַז אַזוי דאַרף געוויס אויסזען די גאַנצע וועלט. און זי האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין איר אייגענעם ברודער: פאַרוואָס איז אים אַזוי ניט געפעלן גאָטס וועלטל, פאַרוואָס איז ער פול מיט טײַנעס צו אים, און פאַרוואָס טסאַרעט ער זיך מיט די אייגענע הענט איבערמאַכן די וועלט?

און מיטאַמאָל... גלײַך אַ שטורעם וואָלט זיך אַרײַנגעריסן אין זייער הויף, איבערגעקערט אַלץ אַריען־קאַריען. גלײַך די פרילינגדיקע וואַסערן, וואָס צעבושעווען זיך, און איבער דער מוטנער ווער־אַריען־קאַריען ביוזקע שווימען אַרום ביימער, אַרויסגעריסענע מיט די וואָרצלען. האָט זיך איר טאַקע געדוכט, אַז ס'האַלט זי אין איין שלײַדערן, און זי שווימט און שווימט, אַן אַרויסגעריסענע פון איר נעסט, שווימט אַרום איבער דער צעבושעוועטער וועלט ווער ווייסט וויפל יאָרן און זי ווייסט שוין אַליין ניט וווּ זי איז און ווער זי איז. כאָטש די „גאַנצע וועלט” איז געווען ניט מערער, ווי דער אַרומגעצוימטער הויף פון עם געוועזענעם ראַי־אויספּירקאָם און געווען איז זי דאָרטן ניט מערער ווי צען טעג.

נאָר... פאַר די צען טעג האָט זי זיך אָנגעהערט און אָנגעזען אַזויפיל שוידערלעכס, אַליין אויסגעשטאַנען אַזוינס, וואָס צעוואַקסט זיך אין איר מיט אַלץ נײַע און נײַע ווייטיקן, און איר איז שוין שווער אויסמעסטן די דורכגעלאָפענע צײַט. און ערשט איצט האָט זי אָנגעהויבן באַנעמען, וואָס איר מירטשע האָט געוואָלט, פאַרוואָס האָט ער געקעמפט און פאַרוואָס אַוועקגעגעבן דאָס לעבן. זי האָט געפּרווּוט אַ ביסל לינדערן איר פּײַן דערמיט, וואָס יענער אַלטיטשקער האָט איר געזאָגט וועגן סיגו־פּאַליטישע, געפּרווּוט דאָס צומעסטן צו זיך, נאָר זי האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס, וואָס אין דער גאַנצע האָט מען זי געקרוינט מיט דעם דאָזיקן וואָרט, איז ניט מער, ווי אַ ווײַטער אָפּשײַן פון דעם העלדישן און מאַרטירערישן לעבן פון איר ברודער. איז איר געבליבן שטאָלצירן מיט דעם ביסעלע, עס זאָל איר זײַן גרינגער איבערטראָגן די ווייטיקן פון די צעקאַליעטשעטע פינגער. זי האָט דערבײַ פאַרשטאַנען, אַז דאָס ביסעלע שטאָלץ מוז זי אויסבאַהאַלטן פון אַ בייז־אויג. ווײַל אַפילו דאָס אַליין איז אויך געפערלעך. און דאָך... איר האָט זיך זייער געוואָלט כאָטש מיט וואָס־ניט־איז באַרעכטיקן די דאָזיקע געפערלעכקײַט.

די צען טעג אין לאַגער האָבן זיך איר געדוכט, ווי צען לאַנגע יאָר, ווען זי איז געווען אין גאָר אַן אַנדער וועלט, אין אַ שוידערלעכער וועלט פון הוילע לײַדן און הוילע פּײַניקונגען, אין אַ וועלט פון מענטשלעכער אומבאַשיצטקײַט, דערנידעריקטקײַט און האָפענונגסלאָזיקײַט, פון מוירעדיקער דער־

שלאַנקייט און פאַרלוירנקייט, וואָס מאַכט דעם מענטשן אויס מענטש. צען יאָר, וואָס האָבן צוגעגומען באַ איר אַלע קויכעס. נאָר נאָך מערער פון די ווייטיקן האָט זי געמוטשעט די בענקעניש. באַזונדערס אין די שלאָפלאָזע נעכט, ווען די געדאַנקען האָבן זי אַריבערגעטראָגן אין יענעם ווײַטן לעבן, אַ לעבן, וואָס האָט זיך איר געדוכט אומגלייבלעך און וואָס איז געווען ווער ווייסט וויפל יאָרן צוריק.

דערפאַר איז געשען אַזוי. ווען זיי זײַנען אַרײַנגעפאָרן אין זייער הויף און טאָדאָר האָט זי גענומען אַף די הענט און אַראָפּגעטראָגן פונעם וואָגן, איז זי צוגעפאַלן צו אים, ציטערנדיק און כליפּענדיק. זי האָט ניט דערקענט דעם אייגענעם אַרום. איר האָט זיך געדוכט, אַז אַזאַ שיינעם פאַרנאַכט, אַזאַ פּרעכטיקן זונפאַרגאַנג האָט זי קיינמאָל ניט געזען. אַז מיט אַזאַ פרישער, דופטיקער לופט האָט זי קיינמאָל ניט געעטעמט.

— טאָדאָר, — האָט זי אַרויסגערעדט, קוים בײַקומענדיק די קאָפּדרייעניש. — וויפל זשע בין איך ניט געווען אינדערהיים?

— גאַנצע צען טעג, — האָט טאָדאָר אָפּגעענטפערט.

— אינגאַנצן צען טעג? עס קאָן ניט זײַן!

— וואָס קאָן ניט זײַן?

— מיר דוכט, אַז איך בין ניט געווען אינדערהיים עטלעכע צענדליק יאָר. און ביכלאַל... פריִער איז דאָס אַלץ ניט געווען. און איך... איך אַליין אויך ניט.

— וואָס רעדסטו, פּראַזינע?

— איך וויל זאָגן, אַז יענע פּראַזינע... יענע איז געווען גאָר אַן אַנדערע...

ווי פאַרשטאַנען, דערפילט צי אָנגעשמעקט, וואָס פּראַזינע האָט געזאָגט, און ווי געוואָלט דערווײַזן, אַז דאָס איז ניט אַזוי, אַז זי איז פאַר זיי אַלעמען די פריִערדיקע פּראַזינע, איז דער הונט צוגעלאָפן צו איר, אונטערגעשפּרונגען, אַרומגעכאַפּט זי מיט די פאָדערשטע לאַפּעס און אַ לעק געטאָן איר קאָפּטל. ער האָט שטיל אַ קוויטשע געטאָן און אַ קוק געטאָן אַף איר, פול מיט שטומער פּײַן און בענקעניש. פּראַזינע האָט געפילט, אַז דער הונט וויל איר עפּעס זאָגן, אויך זיך אָנגעשטויסן, וואָס ער מיינט מיט זײַן שטילן וואָיען, האָט זי זיך אָנגעבויגן צו אים, געפּרוווט אַ גלעט טאָן, נאָר דערפילט אַ שאַרפן ווייטיק אין די פינגער, האָט זי אַ כאַפּ געטאָן די האַנט אַף צוריק, ווי אַן אָפּגעבריטע.

דער הונט האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס איז געשען, פאַרוואָס האָט זי אים ניט קיין גלעט געטאָן, און אַ באַליידיקטער אָפּגעטראָטן אַף צוריק. און שוין אַ ביסל פונדערווײַטנס, באַמערקט אירע איבערגעבונדענע פינגער און איר ווייטיקלעך פאַרקרימט פּאָנעם, האָט ער אַ הורטשע געטאָן: פאַרשטייענדיק און מיטפילנדיק.

דערנאָך איז צוגעקומען די קאַץ. פריִער האָט זי אַ וואַש געטאָן דאָס פּאָנעם מיט די פאָדערשטע פיסלעך, פאָרזיכטיק זיך אונטערגעגאַנוועט, ווי אַ שפּיל געטאָן זיך מיט דער באַלעבאָסטע, און זיך אַ רײַב געטאָן מיטן פּאָנעם אין אירע פיס. דערבײַ האָט זי אַ ניאַווקע געטאָן מיט אַ דינעם און ליבן קאַצענעם ניגנדל.

אין אָט דער אייגענער, ביז גאָר היימישער באַלעבאַטים־וועלט, צווישן וועלכער פּראַזינע האָט יענעם פאַרנאַכט זיך דערפילט פיל פעסטער און זיכערער, ווי צווישן די מענטשן, איז דאָס האַרצפרעסעניש אַ ביסל אָפּגעטראָטן און איר האָט זיך נעוואָלט אויסוויינען. שוין ניט מיט יענע ווייטיקלעכע כליפּערײַען, נאָר מיט אַ גוטן, וואַרעמען און געמיטלעכן געוויין. באַזונדערס, ווען אַרום איר איז זיך צונויפגעלאָפן די גאַנצע כאָפּטע אויפעס, וואָס האָבן זיך שוין געקליבן אַף דער באַנאַכטיקער סידעלע. זיי האָבן זיך צעקודאַכקעט, צעקוואָקטשעט, איבערשלאָגנדיק איינע די אַנדערע, גלײַך געוואָלט אויסדערציילן איר אָן אַ שיר געשיכטעס, וואָס זײַנען זיך פאַר דער צײַט פאַרלאָפן. ביז דער אַלטער האָן האָט אויסגעצויגן דעם האַלדז און טראָץ דער פאַרנאַכטיקער צײַט באַגײַענדיק אַ קרייע געטאָן, באַגריסנדיק און דערפרייט. אַזוי־אָ, וויינענדיק, איז זי אַרײַן אין שטאַל, צוגעקומען צו דער קו, אַרומגענומען זי פאַרן האַלדז און אויסגעצויגן די הענט פאָרויס.

— טו אומיסטן אַ קוק אַף מײַנע פינגער, — האָט זי זיך פאַרקלאָגט פאַר איר. — ווי וועל איך דיך קאָנען אויסמעלקן?

— וועגן דעם זאָרג זיך ניט, — האָט טאָדאָר זי באַרויִקט. — איך וועל אַלץ אַליין, אַבי דו זאָלסט וואָס גיכער אויסהיילן די הענט.

דערנאָך איז געקומען אַ גאַנצע וואָך פון דורכויסיקן שווערן שלאָף מיט קורצע איבערײַסן, ווען טאָדאָר האָט זי געוועקט, זי זאָל עפּעס נעמען אין מויל אַרײַן. און אַפילו דאַן, ווען זי האָט אויסגעטרונקען אַ גלאָז מילך, האָט זיך ניט איבערגעריסן דער פאַרצויגענער כאָלעם. זי איז די גאַנצע צײַט געווען דאָרטן, אין ענגן לאַגער, אַן איבערגעפולטן מיט מענטשלעכע ווייטיקן, מיט אופגעשוואָלענע ווונדן, מיט עסעריקן שווייס און מיט פאַרזאָטן בלוט. אַלץ, וואָס זי האָט זיך דאָרטן אָנגעזען און איבערגעלעבט, האָט זיך איבערגעכאַזערט מיט זײַן מאַמאַשעסדיקן שוידער, טאָג נאָך טאָג, נאַכט

נאָך נאַכט, שאַ נאָך שאַ. עס איז בלויז צוגעקומען אַזוינס, וואָס האָט אויסגעזען נאָך מערער שרעקעוודיק און מעגושעמדיק. לעבעדיקע מייסים זײַנען אַרומגעגאַנגען נאַקעט מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פּיס אַרויף און אויסגעזונגען אַזעלכע טפילעס, וועלכע זי האָט קיינמאָל אין קלויסטער ניט געהערט. זי האָט ניט איין מאָל געפּרוווט איבעררײַסן דעם כאָלעם, געסטאַרעט זיך ניט אַנשלאָפן ווערן, געלעגן מיט אָפענע אויגן, נאָר אַלציינס געפילט זיך דאָרטן אין הוילע ווייטיקן, באַגאָסן מיט אַ הייסן שווייס.

ביים די קורצע וואַכע מינוטן האָט זי ניט אַרויסגערעדט קיין וואָרט, געקוקט אויף טאָדאָרן אָפּגעפרעמדט און פּײַנטלעך. אָפּטמאָל האָט ער זיך איר געמאָלט, ווי דער אויספאָרשער מיט זײַנע לעפּישע פראַגן, אַמאָל אויך ווי יענע הענקער, וועלכע האָבן צונויפגעקוועטשט אירע פינגער מיט אײַזערנע קלעמען. טאָדאָר האָט פּול מיט ווייטיק צוגעקוקט, ווי זי קאָרטשעט זיך, פאַרבײַסט די ליפּן, און אַמאָל, ווען אירע ווייטיקן זײַנען געוואָרן אומדערטרעגלעך, האָט זי זיך צעיאָמערט מיט אַזאַ קוויטש, פון וועלכן טאָדאָרן האָט אָנגעהויבן צו מאַרדעווען. און אָפּטמאָל, שוין גאָר פונעם שלאָף, עטלעכע צעצויגענע, צעבראָקלטע ווערטער:

— ע-ע-עסן... טריב-קען...

האָט טאָדאָר ניט פאַרשטאַנען. נאָך אַלעמען האָט זי דאָרט ניט געהונגערט. טרינקען האָט זי אויך געהאַט וואָס. וואָס זשע כאָלעמט זיך איר אַזוינס. צי דען? צי דען לעבט זי איבער אין כאָלעם צענדליקער פרעמדע הונגערס און פרעמדע דאָרשטן? און כוץ אירע אייגענע פיל פרעמדע ווייטיקן און לײַדן?

אין אַ וואָך אַרום איז זי אַ ביסל געקומען צו-זיך. די שרעקלעכע כאָלוימעס זײַנען אָפּגעטראָטן און זי האָט אָנגעהויבן באַנעמען ווו זי איז. נאָר אויסמעסטן די דורכגעלאָפענע צײַט האָט זי ניט געקאָנט. דאָס איינציקע, וואָס זי האָט דערפילט, איז געווען, אַז די ווייטיקן אין די פינגער האָבן זיך אַ ביסל געלינדערט. זי האָט אַפילע געפּרוווט צונויפדריקן זיי אין אַ פויסט. מיסטאָמע איז דאָס געווען אַ פּרוּוו, צי וועט זי קאָנען אויסמעלקן די קו. אַזוי האָט זי טאַקע געזאָגט:

— איך וועל גיין אויסמעלקן...

און כאָטש זי האָט דאָס אַרויסגערעדט שטיל, מיט זייער אַ שוואַכער, נאָך ניט אויסגערוטער שטים, איז טאָדאָר דערציטערט געוואָרן. פאַר דער גאַנצער וואָך זײַנען דאָס געווען די ערשטע ווערטער, אַרויסגערעדטע מיט אַ קלאָרן געדאַנק.

— מע דאַרף ניט, — האָט ער זי באַרויקט, — איך האָב זי שוין אויסגעמאָלקן.

— וועל איך אַ ביסל זיך דורכגיין. איך האָב זיך אַזוי פאַרבענקט...

— גוט, גוט, אָט וועל איך זיך אַ ביסל באַפרײַען, וועלן מיר זיך דורכגיין.

— ניין, טאָדאָר, איך וויל אַליין.

— זאָל זײַן אַליין. נאָר גיי אַזוי... פאָרזיכטיק.

ווען פּראַזינע איז אַרויס פונעם הויף און אַוועקגעלאָזט זיך איבערן טאָל צו דער קלאַדקע, האָט זי ווידער דערזען אַזוינס, וואָס זי האָט פריִער ניט באַמערקט. אַ שטיל ווינטעלע האָט פאַריאָגט אַהער די אָפּגעצופּטע בלעטער, און איבערן טאָל האָט געשאָטן אַ גאָלדן שניילע. זיי זײַנען אַרומגעפלויגן אינדערלופטן, די געלע שניילעך, פאַמעלעך זיך אַראָפּגעלאָזט אַפן גרינעם גראָז, אויסגעלייגט זיך מיט אַזאַ לופטיקער גרינגקײַט, גלײַך זיי האָבן מוירע געהאַט צעקנייטשן איינס באַם אַנדערן די זײַדענע גלאַטקײַט. פּראַזינע איז געבליבן שטיין. זי האָט מוירע געהאַט שטעלן אַ פוס, זי זאָל ניט צעפלעטשן אַ נאַרוואָס אַראָפּגעפאַלן בלעטעלע. און עס איז איר דורך אַ ביטערער געדאַנק; ווי האָט זי געקאָנט אַלע יאָרן אַזוי אומראַכמאָנעסדיק טרעטן דאָס אַלץ מיט די פיס?

מיט אָט דעם פאַרשאַרפטן ווייטיקלעכן געפיל האָט זי אַריבערגעשפּאַנט איבער דער קלאַדקע און איז אַרויס אַף דער צענטראַלער גאַס. זי האָט געשפּאַנט איבער די דאָרפישע גאַסן, אײַנגעהילטע אין דער מילדער וואַרעמקײַט, באַשײַנטע מיט דער ווײַטער אָסיענדיקער זון, און ניט געקאָנט בײַקומען דאָס פּרעסנדיקע געפיל פון אָפּגעטיילטקײַט, צי עפּשער אָפּגעפרעמדטקײַט פון דעם אַלעמען. ס'האָט איר געפעלט דער נאַטירלעכער צושטאַנד פון צונויפגעגאָסנקײַט מיט אַלעם אַרומיקן, מיט דעם, פון וואָס זי איז שטענדיק געווען אַן אומצערײַסבאַרער טייל. און נאָך מערער האָט זי געשראָקן דאָס, וואָס באַ איר זײַנען אויפגעקומען אַזעלכע געדאַנקען. זאַכן, וועגן וועלכע זי האָט קיינמאָל ביז איצט ניט געטראַכט. זי האָט געשפּאַנט איבערן אייגענעם דאָרף, אַלעמאָל זיך באַגעגנט מיט פיל באַקאַנטע, און איר איז דורך אַ גרויל איבערן לײַב דערפון, וואָס זי זעט זיי גאָר אַנדערע, ניט אַזעלכע, ווי פריִער. אין זי אַליין... זיך האָט זי מערסטנטייל געזען דאָרטן, צווישן יענע, צווישן די, וואָס בלאָנדזשען אַרום איבערן אַרומגעצוימטן הויף, אויסגעהונגערטע און אויסגעשמאַכטע, אין פאַרקוייטיקטע און פאַרבלוטיקטע שמאַטעס, מיט שפּורן פון פרישע און ניט-פרישע קלעפּ. זי האָט דערבײַ געפילט אַ פרישן ווייטיק אין די פינגער, אַ ווייטיק, וואָס האָט די גאַנצע צײַט געדרעמלט אין איר.

זי האָט געשפּאַנט איבערן דאָרף און ניט גלײַך באַנומען, וואָס דעם פעלט און פאַרוואָס זעט דאָס אויס ניט פאַרווערשעוועט, גלײַך עמעצער האָט אַראָפּגעריסן פונעם דאָרף דעם דאַך. ערשט דערנאָך

1—2134

איז דאָס צו איר דערגאַנגען: די ייִדישע הײַזער! זיי האָבן שטענדיק זיך אויסגעטיילט מיט זייערע צעעפנטע טירן און פענצטער, מיט זייער ראַשיקן אימפּעט און מיט די פריילעכע לידעלעך פון די שנײַדערס און נייטערנס. מיט אַלעם ייִדישן, וואָס האָט צוגעגעבן דעם דאָרפישן לעבן פיל שפּילעווידיקס און פאַרביקס, וואָס האָט זיך דאָ פאַרוואָרצלט פאַר פיל דורעס. איצט זײַנען די ייִדישע הײַזער געשטאַנען אויסגעהוילטע, אויסגעזען טויטלעך־פּוסט, ערטערווײַז האַלב צעוואַלגערט, און ערטערווײַז איינגאַנצן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין קופּעס ציגלברוך.

פּראַזינע האָט ניט גלײַך פאַרשטאַנען, פאַרוואָס האָט די שטראַלנדיקע גרינגאַלדיקײַט און די אָפּפרישנדיקע דופטיקײַט אָנגעוווירן דעם פריערדיקן כיין, פאַרוואָס פילט זיך ניט די כאַסענעדיקע צוגעפּוצטקײַט און דאָס איבעריקע, מיט וואָס עס איז שטענדיק פול געווען דער פריִער האַרבסט. און ערשט דערנאָך, גראָד אין יענע מינוטן, האָט אין איר זיכאָרן זיך אויסגעקלאָרט די שטריכן פון דער צײַט. סאַמע איצט, ווען דער האַרבסט צעשפּילט זיך מיט אַלע זײַנע פאַרבן, קומט אָן דער ייִדישער נײַ־יאָר און גלײַך נאָך אים דער זייער טרויעריקער יאָמקיפּער. ייִדישע ווײַבער גייען אין שול אַרײַן אין שוואַרצע זײַדענע קאָפּטיכלעך, זייערע בלייכע פּנעמער זײַנען פול מיט ניט־אויסגעוויינטן און שײַנען אַרויס מיט נעשאָמעסדיקער אויסגעלײַטערטקײַט. אין יענע טעג איז אַ גרויסער נאָכפרעג אויף קאַווענעס און אויף קרויט, אויף האָניק און אויף פלוימען, און באַזונדערס אויף יונגע האָנעכלעך און הינדעלעך, וועלכע זיי מוזן פאַרן קוילען אַ דריי טאָן איבערן קאָפּ. אַ ביסל אַ נאַרישער מינהעג, וועלכן זי האָט קיינמאָל ניט פאַרשטאַנען. נאָר מאַלע וואָס. די ייִדן האָבן די קריסטלעכע מינהאָגים אויך ניט פאַרשטאַנען. נאָר ווי דאָס זאָל ניט זײַן האָט זי אין יענע טעג אַליין געפילט אין זיך פיל מעכילעדיקס, און שטענדיק, ערעוו יאָמקיפּער, האָט זי געווינטשעוועט פרומען אַ גרינגן טאָנעס.

דערמאָנט זיך אין פרומען, האָט זי זיך דערמאָנט אין אַלץ, וואָס צווישן זיי איז געווען. דאָס גוטע אין ניט גוטע, נאָר וואָס איז אַזוי צו אַנדערש געווען זייער לעבן, אַ שיין לעבן, וואָס איז אַכזאָריעסדיק צעשטערט געוואָרן.

פון דעם אַלעמען, פון אָט דעם שלאַל אומגעוויינלעכע געדאַנקען און דערמאָנונגען, פון אָט דער ביטערקײַט, וואָס האָט זיך אַלץ צעוואַקסן און זיך דערקליבן צום האַלדז מיט אַ טרוקענער וואָרגעניש, האָט ערגעץ טיף אינווייניק ניט אויפגעהערט צו בראָטן. און טרערן, דריבנע און שטאַרק איבערגעזאַלצענע, האָבן געהאַלטן אין איין רינען פון אירע אויגן. געראָנען אָן איר וויסן און אָן איר ווילן.

טאָדאָר האָט כאַראָטע געהאַט, וואָס ער האָט זי געלאָזט אַוועקגיין אַליין. איבערגעלאָזט אַלע אַרבעטן, איז ער אַוועק אין דאָרף, ער איז איר נאָכגעגאַנגען פונדערווײַטנס, אויך מיט דעם זעלבן געמיש פון אומגעוויינלעכע און ביטערע געדאַנקען. ערגעץ אין אַ זײַטיק געסל האָט פּראַזינע זיך אָפּגעשטעלט און צוגעלייגט די האַנט צו די אויגן. מיסטאַמע אָפּ אָפּווישן די טרערן. נאָר טאָדאָרן האָט זיך געדוכט, אַז איר איז געוואָרן ניט גוט און איז אַפּגיך צוגעלאָפן צו איר.

— וואָס איז מיט דיר, פּראַזינע? — האָט ער געפרעגט אַ דערשראָקענער.

פּראַזינע האָט זיך ניט געוווּנדערט, וואָס טאָדאָר האָט זיך פּלוצלינג אַ יאָווע געטאָן. און געענטפערט האָט זי ניט אויף זײַן פראַגע, נאָר אַרויסגעלייגט אירע אייגענע פאַרפּלאָנטערטע געדאַנקען.

— הער נאָר, טאָדאָר, אויסגעשפּאַנט דאָס גאַנצע דאָרף און צו פרומען ניט אַרײַנגעקומען.

— וואָס האָסטו דאָרט איבערגעלאָזט, בא פרומען?

— אַ סאַך... עפּשער טאַקע אַלץ... אַלץ דאָרטן איבערגעלאָזט.

ביז דער מינוט איז פּראַזינע אין קיין איין ייִדישער שטוב ניט אַרײַנגעקומען. עס האָט זי געשראָקן די טויטלעכע פּוסטקײַט, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון די אויסגעשלאָגענע פענצטער. מיט טאָדאָרן האָט זי זיך דערפילט זיכערער. אין פרומעס שטיבל איז איר געווען באַקאַנט יעדער ווינקעלע. מיט פאַרמאַכטע אויגן האָט זי געקאָנט אָפּזוכן אַלץ, וואָס זי האָט באַדאַרפט. איצט איז זי געשטאַנען אַ ציטערנדיקע, באַקוקנדיק די שרעקעוודיקע פאַרענדערטקײַט. אַ שטוב אָן וועלכע־ניט־איז סימאָנים פון לעבן, גלײַך ס'האָט דאָ קיינמאָל קיין לעבעדיקער נעפעש ניט געעטעמט. בלויז אינעם האַלב־פינצטערן קיכל זײַנען געהאַנגען אויף אַ פּלאָקן צוויי ליימענע קריגלעך, וועלכע האָבן פאַרהיט אין זיך דעם רייעך פון איבערגעשטאַנענער זויערמילך. דאָס זײַנען געווען די קריגלעך, מיט וועלכע פרומע איז יעדן גאַנצפרי געקומען צו איר נאָך מילך. די דאָזיקע קריגלעך האָבן אַזוי צערודערט פּראַזינען, אַז זי האָט געמוזט זיך אָנכאַפּן פאַר טאָדאָרן, זי זאָל ניט אומפאַלן. עס האָט זיך איר פאַרדרייט דער קאָפּ און אין די געדאַנקען האָט אַ בליץ געטאָן אַלץ, וואָס מיט די קריגלעך איז געווען פאַרבונדן: אַ גרויס שטיק לעבן, וואָס האָט זיך געצויגן יאָרן און וואָס האָט זיך איר איצט געדוכט, ווי אַ שיין מײַסעלע. אַרויסגערעדט האָט זי ווידער ניט דאָס, וואָס האָט געקאָנט קומען פון אָט די ביטערלעכע דערמאָנונגען:

— ווײַ, טאָדאָר. מיר האָבן דאָך ניט באַוויזן איבערגעבן זיי דאָס געבעקל ברויט! ווו זײַנען זיי איצט?

— נישקאָשע, — האָט טאָדאָר אָפּגעענטפערט, איבערכאַזערנדיק דאָס, וואָס בערל האָט אים געזאָגט באַם געזעגענען זיך. — ער וועט זיך נאָך לאָזן הערן, דער בערקוט.

מיטאמאָל, ווי ווידער פאַרלוירן דעם כעזשבן, צי דאָס געפיל פון צײַט, האָט זי א פרעג געטאָן:

— טאַדאַר, וויפל צײַט בין איך שוין אינדערהיים?

— שוין א וואָך צײַט, פּראַזינע, א גאַנצע וואָך.

— א גאַנצע וואָך, ווײַ איז מיר? און סענדער?

— וואָס סענדער?

— סענדער און דער אַלטיטשקער. זיי הונגערן דאָך געוויס. מע דאַרף זיי שוין אָפּפירן עפּעס עסן.

— גוט, גוט, פּראַזינע. מאָרגן, מאָרגן וועל איך אָפּפירן.

— איך וועל אויך פאָרן מיט דיר.

— דו דאַרפסט, אַז יענע גאַזלאָנים זאָלן דיך ווידער זען?

— איך האָב איצט פאַר זיי קיין מוירע ניט. איך האָב איצט פאַר גאָרניט און פאַר קיינעם ניט מוירע. און סענדעד... מע דאַרף אים מיטנעמען א ריין העמד.

אײַנגעלייגט אין וואָגן א טאָרבע קאַרטאָפל און א טאָרבעלע פּאַפּשוי־מעל, אָנגעגאָסן צוויי פלעשלעך מילך און פעסט פאַרשטעקט זיי מיט פּאַפּשויענע קאָטשאַנעס, פאַרכאַפּט מיט זיך דרײַ לעבלעך ברויט, וואָס בא זיי איז געווען, מיטגענומען מיט זיך דאָס נייטיקע ביסל כאַבאָר, האָבן זיי דעם צווייטן באַגינען זיך אָוועקגעלאָזט מיטן וועג, וואָס איז פאַר ביידע געווען פול מיט פּײַנלעכע דערמאָנונגען.

דער באַגינען איז שוין געווען א שפּעט־האַרבסטיקער, און איבער די פעלדער האָבן אַרומגעבלאָנדזשעט פילפאַרביקע נעפּלען. דער שפּעדיקער טוי איז פאַרצויגן געוואָרן מיט א זילבערן פּרעסטעלע.

— אוי, סענדער, — האָט פּראַזינע ניט אויפגעהערט אונטערזיפצן. — מיר זאָלן אים כאָטש טרעפן א לעבעדיקן. זאָלסט דאָן געווען א קוק טאָן אויף אים... אין הוילע וווּנדן.

זיי זײַנען צוגעפאָרן צום לאַגער סאַמע דאָן, ווען די אַסירים הייבן אָן אַרויסקלײַבן זיך פון זייערע ענגע קעמערלעך, נאָך דער שווערער, דושנער און שלאָפלאָזער נאַכט. זיי הייבן אָן אַרומבלאָנדזשען איבערן הויף, זוכן עפּעס אויף שטילן דעם הונגער, וואַרגן זיך מיט ניכטערן שפּײַעכץ און קוקן אַרויס אויף די דראָט־פאַרצוימונגען: עפּשער וועט עמעצער עפּעס אַרײַנוואַרפן. די וואַכמענער זײַנען שוין אויך אויף זייערע פּאָסטנס, ניט קיין אויסגעשלאָפענע און שטאַרק בייזע. אייגער א וואַכמאַן אין א קורץ אָפּגעריבן שינעלכל און אין צערעפּעטע פּאָסטעלעס האָט גלײַך דערקענט פּראַזינען און הילכיק זי אויסגעזידלט:

— פּוטי לאַדראַקו! האָסט זיך פאַרבענקט נאָך עטלעכע קלעפּ?

— איך האָב געבראַכט, — האָט פּראַזינע אַרויסגעשטעלט.

— וואָס האָסטו געבראַכט? דו ווייסט דאָך, אַז ס'איז שטרענג פאַרבאָטן! — האָט ער געשריִען, אונטערטאַנצנדיק. געוויס אויף דערוואַרעמען זיך א ביסל.

— אָבער קרויוויִם מעג מען דאָך.

— און ווי רופט מען דײַן קאָרעוו?

— סענ... איך וויל זאָגן... סידאָר...

— נו, יאָ, — האָט טאַדאָר אונטערגעכאַפּט. — סידאָר יערמאָלײַעוויטש.

ער האָט אַליין געשטוינט, וויאַזוי האָט זיך דאָס פלוצלינג בא אים אַרויסגעכאַפּט. און קעדיי איבערצײַגן דעם וואַכמאַן און זיך אַליין, האָט ער איבערגעכאַזערט:

— סידאָר יערמאָלײַעוויטש!

און דערבײַ אַרײַנגעלייגט דעם וואַכמאַן דאָס פלעשעלע סאַמאָהאָן.

צי האָט סענדער זיך אָנגעשטויסן, אַז דאָס מיינט מען אים, צי ער איז צופעליק צוגעקומען צו די דראָט־פאַרצוימונגען, נאָר דערזען זײַניקע, האָט ער א דערפרייטער אויסגעשריגן:

— מומע פּראַזינע, וואָס מאַכן אײַערע פינגער?

און זי, פּראַזינע...

— אוי, סענדער, דו לעבסט? דאַנקען גאָט, דאַנקען גאָט. מיר האָבן דיר עפּעס געבראַכט.

דאָס געבראַכטע האָבן אונטערגעכאַפּט און אונטערגעקליבן אַלע די, וואָס זײַנען געווען דערבײַ, און געקוקט אויף סענדערן מיט קינע, מיט געבעט און מיט פיל אַזעלכס, וואָס נאָר א הונגעריקער בליק קאָן אויסדריקן.

— נעמט, נעמט, — האָט פּראַזינע זיי אונטערגעמוטערט. — אין עטלעכע טעג אַרום וועלן מיר ווידער ברענגען. און דיר, סידאָר יערמאָלײַעוויטש, א דאַנק פאַרן שמירעכץ.

אין יענעם שוין ווײַטן באַגינען איז פאָרגעקומען די אומגעריכטע און אויסטערלישע קאָרוואַנדלונג פון סענדער אירמע דעם קאַצעווס אין סידאָר יערמאָלײַעוויטש. פאָרגעקומען פלוצלינג און אומדערוואַרט פאַר זיי אַלעמען.

נאָר ווידער פֿאָרן אין לאַגער איז ניט אויסגעקומען. אין אַ וואָך אַרום האָט מען סענדערן געבראַכט קיין ווערביוווקע.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער אויסגעשולטער באַנדעראָווער נעסטאָר וואָראָניוק, וואָס האָט זיך געפֿילט אין ווערביוווקע מערער באַלעבאָס, ווי דער פּרימאַר אַליין, האָט גלײַך פֿון די ערשטע טעג דאָ אָנגעווירן זײַן נאָמען און פֿאַמיליע און באַקומען זײַער ניט קיין פֿײַנעם צונאָמען — וואָראָנע. ער איז געווען ווי אָנגעמאָסטן צו זײַנע גלאַנציק-שוואַרצע שטיוול און צו די פֿעטלעך אָנגעשמירטע האָר, צו זײַן שפּיציקער נאָז, וואָס איז געווען ענלעך אויף אַ שנאָבל, און דעריקער צו דעם, וואָס ער האָט אַלעמאָל אָנגעקראַקעט אויף עמעצן אַן אומגעריכטן אומגליק. איז דאָס שוין געוואָרן אַ וואָכעדיקע זאַך: דערזען אים שפּאַצירן איבערן דאָרף, האָט מען טײַקעף פֿאַרהאַקט די טירן און פֿענצטער. יעדערער האָט זיך געסטאַרעט וואָס ווייניקער זיך וואַרפֿן אים אין די אויגן. און זען מע האָט געזען, ווי ער לאָזט זיך אַוועק אין דער אויעזדנע קאָמענדאַטור, האָט מען שוין געוווּסט: ער וועט ברענגען מיט זיך אַ נײַע צאָרע, אַ נײַע גזירע.

וואָס זשע האָט די וואָראָנע געמיינט דערמיט, וואָס זי האָט זיך דערשלאָגן, מע זאָל איבערגעבן סענדערן אין זײַן רעשוס? ער וועט שוין זען, אַז פֿון ווערביוווקע זאָל מען אים שוין אין ערגעץ ניט דאַרפֿן פֿירן? וואָס האָט ער געמיינט מיט זײַן טײַוולאָנישן אײַנפֿאַל דורכפֿירן איבער אים אַזאַ שוידערלעכע עקזעקוציע? דאָס גאַנצע דאָרף זאָל דאָס צוזען און ציטערן פֿון שרעק?

דער בלוטדורשטיקער וואָראָנע איז געווען צו לאַנגווײַליק אויף דעם פּאָסטן פֿון סעקרעטאַר פֿון דער פּרימאַריע. די פֿאַרשיידענע מעסירעלעך, אַדאַנק וועלכע ניט ווייניק מענער און פֿרויען זײַנען אַריבערגעפּעקלט געוואָרן אין לאַגער, האָבן זיך אים אויך געדוכט צו נישטיק. ער האָט אַליין געמוזט עמעצן קאַטעווען, עמעצן מײַמעסן. נאָר אין דעם פֿאַל איז זײַן פֿאַרטראַכט געווען פֿיל מערער פֿאַרברעכעריש און מענוווּלדיק. אים איז אָנגעגאַנגען ניט אַזוי דאָס שמײַסן ביכלאַל, אויף טויט צי ניט אויף טויט. דער איקער איז פֿאַר אים באַשטאַנען אין דעם, אַז שמײַסן סענדערן זאָל ניט עפּעס אַ רומענישער סאָלדאַט, נאָר טאַקע אַליין די ווערביוווקער. ער האָט ניט געקאָנט מויכל זײַן דעם היגן אוילעם, וואָס האָט זיך קעגנגעשטעלט די דראַניוועצער ראָצכים, אַזוי פֿעסט זיך אײַנגעשטעלט פֿאַר די היגע ייִדן. איז זאָלן זיי איצט אַליין אויך אויסשמײַסן איינעם, זאָל ער דערנאָך פֿייגערן, וועלן די ווערביוווקער מערער ניט קאָנען שטאָלצירן מיט זייערע ריינע הענט. זאָלן זיי אויך אַ ביסל פֿאַרקויטיקט ווערן מיט ייִדיש בלוט. און זאָלן זיי זיך אַליין פֿילן, ווי אויסגעשמיסענע.

ווען צוויי רומענישע זשאַנדאַרמען האָבן אָנגעהויבן צונויפֿטרײַבן דעם ווערביוווקער אוילעם צו די פֿיר ווערבעס, האָט קיינער ניט פֿאַרשטאַנען אין וואָס דאָ גייט. נאָר ווען מע האָט באַפֿוילן יעדערן פֿון זיי נעמען אין די הענט אַ דרענגל, וועלכע זײַנען געווען באַצײַטנס צוגעגרייט, האָט מען פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס שמעקט מיט אַ מיעסער שפּיל. איינער פֿון די זשאַנדאַרמען האָט צוליב עפּעס דערמאָנט סענדערס נאָמען, און ס'איז גלײַך קלאָר געוואָרן, אין וואָס די שפּיל וועט באַשטיין. טאָדאָר, ווען מע האָט איינעם פֿון די ערשטע אַוועקגעטריבן צו די ווערבעס, איז אַוועקגעלאָפֿן צוריק, אַרײַנגעלאָפֿן אין שטוב אַ פֿאַרסאָפּעטער, און אויף זײַן בלייך-געוואָרענעם פּאָנעם האָבן אַרויסגעגלאַנצט גראָבע טראָפּנס שווייס.

— סענדערן, — האָט ער קוים אַרויסגערעדט. — מע האָט געבראַכט אַהער סענדערן.

— נאָך וואָס?

— טאַקע דאָס... דאָ־אָ, — האָט ער איבערגעכאַזערט. — מע וועט אים שמײַסן... מיט דריקלעך.

— און דו דאַרפֿסט אויך?

— איך וועל מוזן.

— טאָדאָר, אין גאָטס ווילן! — האָט זי אויסגעשריִען. — סטאַרע זיך באַטש, ניט שטאַרק.

— פֿאַרקערט, איך וועל מוזן שטאַרק.

— פֿאַרוואָס, גאַזלען איינער?

— ווי פֿאַרשטייסטו ניט, פּראַזינע? — האָט ער ווי געבעטן זיך. — באַ אונדז אין דער סטאָדאָלע... אַזאַ באָמבע! און טאָמער קומען זיי און הייבן אָן זוכן? מיר זײַנען דאָך ביידע באַ זיי...

— אָבער סענדער, — האָט פּראַזינע אויסגעשריִען. — ער האָט מײַנע פֿינגער איבערגעבונדן, ער האָט מײַנע פֿינגער אויסגעהיילט!

טאָדאָר האָט שוין כאַראָטע געהאַט. ניט געווען געדאַרפֿט לויפֿן אַהיים. גלײַכער זי זאָל ניט געווען וויסן וועגן דעם. איז ער אַוועק ווידער אַ ביסל צעקריגט מיט פּראַזינען.

פֿאַר דער פֿאַרגאַנגענער וואָך איז אַפֿילע יענעם שוין אויסגעמוטשעטן סענדערן געווען ניט צו דערקענען. דאָס פֿאַרשוואָלענע פּאָנעם איז געווען מיט פֿרישע ווונדן. זיי האָבן באַלייגט די אײַנגעפֿאַלענע קינבאַקן, דעם שטערן, פֿאַרדעקט די אויגן מיט פֿאַרשוואַרצטן ווונדפֿלייש, אַרויסגעריסענעם פֿון אונטער די ברעמען. דאָס אָנטאָן זײַנס איז געווען צעפֿליקט און אַראָפּגעהאַנגען מיט פֿאַנאַנדערגע־

ריסענע פּאַסן. און ער אַליין, אַ פֿאַרוואַקסענער און אַ צעשויבעטער, אָן אַ היטל און קימאַט אַ באַר־וועסער, האָט קוים געשטעלט די פּיס. אין זײַנע אויגן זײַנען ניט געווען קיין מינדסטע סימאָנים פֿון לעבן. פֿון זייער טויטלעכער פֿאַרגליווערטקייט האָט אַרויסגעקוקט בלויז הוילער ווייטיק און פּײַן. ער האָט געשפּאַנט שווײַגנדיק, אָנגעבויגן דעם קאָפּ צו דער ערד און געהויקערט זיך, ווי אונטער אַ שווערער מאַסע. די זשאַנדאַרמען האָבן אים צוגעפֿירט צו דער ריי, אין וועלכער עס זײַנען געשטאַנען איינער קעגן אַנדערן באַ פֿופֿציק מענער. אַרײַנגעפֿירט סענדערן אין שמאָלן דורכגאַנג, האָט נעסטאָר אויסגעשריגן:

— שלאָגט, שלאָגט הוישײַנעס!

נאָך יעדן קלאַפּ האָט סענדער זיך אויסגעקערעוועט און אַ קוק געטאָן דעם שלעגער אין די אויגן. אין זײַן מוטנעם בליק איז געווען אַלץ, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגן: ווען אַ דאַנק, וועמען אַ שטילן פֿאַרוואָרף און וועמען אַ פֿאַרשטייענדיקן מיטגעפֿיל. אַזוי האָט ער געשלעפּט די פּיס אָן אײַנ־געהויקערטער, אַ צעווייפֿגעקאַרטשעטער, דאָס בלוט האָט גערונען איבער די פּלייצעס, און נאָך יעדן קלאַפּ האָט ער אופֿגעציטערט, ווי אונטערגעשפּרונגען. ער האָט געשפּאַנט, אײַנגעקוקט זיך אין די פּענעמער פֿון זײַנע לאַנדסלײַט און אויסגעלייענט אַף זיי אַזוינס, וואָס ער האָט געמוזט אויסלייענען. און מיט אַלע קויכעס זיך געסטאַרעט פֿאַרגעדענקען. כאַטש... צוליב וואָס דאַרף ער דאָס, האָט ער דאַן ניט געטראַכט און ניט פֿאַרשטאַנען. ער האָט דאָך געפֿילט, אַז דאָס מאַכט ער די לעצטע טריט איבער דער ערד. נאָר ער האָט דאָס געמוזט וויסן.

ס׳איז, פֿאַרשטייט זיך, ניט אַזוי גרינג פֿאַרשטעלן זיך און אופֿשרײַבן דאָס, וואָס אַ מענטש פֿילט און וועגן וואָס ער טראַכט אין אַזעלכע מינוטן. און איך וואָלט וועגן דעם ניט דערציילט, איך זאָל דאָס ניט געווען הערן פֿון סענדערן אַליין, ווען ער האָט אין איינעם פֿון יענע זומערדיקע פֿאַרנאַכטן זיך דערמאָנט אין דעם, וויאַזוי מע האָט אים געשמיסן, וויאַזוי ער האָט נאָך יעדן קלאַפּ אַ קוק געטאָן דעם שלעגער אין די אויגן און אין איין אויגנבליק אָפּגעשאַצט זײַן באַציִונג צו אָט דער אַכזאָריעסדי־קער שפּיל, זײַן באַציִונג צו אים, צו סענדערן אַליין, און ביכלאַל, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ מענטש. דאָס אַלץ, וואָס איז אים אין די שפּעטערדיקע יאָרן שטאַרק צוניץ געקומען.

אָנהייבנדיק פֿון דעם קאַפּיטעלע, האָב איך באַקומען נאָך איין דערציילער — סענדערן. אַמאָל האָט ער דערציילט אַליין, דערמאָנענדיק זיך זײַנס, אייגנס, אַמאָל איינעם מיט טאַדאַרן, דערמאָנענדיק פֿיל שוטפֿעסדיקס. און מיר איז איצט שווער אויסטיילן באַזונדער דאָס, וואָס סענדער האָט דערציילט אַליין, און דאָס, וואָס זיי האָבן איבערדערציילט איינעם, פּרוווגדיק אויסקלאָרן פֿאַר זיך זייערע דעמלטיקע גאַנץ פֿאַרפּלאָנטערטע באַציִונגען. אין אַזעלכע פֿאַלן האָט טאַדאָר זיך גערוויטלט פֿאַר בײַ־זאַיען, און סענדער האָט גרינג צוגעשמייכלט. טאַדאָר האָט אָפּטמאָל אַפֿילע זיך געבייזערט איבער דעם, וואָס סענדער שפּאַסט איבער אַזעלכע זאַכן, וועגן וועלכע ער אַליין קאָן רויִק ניט דערמאָנען און וואָס קאָסט אים נאָך איצט ניט ווייניק געזונט. נאָר דאַן האָט ער אַנדערש ניט געקאָנט. און אים איז נאָך מערער פּאַהדראָסיק דערפֿון, וואָס אַפֿילע זײַן פּראָזיִבע וויל ביז הײַנט ניט פֿאַרשטיין, אַז דאַן האָט ער אַנדערש ניט געקאָנט. ניט געטאָרט! פּראָזיִבע אַליין האָט וועגן זיך ניט דערציילט. בלויז דאַן, ווען זי איז בײַגעווען בײַס אונדזערע שמועסן, האָט זי אָפּטמאָל צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי באַשטעטיקנדיק: יאָ, אַזוי איז דאָס טאַקע געווען. דערבײַ האָבן אירע אויגן געגלאַנצט מיט אַ באַזונדערן גלאַנץ און ס׳איז שווער געווען צו וויסן, וואָס וועט באַלד געשען: צי עס וועלן אַראָפּרינען עטלעכע טרערן, צי עס וועט גאָר זיך אויסשיילן אַ שמייכעלע. אַ ביטער שמייכעלע, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אירע געפֿילן מערער ווי די טרערן. עס פֿלעג טרעפֿן אויך אַזוי: זי האָט אונטערגעהערט אונדזערע שמועסן, נאָר געמאַכט זיך ניט וויסנדיק, גלײַך דאָס גייט איר ניט אָן. און דאַן, ווען עס האָט זיך דערציילט וועגן סאַמע שרעקלעכן, האָט זי זיך אופֿגעהויבן און אַוועק. גלײַך עס וואַרטן אַף איר דרינגענדיקע אַר־בעטן און זי האָט פּאַשעט קיין צײַט ניט פֿאַר אַזעלכע פּוסטע הערמאָנונגען.

איין זאַך אָבער. ווען איך האָב זיך דערוווּסט, וואָס מיט איר איז געשען אין לאַגער, האָב איך אָנגעהויבן צוקוקן זיך צו אירע פֿינגער. און אַלעמאָל האָט מיר דערפֿון אָנגעהויבן פּרעסן באַם האַרצן. זיי זײַנען געווען אויסגעדאַרטע, צעווייפֿגעקאַרטשעטע און עטוואָס אײַנגעבויגענע. ריכטיקער, צעווייפֿ־געדרייטע, און אַזעלכע פּיצינקע, גלײַך זיי זײַנען פֿאַרגליווערט געוואָרן אין זייער קינדערשן עלטער און קאָנען מערער ניט וואַקסן. און נאָך האָב איך באַמערקט: אַף אייניקע פֿינגער זײַנען פֿאַראַן בלויז האַלבע נעגעלעך, אַ ביסל פֿאַרקרימטע און פֿאַרטונקלטע. אַף אייניקע פֿינגער אינגאַנצן אַ פּערטל נעגל. און מיר איז שווער געווען פֿאַרשטיין, וויאַזוי פֿילט זי אויס מיט אָט די צעקאַליעטשעטע הענט אַלע אַרבעטן אין שטוב, אַפֿן הויף און אַפֿן גאָרטן. און דעריקער — וויאַזוי מעלקט זי אויס די קו. הערצו נאָך האָט זי ביז ניט לאַנג פֿיל יאָרן געאַרבעט אין אַ ריינג, וואָס האָט אויסגעכאָוועט בורעקעס. נאָר אָפּטמאָל האָט איר פּאָנעם זיך אַ קאַרטשע געטאָן פֿון ווייטיק. עס פֿלעגט טרעפֿן אויך אַזוינס: פּלוצ־לינג איז זי געבליבן שטיין, גלײַך עס האָט איר פֿאַרכאַפּט דעם אָטעם, און זי האָט פּעסט צעווייפֿגע־

דריקט די פינגער אין א פּאָסטעלע. האָט מען זיך געקאָנט אָנשטויסן, אַז די ווייטיקן האָבן ניט אײַנגאַנצן זיך אויסגעוועפּט און אַז זיי דערמאָנען אָפּט וועגן זיך מיט זייער לאַנגאָניקער אומדערטראָגלעכקייט.

יאָ, האָט פּראַזינע זייער ניט ליב געהאַט דערציילן וועגן זיך. נאָר אין דעם פֿאַל האָט זי ניט אויסגעהאַלטן. זי האָט געמוזט דערקלערן אליין אַלץ ווי דאָס איז געווען. און דעריקער, דערקלערן איר אייגענע אָפּירונג. כאָטש טאָדאָר האָט פֿאַר פּאַכעד געמוזט שטאַרק א זעץ טאָן מיטן דרענגל, נאָר זי, פּאַרקערט, האָט שוין פֿאַר גאָרנישט ניט מוירע געהאַט. און דאָס איז אויך געווען טאָדאָרן ניט צום הארצן. נאָר וואָס געווען איז געווען.

האָט ער געשפּאַנט, סענדער, אָן אײַנגעהויקערטער, דעם קאָפּ שטאַרק צוגעבויגן צו דער ערד, און דאָס בלוט האָט גערונען איבער זײַנע פּלייצעס. נאָך יעדער קלאַפּ האָט ער א ציטער געטאָן, ווי אונטערגעשפּרונגען, און געכאַפּט א קוק אַף שלעגער. ער האָט געמוזט וויסן, ווער וויאַזוי האָט אים געשמיסן. אַזוי האָט ער זיך געשלעפּט, ביז ער איז צוגעקומען צו טאָדאָרן. נאָך טאָדאָרן זײַנען נאָך געבליבן זעקס מענער, צו דרײַ פֿון יעדער זײַט. טאָדאָר, געכאַפּט פֿון דער זײַט א קוק אַף נעסטאָרן, באַמערקט, ווי די וואָראָנע האָט זיך אײַנגעקלאַמערט אין אים מיט זײַן דראָענדיקן בליק, האָט ער פֿאַרהויבן דאָס דרענגל און א זעץ געטאָן. טאַקע שטאַרק א זעץ געטאָן. נאָר ניט אין די פּלייצעס, נאָר אין רעכטן פֿוס אונטער דער קני. סענדער האָט זיך א וואַקל געטאָן, א ווײַלע געבליבן שטיין און געכאַפּט א קוק אַף דער רעכטער זײַט. און אָט דער בליק זײַנער, פֿול מיט שטוינענדיקער אומדערוואַרטקייט, אומויסדריקלעכן פֿאַרוואָרף און פֿאַרדראָס, האָט באַשטימט זייערע באַציִונגען אַף פֿיל יאָרן. פֿון אָט דעם בליק איז טאָדאָרן דורך א קאַלטער גרויל איבערן לײַב. א גרויל, וואָס האָט אים פֿאַרפֿאָלגט פֿיל טעג און נעכט.

סענדער איז א ווײַלע געשטאַנען ווי פֿאַרגליווערט. דערנאָך זיך א וואַקל געטאָן און אומגעפֿאַלן אַף דעם נאָך גרינעם גראָז, ניט אַרויסגעלאָזט אַפֿילע קיין קרעכץ. גלײַך ער האָט שוין אויסגעהויכט די נעשאָמע.

פּראַזינע איז די גאַנצע צײַט געשטאַנען פֿונדערווײַטנס, פֿאַרביסן די ליפּן, קוים אײַנהאַלטנדיק דעם וויגעשריי. באַמערקט, ווי טאָדאָר האָט פֿאַרהויבן דאָס דרענגל, איז זי אַרײַנגעלאָפֿן אין שטוב אַרײַן, א כאַפּ געטאָן א לײַלעך און אַוועקגעלאָפֿן צו די ווערבעס. ווען זי איז צוגעלאָפֿן, איז סענדער שוין געלעגן אַף דער ערד און דאָס גראָז אַרום איז געווען פֿול מיט בלוטיקע פֿלעקן.

— גאַזלען, — האָט זי אויסגעשריגן צו טאָדאָרן. — דו האָסט אים דערהאַרגעט!

אין דער מינוט זײַנען זיך צונויפֿגעקומען און איבערגעקריצט דרײַ פֿאַרשיידענע בליקן. נײַן, ניט אַזוי. ווען פּראַזינע האָט אַזוי א קוק געטאָן אַף טאָדאָרן, האָט צווישן זיי א בליץ געטאָן א דריטער בליק. די שוואַרצע וואָראָנע האָט געשיט מיט פֿעך און שוועבל אַף רעכטס און אַף לינקס. אַף פּראַזינען — פֿול מיט דראָונגען, און אַף טאָדאָרן...

טאָדאָר האָט קיינמאָל ניט געפּרוּווט אויסטײַטשן פֿאַר זיך דעם טאָך פֿון נעסטאָרס בליק. צו ביטערלעך איז געווען פֿאַר אים זײַן זיסלעכקײַט. דערפֿילט א שטאַרקע וואָרגעניש אין האַלדז, האָט ער א שלײַדער געטאָן דאָס דרענגל איבער אַלעמענס קעפּ און אַפּגיך אַוועקגעשפּאַנט צו זיך אַפֿן הויף. א פֿאַרשעמטער און א שרעקלעך מידער.

נעסטאָר האָט געהאַלטן, אַז די עקזעקוציע איז נאָך ניט געענדיקט, און ווידער אויסגעשריגן:

— שלאָגט, שלאָגט הוישײַנעס!

פֿונוואַנען איז צו אָט דעם אויסוואָרף געקומען דאָס דאָזיקע וואָרט? פֿונוואַנען האָט ער געוווּסט, אַז דאָס האָט צו טאָן מיט ווערבעס, מיט בעזימלעך פֿון זייערע דינע צווײַגן? נאָר געשמיסן האָט מען דאָך ניט מיט קיין בעזימלעך?

— שלאָגט, שלאָגט הוישײַנעס! — האָט ער אויסגעשריִען נאָך בייזער.

נאָר מערער האָט קיינער ניט אופֿגעהויבן זײַן דרענגל.

פּראַזינע איז צוגעלאָפֿן צו סענדערן, זיך אָנגעבויגן איבער אים און אײַנגעוויקלט זײַנע פֿאַרבלוטיקטע פּלייצעס אין איר לײַלעך. דערנאָך איז צוגעלאָפֿן מיכײַלאָ סושינסקי, אַראָפּגעריסן פֿון זיך דעם קאַפּטאַר און אײַנגעדעקט מיט אים סענדערן. דערנאָך איז צוגעלאָפֿן א גרײַז-גראָער אַלטיטשקער, אַראָפּגענומען פֿונעם קאָפּ דאָס שמויסל און דאָס אָנגערוקט סענדערן אַפֿן צעשויבערטן קאָפּ. דערנאָך איז געשען אַזוינס, אַף וואָס די וואָראָנע האָט אַמווייניקסטנס געוואָרט. אַן אומבאַקאַנטער פֿאַרשוין איז צוגעקומען צו אים און אַרײַנגערוימט אין אויער:

— הער זיך אײַן, פֿאַרשיוו וואָראָנע. פֿאַרנעם זיך שוין פֿונדאַנען צו זיך, קיין דראַניוועץ. און דעריקער — שאַ. אויב דו ווילסט בלײַבן לעבן.

נעסטאָר האָט אַפּגיך זיך אַרומגעקוקט, געוואָלט דערזען דעם כוצפּעדיקן פֿאַרשוין, נאָר אַרום אים איז קיינער ניט געווען.

— פֿאַרשלעפּט אים צוריק אין קעלער, — האָט ער באַפֿוילן, — מאָרגן וועל איך קומען אויף דער לעווייַע!

נאָר קיין שום לעווייַע איז ניט פֿאָרגעקומען.

# 6

דער ווינטער איז געווען אַן אומגעוויינלעך פֿראָסטיקער און שנייִקער. די בלענדנדיקע ווייַסקייט האָט געשניטן די אויגן און געצווונגען פֿאַרהייבן זיי צום הימל, וואָס איז געווען פֿיל טינקלער. די טונקלקייט איז געקומען פֿון די געדיכטע כמאַרעס און פֿון די וועלדער אויף די נאָענטסטע בערג, וואָס האָבן ווי אַ שוואַרצער פֿאָרהאַנג פֿאַרשטעלט מיט זיך די גאַנצע וועלט. דערפֿון איז דער נעפּל, וואָס האָט יעדן באַגינען זיך אַראָפּגעלאָזט פֿון די בערג, אויך געווען אַ שוואַרצער. גלייַך די וועלט האָט מיטאַמאָל אָנגעווירן אַלע אירע פֿאַרבן און געבליבן איינגעוויקלט בלויז אין צוויי. דאָס ווייַסע האָט אויסגעזען טאַכריכימדיק־טויטלעך און אַ מינדסטן סימען פֿון לעבעדיקן אָטעם, און דאָס שוואַרצע איז געהאַנגען איבער דער ערד אין אַ שווייַגנדיקן טרויער, איבערגעפֿרויעט און איבערגעטריקנט. בלויז דאַן, ווען דער ווינט האָט צעטרייסלט די נאַקעטע צווייַגן, האָבן זיי זיך צעקרעכצט מיט אַ פֿאַרטויבנדיקן קרעכץ. זיך צעסקריפּעט מיט אַ ווייטיקלעכן סקריפּ, גלייַך באַוויינט די קאָרבאָנעס, וואָס זייַנען צעזייט איבער די טויזנטער ווערסטן, אויף וועלכע עס דויערן בלוטיקע שלאַכטן צווישן דער רויטער אַרמיי און דער צעיושעטער כייַע — דעם היטלערישן פֿאַשיזם.

דאָס טייַכל איז געלעגן פֿאַרקאָוועט אין אייַז און קיינער האָט זיך ניט געניייטיקט אין די שמאָלע בריקעלעך־קלאָדקעס. אין פֿיל ערטער זייַנען דורכגעטראָטן געוואָרן שמאָלע סטעזשקעלעך, וואָס האָבן איבערגעשטריכט די דורכויסיקע ווייַסקייט מיט פֿאַרגעלטע, קויטיקלעכע פּאַסיקלעך. דער גאַנצער טאָל איז געווען איבערגעמאָלט מיט שפּורן פֿון פֿאַרשיידענע כייַעלעך, וואָס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט צום דאָרף, אויסזוכנדיק עפּעס אויף שטילן דעם הונגער. יעדערער האָט גרינג געקאָנט אונטערשיידן די שפּורן פֿון די אומבאַשיצטע האָזן און וועווערקעס, פֿון אַ כיטרע פֿוקס, וואָס האָט געפּרוּווט אַרייַנכאַפּן זיך צו די פֿאַרשלאָפֿענע הינער, און פֿון אַ בייזן וואָלף, וועמען עס האָט גוואַלדיק געצויגן צו די שאָפֿענע שטאַלעכלעך.

אין אָט דער דורכויסיקער ווייַסקייט האָט טאַדאָרס שטוב זיך צונויפֿגעגאָסן מיט אַלע אַנדערע דאָרפֿישע הייַזער. דאָס שיטערע וועלדל, וואָס האָט אַ ביסל פֿאַרשטעלט זייַן הויף, איז איצט געווען אינגאַנצן דורכזיכטיק. האָט דער באַגינען זיך צעסקריפּעט איבערן גאַנצן דאָרף מיט איין דורכויסיקן כריפּענדיקן און קוויטשענדיקן סקריפּ פֿון פֿאַרזשאַווערטע קליאַמקעס און קייטלעך, זיך צעקלונגען מיט הונדערטער עמערס אַרום די קרעניצעס. אַלעמען האָט אין איין צייַט אויפֿגעוועקט דער הייזעריקלעכער האָנעז־קריי. און ערגעץ־ווו האָט זיך שוין צעהירזשעט אַ יונג לאָשעקל, און אין פֿיל הייַזער האָבן אָפּן פֿולן קאָל זיך צעוויינט די זויג־קינדער, אויף וועלכע עס האָט געוואַרט אַ מערער גליקלעכער גורל, אַזאַ, וואָס האָט זייערע עלטערן אין יענע שווערע ווינטערדיקע נעכט אַפֿילו זיך כאָלעמען ניט געקאָנט.

האָט טאַדאָרס הויף זיך צונויפֿגעגאָסן מיט אַלע איבעריקע הויפֿן פֿונעם דאָרף. נאָר ער אַליין האָט געטראָגן אין זיך, ווי אַ שווערע מאַסע, דאָס געפֿיל פֿון אומפֿאַרשטענדלעכער אָפּגעשיידטקייַט און אָפּגעפֿרעמדטקייַט. דאָס האַרץ זייַנס — ווי פֿאַרקאָוועט אין אייַז, אַזוי שווער צונויפֿגעפּרעסט, אַז קוים וואָס ער אָטעמט. און אַלץ איבער אַזאַ נאַרישקייַט. עפּשער גאָר ניט קיין נאַרישקייַט, נאָר גיי דערצייל עמעצן און דערווייַז, וואָס דו האָסט געמיינט. ער האָט דאָך געמיינט צו גוטן, ווען ער האָט אַ זעץ געטאָן סענדערן ניט איבער דער שוין פֿאַרבלוטיקטער פּלייצע, נאָר אונטער דער קני. נאָר פֿונוואַנען האָט ער געקאָנט וויסן, אַז פֿון אָט דעם קלאַפּ וועט ער אומפֿאַלן? און עפּשער איז גאָר בעסער, וואָס ער איז דאַן אומגעפֿאַלן. ער האָט דערמיט אויסגעמיטן די לעצטע זעקס קלעפּ. נאָר גיי דערצייל עמעצן. און ס'איז ביכלאַל ניט קיין צייַט פֿאַר אַזעלכע דערקלערונגען. טראָג דיר דייַן ווייטיק, ווי אַ שאַנד־צייכן, און שווייַג.

באַזונדערס האָט אים אַ נעם געטאָן דער פֿראָסט אונטערן האַרצן, ווען ער האָט אומגעריכט און ניט־ווילנדיק זיך באַגעגנט מיט נעסטאָרן, מיט אָט דער מיִעסער וואָראָנע. יענער האָט זיך פֿאַרנייגט פֿאַר אים מיט זייַן גיפֿטיק שמייכעלע, פֿאַרנייגט זיך פֿרייַנטלעך און גוטברודעריש, מיט אַן אָפֿענעם רעמעזל, אַז ער געדענקט גוט יענעם זעץ, געדענקט, באַוויליקט אים און פֿאַררעכנט אים צווישן זייַנע פֿרייַנט. וויפֿל מאָל האָט שוין געטראָפֿן אַזוי, אַז זייַנע גוטע קאַוואָנעס, צי עפּשער דאָס, אין וועלכע

עס זײַנען קיין שום קאָוואָנעס ניט געווען, האָט דער אוילעם אופגענומען און אויסגעטײַטשט אַף גאָר אַן אַנדער אויפן. און גיי טו עפּעס.

נאָך ערגער איז אים געווען באַגעגענען זיך מיט זײַנע דאָרפסלײַט. די מערהײַט האָט גלײַך פאַרקערעוועט אין א זײַט, ווי נאָר זיי האָבן אים דערזען. אָדער גאָר פאַרבײַגעגאַנגען באַנאַנד און געמאַכט זיך, אַז זיי זעען אים ניט, קעדיי ניט אָפּגעבן אים דעם גוט־מאָרגן.

דערפאַר האָט טאָדאָר זיך זעלטן באַוויזן אַף די דאָרפישע גאַסן, מערסטנטייל געפּאָרעט זיך בא זיך אַפן הויף, אין שטאַל, אין דער סטאָדאָלע, אַלץ גערייניקט דעם שניי, וואָס האָט ניט אופגעהערט שיטן. נאָר זײַן פראַזינען איז אומעגלעך געווען אויסמײַדן. און איר שווײַגנדיקער בליק, און אויך די פּאָר געציילטע ווערטער, וואָס זי האָט פאַר אים אַרויסגערעדט, זײַנען פאַר אים געווען ערגער פון אַלץ. און ניט איין מאָל האָט ער געטראַכט דערבײַ: גלײַכער וואָלט מען שוין אים אליין געווען אויס־געשמיסן...

די רעטעניש, וויאַזוי סענדער האָט ניט געסטײַעט, איז א צײַט פאַרבליבן א סאָד פאַרן גאַנצן דאָרף. מע האָט צוערשט געגלייבט, אַז די סיגוראַנצע־לײַט אליין האָבן אים באַנאַכט אַרויסגעשלעפּט פונעם קעלער שוין א טויטן און פאַרגראָבן אין אַזאַ אָרט, אַז קיינער זאָל אים ניט קאָנען געפינען. בײַדע צדאָדים האָבן ווי צונויפגערעדט זיך אונטערהאַלטן די דאָזיקע קלאַנגען. די היגע וואַכמענער האָט אויך געלוינט דער דאָזיקער פּיזמען, זיי זאָלן אויסמײַדן די פאַרדינטע שטראָף. האָט דער קלאַנג וועגן סענדערס אומקום זיך געהאַלטן פעסט און דוירעהאַפט. דעם צווייטן גאַנצפרי איז פראַזינע אַנגעפאַלן אַף טאָדאָרן.

— דו, דו האָסט אים געהאַרגעט!

— וואָס רעדסטו, פראַזינע? איך האָב דאָך געמיינט...

— וואָס האָסטו געמיינט? וואָס האָסטו געמיינט?

— איך האָב דאָך געמיינט צו גוטן. זאָלסט געווען זען, ווי די וואַראַנע האָט א קוק געטאָן אַף מיר...

— דו ביסט פּאַשעט א פּאַכדן... א העסלעכער פּאַכדן!

— נו, גיי, גיי פּרווו זײַ א העלד!

— איך וואָלט די וואַראַנע מיט די אייגענע הענט דערשטיקט!

טאָדאָר האָט זיך דערשראָקן ניט אַזוי פאַר אירע רייד, אפילע ניט דאָס, וואָס זי האָט אים אָנגערופן פּאַכדן, אים האָט דערשראָקן איר בליק. א בליק, פול מיט סינע. בא אים, בא טאָדאָרן גופע, איז קיינמאָל אַזאַ געפיל ניט געווען. פונוואַנען זשע האָט ער זיך גענומען בא זײַן שטילער, שטענדיק האַכנאָעדיקער פראַזינען? צי דען האָבן די צען טעג אין לאַגער זי אַזוי איבערגעאַנדערשט, אַזוי אָנגעפילט מיט צאָרן און האַס?

זײַנען אַוועק טעג און נעכט פון שווערן, אומדערטרעגלעכן און אומבאַגרײַפלעכן רויגעז. יעדערער האָט אָפּגעטאָן אין שטוב און אין הויף אַלץ, וואָס ער האָט געדאַרפט אָפּטאָן, דאָס, וואָס יעדערער פון זיי האָט געטאָן אין מעשעך פון פיל יאָרן. עס זײַנען דערבײַ ניט געווען קיין זאַכן, וועלכע מע האָט געדאַרפט אַרומרעדן, אָדער אייצענען זיך. זיי האָבן גוט געוווּסט, וואָס דאַרף אָפּגעטאָן ווערן פאַר א ווינטערדיקן טאָג. וועגן אַנדערע זאַכן איז אומעגלעך געווען צו רעדן. יעדערער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט זײַן בינטל ווייטיקן. און כאָטש זיי זײַנען בא ביידן געווען פאַרקנאָטן פון דעם זעלבן, זײַנען זיי אופגעגאַנגען און צעוואַקסן זיך ביז גאָר פאַרשיידן.

דער רויגעז איז געהאַנגען אין שטוב א קײַלעכדיקן מעסלעס. פראַזינע האָט שווײַגנדיק דער־לאַנגט צום טיש דעם פרישטיק, דעם מיטיק און אליין צום טיש זיך ניט געזעצט. טאָדאָר האָט אַלע־מאָל געקליבן זיך זאָגן פראַזינען עטלעכע ווערטער, אַרויסזאָגן איר זײַן אייגענעם ווייטיק, נאָר ער האָט מוירע געהאַט, פראַזינע זאָל ווידער ניט אָנפאַלן אַף אים. און ווער ווייסט, וועלכע ווערטער קאָנען איר דערבײַ קומען אין מויל אַרײַן.

אָט ווען עס האָט אים אויסגעפעלט זײַן פיליאַריקער פרײַנט בערל. אויסגעפעלט ווי קיינמאָל ניט. פאַר אים וואָלט ער געקאָנט זיך אויסרעדן דאָס האַרץ. ווו זשע איז ער איצט? דער קוטשעריא־ווער בערל?

קלאַנגען האָבן זיך אַרומגעטראָגן איבער די אַרומיקע דערפער. קלאַנגען פאַרשיידענע און אומ־גלייבלעכע. טאַקע וועגן אַזעלכע בערקוטן, וואָס גיבן זיך א יאַווע אַלעמאָל אין אַן אַנדער אָרט, צינדן אונטער דײַטשישע קאָמענדאַטורן, רײַסן אויף די רעלסן אַף די אײַזנבאַן־ליניעס, פאַלן אָן אַף דײַטשי־שע אַבאָזן מיט שפּײַז און אַמוניציע. און טאַקע ווי עמעסע באַרג־אָדלערס פליִען זיי אַרום פון איין אָרט אַפן אַנדערן. אָט זײַנען זיי אין גאַליציע, דאָרט, ווו עס בושעווען די דײַטשן, און אָט באַווײַזן זיי זיך אין בוקאָווינע, ווו עס באַלעבאַטעווען די רומענער. טאָדאָר האָט ניט אופגעהערט צו טראַכטן וועגן די בערקוטן באַטאָג און באַנאַכט. געטראַכט, געטרוימט, געוואַרט און געציטערט. מאַלע וואָס

מענטשן זאָגן. און פֿאַרוואָס מוז עס דאַפֿקע זײַן בערל? צענדליקער אַנדערע האָבן געקאָנט זיך אָנרופֿן מיט דעם זעלבן נאָמען.

אַ ביסל שפּעטער, ווען עס איז קלאָר געוואָרן, אַז סענדער איז ניט אומגעקומען, אַז ער באַהאַלט זיך אויס טאַקע ערגעץ דאָ, אין ווערביווקע, איז פּראַזינעס רויגעז אַ ביסל געלינדערט געוואָרן. זי האָט ווי פֿריִער ניט אַרויסגערעדט מיט טאַדאָרן קיין וואָרט, נאָר זיך שוין געזעצט מיט אים צום טיש. און אָפּטמאָל האָט זי אײַנגעפּאַקעוועט אַ ביסל עסנוואַרג און אַוועקגעטראָגן צו די סושינסקיס. איר האָט זיך פֿאַרקריצט אין זיקאָרן, ווי מיכײַלאָ האָט צוגעדעקט סענדערן מיט זײַן קעפּטאַר. מוז ער זײַן פֿון יענע. זי האָט קיין אָנונג ניט געהאַט, וועד זײַנען עס די יענע, נאָר זי איז געווען זיכער. איז זי אַוועק צו מיכײַלען.

— איך פֿרעג בײַ דיר גאָרניט, — האָט זי וויינענדיק אַרויסגערעדט צו מיכײַלען. — און איך וויל ניט וויסן, וווּ ער איז. נאָר גיט דאָס איבער סענדערן. און זאָגט אים, אַז דאָס האָט אים צוגעשיקט די מומע פּראַזינע. און נאָך בעט איך אײַך. זאָגט אים, אַז מײַן טאַדאַר... ער האָט געמיינט צו גוטן.

האָט פּראַזינע שוין דאַפֿקע אָנגעהויבן עפּעס פֿאַרשטיין און האָט זייער געוואָלט, אַז אויך סענדער זאָל דאָס פֿאַרשטיין. נאָך אַלעמען, און דאָס איז פּראַזינען אַליין געווען אומפֿאַרשטענדלעך, איז בײַ איר אויפֿגעקומען אַ ראַכמאָנעס־געפֿיל צו איר טאַדאָרן. זי האָט ניט פֿאַרשטאַנען, פֿונוואַנען האָט זיך דאָס גענומען, וואָס זאָל דאָס באַטײַטן און וואָס זאָל זי טאָן מיט דעם. דערפֿון איז איר געוואָרן שווערער אויפֿן האַרצן. שווער, ענג און אַמאָל ביז גאָר דושנע, ווען עס סטײַעט ניט מיט וואָס צו עטעמען. איר איז אַפֿילע שווער געווען פֿאַרשטעלן זיך: ווי קאָן עס אין אַזאַ פּיצינקע ווינקעלע אונטערן האַרצן אײַנמאָסטען זיך אַזויפֿיל פֿאַרשיידנס? ראַכמאָנעס און צאָרן, האַס און ליבע... אַזויפֿיל פֿאַרשיידנס און אַזויפֿיל ווייטיקלעכס.

און דאָך... ס'איז, אפֿאַנעם, עמעס, וואָס מע זאָגט, אַז אײַן האַרץ פֿילט דאָס אַנדערע. טאַדאַר האָט דערפֿילט, ווי זײַן פּראַזינע מוטשעט זיך, שפּאַרט זיך מיט זיך אַליין, וויל עפּעס אויסקלאָרן, סטאַרעט זיך עפּעס בײַקומען, און קאָן ניט. ווען ער זאָל וויסן וואָס צו טאָן, איר זאָל ווערן אַ ביסל גרינגער? ווען ער זאָל כאָטש וויסן, וויִאַזוי און וועגן וואָס אָנהייבן רעדן מיט איר? ס'ײַדן וועגן זײַנע כאַלוימעס. איבער די פֿאַרשיידענע קלאַנגען וועגן די בערקוטן, צי דערפֿאַר, וואָס ער טראַכט אַ סאַך וועגן זיי, נאָר גאַנץ אָפּט, קימאַט יעדע נאַכט זעט ער אין כאַלעם בערלען. ער זעט אים ניט אַזאַ, ווי ער איז געווען פֿריִער, נאָר גאָר אַן אַנדערן. ווען ער זאָל פּרווון אויסמאָלן פּראַזינען, ווי בערל זעט אויס אין זײַנע כאַלוימעס, וואָלט ער ניט געקאָנט. ער האָט אים קיינמאָל ניט געזען אַזאַ בײַזן. ווי קאָן עס אַ מענטש שטענדיק קומען צו כאַלעם מיט אַ מעסער צווישן די ציין? און די באָרד זײַנע... ניין, ניט אַזוי די באָרד, ווי די וואָנצעס, זיך צעוואַקסן אין דער לענג און אין דער ברייט און געמאַכט אים ענלעך אויף אַ טשערקעס. פֿאַרוואָס גראָד אַ טשערקעס, האָט טאַדאַר ניט פֿאַרשטאַנען. קיין טשערקעסן האָט ער אין לעבן ניט געזען, בלויז אָנגעהערט זיך וועגן זייערע פֿאַרשיידענע געשיכטעס. נאָר וואָס פֿאַר אַ שײַכעס האָט בערל צו זיי, און פֿאַרוואָס גראָד איבער די וואָנצעס? נו, זאָל זײַן אַ ביסל ציגײַנערשע, אָבער אַ טשערקעס?

אין איינעם אָן אָוונט האָט ער זיך אָנגענומען מיט דרייסטקײַט און אַ זאָג געטאָן צו פּראַזינען:

— דו ווייסט? קימאַט אַלע נאַכט זע איך בערלען אין כאַלעם. און ער איז אַזוי ניט ענלעך אויף זיך...

— נו און פֿרומע? ווי זעט אויס פֿרומע? — האָט פּראַזינע געפֿרעגט, ווי וועגן אַ גאַנץ געוויינלעכער זאַך. זי איז געווען זיכער, אַז וויבאַלד ער האָט געזען בערלען, מוז פֿרומע אויך זײַן דערבײַ.

און כאָטש פֿרומען האָט טאַדאַר אין כאַלעם ניט געזען, האָט ער זיך אָנגעשטויסן, אַז פֿאַר פּראַזינען איז דאָס זייער וויכטיק.

— פֿרומע? — האָט ער איבערגעפֿרעגט, — פֿרומע זעט אויס גאַנץ נישקאָשע. גלײַך מיר האָבן זיך די טעג געזען.

האָט פּראַזינע זיך צעוויינט און אַרויסגערעדט דאָס, וואָס זי דערמאָנט שטענדיק מיט ווייטיק:

— געזען זיך, זאָגסטו? מיר האָבן דאָך אַפֿילע ניט באַוויזן זיך געזעגענען. און דאָס געבעקל ברויט... ניט באַוויזן איבערגעבן.

דערנאָך, אַ ביסל געקומען צו־זיך און אויסגעווישט די אויגן, האָט זי איבערגעפֿרעגט:

— ווען האָסטו זיי געזען דאָס לעצטע מאָל?

— טאַקע הײַנטיקע נאַכט.

— שאַבעס אויף זונטיק? — האָט פּראַזינע איבערגעפֿרעגט בײַ זיך אַליין.

צום ערשטן מאָל נאָך אַ לענגערער צײַט האָט טאַדאַר באַמערקט ווי פּראַזינעס פּאָנעם, אויף וועלכן די ווייטיקן זײַנען געווען אַזוי טיף אײַנגעוואָרצלט, האָט אויף אַ ווײַלע אַ שײַן געטאָן עטוואָס דערפֿרייענדיקס. זי האָט דערבײַ זיך איבערגעצײלעמט און אַרויסגערעדט פֿײַערלעך־גאַטספּאָרכטיק:

— אָט ווערסטו זען, מיר וועלן אײַנגיכן האָבן אַ גרוס פֿון זיי!

געשען איז דאָס אין א ווינטערדיקער נאַכט, ווען די לופט אַליין איז פול געווען מיט פראָסטיקן סקריפּ, ווען פונעם וואלד לאָזן זיך אראָפּ צום דאָרף אויסגעהונגערטע הונגעריקע וועלף, ווען א בייזער וואלף גאנוועט זיך אריין צו א שלעכט צוגעשלאָסענער שטאל און ווען א כיטרע פוקס טשאַטעוועט נאָך א פארבלאָנדזשעטער הון. און אלע זיירע פיסלעך שטעמפּלען זיך אויף איבערן פאַרשנייטן טאל. נאָר מערער פון אלץ האָבן די היגע דאָרפסלײַט געשראָקן די שפּורן פון אומבאַקאַנטע געקאָוועטע שטיוול. פונוואַנען האָבן זיי זיך א יאָוועלעגטאָן? נאָך וואָס זײַנען זיי געקומען און וואָס האָבן זיי געבראַכט מיט זיך? גוטס צי ניט גוטס?

אין איינער אזא נאַכט האָט עמעצער אָנגעקלאַפּט צו טאַדאָרן אין פענצטער. אָנגעקלאַפּט שטיל, ניט זיכער, צוגעוואַרט א ביסל און ווידער אָנגעקלאַפּט. דאָס האָט אופגעוועקט טאַדאָרן פונעם שלאָף און איבערגעריסן זײַער א גוטן כאַלעם, בײַס וועלכן ער האָט ווידער געזען בערלען. א דערשראָקע־נער, האָט ער א רײַב געטאָן די אויגן און צוגעפאַלן מיטן אויער צום פענצטער.

— ווער איז דאָרטן? — האָט ער געפרעגט, ציטערנדיק פון קעלט און פון שרעק.

— א גרוס פון בערקוטן, — האָט ער דערהערט אן אומבאַקאַנטע שטים.

אים האָט זיך געדוכט, אז ער שלאָפט נאָך, און דאָס ציט זיך אלץ יענער שײנער כאַלעם. דורכן פענצטערל, אויף וועלכן די פראָסט האָבן זיך צעצוויטעט מיט פיל גאָדיכטע שנייִקע געמעלן, איז שווער געווען עפּעס פאַנאַנדערקלײַבן, און די שטים האָט זיך אים געדוכט ווי א ווײַטער, פאַר־טויבטער ווידערקאָל. בלויז די קעלט, וואָס ער האָט דערפילט, ווען ער איז א באָרוועסער אראָפּ פונעם געלעגער, האָט אים גיך אויסגעניכטערט און ער האָט געגומען וועקן פראַזינען.

— שטיי אוף, א גרוס פון בערקוטן.

— ער איז דיר ווידער געקומען צו כאַלעם? — האָט פראַזינע געפרעגט א פאַרשלאָפענע.

— ניט קיין כאַלעם, ניט קיין כאַלעם. ציגד אָן דאָס לעמפּל.

ארופגעוואָרפן אויף זיך דאָס פּעלצל, איז ער א באָרוועסער צו צו דער טיר, ראַשיק זי אָן עפן געטאָן און געבליבן שטיין אויף דער שוועל. קעגן אים זײַנען געשטאַנען צוויי הויכע פאַרשוינען פון קאָפּ ביז די פיס אין ווײַסן. די טאַכריכימדיקע ווײַסקייט, וואָס האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט דער פאַרשנייטער נאַכט, האָט זיי געמאַכט ענלעך אויף געשפּענסטער פון אומגעוויינלעכן וווקס. זייערע לאַנגע שאָטנס, וואָס האָבן זיך אויסגעצויגן איבערן שניי, געהוידעט זיך אונטער דער שוואַכער שײַן פון דער ווײַטער לעוואָנע, האָבן אויסגעזען ווי פאַרשײַטע שיידימלעך, וואָס זײַנען פאַרלאָפן אהער פון די וואַלדיקע בערג. טאַדאָר איז געשטאַנען, א ציטערנדיקער באַקוקט די אומגעוויינלעכע בריִעס און בײַסמיסײַסע א טראַכט געטאָן, אז זיי זײַנען טאַקע א ביסל ענלעך אויף די טשערקעסן פון זײַנע פילמאַליקע כאַלוימעס.

— וואָס זשע שטייען מיר? — האָט זיך אָנגערופן איינער פון די געשפּענסטער.

— און מיט וואָס קאָנט איר דערווײַזן ווער איר זײַט?

— לאָזט אונדז אריין אין שטוב אריין. מיר האָבן אײַך וואָס צו זאָגן און מיט וואָס צו דער־ווײַזן.

קיין אנדער ברירע איז ניט געווען. האָט ער בלויז א בעט געטאָן:

— נאָר נעמט אראָפּ פון זיך די טאַכריכים. איר וועט נאָך אָנשרעקן מײַן פראַזינען.

— דאָס זײַנען ניט קיין טאַכריכים. דאָס זײַנען מאַסקיר־כאַלאַטן, — האָבן ארויסגערעדט בײדע מיטאַמאָל.

— זאָל זײַן כאַלאַטן, — האָט טאַדאָר געענטפערט א ביסל א באַרויקטער. — נאָר מײַן פראַזינע האָט זייער מוירע פאַר מייסים.

אראָפּגענומען די מאַסקיר־כאַלאַטן און ארײַנגעקומען אין שטוב אריין, האָבן די געסט צוערשט געבעטן פאַרהענגען די פענצטער. דערנאָך האָט איינער פון זיי ארויסגענומען פון דער בוזעם־קעשענע א פּאַפּירל און דערלאַנגט טאַדאָרן. פאַנאַנדערגעוויקלט דאָס פּאַפּירל, האָט טאַדאָר א פלאַטערנדיקער דערזען געדרוקטע ייִדישע אויסיעס. פריער האָט ער איבערגעלייענט דאָס וואָרט אין זיך, דערנאָך אויסגעשריגן אינדערהויך:

— בער־קוט! לאָמיר אזוי לעבן. בערקוט. איך האָב גלײַך דערקענט זײַן קסאַוו. וואָס זשע האָט ער געהייסן מיר זאָגן?

— ער האָט געבעטן אײַך איבערגעבן, איר זאָלט זײַן פרומען וועקשטעלן א מאַציווע, אזוי ווי ס'איז געווען אָפּגערעדט.

— ווי איז מיר! — האָט פראַזינע פאַרבראָכן די הענט. — פרומע! פרומע טײַערע!

— באַרויק זיך, פראַזינע, — האָט טאַדאָר געפרוווט זי אײַנשטילן. — זעסט דאָך, וואָס אויף דער וועלט טוט זיך.

כאָטש וואָס איז דאָ געווען צו זען? און צי קאָן דאָס טרייסטן, צי קאָן דאָס באַרויקן?

און דאָך... ווידער צום ערשטן מאָל נאָך א לאַנגער צײַט... טאַדאַר האָט צוגעדריקט איר קאָפּ צו זײַן ברוסט און א פּיר געטאָן מיט דער האַנט איבער אירע צעפּאַטלטע האָר. און ווער ווייסט... עפּשער איז אין דעם געווען אַזוינס, וואָס טאַדאַר האָט די גאַנצע צײַט איר געוואָלט זאָגן און ניט געוואַגט. ער האָט געגלעט אירע האָר, טרייסטנדיק און בארויִקנדיק, און געפילט, צי עפּשער בלויז געוואָלט גלייבן אין דעם, אז אין אָט דער פּראָסטיקער נאכט האָט דאָס איַז צווישן זיי אָנגעהויבן נאָכלאָזן.

בארויִקט פראָזינען און געהייסן איר דערלאַנגען עפּעס צום טיש, האָט טאַדאַר געפרעגט די אומגעריכטע געסט:

— ווען איז דאָס געשען און וויאַזוי? און בערל אליין? און ביכלאַל... ווער זײַט איר און ווי קומט איר אהער?

אייגנטלעך האָט ער געדארפט שטעלן נאָך א צענדליק פראגן. ער האָט שוין פארשטאַנען, אז די זאַך גייט ניט נאָר אין בערלען, ניט אין איין בערלען. און אַוודאי האָט ער געוווּסט, אז זייערע ענטפערס וועלן זײַן זייער ניט קיין פריילעכע.

# 7

גיירעש בעסאראַביע... גיירעש בוקאָווינע... אויסגעהוילטע, פארוויסטעוועטע, כאָרעוו־געוואָרענע יידישע שטעטלעך און אויך ווו נאָר א יידיש געסל אין די אוקראַיִנישע און מאָלדאַווישע דערפער. און עס דוכט זיך, אז יעדער גאַנעקל, יעדער פריזבעלע, יעדע שטיינדעלע באַקלאָגט אייכאַ־יאַשוועדיק דעם שוידערלעכן כורבן. און עס בלאָנדזשען ארום אויסגעהונגערטע און אויסגעשמאַכטע מענער און פרויען, גריַיז־גראָווע זקיינים און פיצלעך קינדער. זיי בלאָנדזשען ארום איבער די בעסאראַבער סטעפּעס א וואָך, בלאָנדזשען ארום א כוידעש, און זיי דוכט זיך, אז אזוי וועלן זיך ציִען די סטעפּעס אָן א סאָף און אָן א ברעג, און זיי וועלן קיינמאָל זיך ניט ארויסקלײַבן פון אָט דעם סאַרפּענדיקן מידבער. ווער עס גייט אויס פון הונגער, ווער פון דורשט און ווער גלאַט אזוי, ווײַל די קויכעס זײַנען אים אויסגעגאַנגען.

קיינער האָט ניט געוווּסט, וויפל קאָלאָנעס ארויסגעטריבענע האָבן ארומגעבלאָנדזשעט איבער די בעסאראַבער סטעפּעס. קיינער האָט ניט געציילט, וויפל וואַנדערער זײַנען געווען אין יעדער קאַלאָנע, עטלעכע הונדערט צי אריבער טויזנט. און קיינער האָט ניט אונטערגערעכנט, וויפל מענטשן האָבן עס ארויסגעוואַנדערט פון זייערע אײַנגעזעסענע ערטער און וויפל האָבן זיך דערקליבן צו יענע שטעטלעך אין טראַנסניסטריע, ווו עס זײַנען אופגעקומען יענע טרויעריק בארימטע געטאָס. און קיינער, קיינער פון די גיירושים האָט ניט פארשטאַנען אין וואָס דאָ גייט. פארוואָס דווערט אזוי לאַנג דער וועג צום דניעסטער? פארוואָס זײַנען זיי שוין עטלעכע מאָל געווען אזוי נאָענט צום טײַך און דערנאָך האָט מען זיי ווידער פארקערעוועט צוריק? פארוואָס טרײַבט מען די סוקעריאַנער קיין ליפּקאַן, און די ליפּקאַנער קיין יעדינעץ? פארוואָס טרײַבט מען די בעלצער קיין סאָראָקע און די סאָראָקער קיין בעלץ? אָן אומפארשטענדלעכער פארקישעפטער קרײַז, אָן אָפּגעפרעמדטער פון דער ארומיקער וועלט, א פארשאָלטענער און אָן אומדערטרעגלעכער.

אין עטלעכע יאָר ארום וועט אלץ אויסגעקלאָרט ווערן. ווען מע וועט ארעסטירן דעם רומענישן פרעמיער־מיניסטער אנטאָנעסקו, וועט מען אין זײַן פערזענלעכן ארכיוו געפינען א בריוו פון היטלערן צו אים, אין וועלכן ער פאָדערט וואָס גיכער לייזן די יידן־פראַגע אזוי, ווי זי ווערט געלייזט אין דײַטשלאַנד און אױף די אָקופּירטע טעריטאָריעס. אין דעם ארכיוו האָט מען געפונען אויך אנטאָנעסקוס ענטפער צו היטלערן. ער שרײַבט, אז אין פּרינציפּ איז ער מיט אים מסכים, נאָר ער וועט זי לייזן אױף זײַן אויפן. איז דאָס, הייסט עס, געווען זײַן אויפן? עפּשער האָבן דאָ געפעלט די באַביִארן, טרעבלינקעס און אָשווענטשימס, יענע הימל־שרײַענדיקע אכזאָריעסן, וועלכע האָבן אופגעטרייסלט די גאַנצע וועלט? נאָר לויט דער קאַלטבלוטיקער אויסגערעכנטקײַט, טײַוולאָנישער אויספּלאַנירטקײַט איז דאָס געווען א דורכגעטראַכטער באַשטאַנדטייל פונעם אלייראָפּעיִשן אויסראָטונגס־פּלאַן.

מיט די יידן פון בעסאראַביע און בוקאָווינע האָבן די רומענישע פאַשיסטן געהאַט א באַזונדערן כעזשבן. זיי האָבן ניט געקאָנט זיי מויכל זײַן זייער אקטיוון אָנטייל אין דער אונטערערדישער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג אין די יאָרן פון זייער ערשטער אָקופּאַציע.

בלאָנדזשען ארום איבער די בעסאראַבער סטעפּעס וואַנדערנדיקע שטעטלעך, טראָגן מיט מיט זיך זייער פילדויערסדיקן נאָמען און אלץ, מיט וואָס זייער שטעטעלע איז געווען בארימט: דאָס קלויזמערשטע רײַכשאַפט און דעם שרײַענדיקן דאַלעס, דאָס ביסעלע פרומקײַט און דאָס קאַפּעטשקעלע

אַפּיקאָרסעס, די ניט־איבערגעבעטענע רויגעזן און די ניט־אָפּגעשפּעטע לעצאָנעסן, די וואָכעדיקע טאַנייסים פון די טאַטעס און דעם כילעל־שאַבעס פון די יונגע כעווורע, אַלץ, מיט וואָס דאָס שטעטל איז געווען ייִדיש און אַף וואָס עס האָט זיך געהאַלטן זייער ניט איבעריק ראַשיקע ייִדישקײַט.

דעם טרויעריקן „לעך־לעכאָ" האָבן זיי אָנגעהויבן נאָך אין טאַמעז, ווען די זון האָט מוירעדיק געשמעליעט, די צעטראַסקעטע ערד אַף די שטויביקע וועגן האָט געבריט די פיס און דער געזאַל־צענער, ביטערלעכער שווייס איז גערונען איבער די אויגן, געבראָטן דאָס לײַב און געוואָרגן אין האַלדז.

און זיי זײַנען אַלץ געגאַנגען און געגאַנגען.

דערנאָך איז געקומען דער עטוואָס קילבלעכער אָוו, ווען פון די בעסאַראַבער באַשטאַנעס שמעקט אַף מײַלן דער זאַפט פון די אויפגעשניטענע קאַווענעס און געפּלאַצטע דיניעס, נאָר צוקומען א ביסל נעענטער צו זיי, קריגן עפּעס אַף שטילן דעם דאָרשט, דערקוויקן די נעשאָמע איז געווען שטרענג פאַרבאָטן.

יעדער וואַנדערנדיק שטעטל האָט נאָך געהאַט מיט זיך אַלץ, וואָס זיי האָבן געהאַט אינדערהיים. ס'איז געווען ווער ס'זאָל דערמאָנען, ווען מע דאַרף בענטשן ראָשכוידעש, ווען מע דאַרף מעכאַדעש זײַן די לעוואָנע און ווען מע דאַרף, אויב נאָר ס'איז מעגלעך, פּראַווען דעם שאַבעס. און — צי אין די טאַלייסים, צי אָן זיי, נאָר א מיניען איז שטענדיק געווען. א באַוועגלעכער, וואַנדערנדיקער מיניען, ווען מע האָט געקאָנט אין גאַנג פּראַווען א יאָרצײַט און אָפּזאָגן א קאַדעש. און באַנאַכט... באַנאַכט, ווען מע האָט זיך אָפּגעשטעלט ערגעץ אַף נאַכטלעג, האָט מען געקאָנט ברענגען צו קוורע די, וואָס זײַנען אויסגעגאַנגען אין וועג. ס'איז געווען דערבײַ, ווער עס זאָל באַוויינען דעם באַרמיזנען און ווער עס זאָל אָפּזאָגן דעם „אייל מאָליי ראַכמים". און געווען איז דאָס ניט ווי א געבעט פאַרן מעס, ער זאָל אָנקומען גלײַך אין גאַניידן, נאָר פאַר זיך אַליין, פאַר די לעבעדיקע וואַנדערער.

— אייל מאָליי ראַכמים. דערבאַרעם זיך איבער אונדז, די פאַריאָגטע און פאַרפאָלגטע, מאַך שוין א סאָף צו אונדזערע וואָגלענישן. מיר ווילן דאָך אַזוי אַלע אויסגיין אין וועג.

און ווען עס איז געקומען דער טרויעריקער טישעבאָוו, איז דאָס שוין געווען ניט דער ערשטער טאָגעס. און עס זײַנען שוין געווען אויסגעוויינט און אויסגעקלאָגט אַזויפיל קינעס, אַז דער לאַנגאַ־ניקער „אייכאָ יאָשוואָ" איז געווען ניט מערער ווי א ביטערער צולאָג צו דעם איצטיקן קורבן.

צווישן פיל קאַלאָנעס וואַנדערנדיקע שטעטלעך איז געווען אויך די ניט גרויסע געמיינדע ווער־ביוקער ייִדן. קיין פרומע לײַט זײַנען זיי ניט געווען. די אַלע קירזשנערס און שנײַדערס, שוסטערס און היטלמאַכערס האָבן געוויס דורכגעלאָזט ניט ווייניק שאַכרעסן, מינכעס און מײַרעווס. באַזונדערס איצט, ווען זיי האָבן קיינמאָל ניט געוווסט, ווען און ווו וועלן זיי זיך אָפּשטעלן אַף נאַכטלעגער, ווען וועט מען זיי אַרויסרײַסן פון דעם שווערן שלאָף און טרײַבן ווײַטער. נאָר ווען עמעצער זאָל זיי געווען פירוואַרפן, אַז זיי זײַנען ניט קיין ערלעכע ייִדן, וואָלטן זיי זיך טיף באַליידיקט און עס וואָלט נאָך געוויס געקומען צו פעטש. זאַלמען שויכעט, וואָס איז געווען אויך זייער ראָוו און באַלקוירע, האָט זיי קיינמאָל ניט געזאָגט קיין מוסער. און דאָס, וואָס ער האָט זיך געשלעפט איינעם מיט זיי, האָט אויפגעהאַלטן דאָס געפיל פון אײַנגעהיטער גאַנצקײַט, א געפיל, אַז זיי טראָגן מיט זיך א שטיקל פון זייער היים, פון זייער ליבער ווערביוקע, ווו עס האָבן אָפּגעלעבט און אָפּגעהאָרעוועט פיל דורעס ייִדן.

זאַלמען אַליין איז געווען א רעטעניש פאַר פיל מענטשן פון זײַן גראַד: א שויכעט און א ראָוו, א כאַזן און א באַלקוירע, א באַלדאַרשן און צו דעם אַלעמען — א שוסטער. און דערצו נאָך, ווי פיל האָבן געהאַלטן, א שטיקל אַפּיקוירעס. אין זײַנע שאַבעסדיקע דראָשעס האָט זיך געפילט א קוים פאַרשטעלטע פרײַדענקערײַ. פיל פּסוקים האָט ער אויסגעטײַטשט ניט אַזוי, ווי מע האָט זיי געדאַרפט אויסטײַטשן.

ס'איז ניט געווען באַוווסט, צי האָט ער פריִער באַקומען סמיכעס אַף שכיטע און דערנאָך זיך אויסגעלערנט שוסטערײַ, צי פאַרקערט. נאָר געווען איז ער אַן עכטער יודייע־סייפער, און זײַנע קלוגע אויגן, פאַרהאַנגען מיט לאַנגע, שוין גראָווע ברעמען, האָבן אַרויסגעקוקט אַף דער וועלט מיט פאַרשטאַנד און מיט מיטגעפיל. און אַפילע זײַן שמייכעלע, מיט וועלכן ער האָט אָפּגעשפּעט פון עמעצן, איז געווען פול מיט גוטסקײַט. צו אַלע זײַנע פליכטן, אָן וועלכע די ווערביוקער ייִדן האָבן פּאָשעט זיך ניט געקאָנט באַגיין, און צו זײַן שוסטערײַ, אָן וועלכן ער אַליין האָט באַגיין זיך ניט געקאָנט, איז ער נאָך געווען א שטיקל דאָיען און אַן איבערצײַגטער רוידעפשאָלעמניק. ער האָט געקאָנט פאַנאַנדערפּלאָנטערן די סאַמע טיפסטע מאַכלויקעסן, שאָלעם מאַכן צווישן די סאַמע פאַרביסנסטע סאָנים און מאַכן צוגישט אַן אויפגעפלאַקערטן קריג צווישן מאַן און ווײַב, ווען עס האָט שוין געהאַלטן באַ א געט.

ניט ווייניק פון זײַנע קאָלעגן פון די אַרומיקע שטעטלעך האָט שטאַרק פאַרדראָסן און אַפילע אויפגעבראַכט זײַן אויפירונג, וואָס פּאַסט ניט פאַר קיין שויכעט. זיי האָבן אַפילע געפּרוווט שטעלן

אונטער אַ כּשאַד די קאַשרעס פֿון זייַן שכיטע און ניט איינמאָל געדראָט, אַז זיי וועלן אַרייַנשיקן קיין ווערביווקע אַן אַנדער שויכעט. נאָר דער היגער אוילעם האָט ניט ווייניקער דראָענדיק געמאָלדן:

— מיר דאַרפֿן ניט קיין אַנדער שויכעט און קיין אַנדער ראָוו. און זאָל נאָר עמעצער פּרוּוון...

ער איז געווען זייערער, אַן אייגענער, אַ פּאַשעטער און פֿאַרשטענדלעכער, אַזאַ, וועלכן זיי האָבן געדאַרפֿט, זיי זאָלן אין זייער שטענדיקער פֿאַרהאָרעוועטקייַט און ניט איבעריקער פֿרומקייַט זיך פֿילן ניט ערגער פֿון אַלע אַנדערע ייִדן.

זיי זייַנען געגאַנגען און געגאַנגען. אין היצן און אין קעלטן, אין רעגנס און אין בלאָטעס, אין הונגער און אין דאָרשט. אָפּטמאָל האָט זיך זיי געדוכט, אַז זיי זעען שוין דעם דניעסטער, יענע טראַנסניסטריע, ווו זיי וועלן ענדלעך באַקומען אַ דאַך איבערן קאָפּ, נאָר אין עטלעכע טעג אַרום זייַנען זיי ווידער געווען אין די אייגענע מעקוימעס און זיי האָט זיך געדוכט, אַז מע וועט שוין אַן זייער אייגענע ווערביווקע. איז עפּשער טאַקע... עפּשער וועט טאַקע געשען אַ נעס און זיי וועלן זיך אומקערן אַהיים? נאָר אַלעמאָל — איינס און דאָס זעלבע: עס ווערט פֿאַרשווּנדן דער דניעסטער, עס ווערט פֿאַרשווּנדן זייער היים.

אין יענער זומערדיקער נאַכט, ווען זיי האָבן אין אייַלעניש און אין שרעק זיך געקליבן אין וועג אַרייַן, האָט יעדערער, כּוץ אַ ביסל עסנוואַרג, עטלעכע שמאַטעס און אַ פּאָר שקראַבעס, מיט־גענומען מיט זיך עפּעס פֿון זייַן קלאָפּערגעצייַג: דאָס ביסל נאָדל־פֿאָדעם, צוועקלעך און פֿלעקלעך, אַ גרינג העמערל און נאָך אַזעלכע גרינגע זאַכן. זאַלמען שויכעט האָט אָנגעלאָדן זייַנע צוויי טעכ־טער מיט אַ פּאָר שווערע קלומעקעס, זייַן ווייַב מעניען — אַ דאַר נעפּעשל מיט אַן אייַנגעשרומפּן פּענעמל — מיט אַ גרינג קלומעקל, צו זיך אין זעקל האָט ער אַרייַנגעלייגט אַ סייפֿער־טוירע, אַ כאַ־לעף און אַ ביסל פּונעם שוסטערישן געצייַג. ער האָט ניט געקאָנט וויסן, וואָס פֿון דעם אַלעמען וועט מערער נייטיק זייַן זייַנע ווערביווקער, נאָר זאָל דאָס אַלץ זייַן בײַ אים.

זיי זייַנען געגאַנגען און געגאַנגען. דאָס ביסל עסנוואַרג, וואָס זיי האָבן מיטגענומען פֿון דער היים, האָט זיך שוין לאַנג געענדיקט, און מיט וואָס שטילן דעם הונגער האָבן זיי קיינמאָל ניט גע־ווּסט. ס'איז געווען אָפּהענגיק פֿונעם קאַנוואָי. ער האָט זיך געביטן אַלע צוויי־דרייַ טעג, און צווישן די רומענישע סאָלדאַטן זייַנען געווען פֿאַרשיידענע לייַט: עמעסדיקע מערדער און מערער לייַטישע. זיי האָבן זיך געמאַכט ניט־וויסנדיק, אויב עמעצער האָט געקראָגן אין אַ דאָרף אַ ביסל פּאַפּשוי־מעל, קאַרטאָפֿל אָדער אָנגעריסן אין פֿעלד עטלעכע שוין האַרטע קאַטשענעס. האָט מען געדאַרפֿט אויס־ניצן די טעג, ווען זיי האָט באַגלייט אַ מערער לייַטישער קאַנוואָי. און באַנאַכט האָבן איבערן פֿעלד זיך צעפֿלאַקערט צענדליקער שייַטערלעך. אין אַזעלכע נעכט האָבן די שוסטערס און שנייַדערס זיך גענומען פֿאַר זייער מעלאָכע. ס'איז געווען וואָס צו פֿאַריכטן, וואָס צו פֿאַרלאַטען. און זאַלמען שוי־כעט... אינעם כאַלעף האָט דערווייַל קיינער זיך ניט גענייטיקט. נאָר ער איז אויך געזעסן דורך די נעכט און געלאַטעט אַלץ, וואָס מע האָט צו אים געבראַכט.

די טעג זייַנען געוואָרן וואָס אַ מאָל קלענער און אַ ביסעלע קילער. די נעכט זייַנען געוואָרן וואָס אַ מאָל לענגערע און קעלטערע. איז מען געזעסן אַרום די שייַטערלעך, געוואַרעמט זיך, אייַנ־געוויגט דאָס קלייַנוואַרג און זיך אויסגערעדט דאָס האַרץ.

— מע פֿירט אונדז, מע פֿירט אונדז... וווּהין פֿירט מען אונדז?

בײַ איר אייגענעם שייַטערל האָט פֿרומע ניט באַמערקט, ווער האָט דאָס געזאָגט. נאָר די קלאָ־געוודיקע שטים פֿון יענער פֿרוי האָט איר דערמאָנט אין די ווערביווקער שאַבאָסים, ווען זי האָט אָנגעטאָן די ברילן, פֿאַרצויגן די דינע דראָטעלעך איבער די אויערן און גענומען אין דער האַנט דעם טייַטש־כומעש. זי האָט אים באַגאָסן מיט טרערן, אויסלייענענדיק די שרעקלעכע געשיכטעס, וויאַזוי קאַין האָט געהאַרגעט העוועלן, וויאַזוי אַווראָם האָט געפֿירט ייִצכאָקן צו דער אַקיידע, ווי די עלטערע ברידער האָבן פֿאַרקויפֿט זייער ייִנגערן ברודער יויסעפֿן די מיצרים. האָט זי אויך איצט שטיל אַרויסגעוויינט:

— מע פֿירט אונדז... ווי ייִצכאָקן צו דער אַקיידע...

דאָס איז געווען גענוג, אַז עטלעכע ווייַבער נאָך איר זאָלן זיך צעיאָמערן אויפֿן פֿולן קאָל.

— שטילער, ווייַבער! — האָט אויף זיי אָנגעשריגן אירמע קאַצעוו. און צום שויכעט: — וואָס וועט איר זאָגן דערויף, רעב זאַלמען?

— ס'איז קימאַט אַזוי... — ער איז געווען שרעקלעך מיד, זאַלמען, און די שטים זייַנע איז געווען זייער אַ שוואַכע. נאָר בײַ אים איז דערבייַ אויפֿגעקומען אַ געדאַנק, וואָס ער האָט געמוזט אַרויסזאָגן.

— ווי מע האָט אַרומגעפֿירט די ייִדן אין דעם מידבער, — האָט ער ווי אויסגעזונגען. — איך פֿאַרשטיי נאָר ניט איין זאַך: נאָך וואָס האָט מען געדאַרפֿט אַרומשלעפּן זיך גאַנצע פֿערציק יאָר?

— איר זאָלט שטעלן אַזעלכע פֿראַגן? — האָט זיך אָנגערופֿן יאָסקעלע שנייַדער, שטאַרק אַ דערשטוינטער. — איר האָט דאָך אַליין אַמאָל געזאָגט אין אייַערער אַ דראָשע! קעדיי דער דאָר־

2*

האמידבער זאָל אויסשטאַרבן און אין לאַנד זאָל אַרײַנקומען א נײַער דאָר, פֿרײַ פֿון די רעשטלעך פֿון קנעכטשאַפֿט!

— א נײַער דאָר, א נײַער דאָר... — מאָטל קירזשנער האָט בײז א קרים געטאָן זיך. — צי וועט ער זײַן בא אונדז, דער נײַער דאָר?

און טאַקע, דער נײַער דאָר... די אויסגעדאַרטע שנעקלעך און נאָך מערער די זויג־קינדער. איינס נאָכן אַנדערן, איינס נאָכן אַנדערן. ווער פֿון הונגער, ווער פֿון א צוקילעכץ און ווער דערפֿאַר, וואָס בא דער מאַמען איז אַנטרונען געוואָרן די מילך. אַזוי זײַנען זיי שטיל און אומבאַמערקט אויסגעגאַנגען. ווער גײַענדיק און ווער בא דער מאַמען אויף די הענט.

זיי זײַנען געגאַנגען און געגאַנגען. טאַקע ווי אַרומגעבלאָנדזשעט אין דעם מידבר, נאָר קיין מאַנע פֿונעם הימל איז ניט געפֿאַלן.

דער ערשטער איז אומגעפֿאַלן זאַלמען שויכעט. אָט אַזוי, אינמיטן וועג. געגאַנגען, קוים געשלעפּט די פֿיס, און פּלוצלינג זיך א וואַקל געטאָן און אומגעפֿאַלן. זײַן ווײַב מעניע, דאָס דאַרע נעפּעשל, האָט זיך נאָך ווי־ניט־איז געהאַלטן אויף די פֿיס, און ער, זאַלמען, מיטן קײַלעכיקן און פֿולבלעכן פּאָנעם, אַן אַרומגעזוימטס מיט דריבנע קוטשערלעך פֿון די ווײַסע פּייעס, איז פּלוצלינג אומגעפֿאַלן. מעניע האָט א קוויטשע געטאָן, די טעכטער זײַנען צוגעלאָפֿן צו אים, און ער, זאַלמען, איז געלעגן און געפּאַכעט מיט די הענט, ווי אָפּגעטריבן דעם אוילעם, וואָס האָט אים אַרומגערינגלט. ער האָט דערבײַ צוגעשמייכלט מיט א נעבעכדיק שמייכעלע, ווי אַנטשולדיקט זיך דערפֿאַר, וואָס ער האָט אַזוי אַלעמען אָנגעשראָקן. דערנאָך, ווען ער איז א ביסל געקומען צו־זיך, האָט ער אַרויסגערעדט, פֿאַרדעכענעדיק זיך:

— איך ווייס אַליין ניט, נאָר די פֿיס... עס האָט מיר פּלוצלינג ווי אָפּגענומען די פֿיס. נאָר איך וועל פּרוּוון... העלפֿט מיר נאָר זיך אופֿהייבן.

אַן אונטערגעהאַלטענער מיט עטלעכע מענערישע הענט האָט ער זיך אופֿגעהויבן, געמאַכט איין שפּאַן, א צווייטן און אַרויסגערעדט א דערמונטערטער:

— איר זעט? ס'איז גאָרניט. מעגלעך, א שטיקעלע כאַלאַשעס. נאָר ס'איז א קלייניקייט. איך גיי דאָך שוין.

נאָר ס'איז געווען אַז אָך און וויי צו דער גייעניש. ער האָט קוים געשלעפּט די פֿיס, שטאַרק פֿאַרדעכעט זיך, און מע האָט אים געמוזט די גאַנצע צײַט אונטערהאַלטן פֿאַר די הענט. און ער, מיטן נעבעכדיקן שמייכעלע, האָט אַלץ געפּרוּווט באַרויִקן די אַרומיקע:

— איר זעט? ס'איז אַן סאַקאָנעס. פּאַשעט. א געוויינלעכע שוואַכקייט. ס'וועט איבערגיין.

מעגלעך, אַז דאָס איז טאַקע געווען ניט מערער ווי שוואַכקייט. נאָר ס'האָט ניט געוואָלט איבערגיין. מע האָט אים קוים געשלעפּט ביזן אָוונט, ווען מע האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף נאַכטלעג אונטער א דאָרף. טאַקע דאָן האָט בערל א שטאַרק פֿאַרזאָרגטער א זאָג געטאָן:

— ער וועט ווײַטער ניט קאָנען גיין. מע דאַרף קריגן א וועגעלע.

— ווו קריגן, בא וועמען קריגן? — האָט מעניע זיך צעוויינט. — וויי איז מיר און ווינד איז מיר. אַזא זאַלמען!

— איך וועל פּרוּוון, — האָט בערל א זאָג געטאָן צו זיך אַליין. — לאָמיך נאָר זיך אַרויסגאַנווענען אין דאָרף אַרײַן.

צום גליק איז דאָס מאָל געווען א מער לײַטישער קאַנוואַי. בערל איז אַוועק אין דאָרף א ווערסט זיבן פֿון זייער נאַכטלעג, געשפּאַנט איבער די שוין אײַנגעשלאָפֿענע גאַסן, געזוכט סימאָנים פֿון א קוזניע. און ווי קאָן עס נעבן א קוזניע זיך ניט וואַלגערן א פּאָר רעדלעך? פֿון א וואָגן, פֿון א ווייעלקע צי אַפֿילע פֿון א פּלוג? וועט מען שוין קאָנען עפּעס אויסמײַסטרעווען. געזוכט און געפֿונען.

דער באַלעבאָס פֿון דער קוזניע, שוין ניט קיין יונגער מאָלדאַוואַן, אויך מיט א ציגײַנערשער באָרד, א ביסל ענלעך אויף בערלס, האָט אָנגעצונדן א קאַנעצל און, אויסגעהערט בערלס ניט־פֿריילעכע געשיכטע, אַרויסגערעדט אַזוינס, וואָס האָט זיך ניט געפּאָרט מיט בערלס דערציילונג:

— א באָרד בא דיר, נאָר אויף מעקאָנע צו זײַן. ווי קומט צו דיר אַזא באָרד?

— איך בין אויך א קאָוואַל. — ס'איז געווען ניט קיין איבעריק קלאָרער ענטפֿער אויף זײַן פֿראַגע, דערפֿאַר אָבער נעענטער צום טאָך פֿון זײַן איניען.

— אויב אַזוי וועלן מיר באַלד עפּעס צוטראַכטן. מע דאַרף נאָר קריגן א פּאָר ברעטער.

דערנאָך, ווען זיי האָבן שוין פֿאַנאַנדערגעבלאָזן דאָס פֿײַער, צוגעקליבן א פּאָר גרינגע רעדלעך און גענומען זיך צו דער אַרבעט, האָט דער באַלעבאָס א פֿרעג געטאָן:

— און ווי איז בא אײַך מיטן עסן?

— דעם עמעס זאָגנדיק... — בערל האָט א ביסל זיך געקווענקלט, געהאַלטן, אַז דאָס וועט שוין זײַן צופֿיל, צופֿיל טירכע און צו א גרויסע טויווע. נאָר אומדערוואַרט פֿאַר זיך אַליין האָט ער אַרויסגערעדט:

— שלעכט, טאַקע זייער ביטער. מע שלעפּט קוים די פיס. און די קינדער... זיי גייען אויס פון הונגער.

— אַ פיינער קאָוואַל! — האָט דער באַלעבאָס ווי אויסגעזידלט אים. — וואָס זשע האָסטו געשוויגן? איין מינוטקעלע. איך וועל אופוועקן מיין סטעפּען. זאָל זי שוין אוועק איבערן דאָרף.

דאָס וועגעלע איז פאַרטיק געוואָרן, ווען אין דרויסן איז נאָך געווען פינצטער. אַ גרינג וועגעלע מיט צוויי לאַנגע און דינע הענטלעך. צו דער צייט איז שוין אויך געווען מיט וואָס דאָס אָנצולאָדן. איז דאָס שוין געוואָרן אַ שווער וועגעלע, פול מיט קאַרטאָפל, פּאַסאָליעס, פּאַפּשוי־מעל, גאַנצע, האַלבע און אויך פאַרטלען לעבלעך ברויט, קלענערע און גרעסערע שטיקלעך ברינזע און עטלעכע קריגלעך מילך.

אַ נעם געטאָן זיך פאַר די הענטלעך, האָט דער באַלעבאָס זיך אָנגערופן:

— אַ שווער וועגעלע געוואָרן. אַליין וועסטו דאָס ניט דערשלעפּן. לאָמיר זיך שוין ביידע איינשפּאַנען.

צוגעפירט דאָס וועגעלע אַ פּאָר הונדערט שפּאַן פון זייער ניט־גרויסן טאַבאָר, האָט דער באַגלייטער מיטאַמאָל ניט געסטייעט.

— טאַקע נאָר ווי מאַנע פון הימל, — האָט מעניע אַ פּליעסקע געטאָן מיט די הענט, ווען בערל מיט זיין פרומען האָבן אָנגעהויבן פאַנאַנדערטיילן דעם אומגעווייניקלעכן אוצר.

— און די מילך נאָר פאַר קליינע קינדער און פאַר די זויגערנס, — האָט בערל אויסגערופן. — אַזוי האָט געזאָגט דער באַלעבאָס.

געטראַכט אַ ווײַלע, ווי זיך מעיאשעוו געווען, און צוגעגעבן:

— און איין קריגל מילך פאַר אונדזער שויכעט.

ס׳איז געווען אַ זוניקער, אַ ביסל אַ פראָסטיקער, נאָר זייער אַ פרישער, גוטער באַגינען. און עפּשער האָט ער זיך אַזוי געדוכט די אויסגעהונגערטע און איבערגעפרווירענע פּליטים, פאַר וועמען אַלץ, וואָס ס׳איז פאָרגעקומען יענעם באַגינען, האָט אויסגעזען טאַקע ווי אַ נס? עס האָט זיך אָנגעהויבן דוכטן, אַז אַלץ איז ניט אַזוי שרעקלעך, אַז דער הימל איז נאָך ניט בא דער ערד. זיי וועלן איצט קאָנען אַ ביסל אונטערהאַלטן די נעשאָמע מיט אַ שטיקל ברויט און אפילע מיט אַ הייסער מאַמעליגע. און אויך אַף מאָרגן וועט עפּעס איבערבלייבן. דאַרף מען נאָר בעטן גאָט אַף אַ לייטישן קאָנוואָי און אַף גוטע מענטשן אין אַ נאָענטן דאָרף.

— מיר האָבן אַ גרויסן גאָט. — האָט פרומע ארויסגערעדט און מיט טרערנדיקע אויגן אַ קוק געטאָן אַף איר בערלען. אין דער מינוט האָט ער איר אַליין זיך געמאָלט ווי אַ מאַלעך, אַ מאַלעך פון גאָט.

דאָס אויסגעליידיקטע וועגעלע האָט מען אויסגעבעט מיט אַ ביסל שטרוי, געמאַכט אַ שטיקל געלעגער, אפילע מיט אַ קישעלע אונטער די פּלייצעס, אוועקגעזעצט אַף דעם זאַלמענען, און דער אוילעם האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין ווייטערדיקן וועג, וואָס איז שטענדיק געווען פאַר זיי אומבאַוווּסט. נאָר יענעם גאַנצפרי האָט פאַר זיי אַ שיין געטאָן אַ שטיקעלע האָפענונג. אַ שוואַכע האָפענונג, ווי דער שיטערער נעפּל, וואָס האָט גלייך אָנגעהויבן צעזייט ווערן, ווי דער קאַלטער טוי אונטער די פיס, וואָס די זון האָט גלייך אויסגעלעקט. נאָר קיינער האָט ניט געוואָלט אָפּזאָגענען זיך מיטן פּיצעלע האָפענונג.

זאַלמען שויכעט האָט זיך איינגעמאָסטעט אַפן וועגעלע האַלב־ליגנדיק, די פאַרשמאָלצעוועטע יאַרמעלקע אַף זיין גראָווען קאָפּ האָט געבלישטשעט קעגן דער זון ווי עפּעס רעכטס, און ער אַליין, אַ ביסל אונטערגעמונטערט, אויך מיט יענץ ביסעלע האָפענונג, האָט געזשמורעט די אויגן און גרינג צוגעשמייכלט. טײַלוויַיז צו זיך אַליין און טיילוויַיז צו דעם אוילעם מענער און ווייבער, וועלכע זיינען געגאַנגען באַנאַנד און אַלעמאָל איבערגענומען איינער באַם אַנדערן די הענטלעך פונעם וועגעלע. ער האָט אַ רודעווע געטאָן מיט די ליפּן, צי פּאַשעט אַ לעק געטאָן זיי, ווי געקליבן זיך זאָגן אַ שטיקעלע דראָשע, אָדער גלאַט אַזוי עטלעכע טרייסט־ווערטער, נאָר גאָרנישט ניט געזאָגט. אַ ביסל שפּעטער, ווען בערל איז צוגעקומען צום וועגעלע און אַ נעם געטאָן זיך פאַר די הענטלעך, האָט ער אים אַ פרעג געטאָן:

— און ווי הייסט עס יענץ דאָרף?

— איך ווייס ניט, — האָט בערל זיך מוידע געווען.

— און ווי רופט מען יענעם מאַלדאַוואַן?

— איר פאַרשטייט, — האָט בערל ווי פאַרענטפערט זיך. — איך האָב ניט באַוויזן פרעגן בא אים. צוגעפירט דאָס וועגעלע אַ הונדערט שפּאַן פונעם לאַגער, האָט ער פּלוצלינג ניט געסטייעט.

— איי־איי־איי, — האָט זאַלמען ארויסגערעדט מיט פאַרדראָס. — אַזאַ זאַך... עס וועט דאָך קומען אַ צייט...

ער האָט אָפּנעם טאַקע געוואָלט זאָגן אַ שטיקעלע דראָשע, עפּשער אַ גוטע בשׂורה וועגן יענער צײַט, וואָס וועט אומבאַדינגט קומען, און וועגן יענע מענטשן, וועלכע פֿאַרדינען, מע זאָל זיי פֿאַרגעדענקען. נאָר ער איז טאַקע געווען זייער אָפּגעשוואַכט און די שטים האָט זיך ווי אויסגעלאָשן.

און בערל אַליין... דער האַלבער ייִד און דער האַלבער ציגײַנער און נאָך עפּעס אַ האַלב, וועגן וועלכער ער האָט אַליין ניט געוווּסט... בערל, וואָס איז די אַלע יאָרן געווען יאָ אַ ווערביווקער און ניט קיין ווערביווקער, אָפּטמאָל אַפֿילו ווי אינגאַנצן אָפּגעפֿרעמדט פֿון דעם דאָרטיקן אוילעם, האָט אין די טעג פֿון שווערע וואָגלענישן געפֿילט וואָס אַ מאָל שטאַרקער די ייִדישע האַלב, וואָס איז געווען אַ פֿיל גרעסערע ווי ער האָט געמיינט. אַ פֿיל גרעסערע, אַ פֿיל שטאַרקערע און אַ פֿיל ווייטיקלעכערע. און עפּשער איז דאָס גאָר ניט קיין האַלב, נאָר גאַנצע דרײַ פֿערטל, און עפּשער ביכּלאַל אַזוינס, וואָס מע קאָן ניט טיילן ניט אויף קיין האַלב און ניט אויף קיין פֿערטלעך. און ווי דאָס זאָל ניט זײַן, איז ער איצט אַן אומצערײַסלעכער טייל פֿון די ווערביווקער ייִדן מיט אַלע זייערע נויטן און מיט אַלע זייערע פּלאָגן. און דער גורל זײַנער איז אויך אַזאַ, וואָס קאָן זיך ניט טיילן צי אָפּטיילן. ער איז אַזאַ ווי בײַ אַלע, און קאָן ניט זײַן קיין אַנדערער. אייגנטלעך, איז איצט ניטאָ פֿאַר יעדערן קיין באַזונדערער גורל. פֿאַראַן בלויז איין געמיינזאַמער ביטערער גורל פֿאַר אַלעמען. און צוקלײַבן פֿאַר זיך אַ מער ווייכערן און אַ מער גליקלעכערן איז פּשוט אוממעגלעך. און ניט אָרנטלעך אויך. נו יאָ, ס'איז פּשוט ניט אָרנטלעך. איין זאַך אָבער... אַ וועג וועט ער מוזן אויסקלײַבן אַן אַנדערן. ניט קיין אַנדער גורל, נאָר אַן אַנדער וועג. אַ בעסערן צי אַן ערגערן, נאָר אַן אַנדערן.

אינדערעמעסן וואָלט ער ניט געקאָנט זאָגן, אַז דאָס אַלץ האָט זיך אויסגעלייגט בײַ אים אין אַ קלאָר און פֿעסט אויסגעשמידט קייטעלע מיט אָנגעסילעטע געדאַנקען איינס נאָכן אַנדערן. ס'איז ביכּלאַל קיין שום קייטעלע ניט געווען. די געדאַנקען האָבן, ווי ער אַליין, אַרומגעבלאָנדזשעט צווישן כאַשכעס און געוויטערס. בלויז פֿון מאָל צו מאָל זײַנען אַרויסגעשוווּמען לאַנג פֿאַרלעגערטע און טיף פֿאַרטרונקענע זכרוינעס, אַרויסגעשוווּמען מיט זייער דערשיטערנדיקער באַשײַמפּערלעכקײַט, אַ בליץ געטאָן אין מויעך, אַ בלענד געטאָן די אויגן און אַ פּרעס געטאָן באַם האַרצן. גיכער פֿון אַלץ זײַנען דאָס געווען ניט קיין זכרוינעס, נאָר אַן אויסטערלישע איבערכאַזערונג פֿון דעם, וואָס איז שוין אַמאָל געווען, אַ פֿאַרקירצטע איבערכאַזערונג, ווען ער האָט מאַמאָשעסדיק געלעבט אין יענע באַזונדערע צײַט־שטיקער, געפֿלאַטערט מיט אַלע זײַנע גלידער און געווייטיקט מיט אַלע זײַנע געפֿילן. און אַרויסגעשוווּמען איז אָפּטמאָל גראָד דאָס, וואָס ער האָט אַמווייניקסטן געגאַרט.

מאַריוצע, מאַריוצע... די אויסגעשטערנטע נעכט אינעם ציגײַנערישן טאַבאָר... די לידער־טפֿילעס, די לידער־געבעטן, וואָס די ציגײַנערטעס האָבן געזונגען, זיצנדיק אויף דער ערד, ביז דאָס געזאַנג אַליין האָט זיי אַ הייב געטאָן און אַוועקגעיאָגט אין אַ טאַנץ. און ווען מאַריוצע האָט זיך אַרײַנגעריסן אין טאַנצנדיקן קרײַז, ווי אַ וויכער... און ווען מאַריוצע האָט געטאַנצט, האָט דער הימל זיך געהוידעט.

מאַריוצע, מאַריוצע... יענע הייסע און דושנע נעכט, ווען מאַריוצע האָט אים עפּעס אַרײַנגעשעפּטשעט אין אויער אויף איר ציגײַנערישן לשון און ער האָט איר געענטפֿערט אויף זײַן ייִדישן...

זיי האָבן אויפֿגעלעבט אין אים, די באַזונדערע שטיקער לעבן, אָן שום אָרדענונג, אַרויסגעשוווּמען, אויפֿגעבליצט ווילקירלעך און איבערגעמישט אַלץ אַזוי, אַז אים אַליין איז דאָס שווער געווען באַנעמען. פֿאַרוואָס האָט זיך פֿריִער באַוויזן מאַריוצע און ערשט דערנאָך דינע. פֿאַרוואָס האָבן מאַריוצעס נעכט באַשײַנט אַזוי זוניק, און דינעס פֿאַרנאַכטן אַזוי טונקל און ווי צוגערויכערט? פֿונוואַנען האָט אינמיטנדערינען זיך גענומען מירטשע, און ווי קומט אין טורמע אַרײַן די מאַמע? אַלץ, אַלץ האָט זיך איבערגעמישט, געשעענישן און יאָרן, און ער האָט געשפּאַנט אַ פֿאַרקישעפּטער, געווען זייער ווײַט פֿון זײַן איצטיקײַט, און אָפּטמאָל גאָרנישט ניט געזען, וואָס אַרום אים טוט זיך. מעגלעך, אַז דערפֿון איז אים געווען אַ ביסל גרינגער, נאָר ניט ווייניקער ווייטיקלעך.

געווען מינוטן, ווען אים האָט באַהערשט אַ פֿאַרדראָס, און ער האָט געטריבן פֿון זיך די זעונגען, וועלכע זײַנען אים אַמאָל געווען ליב און איצט האָט ער זיי געהאַלטן פֿאַר זינדיק. און געטראָפֿן האָט אָפּטמאָל פֿאַרקערטס, ווען ער האָט געוואָלט אַ יאָג טאָן נאָך זיי און אומקערן צוריק די פֿאַרלוירענע יאָרן. און פֿאַרשטייענדיק, אַז אַזוינס איז אוממעגלעך, האָט ער געפּרוּווט פֿאַרטרײַבן די זינדיקע זעונגען און אַרויסרופֿן מערער לײַטישע. אַמאָל האָט זיך דאָס אים טאַקע אײַנגעגעבן, נאָר דער טאַטע און דער ברודער האָבן אויסגעזען ביז גאָר פֿאַרענדערט, ניט אַזעלכע, ווי ער האָט זיי פֿאַרגעדענקט. און די מאַמע — זי האָט אַלעמאָל זיך באַוויזן פֿאַר אים אַ פֿאַרפּוצטע אין איר יונגער כיינעוודיקײַט, האָט אויסגעזען אַפֿילו ייִנגער פֿון אים, און ער האָט מוירע געהאַט אַפֿילו זיך צורירן צו איר.

און שוין ניט די זעונגען אַליין, וואָס האָבן אָנגעהויבן ווערן וואָס אַ מאָל שווערער און אַקשאַנעסדיקער, נאָר די געדאַנקען, וואָס האָבן געצויגן צו דער ערד, ווי דער שווערער קלומעק, האָבן אים

אַלעמאָל אויסגעניכטערט און אומגעקערט צו דעם, וואָס האָט אים רוען ניט געלאָזט: וואָס קומט אַרויס דערפֿון, וואָס ער איז ניט קיין האַלבער ייִד, נאָר אַ גאַנצער? און טאַקע ווײַל אַזוי, וויל ער ניט, מע זאָל אים פֿירן צו דעם אומפֿאַרמײַדלעכן אומקום. און ער וויל ניט אַזוי האַכנאָעדיק זיך שלעפּן צום זיכערן טויט. שלאָגן זיך דאַרף מען! ווי האָט עס מירטשע אים אַמאָל געזאָגט? אויב זיצן אין טורמע, דאַרף מען כאָטש וויסן פֿאַר וואָס? ריכטיק, ריכטיק. און איצט אַוואַדע! אויב אַוועקגעבן דאָס לעבן, איז כאָטש פֿרײַער עפּעס אויפֿטאָן מיט דעם!

מיט יעדן טאָג זײַנען די געדאַנקען געוווען שווערער און אַקשאָנעסדיקער, באַזונדערס דאַן, ווען ער האָט געכאַפּט אַ קוק אויף זײַן פֿרומען. זי, וואָס האָט געקאָנט האַרעווען פֿון באַגינען ביז שפּעט אין אָוונט, ווערט וואָס אַ טאָג שוואַכער. און ער וועט דאָך אַמאָל מוזן אַרויסזאָגן איר זײַנע געדאַנקען און מיטשלעפּן זי מיט זיך! און אַלעמאָל, ווען זיי זײַנען געווען אַ ביסל נעענטער צום דניעסטער, האָט ער ניט אויפֿגעהערט אײַנטײַנען מיט זיך:

— ניין, ניין, דעם דניעסטער וועל איך ניט אַריבער. געווען בײַ מיר אַמאָל אַזאַ טרוים. איצט איז יענע זײַט שוין ניט קיין יענע זײַט, נאָר דאָס זעלבע. און פֿאַר זיי עפּשער נאָך ערגער. און איך וויל ניט!

ער האָט זיך ניט פֿאַרגעשטעלט, ווי דאָס אַלץ וועט פֿאָרקומען, נאָר ער האָט געהאָפֿט און גע־גלייבט, אַז די צײַט אַליין וועט אונטערזאָגן. דערווײַל האָט ער אונטערגעקליבן כּעוורע, וועלכע זײַנען גרייט געווען אַוועק מיט אים, און באַזאָרגט זיי מיט גרינגע הוצולישע העקעלעך, עס זאָל זײַן מיט וואָס אָנהייבן בײַ דער ערשטער געלעגנהייט. און די גאַנצע צײַט ניט אויפֿגעהערט קריגן זיך, אַמאָל בלויז אין די געדאַנקען, מיט זיך אַליין, און אַמאָל אויך אינדערהויך מיט אייניקע טאַטעס, וועלכע האָבן זיך דערוווּסט וועגן זײַנע געהיימע קאַוואָנעס.

— וואָס ווילסטו פֿון אונדז? — איז מאָטל קירזשנער אָנגעפֿאַלן אויף אים. — גענוג, וואָס מײַן עלטערער זון, שימקע, איז אומגעקומען אין שפּאַניע, ווילסטו אויך מײַן דאָווידלען?..

יאָסקעלע שנײַדער האָט געפּרוּווט אײַנשטילן זיי ביידע:

— וואָס דאַרפֿן מיר כאַפּן די פֿיש פֿאַר דער נעץ? לאָמיר נאָר קומען אויף אָן אָרט, אַרומקוקן זיך, באַקומען אַ דאַך איבערן קאָפּ, דערנאָך וועט מען זען.

— וווּ איז דאָס אָרט און וואָס וועט מען זען? — האָט בערל געטײַנעט. — מע זעט דאָך שוין! זאָלן מיר זיך לאָזן ווי די שעפּעלעך?

— און וואָס קאָנסטו צוטראַכטן? וואָס קאָנסטו?

— שלאָגן זיך קאָנען מיר!

— מיט וואָס, מיט וואָס?

— אַפֿילע מיט די העק!

מיט העק און אָן העק האָט ער שוין געהאַט אַרום זיך פּופּצן יאַטן. און גאַנץ אָפֿט, אין די אָוונטן, האָבן זיי זיך צונויפֿגעקליבן אַרום אים, געסוידעט זיך און אַלעמאָל אים געשטעלט פֿראַגן, אויף וועלכע ער האָט ניט שטענדיק געקאָנט ענטפֿערן. אין איין זאַך איז ער געווען זיכער: קיין אַנדער אויסוועג איז ניטאָ, און מע מוז! געווען צווישן די כּעוורע אַ פּאָר קאָמיוגיסטן פֿון סענדערס קעמערל און בערל האָט פֿאַרשטאַנען, אַז אויף זיי קאָן ער זיך פֿאַרלאָזן.

נאָך דעם, ווי בערל האָט אומגעריכט זיך באַוויזן מיט אַ וועגעלע פֿול מיט עסנוואַרג, האָבן פֿיל אָנגעהויבן גלייבן, אַז גראָד ער, אָט דער האַלבער ייִד און האַלבער ציגײַנער, קאָן עפּעס אויפֿטאָן. און די פּופּצן כּעוורע זײַנען אויך געוואָרן בײַ זיך פֿעסטער, דערפֿילט אין בערלען אַ דרייסטן און געוואַגטן אָנפֿירער.

אַזוי צי אַזוי, נאָר צווישן דעם וואַנדערנדיקן אוילעם איז פֿון טאָג צו טאָג געוואַקסן דער אומגע־דולד פֿון דער קאַמפּס־גרופּע, וועלכע האָט געוואַרט אויף דעם רוף, לויט וועלכן זיי האָבן געדאַרפֿט זיך וואַרפֿן אין שלאַכט.

— האַקט די קעפּ! — אַזאַ איז געווען דער רוף.

די אייניציקע פֿון די פֿרויען, וועלכע האָבן געוווּסט וועגן דעם רוף און אויך דאָס, וואָס זיי דאַרפֿן טאָן אין דער מינוט, איז געווען די שטילע און אויסגעשמאַכטע פֿרומע.

ס'האָט זיך געמאָלט אַזוי: ווען מע וועט ווידער זײַן אויף בוקאָווינע און ווען צו אַ וואַלד וועט זײַן ניט מערער פֿון עטלעכע הונדערט שפּאַן, וועט מען זיך אויפֿהייבן באַנאַכט, ווען אַלע וועלן שלאָפֿן און אַ האַלב פּונעם קאָנוואָי וועט אויך שלאָפֿן, וועט מען שטיל זיך אָפּפּאַרטיקן מיט די, וואָס שטייען אויף דער וואַך, צונעמען בײַ זיי דאָס געווער און אַוועק. נאָר באַקומען האָט זיך אַלץ גאָר אַנדעריש און איבגאַנצן אומגעריכט. און שולדיק איז געווען אירמע דער קאַצעוו.

דער סאָף זומער איז שוין אויך אַוועק, און דער האַרבסט האָט מיט יעדן טאָג זיך געלאָזט פֿילן שטאַרקער: מיט קאַלטע נעכט, מיט געדיכטע נעפּלען און מיט דריבנע רעגנדלעך. עס האָבן זיך געצויגן יענע עלעלדיקע נעכט, ווען ייִדן שטייען אויף צו סליכעס, און לויט דעם, ווי זאַלמען שויכעט האָט

אויסגערעכנט, איז צו ראָשעשאָנע געבליבן דרײַ טעג. ווי זשע קריגט מען ניט אַ ביסל פֿלייש אַף יאָמטעוו? וועגן אַ קו צי כאָטש אַ קאַלב איז ניט געווען וואָס צו טראַכטן, אָבער כאָטש אַ שאָף, וועט מען אויסהאַקן פֿון דעם פֿערציק כאַלאָקים. און יעדער פֿאַמיליע וועט קאָנען פּראָווען אַ שטיקל יאָמטעוו. אַזוי האָט אויסגערעכנט באַ זיך אירמע, ווען ער האָט אין איינער אַ נאַכט זיך אַרויסגעגאַנוועט פֿונעם לאַגער און אַוועק אין אַ נאָענטן דאָרף. דערבײַ האָט ער זיך אַליין אײַנגערעדט: אויב בערל האָט גע־קאָנט אויסמײַסטרעווען אַ וועגעלע און דאָס אָנפּילן מיט עסנווארג, זאָל ער ניט קאָנען אופֿטאָן אַזאַ פּאַשעטע זאַך? אויסגעביטן ווער ווייסט פֿאַר וואָס אַ פֿעטע שאָף, האָט ער זי געבונדן אַזוי, ווי ער קאָן, פֿאַרוואָרפֿן אַף די פּלייצעס און שטאַרק צופֿרידן, ניט ווײַניקער פֿאַרשוויצט, זיך אומגעקערט אין לאַגער. ער האָט גלײַך אופֿגעוועקט זאַלמענען און יענער, אויך אַ צופֿרידענער, און טאַקע עמעסדיק גליקלעך דערפֿון, וואָס ער האָט אַ זעלטענע געלעגנהייט נעמען דעם כאַלעף אין דער האַנט, האָט ער אָפּגיך געשאָכטן די שאָף, און אירמע האָט זיך גענומען פֿאַר זײַן אַרבעט.



ס'האָט שוין אָנגעהויבן שאַריִען אַף טאָג. עס האָט געמאַראָסיעט א פויל און קאַלט רעגנדל. דער אוילעם, וואָס האָט אָנגעהויבן ארויסקלײַבן זיך פונעם שלאָף, האָט אָנגעהויבן ארופציִען אַף זיך דאָס ביסל שמאַטעס, פאַרשטייענדיק, אז זיי וועט הײַנט אויסקומען א גאַנצן טאָג זיך בעצן אונטערן רעגן. דער קאָנוואָי איז אויך וויניק־וואָס געווען צופרידן מיטן רעגנדל און געווען זייער בייז אַף די ייִדן, וואָס איבער זיי... ס'איז ביכלאַל געווען א שלעכטער קאָנוואָי. טאַקע זייער א בייזער. דערצו נאָך האָט איינער פון זיי דערזען אזוינס, וואָס האָט אים מאַמעש געפּלעט. עס איז אים פּאָשעט שווער געווען צו גלייבן. עס שטייט א ייִד אין איין העמד און פּאַכעט מיט דער האַק, האַקט אַף שטיקלעך א שאָף. פונוואַנען האָט זיך גענומען בא די ייִדן א שאַף? און ווי האָט מען עס זי אַרײַנגעשמוגלט אין לאַגער? אַראָפּגעכאַפּט די ביקס פונעם אקסל, איז ער צוגעלאָפן צו אירמען און זיך צעשריִען:

— פאַרשיווע זשידאָנעס! פלייש האָט זיך אײַך פאַרוואָלט? אָט וועלן מיר אײַך באַלד אָנהאַקן!

אַלע זײַנען פאַרציטערט געוואָרן, צוקונדיק, ווי ער האָט פאַרהויבן די ביקס און געקליבן זיך אויסשיסן. נאָר... ניט באַוויזן. אירמע האָט א הייב געטאָן די האַק און זי אַראָפּגעלאָזט איבער זײַן קאָפּ.

ס'איז געוואָרן אַן עמעסדיקע בעהאָלע. און גאַנץ מעגלעך... יאָ, ס'איז גאַנץ מעגלעך, אז ס'האָט זיך געקאָנט ענדיקן נאָך ערגער. נאָר פלוצלינג האָט א גלאַנץ געטאָן אינדערלופטן נאָך א האַק, און בערל האָט א געשריי געטאָן מיט זײַן ברומענדיקער שטים:

— האַקט די קעפּ!

און דער ערשטער אַראָפּגעלאָזט זײַן האַק אַפן צווייטן קאָנוואָיִר.

אַראָפּגענומען פונעם אומגעפאַלענעם סאָלדאַט די ביקס און דערזען, ווי זײַנע כעוורע האָבן אויך געלאָזט אין גאַנג די העק, האָט ער א כאַפּ געטאָן זײַן פרומען פאַר דער האַנט.

— הײַדאַ, מיר לויפן! — האָט ער אויסגעשריִען צו די כעוורע. — אַהין, צום וואַלד!

צום וואַלד איז געווען ניט נאָענט. און דאָס אָרט איז געווען אַמווייניקסטן צוגעפּאַסט פאַר אזא שטיקל אַרבעט. און ביכלאַל... אָן א באַצייטנדיקער צוגרייטונג איז דאָס דורך ניט אײַנגאַנצן גלאַט. אײַנגיכן זײַנען די עטלעכע גאַנץ־געבליבענע סאָלדאַטן געקומען צו־זיך און עס האָט זיך אָנגעהויבן א שיסערײַ.

אָפּגעלאָפן א פּאָר הונדערט שפּאַן, האָט פרומע אָנגעהויבן פאַרדעכען זיך.

— איך קאָן מער ניט, בערל! איך קאָן ניט! — האָט זי זיך געבעטן.

— מע מוז, פרומע, מע מוז! — האָט ער אָנגעשריִען אַף איר.

נאָר זײַן געשריי האָט ניט געהאָלפן. אזוי, לויפנדיק, איז פרומע אומגעפאַלן. בערל האָט זיך אָפּגעשטעלט אַף א ווײַלע און זיך אָנגעבויגן איבער איר.

— נעם מיך ארום פאַרן האַלדז, — האָט ער איר באַפוילן. — נישקאָשע, איך האָב נאָך קויעך!

מיט פרומען אַף די פּלייצעס, מיט דער ביקס אין איין האַנט, מיטן קלומעק אין דער צווייטער, איז ער געלאָפן, אַלעמאָל זיך אומגעקוקט אַף צוריק, און א דערמונטערטער באַמערקט, אז אין א שיטערער ריי לויפן אונטער אים אַריבער א צענדליק כעוורע.

— לעבעדיקער, גיכער! — האָט ער געשריִען צו זיי.

פלוצלינג האָט ער דערפילט, ווי פרומעס הענט הייבן אָן אַראָפּגליטשען זיך. דערנאָך דערפילט, אז זײַנע פּלייצעס זײַנען מיטאַמאָל באַפרײַט געוואָרן. ניט געסטײַעט זײַן פרומע. אַראָפּגעפאַלן!

א הערציטערטער, האָט ער זיך אויסגעקערעוועט אַף צוריק. זי א נעם געטאָן אַף די הענט און גלײַך דערפילט, ווי זיי האָבן זיך אײַנגעטונקען אין וואַרעם בלוט.

— וואָס איז מיט דיר, פרומע? — האָט ער ארויסגעעטעמט, לויפנדיק ווײַטער.

— די הימלען... וואָס איז געשען מיטן הימל, בערל! ער פאַלט, ער האַלט אין איין פאַלן, דער הימל...

—מע דאַרף ניט, פרומע, מע דאַרף ניט שטאַרבן! — האָט ער זיך געבעטן בא איר. — אָט, דער וואַלד איז שוין ניט ווײַט. לאָמיר נאָר אַרײַן אין וואַלד אַרײַן!

נאָר ווען זיי האָבן זיך דערקליבן צום וואַלד און בערל האָט אַראָפּגעלאָזט זײַן פרומען אַף דער ערד, איז זי שוין געווען א טויטע. א דורכגעשאָסענע מיט עטלעכע קוילן.

## 8

איך קאָן איצט ניט זאָגן, אז איך דערצייל איבער אַלץ פּינקטלעך, ווײַל טאַדאַר אַליין האָט געוויס ניט אַלץ פאַרגעדענקט. איך קאָן אויך ניט ענטפערן אַף א ריי פראַגן, ווײַל אויך טאַדאַר האָט אַף זיי ניט געקאָנט ענטפערן: פאַרוואָס האָבן פון די פופצן כעוורע צום וואַלד זיך דערקליבן נאָר דרײַצן? צי זײַנען יענע צוויי אויך געפאַלן אין וועג, צי זיי האָבן ביכלאַל זיך ניט געלאָזט לויפן? פאַרוואָס האָבן

די אַנטלאָפֿענע באַווייזן פֿאַרכאַפּן בלויז פֿינף ביקסן, און וואָס איז ווײַטער געשען מיט די וואַרביוויקער ייִדן? וואָס פֿאַר אַ שטראָף האָבן צוגעטראַכט די רומענער פֿאַר זייער כוצפּע? איין זאַך ליגט זיך אַפֿן סייכל: די רומענער אַליין האָבן זיך איבערגעשראָקן פֿאַרן צעבונטעוועטן אוילעם און זייער ניט געוואָלט, אַז די „שענדלעכע" געשעעניש זאָל באַוווּסט ווערן אין אַנדערע קאַלאָנעס. האָבן זיי אופֿגעהערט אַרומטרײַבן זיי אַהין און צוריק, און געסטאַרעט זיך, וואָס גיכער אַרײַנטרײַבן אין בערשאַדער געטאָ.

צי האָבן אַלע זיך דערקליבן אַהין, האָבן בערלס שעליכים ניט געוווּסט, נאָר גראַד אירמע קאַצעוו, וועך עס האָט דער ערשטער אופֿגעהויבן די האַק, האָט אַף אַן אומבאַוווּסטן אויפֿן אויסגעמיטן די שטראָף, און אַ לעבעדיקער אַרײַנגעקומען אין געטאָ.

געוויס האָב איך אַ סאַך זאַכן דורכגעלאָזט. און ניט אַלץ האָבן געקאָנט אויסדערציילן יענע באַנאַכטיקע געסט. נאָר אָט, וועגן שולעכל, ריכטיקער, וועגן שטעטל, וווּהין מע האָט זיי אין איינעם אַ פֿאַרנאַכט אַרײַנגעפֿירט. אַ טויט שטעטל מיט אַ טויט שולעכל, אין וועלכן עס האָט שוין אַ צײַט ניט געקלונגען די שטים פֿון אַ באַל־טפֿילע.

קיינער האָט ניט פֿאַרשטאַנען, וואָס איז פּלוצלינג געשען. דורך פֿיל טויטע און פֿאַרוויסטעטע ייִדישע שטעטלעך האָט מען זיי דורכגעפֿירט און אין קיין איינס ניט געלאָזט אָפּשטעלן זיך. און דאָ, ווידער, ווי עפּעס אַ נעס. מע האָט זיי דערלויבט אָפּשטעלן זיך און באַנוצן זיך מיט די פּוסטע הײַזער אַף נאַכטלעג. באַגינען, ווען מע האָט, ווי שטענדיק, אין אײַלעניש זיך אָנגעהויבן קלײַבן אין וועג, האָט דער קאָנוואָי געמאָלדן, אַז זיי בלײַבן דאָ אַף אַ גאַנצן טאָג. נאָך מערער, זיי וועלן אַף מאָרגן אויך בלײַבן דאָ. צי איז דאָס געווען פֿאַרבונדן מיט אַ געשעעניש, וועגן וועלכער די ייִדן האָבן ניט געקאָנט וויסן, צי איז דאָס געווען צוגעטראַכט אומיסטן, זיי זאָלן קאָנען גוט אָנקוקן און באַנעמען די טיפֿקײַט פֿון זייער אייגענעם כורבן.

דאָס שטעטעלע איז געווען ענלעך אַף אַלע פֿאַרלאָזטע און פֿאַרוויסטעטע ייִדישע שטעטלעך. אַ שטעטעלע — אַ בעסוילעם. הײַזער ווי באַרמינענס, וועלכע מע האָט פֿאַרגעסן ברענגען צו קווורע. שטייען זיי, ווי שרעקעוודיקע סטראַשידלעס, מיט אויסגעשלאָגענע פֿענצטער, ווי מיט אויסגעשטאָכענע אויגן, מיט אופֿגעריסענע טירן, דורך וועלכע עס זעען זיך אַרויס אַלע זייערע אינגעווייִדן, שוין ניט פֿרישע אינגעווייִדן, באַדעקטע מיט שטויב און מיט שפּינוועבס.

די שמאָלע, שוין לאַנג ניט באַטראָטענע געסעלעך און ליקעלעך האָבן באַוויזן פֿאַרוואַקסן ווערן מיט קראָפּעווע, בודזיקעס און פֿיל אַנדערע שטעכיקע מיסטגראָזן. נאָר די רייכעס... די רייכעס, וואָס האָבן זיך געטראָגן פֿון די אויסגעהוילטע הײַזער... רייכעס, וואָס האָבן ווי לעבעדיקע שאָמרים דערציילט, וועך ס׳האָט געוווינט אין יעדער שטוב. רייכעס פֿון לעדערנע אָפּשניצלעך און געדעמבעוועטע פּעלעכלעך, פֿון וואָלענע קנוילעכלעך און עסעריקע פֿאַרבן, פֿון טשאַדענדיקע רויכעלעך און איבערגעשטאַנענעם בוימל. פֿון אַלץ, פֿון וואָס עס האָבן געצויגן די כאַיונע דער היגער אוילעם באַלמעלאָכעס און די בידנע קלײַטניקעס מיט זייער גראַשנדיקער סכוירע. און ווען עטלעכע צוגווינטלעך, וואָס האָבן איינס קעגן אַנדערן אַ יאָג געטאָן דורך די אויסגעריסענע טירן און פֿענצטער, האָבן אַ ווייע געטאָן מיט אַן אויסטערלישן געמיש פֿון די אַלע אײַנגעוואָרצלטע, פֿאַרלעגערטע און אומויסראָטנדיקע רייכעס, מיט וואָס עס זײַנען פֿול געווען די הײַזער פֿון אַלע ייִדישע שטעטלעך און מיט וואָס זיי זײַנען געווען אַזוי ענלעך איינס אַפֿן אַנדערן. מיט זייער ענגשאַפֿט און מיט זייער נויט, מיט זייער דושנעקײַט און מיט זייער דאַלעס. אָט די אומויסראָטנדיקײַט, וואָס האָט אַקשאָנעסדיק זיך געהאַלטן אין יעדער פֿאַרוויסטעוועטער שטוב, טיף אַרײַנגעוואַקסן אין יעדער וואַנט, אין יעדער סטעליע, אין יעדער קעלער און אין יעדער בוידעם. ווי אויך אין יעדן שוין לאַנג ניט געהייצטן אויוון, פֿונוואַנען עס האָט מיט אַן עסעריקער שטיקעוודיקײַט זיך געצויגן די ביטערע צוגערויכערטקײַט פֿון די אַמאָליקע שאַבעסדיקע טשאָלנטס. אַן אַקשאָנעסדיקע אומויסראָטנדיקײַט, וואָס האָט ניט געוואָלט פֿאַרשווינדן ווערן, ניט געוואָלט אויסגעוועפּט ווערן, סײַדן מע זאָל די הײַזער אַליין צעוואַלגערן אַף שטיקלעך און טיף איבעראַקערן די ערד אונטער זיי.

זיי האָבן געשפּאַנט איבערן שטעטל ציטערנדיקע און דערשיטערטע, און נאָך מיט אַ שאַרפֿערן ווייטיק דערפֿילט דעם אייגענעם כורבן. און אויך די מאַטעכנישן פֿון די, וואָס האָבן געוווינט אין די היגע הײַזער. זיי האָבן געשפּאַנט, פֿלאַטערנדיק זיך אײַנגעקוקט און דורשטיק אײַנגעזאַפּט אין זיך די רייכעס. אַזעלכע באַקאַנטע, אַזעלכע אייגענע, פֿול מיט אומפֿאַרגעסלעכער, דריקנדיקער בענקעניש... רייכעס, איבער וועלכע עס האָבן פֿון זיך אַליין אָנגעהויבן רינען טרערן פֿון די אויגן.

און דאַך... ווען דער קאָנוואָי האָט דערלויבט פֿאַנאַדערגיין זיך איבער די טויטע הײַזער, זײַנען פֿיל פֿון זיי מיטאַמאָל אופֿגעלעבט געוואָרן. און אויב ניט די גאַנצע שטוב, איז איין צימער, אָדער בלויז דאָס קליינע קיכל, ווו מע האָט געקאָנט פֿאַרשטעקן די פֿענצטער מיט עטלעכע שמאַטעס צי מיט אַ בינטל שטרוי, און שאַפֿן אַ ווינקעלע, וואָס האָט זיך געדוכט פֿול מיט אויסגעטרוימטער וואַרעמקײַט און געמיטלעכקײַט. אין פֿיל אויוונס האָבן זיך צעפֿלאַקערט פֿײַערלעך. די אָפּגעזוכטע שיסלען און עמערס זײַנען גלײַך אָנגעפֿילט געוואָרן מיט וואַסער און אַרײַנגערוקט געוואָרן אין אויוון. דאָס מאָל

האָט מען אַפֿילו פֿאַרגעסן אין דער װעטשערע. װױכטיקער איז פֿאַר אַלעמען געװען אַ שטיקעלע באָד, אַראָפּװאַשן פֿונעם לײַב דעם שװײס און דעם שטױב פֿון פֿיל װעגן.

אױף יעדן בױדעם, אין יעדן קעלער האָט מען געקאָנט געפֿינען אַ ביסל פּאַסאַליעס, פֿאַרשײדענע גרױפּן, אַ ביסל אַלטװאַרג — שקראַבעס און שמאַטעס. און ס'איז אַװעק אַזױנס, װאָס האָט אַלעמען זיך געדוכט, װי אַ שײנער כּלים. עס האָבן זיך גענומען פֿאַר זײער מלאָכה די שוסטערס און די שנײַדערס, די קירזשנערס און די היטלמאַכערס. גענומען זיך מיט היץ, מיט פֿלײַסיקײַט, געהאַפּט שטילן דערמיט אַ ביסל זײער בענקעניש נאָך דעם, װאָס איז פֿיל יאָרן געװען דער טאַך פֿון זײער לעבן. זאָל מען שױכעט האָט אױך אַרױסבאַקומען זײַן שוסטער־געצײַג און װי אין די גוטע צײַטן געלאַטעט אַלץ, װאָס מע האָט צו אים געבראַכט. די פֿיס זײַנע האָבן טאַקע ניט געװאָלט דינען, מע האָט אים געמוזט פֿירן אױפֿן װעגעלע, נאָר די הענט... די הענט האָבן זײער געװאָלט אָפּדאַנקען אַלעמען, װער ס'האָט לױט דער רײ זיך אײַנגעשפּאַנט אין דעם.

ס'איז געװען פֿרײַטיק. געװיס דער טאַמע קירצסטער פֿון אַלע קורצע פֿרײַטיקס, װען אַרבעט איז געװען אָן אַן אָנהײב און אָן אַ סאָף, און די װײַבער האָבן פֿאַר אײן טאָג געדאַרפֿט אָפּטאָן צענדליקער אַרבעטן.

— און מאָרגן װעלן מיר אַלע גײן אין שול אַרײַן, — האָט זאַלמען געמאָלדן יעדערן, װער ס'איז צו אים אַרײַנגעקומען. — מאָרגן װעלן מיר פּראַװען אַן עמעסן שאַבעס.

די שול איז, װי אַלע הײַזער, געשטאַנען אָן טירן און אָן פֿענצטער. אַפֿילו די טירלעך פֿונעם אָרון־קױדעש זײַנען אױך געװען אױסגעריסן. נאָר יענעם שאַבעס... ער האָט זיך פֿאַרקריצט אין זיקאָרן באַ אַלעמען, צי האָט ער יאָ באַנומען, װאָס יענעם שאַבעס איז פֿאָרגעקומען, צי ניט אינגאַנצן. און זאַלמען שױכעט...

פֿרײַטיק האָט ער ערלעך אָפּגעדינט זײַנע װערביװױקער אַלס שוסטער, און אין אָט דעם זעלטענעם שאַבעס האָט ער געהאַלטן פֿאַר זײַן כּיװון אָפּדינען זיי װי אַ באַל־טפֿילע און באַל־קורע. נאָר װאָס איז דאָס געװען פֿאַר אַ דאַװנען!

די װערביװױקער באַלמעלאָכעס האָבן ביז גאָר װײניק, װי עס רעדט זיך, פֿאַרשטאַנען אין די קלײנע אױסיִעלעך. ניט שטענדיק אַפֿילו פֿאַרשטאַנען דעם פּירעש־האַמילױס, דעם טײַטש פֿון אַ פּאַשעטער טפֿילע. נאָר דאָך האָבן זײ געװוּסט, װעלכע טפֿילעס װערן געזאָגט אין אַ געװײנלעכן שאַבעס, װאָס דאַרף מען זאָגן, װען מע בענטשט ראָשכױדעש און װעלכע טפֿילעס זײַנען פֿאַראַן אין מאַכזױר אױף ראָשעשאָנע און יאָמקיפּער. װאָס זשע איז דאָס מאָל געשען מיט זײער באַל־טפֿילע?

ער האָט קױם זיך דערשלעפּט צום אָמעד, פֿון װעלכן מע האָט אָקאָרשט אַרומגעװישט דעם שטױב און אָנגעהױבן דעם געװײנלעכן שאַבעסדיקן שאַכרעס. און פּלוצלינג...

— אײלי, אײלי, לאָמאָ אַזאַװטאָנו! — האָט ער זיך צעזונגען מיט זײַן אָפּגעשװאַכטער שטים, און דער אױלעם איז געבליבן שטײנענדיק און שװײַגנדיק, ניט געװוּסט װאָס און װיאַזױ נאָכצוזאָגן. און ס'איז אַװעק אַ צעװױכערטער איבערגעמיש פֿון פֿאַרשײדענע טפֿילעס. אַ ביסל קינעס פֿון טישעבאָװ, אַ ביסל פֿונעם ראָשעשאָנעדיקן „אונסאַנע טױקעף" און אַ ביסל פֿונעם יאָקיפּערדיקן „הינעני העאָני מימאַאַס"... דער אױסגעשמאַכטער און אָפּגעשװאַכטער שױכעט, װאָס האָט זיך קױם געהאַלטן אױף די פֿיס, האָט װי געװאָלט אױסזינגען, אױסדאַװנען און אױסװײנען זיך פֿאַר אַלע שאַבאָסים און יאָמטױװים, װאָס זײַנען דורכגעלאָזט געװאָרן, און פֿאַר די, װאָס דאַרפֿן ערשט קומען. װײַל װער װײסט, װער װײסט... די שול איז געװען איבערגעפֿולט מיט מענער און פֿרױען, װעלכע האָבן זיך פֿאַרכלינעט פֿון געװײן.

האָט זיך באַקומען, אַז ניט ער בעט באַ גאָט, נאָר ער איז פֿול מיט טײַנעס צו אים. און אַפֿילו... יאָ, ס'האָט אױסגעזען, װי ער קריגט זיך מיט אים, מיט גאָט אַלײן. און ניט נאָר ער קריגט זיך, נאָר ער װאָרנט אים אױך, באַזונדערס, װען ער איז פּלוצלינג אַרױס מיט דער טפֿילע, װאָס מע זאָגט, װען מע בענטשט ראָשכױדעש.

— לױ האַמײסים יעהאַלעלו יאָ... ניט די מײסים װעלן לױבן גאָט...

סטײַטש, הײסט עס, ריבױנעשעלױלעם, װאָס טוסטו מיט דײַנע ייִדן? באַטראַכט זיך! װער װעט דיך דערנאָך בענטשן, װער װעט דיך לױבן?

דערנאָך איז געשען נאָך מערער אומפֿאַרשטענדלעכס און איבעראַשנדיקס. דעם עמעס זאָגנדיק, האָט דער אױלעם ניט געװוּסט, װעלכע סעדרע קומט לײענען יענעם שאַבעס, און זײַנען געװען זיכער, אַז זאַלמען שױכעט לײענט יענע סעדרע, װאָס מע דאַרף. נאָר די האַפֿטױרע... ס'איז שױן געװען סאָף עלעל. װאָס זשע האָט ער פּלוצעם גענומען לײענען די האַפֿטױרע, װאָס קומט שאַבעס נאָך טישעבאָװ?

— נאַכמי נאַכמי אַמי יױמאַר עלױעײכעם... טרײסט זיך, טרײסט זיך, מײַן פֿאָלק, זאָגט אײַער גאָט!

דעם „נאַכמי אַמי" האָט ער אױסגעזונגען שױן מיט גאָר אַן אַנדער ניגן. אַ מידער און אױסגעשעפּטער פֿון די אַלע פֿריִערדיקע װײנענדיקע און קלאָגעדיקע טפֿילעס, קימאַט אינגאַנצן פֿאַרלױרן די

שטים בייס ער האָט פֿאַרגעלייענט די סעדרע, האָט איצט זײַן שטים ווי אָפּגערייניקט זיך, צי אויסגערוט זיך, געזונגען מיט א דין און ריין, א ביסל קינדעריש קעלכל. און דאָס איז נאָך מערער שווער געווען פֿאַרשטיין. צי איז דאָס געווען א פּרוּוו טרייסטן דעם אוילעם, דערוועקן אין אים א שטיקעלע האָפֿנונג, צי דאָס איז ווידער געווען א מוירדישער אַרויסרוף צו גאָט, וואָס האַלט זיי אין איין טרײַבן און טוט גאָרנישט ניט אַף אַרויסראַטעווען זיי פֿונעם אומגליק. מיט וואָס זשע קאָן ער זיי טרייסטן?

אַלץ, אַלץ איז אין יענעם שאַבעס געווען ניט אַזוי, ווי אַלע זייערע יאָרן, אַלץ איבערגעדרייט, אַלץ אומבאַגרײַפֿלעך, אַלץ קאָפּויערדיק, ווי זייער פֿאַרוויסטעטע לעבן אַליין. און אַפֿילע מיטן קאַדעש. נאָך גאַנצפֿרי, ווען מע האָט אָנגעהויבן זיך צונויפֿקומען אין שול אַרײַן, האָט זאַלמען אויסגערופֿן:

— ווער ס'האָט געהאַט די טעג יאָרצײַט נאָך עמעצן, צי ווער עס דאַרף אינגיכן האָבן, קאָן הײַנט זאָגן קאַדעש.

שפּעטער האָט בערל ניט איין מאָל זיך געהריזעט דערפֿאַר, וואָס ער האָט ניט אויסגענוצט יענעם שאַבעס, ווען מע האָט געקאָנט גאַנץ גרינג און אומבאַמערקט ליקווידירן דעם קאַנוואָי און אַוועקפֿירן די כעווירע צום נאָענטן וואַלד. וואָלט עפּשער זײַן פֿרומע ניט אומגעקומען. נאָר אין יענע טעג איז דער קאַנוואָי געווען זייער א לײַטישער און עס האָט אויסגעפֿעלט דאָס ביסל האַס. און ווי האָט מען געמעגט פּאַטערן דעם אוילעם אַזאַ זעלטענעם שאַבעס?

פֿערצן העק האָבן סיפּענדיק וואָס א מאָל טיפֿער זיך אײַנגעגראָבן אין דער ווייכער און פֿײַכטלעכער ערד אונטער אַן אַלטן דעמב, און גאַנץ גיך איז פֿאַר פֿרומען אויסגעמאָסטעוועט געוואָרן א געראַמער קיווער. און ווען אונטערן בוים איז אופּגעקומען א הויך און שמאָל בערגל, האָט בערל זיך צוגעזעצט אַף דעם און צוגעמאַכט די אויגן. מיט אַלע קויכעס האָט ער געשלונגען די טרערן, געשטיקט און פֿאַרכלינעט זיך מיט זיי, נאָר קיין איין טרער אין דרויסן ניט אַרויסגעלאָזט. ניט קיין טרער און ניט קיין קרעכץ. ער איז געזעסן אײַנגאַנצן אָן אָפּגעשיידטער פֿון דעם, וואָס זיי האָבן הײַנטיקן באַגינען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, אויך אַזעלכע פֿאַרלוירענע און דערשלאָגענע, און אויך אָנגעשראָקענע. קיינעם פֿון זיי האָט זיך ניט געגלייבט, אַז דאָס, וואָס איז געשען הײַנטיקן גאַנצפֿרי, איז טאַקע געשען, אַז דאָס האָבן זיי מיט די אייגענע הענט, מיט די העק אין די הענט אויסגעפֿילט בערלס רוף. און אַלץ דאָס ווײַטערדיקע, דאָס לעבן אַליין איז אָפּהענגיק פֿון דעם, וואָס בערל וועט צוטראַכטן און וואָס ער וועט באַפֿוילן.

נאָר בערל האָט דערווײַל גאָרנישט ניט געזאָגט. ער איז איצט געווען זייער ווײַט פֿון זיי, און אין־זיך זיך דורכגעשמועסט מיט זײַן פֿרומען אַזוי, ווי ער האָט פֿאַר זייער לעבן קיין איין מאָל ניט געשמועסט. ער האָט געבעטן בא איר מעכילע און זיך מוידע געווען אין אַלע זײַנע זינד, ווירקלעכע און עפּשער אויך געדאַכטע, וואָס ער איז באַגאַנגען קעגן איר, ווען ער האָט אָפּטמאָל געטראַכט וועגן מאַריוצען, ווען ער האָט זי אָפּגענאַרט, געזאָגט, אַז ער איז אַוועק צום סאַדעגורער רעבן, און אויך דאַן, ווען ער האָט עטלעכע הונדערט ליי, וואָס זיי האָבן צונויפֿגעקליבן מיט אַזאַ שווערער האָרעוואַניע, אַוועקגעגעבן פֿאַר די פּאָליטישע אַסירים. און די גרעסטע זינד זײַנע, וואָס ער אַליין וועט זיך קיינמאָל ניט מויכל זײַן, איז דאָס, וואָס איבער אים איז זײַן פֿרומע אומגעקומען.

ער איז געזעסן ווי א זײַטיקער, אײַנגאַנצן גלײַכגילטיק צו די, וואָס שטייען אַרום אים, גלײַך ניט ער האָט וואָכנווײַז געקנעלט מיט זיי, געגרייט זיי צו אָט דעם גוירלדיקן און גרוילעכן באַגינען.

דערנאָך, ווען ער האָט דערפֿילט, אַז ער איז מערער ניט בעקויעך אײַנהאַלטן אין זיך דעם אַנוואַקסנדיקן גרויל, אַז באַלד וועט ער זיך אַרויסרײַסן פֿון אים מיט ניט קיין מענערישער יעלאָלע, האָט ער ראַשיק זיך א הייב געטאָן און אָנגעהויבן אַרומשפּאַנען, געמאַכט עטלעכע האַקאָפֿעס אַרום קייווער, דערנאָך ווי עפּעס באַשטימט פֿאַר זיך, האָט ער א כאַפּ געטאָן די האַק און גענומען אויסהאַקן אָפֿן שטאַם פֿונעם בוים עטלעכע טיפֿע סימאָנים. דערנאָך איז ער אַוועק פֿון בוים צו בוים אַף רעכטס און אַף לינקס, און אַף יעדער בוים ווידער עפּעס אויסגעהאַקט. צום סאָף האָט ער זיך אומגעקערט צום קייווער און גענומען ציילן די טריט. ווידער אַזוי — אַף רעכטס און אַף לינקס. אַזוי ביזן לעצטן בוים, ווי דער וואַלד ענדיקט זיך.

מע האָט געקאָנט אָנשטויסן זיך, וואָס ער מיינט דערמיט. ער וויל גוט פֿאַרגעדענקען דאָס אָרט פֿון זײַן פֿרומעס קייווער, ער זאָל קאָנען אַמאָל אים גרינג אָפּזוכן. נאָר ער, בערל אַליין, האָט געמיינט ניט נאָר דאָס. ער האָט געדאַרפֿט באַטראַכטן די הײַנטיקע געשעענישן, פֿאַרשטעלן זיך, וואָס זיי שטייט פֿאַר, און וואָס ער, בערל, דאַרף דערבײַ אופּטאָן.

וואָס אופּטאָן האָט ער נאָך ניט געוווּסט, נאָר אין איין זאַך איז ער געווען זיכער. פֿון אַלע בערלס, וואָס האָבן אין אים געווירט, פֿון אַלע זײַנע האַלבן און פֿערטלען און פֿון דעם, וואָס ער האָט אַליין ניט געוווּסט, איז איצט אופּגעקומען א נײַער בערל. ער איז אים נאָך אינגאַנצן אומבאַקאַנט, דער נײַער בערל, ריכטיקער, ער איז דערווײַל נאָך ניטאָ. ער דאַרף ערשט ווערן, און באַשאַפֿן אים קאָן קיינער ניט, נאָר ער אַליין. און דער נײַער בערל מוז זײַן א שרעקלאָזער, א געוואַגטער, א שטרענ־

גער, אַן אקשאַנעסדיקער און אַ מעסירעסנעפּעשדיקער. אַן עמעסדיקער בערקוט, ווי טאַדאַר האָט אים אַמאָל אָנגערופֿן.

— וואָס זשע וועלן מיר איצט טאָן?

געוויס איז דאָס געווען אַ קאָלעקטיווע פּראַגע פֿון אַלע כעוורע, וועלכע זײַנען ערשט איצט געקומען צו־זיך נאָך דעם אומגעריכטן אופשטאַנד, נאָכן צוויישאָיִקן געיעג, ווען עס איז פּאַשעט ניט געווען ווען אַ טראַכט צו טאָן און ווען איבערכאַפּן דעם אָטעם. ערשט איצט זײַנען זיי געקומען צו־זיך, דערמאָנט די עלטערן, די ברידערלעך און שוועסטערלעך, וועלכע זיי האָבן איבערגעלאָזט, און דערפֿילט אַן אומדערטרעגלעכע בענקעניש. און אויך אַזויִנס, וואָס איז זיי געווען שווער באַנעמען. אַרויסגעריסן פֿון דער וואַנדערנדיקער קאַלאָנע מיט איר, זאָל זײַן ביטערן, נאָר שוין אַ ביסל צוגעוווינטן אַרט לעבן, האָבן זיי זיך דערפֿילט איינגאַנצן אומבאַשיצט. געוויס איז דאָס געווען אַ קאָלעקטיווער צושטאַנד און אַ קאָלעקטיווער געפֿיל, נאָר געשטעלט די פֿראַגע האָט דאָוויד, מאָטל דעם קירזשנערס מיזיניק. ווי אַלע קירזשנער־יונגען, איז ער געווען ברייטפּלייציק, מיט פּאַרהאָרעוועטע הענט, ביכלאַל פֿון קאָפּ ביז די פֿיס פּאַרהאָרעוועט, ווי פּאַרדעמבעוועט. די לעצטע טעג האָט ער ניט אופגעהערט זיך שפּאַרן מיטן טאַטן, דערוויַזן אים, אַז אויך דער עלטערער ברודער שימען, וואָס איז בעסאָד־סוידעס אַוועק קיין שפּאַניע זיך שלאָגן מיט די פּאַשיסטן, איז געווען גערעכט, און אַז איצט אַוואַדע און אַוואַדע... דער טאַטע האָט געשריִען אף אים, געדראָט און געשאָלטן, און די מאַמע האָט שטיל געוויינט. זיי קערן איצט אויך טאָן דאָס זעלבע, האָט ער געטראַכט. דער טאַטע פּאַרשעלט די גאַנצע וועלט, און די מאַמע וויינט.

— וואָס זשע וועלן מיר איצט טאָן? — האָט דאָוויד געפֿרעגט.

— שלאָגן זיך! — האָט בערל אַרויסגעשריִען און דערפֿילט, אַז זײַן שטים האָט אַ קלונג געטאָן אומגעוויינלעך בייז פֿאַר אים אַליין.

— מיט וואָס? — האָט דאָוויד איבערגעכאַזערט דעם טאַטנס פּראַגע.

— מיט אונדזער האַס, מיט אונדזער ווייטיק, מיט אונדזער צאָרן!

דער האַס און דער ווייטיק, וואָס האָבן אין דער מינוט אַ בליץ געטאָן אין בערלס אויגן, האָט געצוווּנגען די כעוורע אופהייבן די קעפּ אַ ביסעלע העכער, אויסגלײַכן די פּלייצעס, גלײַך עמעצער האָט נאָרוואָס אויסגערופֿן אַ סאָלדאַטישע קאָמאַנדע.

אַן אומדערוואַרט ווינטל האָט אַ וויג געטאָן די ביימער, און די שוין געלבלעכע בלעטער האָבן זיך אַ שיט געטאָן איבער פֿרומעס קייווער, געפֿאַלן איבער אים מיט אַ גינגאָלדיק שנייעלע און האַכנאָעדיק זיך אויסגעלײַכט איבער אים, איין בלעטל אָפּן צווייטן, באַדעקט דעם קייווער מיט אַ פּוכקע דעכעלע. בערל האָט זיך אָנגעבויגן איבערן קייווער, אַ נעם געטאָן עטלעכע בלעטלעך, אַ ווײַלע געהאַלטן זיי אין דער צעעפֿנטער דלאָניע, דערנאָך, געוויס אָן שום קאַוואָנע, זיי אַרײַנגעלייגט אין דער רעכטער קעשענע פֿונעם רעקל. און עפּשער, עפּשער איז דערבײַ יאָ געווען אַ ניט קלאָרער געדאַנק: פֿילן אין די בלעטער אַ שטיקעלע באַריר...

— דערווײַל דאַרפֿן מיר אָפּטאָן איין זאַך, — האָט ער אַרויסגערעדט אַ ביסל וויכער. — מיר דאַרפֿן וואָס גיכער זיך אָפּטראָגן פֿון אָט דעם וואַלד. ס'איז ניט אויסגעשלאָסן, עס זאָל זיך איִנגיכן אָנהייבן אַ געיעג.

ווו זיי זײַנען, היִנטער וועלכע שטעט און דערפֿער, האָבן זיי ניט געוווּסט. איין זאַך האָבן זיי פֿאַרשטאַנען: זיי מאַכן שוין ווער ווייסט די וויפֿלטע האַקאָפֿע, און זיי זײַנען איצט שוין ניט אין בעסאַראַביע, נאָר אין דער אייגענער בוקאָווינע. און אויב גיין מיט אַ גלײַכן אויסגעטראָטענעם וועג, וועלן זיי אין דרײַ־פֿיר טעג אַרום זיך דערקלײַבן צו זייער היים, קיין ווערביוּוקע. נאָר קיין גלײַכע אויסגעטראָטענע וועגן זײַנען פֿאַר זיי ניט געווען, און קיין ווערביוּוקע האָבן זיי אַוואַדע ניט געטאָרט אַרײַנקומען. איז געבליבן דערווײַל איין זאַך: אַרומבלאָנדזשען דורך די נעכט מיט די וועלדער. וואַלד־אײַן, וואַלד־אויס.

נאָר דאָס וואָרט „אַרומבלאָנדזשען”, וואָס איז בערלען אין יענער מינוט געקומען אין מויל אַרײַן, איז אים געווען ניט צום האַרצן, און ער האָט דאָס גלײַך אָפּגעוואָרפֿן. ער האָט געוואָלט דאָס פֿאַרבײַטן מיט אַן אַנדער וואָרט, נאָר קיין אַנדערע ווערטער זײַנען בא אים דערווײַל ניט געווען, זיי האָבן ערשט געדאַרפֿט אופקומען איינייִנעם מיט זײַן נײַעם צושטאַנד, וואָס איז פֿול מיט אומבאַוווּסטן, מיט פֿיל ניט־פֿאַרויסגעזעענע געפֿאַרן, מיט אַלץ, פֿון וואָס עס באַשטייט איצט דער טאָך פֿון זייער לעבן.

— הערט מיך אויס, כעווּרע, — האָט ער זיך צערעדט, ווען זיי האָבן זיך געלאָזט אין זייער ערשטן מאַרש. — מיר זײַנען ניט קיין אַרומבלאָנדזשענדיקע שלעפּערס. מיר זײַנען אַן אָטריאַד, אַן עמעסדיקער פּאַרטיזאַנישער אָטריאַד... בערקוטן זײַנען מיר. איר ווייסט, וואָס דאָס הייסט? באַרגאָדלערס!

אין יענער מינוט, ווען ער האָט געהאַלטן זײַן ניט גרויסע רעדע, זײַן ערשטע רעדע פֿאַר זײַן ניט גרינג און פֿאַרפּלאָנטערט לעבן, איז אים אַפֿילע אַפֿן געדאַנק ניט געקומען, אַז דער נאָמען „ברקוטן" וועט אַזוי פֿעסט זיך צוקלעפּן צו זייער ניט־גרויסן אָטריאַד, אַ נאָמען, וואָס וועט אָנוואַרפֿן אַ פּאַכעד אַף פֿיל קאָמענדאַטורן און זשאַנדאַרמישע פּאָסטנס און הונדערטער מענטשן וועלן אַרויס־ברענגען דעם נאָמען מיט אָפּשײַ און מיט האָפֿענונג. ער האָט זייער געוואָלט זאָגן נאָך עפּעס, קעדיי זײַנע כעווירע זאָלן פֿאַרשטיין און דערפֿילן... נאָר וואָס ווײַטער זאָגן האָט ער ווידער ניט געוווּסט. ער האָט דערבײַ מיט ווייטיק אַ טראַכט געטאָן:

— אוי, וואָלט איך איצט געדאַרפֿט האָבן נעבן זיך מירטשען. יענער וואָלט שוין געוווּסט וואָס צו זאָגן!

דערווײַל האָט מען געדאַרפֿט זאָרגן וועגן גאַנץ פּאַשעטע זאַכן: עס זאָל זײַן מיט וואָס צו שטילן דעם הונגער און דעם דאָרשט, עס זאָל ווי ווײַט מעגלעך אויסגעפּאָרשט ווערן דער וועג פֿון זייער ווײַטערדיקן מאַרשרוט, זיי זאָלן אויסמײַדן אומגעווונטשענע באַגעגענישן, אַז יעדערער פֿון זיי זאָל זיך אויסלערנען האַלטן די ביקס אין דער האַנט און קאָנען פֿאַר אַ נויט ווי געהעריק זיך באַנוצן מיט איר. איז ער געווען צופֿרידן דערמיט, וואָס די כעווירע האָבן פּינקטלעך אויסגעפֿילט זײַן אָנזאָג. יעדן טאָג אַפֿליִיגן אין אַ באַזונדער טאַרבעלע אַ סעכערל.

— דאָס איבעריקע וועלן מיר נעמען באַם וואַלד, — האָט ער אונטערגעמונטערט זײַנע נאָך זייער יונגע פּאַרטיזאַנער.

האָבן זיי אַרומגעוואַנדערט איבער די וועלדער, איבער פֿיל באַרג־אַרופֿן און באַרג־אַראָפּן און ביסלעכווײַז זיך אַרײַנגעצויגן אין זייער נײַעם אַרט לעבן. מיט אַ באַזונדערער פֿלײַסיקײַט האָבן זיי אויסגעפּאָרשט און זיך צוגעקוקט צום וואַלד, זיך געלערנט באַהערשן אַלע זײַנע סודעס, זיי זאָלן וויסן, מיט וואָס און וויאַזוי ער קאָן זיי באַשיצן, וויאַזוי און מיט וואָס ער קאָן זיי אָנהאָדעווען און דערוואַרעמען. ווען זיי האָבן זיך דערפֿילט אַ ביסל פֿעסטער און זיך אַרײַנגעכאַפּט באַנאַכט אין אַ דאָרף, האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אַף אַ דײַטשישן פּאַטרול און פֿאַרשטאַנען, אַז זיי זײַנען שוין ניט אין בוקאָווינע, נאָר אין אַ דאָרף אַף מערעוו־אוקראַיִנע. מיטן פּאַטרול האָט מען אויסמײַדן זיך ניט געקאָנט. צו אַזאַ צוזאַמענשטויס זײַנען זיי נאָך ניט געווען גרייט. עס האָט זיך דערהערט בערלס אומגעוויינלעך שטרענגע שטים:

— הערט מײַנע באַפֿעלן! פֿון הײַנט און אַף שטענדיק... אַלץ שטרענג לויט מײַנע באַפֿעלן! נעמען די פּאַטרולן אין געבענקעניש האָט ניט געהאַט קיין זין. און שיסן האָט מען אויך ניט געטאָרט. מע האָט געדאַרפֿט שטיל, מיט די העק. נאָך דעם איז זיי צוגעקומען צוויי דײַטשישע אויטאָמאַטן און אַ שיין ביסל קוילן דערצו.

— איצט קאָנען מיר זיך נעמען פֿאַר דער עמעסער אַרבעט, — האָט בערל אונטערגעמונטערט זײַנע כעווירע, בײַס זיי האָבן זיך אומגעקערט אין וואַלד. — נאָר פֿונדאַנען דאַרפֿן מיר זיך שוין אָפּטראָגן.

אַזוי צוביסלעך האָט אָנגעהויבן אויספּאָרמירן זיך אַן עמעסדיקער פּליִ־אָטריאַד, וואָס האָט אומגעריכט געקאָנט באַווײַזן זיך דאָרטן, ווו מע האָט אַף אים ניט געוואַרט, אָפּטאָן דאָס, וואָס מע האָט געדאַרפֿט אָפּטאָן, און טײַקעף ניט סטײַען.

אין איינער אַ נאַכט האָבן זיי אָנגעטראָפֿן אַף צוויי אומבאַקאַנטע לײַט. דער, וואָס האָט זיך געמאָלדן פֿאַר אַ לייטענאַנט, איז נאָך געווען אַ יונגינקער, אַ שטאַרק אויסגעמאָגערטער, דער צווייטער, שוין אַן עלטערער, איז געווען אַ פּאַשעטער רויטאַרמייער. ביידע שוין לאַנג ניט קיין געגאָלטע, שוין לאַנג ניט קיין אויסגעשלאָפֿענע און זייער לאַנג ניט געגעסן צו זאַט. נאָר די וואָנצעס באַם סאָלדאַט האָבן אויסגעזען, גלײַך ער האָט זיי אַלע טאָג אונטערגעשוירן.

געטראָפֿן אין אַרומרינגלונג, געשפּאַנט אין אַ קאָלאָנע געפֿאַנגענע, האָט זיי זיך אײַנגעגעבן אַנטלויפֿן. בלאָנדזשען זיי אַרום אין די קאַרפּאַטן, זוכן אַ מעגלעכקײַט דערקלײַבן זיך צו דער פֿראָנט־ליניע, אָדער טרעפֿן אין אַ פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד. פֿון זיי האָט זיך בערל דערוווּסט וועגן סטאַלינס רעדע, מיט וועלכער ער איז אַרויסגעטראָטן דעם דריטן יול, אין וועלכער ער האָט קלאָר געזאָגט, מיט וואָס דאַרפֿן זיך פֿאַרנעמען די פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדן: פֿאַרניכטן די פֿײַנטלעכע גאַרניזאָנען, צעשטערן די אײַזנבאַן־ליניעס, אופֿרײַסן די עשעלאָנען מיט מיליטערישן געווער און אַמוניציע... אופֿרײַסן, אופֿרײַסן.

— וויאַזוי אופֿרײַסן און מיט וואָס? — האָט בערל געפֿרעגט.

— דאָס דאַרפֿן מיר אַליין צוטראַכטן. איך בין אַ סאַפּיאָר, און איך ווייס, — האָט געענטפֿערט דער לייטענאַנט.

— וואָס ווייסטו? — האָט בערל געפֿרעגט.

— איך ווייס מיט וואָס און וויאַזוי. מע דאַרף זיך בלויז איבערבאַזירן.

— וואָס הייסט איבערבאַזירן? — האָט בערל ניט פֿאַרשטאַנען.

— מע דאַרף זיך אַריבערקלײַבן נעענטער צו דער אײַזנבאַן־ליניע, האַלטן זי די גאַנצע צײַט אונטער אונדזער אויפֿזיכט, פֿאַרבינדן זיך מיט די אַרטיקע אונטערערדלער.

— גוט, גוט, — איז בערל מאַסקים געווען. — און ווי רופֿט מען דיך?

— רופֿט מיך פּאַשעט פּעטיע.

— ניין, דאָס טויג ניט. דו וועסט דאָך זײַן מײַן ערשטער געהילף־נאַטשאַלניק. ווי הייסט עס בא אײַך?

— פֿון שטאַב מיינט איר?

— יאָ, פֿון שטאַב.

דער רויטאַרמייער האָט זיך אָנגערופֿן שוין אַנדערש. אָנגערופֿן בלויז די פֿאַמיליע — מאַקסימאָוו. און פֿונעם קורצן שמועס האָט בערל פֿאַרשטאַנען, אַז ער ווייסט זייער א סאַך, פֿיל מערער פֿון אים. און קאָן זייער קלאָר און איבערצײַגעוודיק אויסלייגן זײַנע געדאַנקען.

— און דו וועסט זײַן בא אונדז, ווי מירטשע, — האָט בערל אַרויסגערעדט מיט פֿאַרכאַפּונג.

— וואָס איז דאָס פֿאַר א מירטשע? — האָט מאַקסימאָוו ווי באַליידיקט זיך.

— אַנטשולדיק, כ'האָב ניט אַזוי אַרויסגערעדט. נאָר מירטשע... ע, ווען מיר האָבן איצט דאָ מירטשען. אָן עמעצער קאָמיסאַר געווען. וועסטו זײַן...

— א קאָמיסאַר?

— נו, יאָ... וואָסי, ס'איז דען שלעכט?

דײַטשישע גאַרניזאָנען זײַנען אונטערגעצונדן געוואָרן, עשעלאָנען מיט מיליטער און אַמוניציע זײַנען געפֿלויגן אינדערלופֿטן. און דער אָטריאַד איז אַלץ אַרומגעפֿלויגן פֿון איין אָרט אויפֿן צווייטן, אַלעמאָל זיך באַוויזן ערגעץ אַנדערש, און אַלעמאָל נאָך אָן אויפֿרײַס צי א סרייפֿע האָבן איבער די אַרומיקע דערפֿער זיך צעטראָגן קלאַנגען:

— ס'איז זייער אַרבעט!

— ווידער די בערקוטן!

— אָט דאָס הייסט בערקוטן!

— עמעסדיקע באַרג־אָדלערס!

די פֿענצטער זײַנען געווען פֿאַרהאַנגען, דאָס קאַנעצל האָט קוים געדעכעט, שטאַרק געטשאַדעט און דאָס פּיציניקע פֿײַערל האָט דראָענדיק אונטערגעשפּרונגען, אָט־אָט פֿאַרלעשט עס זיך. און איבער די טונקעלע ווענט זײַנען אַרומגעפֿלויגן צעפּאַלאַכעטע שאָטנדלעך. טאָדאָר איז געזעסן צוגעשפּאַרט מיט דער ברוסט צום טישל, פֿון מאָל צו מאָל זיך א רודעווע געטאָן, אויסהערנדיק די טרויעריקע דערציילונג און דערבײַ ניט איין מאָל א טראַכט געטאָן, אַז אין זײַנע כאַלוימעס וועגן בערלען איז טאַקע געווען עפּעס אַזוינס... פֿראַזינע האָט געריבן די צעקאַליעטשעטע פֿינגער, אין וועלכע עס האָט מיטאַמאָל אויפֿגעוואַכט דער דרעמלענדיקער ווייטיק, און געווישט, געווישט די אָנגעטרערטע אויגן.

— פֿרומע, פֿרומע, — האָט זי באַווײַנט איר פֿרײַנט און שאָכנטע. — ווי איז מיר, פֿרומע!

טאָדאָר האָט אַלץ באַקוקט די אומדערוואַרטע געסט, איבערגעוואָרפֿן דעם פֿלאַטערנדיקן בליק פֿון איינעם אויפֿן צווייטן, און אים האָט זיך געדוכט, אַז איינער פֿון זיי איז אים זייער באַקאַנט און ניט באַקאַנט. ענדלעך, האָט ער א פֿרעג געטאָן:

— דו זעסט מיר אויס באַקאַנט. ביסט פֿון די היגע?

— וואָס זשע, איר דערקענט מיך ניט? איך בין דאָך דאַוויד, מאַטל דעם קירזשנערס!

— אַזוי גאָר? — האָט טאָדאָר געשטוינט. — און איך זיץ און טראַכט. ווו האָב איך דיך געזען? און די שטים. אינגאַנצן דעם טאַטנס, נאָר אַזוי זיך ענדערן!

— אַזא צײַט...

— און דו ווער ביסט? — האָט טאָדאָר געפֿרעגט באַם צווייטן. — דיך געדענק איך אינגאַנצן ניט.

— איך בין... נו... איך בין בערלס א ברודער...

— בערלס א ברודער? עפּעס געדענק איך ניט, בערל זאָל מיר אַמאָל דערציילן וועגן א ייִנגערן ברודער.

— איך בין... ווי זאָל איך דאָס דערקלערן. איך בין פֿון די ציגײַנער.

— פֿון די ציגײַנער? ווי זשע קומסטו צו בערלען?

איז אַוועק א צווייטע, א קירצערע, נאָר ניט ווייניקער טראַגישע געשיכטע.

די ציגײַנערישע פּאַטשט... ווער ווייסט, וויאַזוי זי אַרבעט, וויאַזוי ווערן מינדלעך איבערגעגעבן פֿאַרשיידענע קלאַנגען אויף הונדערטער ווערסטן? אַזוי צי אַזוי, נאָר ס'איז געוואָרן באַוווּסט, אַז די דײַטשישע פֿאַשיסטן ברענגען אום די ציגײַנער אומעטום, ווו זיי טרעפֿן אָן אויף זיי. מיט וואָס האָבן

די ציגײַנער אַרויסגערופן אַזאַ האַס בא די היטלעראָווצעס? נאָר דאָס זעלבע קאָן מען פרעגן אויך בענעגייע די ייִדן. און ביכלאַל פרעגן קאָן מען שטעלן אַ סאַך. די גאַנצע מענטשנפּרעסערישע פּאָליטיק און פאַרברעכערישע מײַסים פון די פאַשיסטישע גאַרגלשנײַדער איז געווען און געבליבן אומזיניק, ליגט זיך ניט אַפּן מענטשלעכן סייכל.

וווּהין אַנטלויפן, ווו אויסבאַהאַלטן זיך האָבן די ציגײַנער ניט געוווּסט. נאָר וואַנדערן זײַנען זיי געווען געוווינט. פיל דורעס האַלטן זיי אין איין אַרומוואַנדערן. האָבן זיי אַרומגעיאָגט פון איין אָרט אַפן צווייטן, וואָס ווײַטער פון די אומרויִקע וועגן, וואָס ווײַטער פון מענטשלעכע יִשוווים, וואָס ווײַטער פון די בלוטיקע שלאַכטן, געפּרווירן, געהונגערט און נאַכגעשפּירט נאָך די ראַשיקע און פאַרטויבנדיקע מאַרשן פונעם דײַטשישן מיליטער, קעדיי ווי ווײַט מעגלעך זיי אויסמײַדן.

אַזוי האָט אויך אַרומגעוואַנדערט דער טאַבאָר, אין וועלכן בערל האָט אָפּגעלעבט אײנעם אַ הייסן, אומפאַרגעסלעכן זומער. מאַריוצעס בייזער טאַטע איז צו יענער צײַט שוין ניט געווען, געשטאָרבן מיט עטלעכע יאָר צוריק, און מאַריוצע, וואָס האָט פיל יאָרן, אַן אײנזאַמע און אַ דערשלאָגענע, אַרומגעבלאָנדזשעט פון דאָרף צו דאָרף, פון איין פרעמדן טאַבאָר צו אַ צווייטן, האָט זיך אומגעקערט צו אירע אייגענע, געוואָרן, ווי אַ מאַמע, פאַר אירע קלענערע ברידערלעך און שוועסטערלעך. אַ שטיקל צײַט האָט זי זיך אײַנגעגעבן אויסמײַדן דאָס, וואָס האָט שוין געטראָפן מיט אַנדערע טאַבאָרס. נאָר אין אײנער אַ נאַכט...

זיי זײַנען געווען זיכער, אַז מיט די היטלעראָווצעס שמעקט דאָ אַפילע ניט. אין יענע מעקוימעס האָבן באַלעבאַטעוועט די רומענער, און די דײַטשן האָבן דאָרטן זיך באַוויזן זייער זעלטן. אָפּגעשטעלט זיך אַף אַ גרינער לאָנקע הינטער אַ וואַלד, האָבן זיי אָפּגעפּראַוועט זייער ביטרײַכע וועטשערע און זיך געלייגט שלאָפן אָן לידער און אָן טענץ. בלויז עטלעכע כעוורע האָבן געהיט די פערד, וועלכע מע האָט אָפּגעלאָזט אַף פּאַשע.

פונוואַנען האָט זיך גענומען און וווּהין האָט געיאָגט יענער דײַטשישער טייל? צי זײַנען דאָס געווען פראָנט־סאָלדאַטן, צי אײנע פון יענע שרעקלעכע זאָנדערקאָמאַנדעס? נאָר אַלץ איז געשען אין געציילטע מינוטן: די שיסערײַ, די אופרײַסן און די סרייפע, אין וועלכער עס איז פאַרברענט געוואָרן אַלץ — די וועגענער, די בוידן, און אַלע די, וואָס זײַנען געשלאָפן אונטער זיי... און שוין... פונעם גאַנצן טאַבאָר איז געבליבן אַ קופּע אַש. בלויז צוויי יונגע ציגײַנער, וואָס האָבן געפּאַשעט די פערד אַ ביסל ווײַטער פונעם טאַבאָר, האָבן באַוויזן אַנטלויפן. אַ צײַט האָבן זיי אַרומגעבלאָנדזשעט, געשפּײַזט זיך מיט דעם, מיט וואָס דער וואַלד האָט זיי געקאָנט שפּײַזן, שטאַרק פאַרוואַקסן געוואָרן, נאָך מערער אויסגעמאָגערט, נאָך מערער פאַרקויטיקט, אין הוילע שמאַטעס. און ווידער — ביז אײנער אַ נאַכט. אומגעריכט האָבן זיי אָנגעטראָפן אַף אַ באַוואָפנטער וואַך. מע האָט זיי אָפּגעשטעלט, באַפוילן אופהייבן די הענט, באַזוכט און ניט געפונען גאָרנישט ניט, וואָס זאָל אַרויסרופן אַ כשאַד, האָט מען זיי פאַרבונדן די אויגן און אַוועקגעפירט.

— וווּהין פירט איר אונדז? — האָבן זיי געפרעגט.

— אָט וועלן מיר אײַך ברענגען צו אונדזער קאָמאַנדיר, וועט ער שוין זאָגן, וואָס צו טאָן מיט אײַך.

ווען מע האָט זיי געבראַכט צום קאָמאַנדיר און פאַנאַנדערגעבונדן די אויגן, זײַנען זיי צוגעפאַלן צו אים, און ביידע, אין איין קאָל:

— בערולאַ, בערולאַ! — האָבן זיי געיאָמערט. — אונדזער בערולאַ!

בערל האָט באַקוקט די צוויי יונגע ציגײַנער מיט ניט ווייניקער כשאַד און שטרענג געפרעגט:

— וואָס פאַר אַ בערולאַ? ווער זײַט איר?

— וואָס הייסט ווער? מאַריוצעס קלענערע ברידערלעך! און מאַריוצע... זי האָט אונדז געזאָגט, אַז דו ביסט אונדזער עלטערער ברודער. פאַרוואָס ביסטו יענע נאַכט אַוועק? מיר האָבן אַזוי געבענקט נאָך דיר! און מאַריוצע...

— ווו איז מאַריוצע?

— ניטאָ, ניטאָ מאַריוצע! קיינער ניטאָ... אַלע, אַלע... פאַרברענט געוואָרן אין איין אויגנבליק! די פאַשיסטן!

ווייִנענדיק און היכצנדיק, איבערשלאָגנדיק אײנער דעם אַנדערן, האָבן זיי דערציילט, וואָס איז געשען אין יענער שרעקלעכער נאַכט.

בערל האָט אַ דערשיטערטער אויסגעהערט זייער דערציילונג און בייסמײַסע געביסן די ליפּן ביז בלוט. אונטער זײַן האַריקער ברוסט איז געוואָרן מוירעדיק ענג אַף פאַרדעכעט צו ווערן, און די אויגן האָבן זיך צעפלאַקערט, איבערגעפולט מיט ווייטיק. וויפל ליבע און אייגענע האָט ער פאַרלוירן פאַר אַזאַ קורצער צײַט!

מיט ביידע הענט אַרומגעכאַפּט דאָס פּאָנעם, האָט ער צעהוידעט דעם קאָפּ אַף רעכטס און אַף לינקס, אַזוי, ציגײַנעריש געהוידעט און ניט צעוויינט זיך, נאָר בייז אַ וואָיע געטאָן און צאָרנדיק אַ

קריץ געטאָן מיט די ציין. די צוויי ברידערלעך, איצט שוין געזונטע כּוורע, עמעסדיקע גיבורים, זײַנען געזעסן נעבן אים און אויך אַזוי געהוידעט מיט די קעפּ. געהוידעט שווײַגנדיק און שטילן טרויער נאָך די, וועמען זיי האָבן שוין ניט אײן מאָל באַווײנט.

— מאַריוּצע, מאַריוּצע, — האָט אים געוואָלט זיך אויסשרײַען, און ער האָט מיט אַלע קויכעס געשטיקט אין זיך דעם ווייטיקפולן גוואַלד.

און ווי עס האָט אָפּטמאָל מיט אים געטראָפן אין אַזעלכע פאַלן, איז דאָס געווען ניט קיין דער מאַנונג, אפילו ניט קיין זעונג, עס האָט אַ בליץ געטאָן אין מויער און אין אײן אויגנבליק אים אַריבערגעטראָגן, ריכטיקער, אַ שלײַדער געטאָן אין יענער ווײַטער נאַכט, ווען ער האָט דאָס לעצטע מאָל זיך געזעגנט מיט מאַריוּצען. געווען איז דאָס אפילו ווי ניט קיין איבערכאַזרונג, נאָר גלײַך ער לעבט איבער צום ערשטן מאָל יענע נעכט, ווען ער האָט אָן אַנטוישטער זיך אומגעקערט אהיים פון סאַדעגורע, נאָך דעם, ווי ער האָט זיך געזעגנט מיט זײַן ברודער.

...ער איז געזעסן אין פעלד בײַ אַ שײַטער, געהריזעט אַ נאַרוואָס אָפּגעבראָטענע יונגע פּשעניטשקע און געקוקט אויפן אויסגעשטערנטן הימל. אַזוי איז ער אײַנגעשלאָפן געוואָרן. געכאַלעמט האָט זיך אים מאַריוּצע. זי זיצט אויף דער ערד צווישן די אַלטע ציגײַנערטעס און זינגט אַרויס אײַנעם מיט זיי יענע שטילע ניגנדלעך, וואָס זײַנען ענלעך אויף אַ טפילע. און פון זייער שטילן געיאָמער הייבט אָן בראָטן באַם האַרצן. טאַקע פון אָט דער בראָטעניש האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און אַ דערשראָקענער אָנגעהויבן רײַבן די אָפּגעבריטע באַק. קעגן אים איז געזעסן מאַריוּצע. זי האָט געהאַלטן אין דער האַנט אַ טליענדיקע האַלעוועשקע, און דאָס האָט זי, אומיסטן צי ניט אומיסטן, אים ברי געטאָן די באַק.

— ווי קומסטו אַהער? — האָט ער אויסגעשריִען.

— וואָס שרײַסטו אַזוי, גלײַך איך וואָלט געווען דײַן ווײַב? — האָט זי אַ שפּאַס געטאָן. זי האָט אים אַ נעם געטאָן פאַר דער האַנט, און אַרויסגערעדט אַזוי, ווי מע שטילט אײַן אַ קינד:

— באַרויק זיך און פרעג מיך נאָכאַמאָל: ווי קום איך אַהער?

— נו, טאַקע, ווי קומסטו אַהער? — האָט ער געפרעגט מער רויִקער.

— איך בין אַנטלאָפן פונעם טאַבאָר.

— פאַרוואָס?

— דער טאַטע האָט געוואָלט פראַוון אַ כאַסענע מיט יענעם. האָב איך געזאָגט: „סײַדן נאָך מײַן טויט!" האָט ער מיך אַ וואַלגער געטאָן אויף דער ערד און מיט זײַן לאַנגער בײַטש דאָס גאַנצע לײַב צעפּאַסעוועט.

אין אײן אויגנבליק האָט זי אַראָפּגעריסן פון זיך דאָס העמד, אַ כאַפּ געטאָן זײַן האַנט און אַ פיר געטאָן מיט איר איבער אירע פּלייצעס.

— שוין לאַנג איז דאָס געווען? — האָט בערל געפרעגט אַ דערציטערטער.

— נאָך מיט אַ יאָר צוריק.

— און די גאַנצע צײַט?

— יאָ. פון יענער נאַכט, איך האַלט אין אײן אַרומבלאָנדזשען. איך גיי אַרום און זוך.

— וואָס זוכסטו? וועמען זוכסטו?

— ס'הייסט וועמען? דיך האָב איך געזוכט... אָט דאָס בין איך געווען אין ווערביוּוקע, נאָר דיך ניט געטראָפן.

— פונוואַנען האָסטו געוווסט?

— ציגײַנער ווייסן אַלץ. עס גייט זיך איבער פון טאַבאָר צו טאַבאָר...

מיטאַמאָל איז מאַריוּצע אַנשוויגן געוואָרן און גענומען פּאַנאַנדערשאָקלען דעם קערפּער אויף רעכטס און אויף לינקס. טאַקע אַזוי, ווי דאָס איז געווען אין כאָלעם. און איר געזאַנג, דער שטילער געיאָמער איז געווען אויך אַזוי, ווי אין כאָלעם.

די קלײנינקע פײַערלעך פונעם טליענדיקן שײַטערל זײַנען אַרומגעשפּרונגען איבער איר פּאָנעם, און בערל האָט באַמערקט די טיפע קנייטשן, וואָס האָבן זי געמאַכט פיל עלטער, ווי אינדערעמעסן. אפילו אירע לאַנגע צעפּאַטלטע האָר, וואָס האָבן זיך געוויגט איבער אירע פּלייצעס, זײַנען ניט געווען אימשטאַנד אויפשטעלן דאָס געשטאַלט פון יענער פאַרשײַטער, פלאַמיקער און העפקערדיקער ציגײַנערטע.

אויסגעזונגען, ווי אויסגעוויינט זיך, האָט מאַריוּצע אָנגעהויבן אַרויסשעפּטשען עפּעס צו זיך אַלײן, ווי געפּרוווט פּאַרטײַטשן דאָס, וואָס זי האָט אַרויסגעזונגען אָן ווערטער. דערנאָך האָט זי אָנגעהויבן אַ ביסל העכער:

— אָט אַזוי בלאָנדזשע איך אַרום און ווייס אַלײן ניט ווער איך בין. און דו ווייסט ווער דו ביסט? שווײַג, שווײַג. מע דאַרף ניט רעדן. איך טראַכט פּאַשעט. זייער לאַנג טראַכט איך. מיסטאָמע

בין איך א שלעכטע ציגײַנערטע, אויב איך האָב ניט געקאָנט ליב באַקומען א ציגײַנער. און דו... מיסטאָמע ביסטו אויך... א שלעכטער ייִד. נאָר סײַווי, א ציגײַנער וואָלסטו אויך געווען א שלעכטער.

בערל האָט א דערשיטערטער זיך אײַנגעהערט אין אירע רייד, גלײַך זי וואָלט אים עפּעס געוואָראַזשעט. ער האָט געקלײַבן זיך עפּעס זאָגן, מיט עפּעס דערווידערן איר, נאָר מאַריוצע האָט צוגעלייגט די האַנט צו זײַן מויל.

— מע דאַרף ניט, מע דאַרף גאָרנישט ניט זאָגן. איך וויל וויסן נאָר איין זאַך. מענטשן ווערן דאָך געבוירן צוליב ליבע, פאַרוואָס איז דאָס לעבן אַזוי פול מיט סינע? עפּשער אים גלײַכער ניט געבוירן ווערן, האַ?

די דאָזיקע ווערטער האָבן איצט א קלוגג געטאָן אין זײַנע אויערן מיט א פרישן גוואַלד, גלײַך ער האָט דערהערט איר געשריי בײַס איר שוידערלעכן גויסעס אינעם פלאַם פון יענער שרעקלעכער סריפע.

— מאַריוצע, מאַריוצע! — האָט זיך געריסן פון אים זײַן אייגענער גוואַלד און ער האָט אים ווידער דערשטיקט, בלויז א וואָיע געטאָן מיט ניט קיין מענטשלעכער שטים.

ער האָט אפסנײַ באַקוקט די צוויי יונגע ציגײַנער־גיבוירים און זיך דערמאָנט יענעם זומער, ווען די צוויי כעווראַ זײַנען געווען נאָך שנעקלעך. אַרומגעקראָכן איבער דער בויד האַלב־נאַקעטע, שטענדיק פאַרשלאָפענע, שטענדיק פאַרקויטיקטע און שטענדיק הונגעריקע. און אפילו איצט, אין זייער גוווירישן ווּקס, האָבן זיי אים זיך געדוכט קינדערש־פאַריאָסעמטע, קײַלעכדיקע יעסוימים, וועלכע האָבן אָנגעוווירן ניט נאָר טאַטע־מאַמע, נאָר זייער גאַנצן שטאַם, זייער ניט איבעריק געמיטלעכע נעסט, דעם גאַנצן פילדווירעסדיקן אַרט לעבן זייערן.

געווען אין דעם אַזויפיל ענלעכס און ביטערלעך־קרויווישס מיט זײַן אייגענעם צושטאַנד, און פון אַט דעם געפיל, וועלכן אים אליין איז דערווײַל שווער געווען באַנעמען און אויסטײַטשן, האָט אים נאָך מערער פאַרקלעמט דאָס האַרץ.

— וואָס זשע זאָל איך טאָן מיט אײַך? — האָט ער אַרויסגערעדט צו זיך אליין.

— בערולא, בערולא! — האָבן ביידע בעטנדיק אויסגערופן. — מיר ווילן בלײַבן בא דיר!

— און וואָס קאָנט איר, וואָס קאָנט איר טאָן בא מיר?

— מיר קאָנען, מיר קאָנען אַלץ! — האָט פאַרזיכערט איינער, און דער צווייטער האָט גלײַך אונטערגעכאַפּט:

— מיר קאָנען גאַנווענען פערד!

בערל האָט א ציטער געטאָן, דערמאָנט זיך יענע נאַכט, ווען זייער טאַטע האָט אים גערופן, ער זאָל גיין מיט אים אַרויסגאַנווענען א פערד, און ער האָט זיך אָפּגעזאָגט. קיין פערד־גאַנעוו האָט ער ניט געוואָלט ווערן און דערפאַר געמוזט פאַרלאָזן דעם טאַבאָר. אפילו זיך ניט געזעגנט מיט מאַריוצען.

געמיינט, אַז בערל צווייפלט, האָט דער צווייטער, דער עלטערער, דערקלערט פיל ברייטער:

— מיר קאָנען זיך אונטערגאַנווענען וווּהין איר ווילט. שטיל און אומבאַמערקט. מיר וועלן זיך ניט פאַרבלאָנדזשען אין סאַמע געדיכטן וואַלד, אין דער גרעסטער פינצטערניש. מיר קאָנען געפינען און פאַרפינקטלעכן אַלע וועגן און אַלע ריכטונגען לויט די שטערן.

— און דערשטיקן א פאַשיסט וועט איר קאָנען? — האָט בערל געפרעגט.

— אוך! — האָבן ביידע אויסגעשריִען צאַרנדיק און א ווײַז געטאָן די צונויפגעפרעסטע פויסטן.

— איז וואָס באַשטימען מיר? — האָט בערל געפרעגט בא זײַן שטאַב־נאַטשאַלניק.

— פערד וועלן אונדז צוניץ קומען, — האָט געענטפערט דער לייטענאַנט, וועמען אַלע האָבן טאַקע גערופן פּעטיע. — און א וואָגן אויך. און ווי איך זע, וועלן זיי בא אונדז זײַן גוטע אויספירער.

— פערד וועלן זײַן! — האָט א דערפרייטער אויסגעשריִען דער עלטערער.

— און א וואָגן אויך! — האָט צוגעגעבן דער ייִנגערער.

אָט אָט די פערד און אָט יענעם וואָגן, ריכטיקער, שליטן, זײַנען זיי איצט געקומען אַהער.

— און וווּ שטייען זיי, אײַערע פערד־און־שליטן?

— דאָרטן, נעבן די שטיינגריבער. אַזוי האָט אונדזער קאָמאַנדיר געהייסן. דאָרטן זײַנען געבליבן נאָך צוויי כעוורע.

— און פאַרוואָס איז בערל אליין ניט געקומען, — האָט טאָדאָר געפרעגט, אָן אויפגערעגטער דערפון, וואָס עס זײַנען דערמאָנט געוואָרן די שטיינגריבער.

— ער האָט זייער געוואָלט, — האָט דאָוויד ווי פאַרענטפערט אים. — ער האָט מאַמעש זיך געריסן אַהער. נאָר אונדזער קאָמיסאַר, און מיר אַלע... מיר האָבן באַשטימט, אַז ער טאָר ניט. מיר האָבן ביכלאַל באַשטימט אין ערגעץ אים מערער ניט לאָזן. שוין צו א היציקער. זייער א ריזיקאַלער מענטש, אונדזער קאָמאַנדיר.

— נאָך וואָס זשע זײַט איר געקומען? — האָט טאָדאָר געפרעגט דאָס, וואָס איז די גאַנצע צײַט אים געלעגן אויפן צונג.

— נאָך ברויט, — האָט דאָוויד געענטפערט.

— נאָך ברויט? — האָט טאָדאָר איבערגעפרעגט. — וואָס הייסט נאָך ברויט?

— ווער וואָס קאָן און וויל געבן: מעל און קאַרטאָפל, גרויפן און בריגזע, און ציבעלעס אויך. און קנאָבל אפילו.

— ווי זשע מאַכט מען דאָס?

— בערל האָט געזאָגט, איר זאָלט צוגיין צו סושינסקין. ער וועט עפּעס צוטראַכטן. אַרויסגערעדט דאָס און צוגעגעבן גאָר מיט אַן אַנדער שטים:

— אוי, וואָלט איך געוואָלט כאָטש פֿונדערווײַטנס אַ קוק טאָן אויף אונדזער שטוב.

— וואָס איז דאָרטן דאָ צו קוקן? זי איז געבליבן אַזאַ ווי געווען. און נאָך וואָס קריכן אַהין, ווו עס שנאָרען אַרום די באַנאַכטיקע היצלעס?

ער האָט אַ ביסעלע צוגעלײַגט, טאָדאָר. מאָטל דעם קירזשנערס שטוב איז ווי אַלע ייִדישע הײַזער געווען ווײַט ניט אַזאַ, ווי געווען. און די געפּאַר איז עפּשער אויך געווען אַן איבערגעטריבענע, באַזונדערס פאַר אַזאַ געניטן פּאַרטיזאַן. נאָר טאָדאָר האָט ניט געוואָלט, אַז דאָוויד זאָל זען דעם שרעקלעכן כורבן פֿון זייער ייִדיש געסל.

— איר זײַט עפּשער גערעכט, — איז דאָוויד מסכּים געווען. — שוין אַן אַנדערש מאָל.

ער האָט ניט געקאָנט וויסן, אַז קיין אַנדערש מאָל וועט ניט זײַן.

פּראַזיגע, וואָס האָט די גאַנצע צײַט שטיל צוגעקרעכצט און בלויז געריבן די פֿינגער, האָט פּלוצלינג זיך אָנגערופֿן:

— טאָדאָר, עפּשער איבערפּעקלען צו זיי סענדערן?

— וואָר רעדסטו, — האָט טאָדאָר איר פֿירגעוואָרפֿן. — וואָס הייסט איבערפּעקלען? און ווער ווייסט ווו ער איז, סענדער?

— סענדער איז דאָ? ער לעבט? — האָט דאָוויד געשטוינט אַ דערפֿרייטער.

— ווער ווייסט? מע זאָגט... — האָט טאָדאָר דערקלערט.

און פּראַזיגע ווידער:

— וואָס הייסט, ווער ווייסט? מיכײַלאָ סושינסקי ווייסט!

— נו, מיר מוזן שוין גיין. — דער ציגײַנער האָט זיך אויפגעהויבן און אַ ווונק געטאָן צו טאָדאָרן. — מאָרגן אַרום אַ האַלבער נאַכט וועלן מיר צופֿאָרן מיטן שליטן.

מיט מיכײַלאָ סושינסקין איז טאָדאָר קיין נאָענטער פֿרײַנט קיינמאָל ניט געווען. און ווען טאָדאָר האָט זיך צעקריגט מיט מירטשען איבערן קאָלווירט, זײַנען זיי געוואָרן נאָך מערער דערווײַטערט. אַ ביסל האָט זיי דערנענטערט דאָס, וואָס פּראַזיגע איז געווען דאָרט, ווו מיכײַלאָ, און זיך אָנגעליטן, זעט אויס, מערער פֿון אים. און דאָס, וואָס זיי ביידע, מיכײַלאָ און פּראַזיגע, האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן צו סענדערן, ווען יענער איז אומגעפֿאַלן, האָט אויך געקאָנט עפּעס זאָגן. נאָר פֿאַר מיכײַלען איז פּראַזיגע געווען אייגנס און טאָדאָר עפּעס אַנדערש. דערפֿאַר איז ער געווען שטאַרק פֿאַרוווּנדערט, ווען טאָדאָר איז אין איינעם אַ פֿריִען באַגינען אַרײַנגעקומען צו אים אין שטוב, און נאָך מערער געשטוינט, אויסהערנדיק טאָדאָרס דערציילונג וועגן די באַנאַכטיקע געסט און נאָך וואָס זיי זײַנען געקומען.

— מאַלאַדיעץ אונדזער בערל, — האָט מיכײַלאָ אַרויסגערעדט. ער איז גלײַך אַנשוויגן געוואָרן, דערנאָך זיך אָנגערופֿן צו טאָדאָרן מיט גאָר אַן אַנדער שטים, אַ שטרענגע און אַ וואָרענענדיקע:

— גיי אַהיים און מערער זאָלסטו הײַנט אין ערגעץ ניט גיין. איך וועל שוין אַליין איבערגעבן וועמען מע דאַרף. און נאָך אַ זאַך: פֿון פֿריִען אָוונט זאָל בא דיר ברענען די שײַן.

— וויל איך אײַך אויך בעטן. זאָגט אָן אַלעמען, זיי זאָלן גיין מיט די אויסגעטראָטענע סטעזשקעלעך. ווער דאַרף עס האָבן פֿרישע שפּורן אויפן שניי?

די צווייטע נאַכט, ווען אויפן בערגל ניט ווײַט פֿון טאָדאָרס שטוב האָט זיך אָפּגעשטעלט דער שליטן און פֿיר געזונטע כעוורע האָבן אָפּגיך אַריבערגעטאַסקעט אַהין אַלץ, וואָס מע האָט צונויפֿגעטראָגן פֿון פֿיל דאָרפֿישע הײַזער, האָט פּראַזיגע ווידער געפֿרעגט:

— און ווי וועט זײַן מיט סענדערן?

— וואָס ווילסטו פֿון מיר? — איז טאָדאָר בייז געוואָרן. — איך ווייס ניט פֿון קיין שום סענדערן! ס'איז געווען טאַקע אַזוי, נאָר ניט אינגאַנצן אַזוי.

# 9

ווען מיכײַלאָ סושינסקי איז צוגעקומען צו סענדערן, אַראָפּגענומען פֿון זיך דעם קעפּטאַר און אַרופֿגעלייגט אױף סענדערס פּלייצעס, וועלכע זײַנען שוין געווען צוגעדעקט מיט פּראַזינעס לײַלעך, האָט דער אויפֿעם דאָס אופֿגענומען, ווי אַן אויסדרוק פֿון ריינעם מענטשלעכן מיטגעפֿיל, זאָל זײַן אַפֿילע פֿון צוויי געשמיסענע צו אַ דריטן. נאָר נאָך דעם איז געשען אַזױנס, וואָס האָט שוין אין דעם שמאָלן און ענגן באַגריף ניט געקאָנט זיך אײַנמאָסטען. די לעצטע זעקס דריקלעך, וואָס האָבן זיך נאָך געדאַרפֿט אַראָפּלאָזן אױף סענדערס פֿאַרבלוטיקטע פּלייצעס, זײַנען געבליבן הענגען אינדערלופֿטן. צי האָט דאָס באַמערקט נעסטאָר, די שוואַרצע וואָראָנע, וואָס האָט אַזוי וואַכזאַם און בלוטדורשטיק נאָכגעקוקט נאָך דער עקזעקוציע? עפּשער יאָ און עפּשער ניין. אָן אַנגעשראָקענער מיט דעם, וואָס עמעצער האָט אים אַרײַנגעברומט אין אויער, האָט ער באַפֿוילן אוועקשלעפּן סענדערן צוריק אין קעלער און אָפּגיך אוועק צו זיך קיין דראָגיוועץ.

וואָס זשע איז אַזױנס געשען מיט סושינסקין? ווען די צוויי רומענישע זשאַנדאַרמען האָבן אַ הייב געטאָן סענדערן און אוועקגעשלעפּט צוריק אין קעלער, איז סושינסקי אוועק נאָך זיי. ער האָט פּאַשעט געוואָלט צוקוקן, ווי סענדער שטעלט די פֿיס. נאָר אים האָבן דערשיטערט ניט אַזוי די פֿיס, ווי דער קאָפּ. ער האָט זיך געבאָמבלט, ווי בײַ אַן אופֿגעהאַנגענעם, שטאַרק פֿאַרבויגן אַראָפּ. האָט ער שוין געמוזט זיי אַריבעררײַאָגן, ער זאָל קאָנען אַ קוק טאָן אין זײַנע אויגן. נאָר די אויגן זײַנען געווען צוגעמאַכט, ווי בײַ אַ באַרמינען. און טאַקע די פֿיס... ער האָט זיי געשלעפּט, ווי געליימטע, און ניט געקאָנט אײַנבייגן. ניט קיין פֿיס, נאָר צוויי קלעצער.

איז ער זיי נאָכגעגאַנגען די גאַנצע צײַט, ביז מע האָט דערשלעפּט סענדערן צום קעלער, אָן עפּן געטאָן דאָס טירל און אַראָפּגעשלײַדערט. סושינסקין האָט זיך געדוכט, אַז ער הערט, ווי סענדער האָט זיך אַ קײַקל געטאָן איבער די עטלעכע טרעפּלעך און אַ קלאַפּ געטאָן זיך מיטן צעמאַזיקטן קערפּער אינעם צעמענטענעם דיל.

— איצט מעג ער דאָרטן פּייגערן, — האָט זיך אָנגערופֿן איינער פֿון די זשאַנדאַרמען.

— ער וועט ביז טאָג ניט דערלעבן, — האָט סושינסקין ווי אַ שניט געטאָן אין מויער.

דאָס האָט אים געצוווּנגען אָפּשטעלן זיך אַ ביסל ווײַטער און צוקוקן, ווי דער קעלער ווערט באַוואַכט. די צוויי זשאַנדאַרמען זײַנען, אַפּאָנעם, געווען זיכער, אַז סענדער זשיפּעט קוים און אַפֿילע ניט צוגעשלאָסן דעם קעלער, בלויז צוגעמאַכט דאָס טירל. איינער פֿון זיי איז אַוועק, און דער צווייטער האָט זיך צוגעזעצט אַפֿן פּריזבעלע און צוגעשפּאַרט די ביקס צום רעכטן אַקסל.

— מע דאַרף אים ראַטעווען!

דאָס איז שוין געווען ניט בלויז אַ געדאַנק, נאָר אַ פֿאָדערונג, וואָס סושינסקי האָט אַרויסגערעדט קימאַט אינדערהויך. אופֿגענומען דאָס ווי אַ באַפֿעל פֿאַר זיך אַליין, האָט ער פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס איז ניט פֿון די גרינגע זאַכן, און אַז איינער אַליין וועט ער דאָס ניט אָפּטאָן. מע דאַרף צוקלײַבן אַ פּאָר געהילפֿן. האָט ער שוין געמוזט טראַכטן וועגן זאַכן, וועגן וועלכע ער האָט ביז איצט קיינמאָל ניט געטראַכט. ער האָט אָנגעהויבן איבערקלײַבן אין די געדאַנקען די כעוורע, וואָס פֿלעגן זיך צונויפֿקומען אין קלוב אױף די קאָמיוגישע פֿאַרזאַמלונגען. זיי האָבן אים קיינמאָל ניט אינטערעסירט, די דאָזיקע פֿאַרזאַמלונגען, ער האָט זיי ביכלאַל געהאַלטן ניט פֿאַר קיין ערנסטער זאַך, נאָר איצט, איבערעכענענדיק פֿאַר זיך די נעמען פֿון די, וואָס פֿלעגן זיך צונויפֿקומען אין קלוב, האָט ער אָפּגעקליבן צוויי. ער האָט ניט געוווּסט, ווער פֿון זיי זײַנען געווען קאָמיוגיסטן און ווער ניט. נאָר ער האָט בײַ זיך באַשטימט, אַז אױף אָט די צוויי, אױף סטאַסיקן און וואַסילקען, קאָן מען זיך פֿאַרלאָזן.

— יאָ, סטאַסיק און וואַסילקע, — האָט ער פֿאַר זיך איבערגעכאַזערט. — זיי מעג מען פֿאַרטרויען.

ס'איז געווען פֿריִער אָוונט, שוין צײַט געווען אָפּטאָן בײַ זיך אין הויף אַלע אַרבעטן, וואָס ווערן אָפּגעטאָן אין דער צײַט. אַלענע האָט שוין געוויס צוגעגרייט די וועטשערע, נאָר סושינסקי האָט די אַלע זאַכן אָפּגערוקט אױף אַ זײַט, און אַ זאָג געטאָן צו זיך:

— איך וועל פֿריִער אַרײַנגיין צו סטאַסיקן.

אַרויסגערופֿן סטאַסיקן אין דרויסן און שטאַרק דערמיט אָנגעשראָקן, האָט ער אים געזאָגט בלויז עטלעכע ווערטער:

— גיי שוין און רוף אַרויס וואַסילקען. איך דאַרף זיך מיט אײַך דורכריידן. איך וועל וואַרטן אױף אײַך נעבן מײַן שטוב.

סטאַסיק און וואַסילקע זײַנען געווען ווײַט ניט קיין גלײַכע פּאָר. סטאַסיק נידעריק און ברייטפּלייציק, אַ ביסל צו פּולבלעך פֿאַר זײַן ניט הויכן וווּקס, און וואַסילקע פֿאַרקערט — אַ לאַנגער דראָנג. נאָר ביידע, אַכצניאָריקע, צי נײַנצניאָריקע, האָבן פֿאַרמאָגט אין די הענט גענוג קויעך. דאָס

האָט סושינסקי געוווּסט. און נאָך האָט ער געוווּסט, אַז זיי זײַנען ניט קיין פּאַכדאָנים. דאָס זײַנען זיי, סטאַסיק און וואַסילקע, אין יענער שרעקלעכער נאַכט אוועקגעלאָפן פאַרויס און אָפּגעזוכט מירטשען.

— סענדער וועט אין קעלער ביז טאָג ניט דערלעבן, — האָט ער אַן שום אַרײַנפיר אַרויסגערעדט, ווי נאָר די כּוורע זײַנען צוגעקומען.

— נו איז וואָס? — האָט סטאַסיק געפרעגט.

— דאַרף מען אים אַרויסראַטעווען.

— ווי־אַזוי? — האָט געפרעגט וואַסילקע.

— פאַראַן צוויי װאַריאַנטן, — האָט סושינסקי אַרויסגערעדט האָט וואָס ער האָט באַוויזן באַטראַכטן. — די טיר פונעם קעלער איז ניט פאַרשלאָסן. איז אויב דער זשאַנדאַרם וועט שטאַרק שלאָפן, טראָגן מיר אים שטיל אַרויס. און אויב ער שלאָפט ניט, אָדער ער כאַפּט זיך אויף פונעם שלאָף דאַן, ווען מע דאַרף ניט... נו, דעם זשאַנדאַרם נעם איך אויף זיך. אײַער זאַך איז אַרויסטראָגן אים.

— און וווּהין אַוועקטראָגן?

— צו מיר.

דאָס האָט זיך אַרויסגעכאַפּט בײַ אים אומגעריכט. ווײַל גראָד אָט די „קלײניקײט" האָט ער ניט באַוויזן באַטראַכטן. ער האָט דערנאָך אַליין זיך געוווּנדערט, ווי־אַזוי גרינג ער האָט אַרויסגערעדט די צוויי ווערטער. און אַ טראַכט געטאָן וועגן זײַן אַלענען. און וועגן זיך אַליין אויך. ווי־אַזוי וועט ער דאָס אַלץ איר דערקלערן און וואָס וועט זי דערויף ענטפערן? און בכּלל, ווי־אַזוי וועלן זיי דאָס אַלץ אײַנאָרדענען? נאָר דאָס איז שוין אַן אַנדער איניען. אַן איניען אויף דערנאָך. דעריבער איז איצט — אַרויסראַטעווען אים פון דאָרטן.

— איז ווען גייען מיר זיך צונויף? — האָט סטאַסיק געפרעגט, קוים אײַנהאַלטנדיק אין זיך דעם פלאַטער.

— אַרום האַלבער נאַכט. — האָט סושינסקי געענטפערט. — מירן זיך צונויפקומען אין סעדל אונטערן קעלער. מירן פריִער אַ קוק טאָן, ווי האַלט עס מיטן וועכטער, דערנאָך...

אַלענע איז געווען שטאַרק באַאומרויִקט דערפון, וואָס איר מיכײַלאַ איז אַזוי לאַנג ניטאָ, און, דערלאַנגענדיק די וועטשערע, געפרעגט:

— ווו ביסטו עס פאַרפאַלן געוואָרן?

— פאַראַן אַן איניען, — האָט ער אָפּגעענטפערט, קײַענדיק די שוין אָפּגעקילטע מאַמעליגע.

— וועלכער איניען?

— אַזאַ איניען...

אַ ווײַלע האָט ער זיך געקווענקלט, און דער טיפער זיפץ זײַנער איז געווען ווײַער ענלעך אויף אַ קרעכץ. דערנאָך אַרויסגערעדט אפגיך, גאַנץ האַסטיק, ווי מוירע געהאַט אָפּשטעלן זיך:

— מע דאַרף צוגרייטן אַפּן בוידעם אַ ווייך און וואַרעם געלעגער. נו, אַ ביסל פריש היי, אַ פאָר קישנס און אַ גוטן פעלץ. יאָ, און אַ ריין העמד.

— וואָס רעדסטו, מיכײַלאַ, איך פאַרשטיי גאָרנישט ניט!

— וואָס איז דאָ צו פאַרשטיין? מיר וועלן אַרופברענגען אַהער סענדערן.

— אוי, — האָט אַלענע אַ קוויטשע געטאָן און פאַרבראָכן די הענט. — גאָט איז מיט דיר, מיכײַלאַ, ס'איז דיר קאַרג, וואָס דו האָסט שוין אַרײַנגעכאַפּט?

— מע דאַרף ראַטעווען אַ מענטשן, פאַרשטייסט? ראַטעווען פון זיכערן טויט. דעריקער, עס זאָל זיך אײַנגעבן.

— ווי איז מיר! און וואָס וועט זײַן מיט אונדז?

— מיט אונדז וועט זײַן דאָס, וואָס עס קאָן איצט געשען מיט יעדערן! — האָט סושינסקי אָפּגעענטפערט אַ ביסל בייזלעך.

פאַרשטאַנען, אַז דערמיט האָט ער זי נאָך מערער אַנגעשראָקן, האָט ער געפרווּוט זי באַרויִקן:

— מיט אונדז וועט גאָרנישט ניט געשען. אַלץ וועט זײַן אין פולער אָרדענונג. און דו, אַלענע, ווי נאָר איך וועל אַוועק, זיד אויף אַ קעסל וואַסער. מע דאַרף אָרומוואַשן די וווּנדן. און גרייט צו הייסע מילך. אָדער... בעסער עפּשער הייסע טיי. אַז איך ווייס גאָרניט, צי ער זשיפּעט נאָך.

— אוי, מיכײַלאַ, איך בעט דיך, זײַ פאָרזיכטיק.

— באַרויִק זיך, אַלענע, איך גיי ניט אַליין.

האָט אַלענע שוין געוווּסט, אַז איר מיכײַלען וועט זי ניט אָפּרעדן. זי איז צוגעגאַנגען צו אים און אים איבערגעצײלעמט.

— נו, גיי, און זאָל אײַך גאָט העלפן. און איך... איך וועל אַלץ צוגרייטן.

ס'איז געווען אַ קילע, אָסיענדיקע נאַכט. דער הימל — פול מיט דריבנע כמאַרעלעך, ווי ווײַסע שעפעלעך. דער זשאַנדאַרם איז געשמאַקן שלאָף, צוגעדריקט מיט ביידע הענט די ביקס צו דער ברוסט.

מיטן צווייטן וואריאַנט איז ניט אויסגעקומען באַנוצן זיך. מיכײַלאָ איז בלויז געשטאַנען נעבן אים און געהיט זײַן שלאָף. די כעוורע האָבן אַפּגיך אַרויסגעטראָגן סענדערן און פאַרזיכטיק צוגעמאַכט דאָס טירל, עס זאָל ניט קיין סקריפּע טאָן. סענדער איז געווען אײַנגעאַנצן אָן באַוווסטזײַן און אַפילע ניט אַרויסגעלאָזט קיין קרעכץ. ווען זיי האָבן אים אָפּגעטראָגן אַ ביסל ווײַטער, איז סושינסקי צוגעקומען צו זיי, און שוין אײַבדרײַען האָט מען אים אַרופגעטראָגן אויפן בוידעם.

— אַ דאַנק, כעוורע, — האָט סושינסקי אַרויסגערעדט אַ פאַרסאָפּעטער, צי פונעם שווערן שטיקל אַרבעט, צי פון די שווערע מינוטן, וואָס זיי האָבן אַקאָרשט איבערגעלעבט. — מיר האָבן הײַנט אָפּגעטאָן אַ גרויסע זאַך. נאָר — שאַ. איר דאַרפט אַליין פאַרשטיין. מיר ווייסן פון גאָרנישט ניט, גאָרנישט ניט געזען און גאָרנישט ניט געהערט. מיסטאָמע איז ער באַנאַכט געקומען צו־זיך, אַרויסגעדראַפּעט זיך און ניט געשטײַעט. פאַרשטאַנען?



ווען די בעוורע זײַנען אוועק, האָט מיכײַלאָ מיט אַלענען, בא דער שײַן פון א קליין לאַמטערנדל, גענומען ארומוואשן סענדערן. דערזען די צעפּאַסעוועטע און פאַרבלוטיקטע פּלייצע, איז אַלענע אָפּגעשפּרונגען און צוגעדעקט מיט די הענט די אויגן.

— איך קאָן ניט! — האָט זי אויסגעשריִען.

— שטילער, שטילער, אַלענע, — האָט מיכײַלאָ זי געבעטן. — נעץ אײַן א טיכל אין וואַרעמער וואסער... ווען ס'איז דאָ מיט עפּעס באשמירן.

— פאַראַן בא אונדז א ביסל יאַד. נאָך פון פריִלינג געבליבן, ווען אונדזער סילוועלע האָט צעקאַליִעטשעט דעם פוס. איך גיי שוין...

ארומגעוואשן אים, באשמירט די פּלייצע מיט יאַד, ארופגעצויגן אף אים א ריין העמד, האָט מיכײַלאָ זיך אָנגערופן:

— איצט וועל איך פּרוּוון אים אונטערהייבן א ביסל. און דו פּרוּוו אים אָנפּאָיען מיט הייסער טיי פון א לעפעלע. גיס אים דאָס פּאַשעט אריין אין האלדז ארײַן. איין לעפעלע נאָכן אנדערן. אזוי, אזוי. הײַנטיקע נאכט וועל איך בלײַבן דאָ. ער קאָן קומען צו־זיך, און אָנהייבן ארומקוקן זיך.

ביזן קומענדיקן גאנצפרי איז מיכײַלאָ אָפּגעזעסן נעבן סענדערן, וואָס האָט קוים געזשיפּעט, און געטראכט. ער האָט געטראכט וועגן דעם, וואָס איז פאָרגעקומען פאַריקן פארנאכט נעבן די פיר ווערבעס און וואָס ער האָט הײַנטיקע נאכט אָפּגעטאָן. ערשט איצט האָט ער באנומען, אז ער האָט אָפּגעטאָן זייער אן ערנסטע און זייער א געפערלעכע זאך, וואָס האָט אים און זײַן אַלענען אוועקגעשטעלט אין א באזונדערער אויסערגעוויינלעכער לאגע; אז זײַן אייגענער גורל איז איצט שטארק אָפּגעטיילט פונעם גורל פון אלע איבעריקע דאָרפסלײַט און אז יעדן טאָג קאָן מען זיך ריכטן און מע קאָן קיינמאָל ניט וויסן, פונוואנען און דורך ווען מען וועט זיך אף דיר אָנוואַלגערן א גרויסער אומגליק. און דאָך איז ער געווען צופרידן מיט דעם, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן, צופרידן דערמיט, וואָס ער האָט ניט באוויזן א טראכט טאָן וועגן די מעגלעכע געפארן, ווײַל... ער זאָל געווען באצײַטנס א טראכט טאָן... ניין, ניין, סיִוּוי, ווען ער זאָל געווען צען מאָל איבערטראכטן, וואָלט ער אנדערש ניט געקאָנט...

אזוי האָט ער געטראכט, פרוּוונדיק באנעמען און אָפּשאצן דעם אייגענעם אופטו. ער האָט קיינמאָל זיך ניט פאַרנומען מיט געזעלשאפטלעכע איניאָנים. און דאָס, וואָס ער איז געוואָרן פאַרזיצער פון קאָלווירט, האָט ער געהאלטן פאר א זאך, וואָס האָט ניט צו טאָן מיט פּאָליטיק. עמעצער האָט דאָך געדאַרפט ווערן. דאָס איז א ריין פויערישער איניען. און דאָס, וואָס מע האָט דעם ערשטן אים אוועקגעפירט אין דער סיגוראנצע, ווו ער האָט ארײַנגעכאפּט עטלעכע פײַנע קלעפּ? פון עמעצן האָט מען דאָך געדאַרפט אָנהייבן, נאָר... אָן די קלעפּ צי מיט די קלעפּ, נאָר קיין פּאַכדן איז ער קיינמאָל ניט געווען. און אים האָט שטענדיק ניט געלאָזט רוען דאָס, וואָס הייסט געוויסן, ריין מענטשלעכער געוויסן. באזונדערס נאָך דעם, ווי די דראַגיוועצער באנדיטן זײַנען זיך באגאנגען מיט די דאָרטיקע יידן. ער האָט דאָס ניט געקאָנט מויכל זײַן די דראַגיוועצער. פאַרוואָס האָבן זיך דאָרטן ניט געפונען אזעלכע, וואָס זאָלן זיך אײַנשטעלן פאר זיי, זיך קעגנשטעלן? צי דען זײַנען דאָרטן אלע געווען אזוי אָנגעשראָקן?

אים איז געווען גוט און א ביסל ביטערלעך. גוט פונעם טראכטן אליין. זינט ער לעבט איז אים ניט אויסגעקומען פאַרטראכטן זיך, צוליב וואָס לעבט א מענטש אף דער וועלט. אין זײַן פויערישער האָרעוואניע האָט פון יאָר צו יאָר זיך איבערגעכאזערט דער זומער מיטן ווינטער, דער פריִלינג מיטן הארבסט, און ער האָט פון קינדווײַז אָן געוווּסט, וואָס ער דאַרף טאָן אין די פאַשיידענע צײַטן פון יאָר. איבער זייערע ערדן האָבן אָפּגעבושעוועט עטלעכע בלוטיקע מילכאָמעס, עס זײַנען זיך צעפאלן אימפּעריעס און עס זײַנען אופגעקומען נײַע מעלוכעס, און זייער ווערביוּוקע אליין... אלעמאָל האָט זיך עפּעס געביטן, אלעמאָל אנדערע מאכטן. נאָר בא אלע צײַטן און בא אלע פאַרשיידענע מאכטן, בעסערע צי ערגערע, האָט דער פויער געדאַרפט טאָן זײַן זאך. אקערן און זייען, אראָפּנעמען די גערעטעניש און פיל אנדערע זאכן, צוליב וואָס ער איז געבוירן געוואָרן און צוליב וואָס ער לעבט אף דער וועלט. ווײַל אָן אים, אָן זײַן ברויט, אָן זײַן פליייש און אָן זײַן מילך קאָן דאָס קיין איין מעלוכע ניט האָבן קיין קיִעם!

הײַנטיקע נאכט האָט ער אָנגעהויבן טראכטן גאָר אנדערש. די געדאנקען האָבן ווי אָפּגעריסן אים פון דער ערד און אונטערגעהויבן אינדערהייך. ער איז ווי אויסגעוואקסן אין די אייגענע אויגן און באקומען מערער אָפּשײַ צו זיך אליין. דערפאַר, וואָס זײַן געוויסן האָט אים געשטויסן צו אזא ריזיקאלן אופטו, דערפאַר, וואָס ער האָט זיך ניט א וואקל געטאָן, ניט דערשראָקן זיך און ניט אָפּגעטראָטן. ער האָט אויך אָנגעהויבן באנעמען, אז דאָס אומגעוויינלעכע, וואָס האָט זיך דערוועקט אין אים, דאָס, וואָס האָט אים אונטערגעהויבן און דערהויבן אין די אייגענע אויגן, איז פול מיט געפאַר, פול מיט אומרו און אז די געדאנקען אליין וועלן אים שוין ניט לאָזן שלאָפן.

ער איז געזעסן נעבן סענדער, וואָס האָט קוים געזשיפּעט, זיך איינגעקוקט אין זיין איינגעפאַלן און פאַרוואַקסן פּנים און א טראַכט געטאָן, אַז נאָך אַלעמען איז ער נאָך זייער יונג, סענדער. אַף גאַנצע צוואַנציק יאָר ייִנגער פון אים און וואָלט אים געטויגט פאַר א זון. און אויב באַטראַכטן אַלץ אַזוי, ווי ער האָט איצט זיך אויסגעלערנט טראַכטן, איז ער איצט טאַקע זיין זון. קימאַט זיין זון. ער האָט אים דאָך פּאַשעט אַפּסניי אומגעקערט דאָס לעבן. דער דאָזיקער געדאַנק, וואָס איז אויך ווי פיל אַנדערע אופגעשווומען אומדערוואַרט, האָט אַרויסגערופן בא אים זייער א גוטן, זייער א וואַרעמען און, טראָץ אָט דער ביטערקייט, זייער א זיסלעכן, צאַרטן געפיל צו דעם, וואָס איז געוואָרן זיין זון, און ער האָט א גלעט געטאָן מיט דער האַנט זיין פאַרוואַקסן פּנים.

באַגינען האָט סענדער זיך א רודעווע געטאָן. די ווייטיקן האָבן, אַפּנים, שטאַרק געלאָזט הערן זיך... ער האָט געעפנט די אויגן און מיט שרעק א קוק געטאָן אַרום זיך.

— ליג און שרעק זיך ניט, — האָט מיכײַלאַ אים באַרויקט.

— ווו בין איך? — האָט סענדער קוים אַרויסגערעכצט.

— ביסט בא מיר, זונעניו, בא מיר אַפּן בוידעם.

— פאַרוואָס בא דיר, פאַרוואָס אַפּן בוידעם?

נאָר דערקלערן האָט מיכײַלאַ ניט באַוויזן. סענדער האָט צוגעמאַכט די אויגן, פאַרוואָרפן דעם קאָפּ און ווידער אַריינגעפאַלן אין א טיפן כאַלאָשעס.

אַזוי זיינען אַוועק עטלעכע שווערע, אומרויקע טעג און נעכט, ווען סענדער איז געווען האַלב אַף האַלב צווישן לעבן און טויט. און ערשט אַפן דריטן, צי אַפן פערטן טאָג... דאַן האָט סענדער דערזען פאַר זיך אַלענען. זי איז געזעסן נעבן אים, אין איין האַנט א קווערטל מילך, אין דער צווייטער האַנט א לעפעלע. דערזען אַלענען, האָט ער בלויז א פרעג געטאָן:

— ס'איז דו, אַלענע?

— איך, איך זונעניו, — האָט אַלענע איבערגעכאַזערט דעם מאַנס ווערטער, און פאַר פרייד, וואָס סענדער איז ענדלעך געקומען צו־זיך, האָבן די טרערן זיך א גאָס געטאָן פון אירע אויגן.

סענדער איז געווען ייִנגער פון מיכײַלען אַף פולע צוואַנציק יאָר, פון אַלענען בלויז אַף צען. און אויב פאַר מיכײַלען איז דאָס וואָרט „זונעניו" געווען נאַטירלעך, איז דאָס פאַר אַלענען געווען גאַנץ באַדינגלעך. נאָר פאַראַן אין דער וועלט זאַכן, וואָס מעסטן זיך אויס ניט מיט יאָרן און ניט מיט בלוטיקער קרויוושאַפט. די דאָזיקע אומגעווײנלעכע באַציונגען, וואָס זיינען אין יענע טעג אופגעקומען צווישן אָט דעם דרייַלינג, וואָלט מען געקאָנט אויסדריקן אפילע מיט א מער שטאַרקער וואָרט — ליבע. א שטילע, פאַרבאָרגענע, אומבאַגרײַפלעכע און אומויסדריקלעכע ליבע, וואָס האָט נאָרנישט ניט געהאַט צו טאָן מיט אַלע הונדערטער אַנדערע ליבעס, וואָס זיינען באַשריבן אין פיל ביכער. א ליבע אָן אייפערזוכט, א ליבע, פול מיט מעסירעסנעפעשדיקייט, געקייפּלט דערוף, וואָס זי איז פאַר אַלע דריי געווען פול מיט אומדערוואַרטקייטן, פול מיט געפאַר. פאַר אַלע איינציגעם און פאַר יעדערן באַזונדער.

ווען סענדער איז געקומען צו־זיך אַזוי, אַז מע האָט אים שוין געקאָנט אָפּגאַלן, האָבן זיי ביידע, מיכײַלאַ און אַלענע, זיך גענומען פאַר דעם ניט־גרינגן שטיקל אַרבעט, וואָס איז געווען פאַר זיי אומגעוויינלעך, פּונקט ווי אַלץ, וואָס זיי האָבן געטאָן די אַלע טעג און נעכט. און ווען נאָך אַלעמען האָט א שיין געטאָן פאַר זיי סענדערס נאָך יונג, נאָר שטאַרק איינגעפאַלן פּנים, האָט אַלענע אַרויסגערעדט א דערשטוינטע:

— אוי, ביסט נאָך אַזוי יונג, לאָמיך דיך א קוש טאָן.

אַלענע האָט אים א קוש געטאָן אין זיין רייַן פּנים, אויסגעגאָלט פּנים. סענדער האָט א כאַפּ געטאָן איר רעכטע האַנט און אויך א קוש געטאָן. דערנאָך א נעם געטאָן איר לינקע האַנט.

— קוש, קוש שטאַרקער, — האָט מיכײַלאַ צוגעשמייכלט. — זי האָט דאָס פאַרדינט.

געמיינט האָט ער דערמיט פיל מערער, ווי די הייסע מילך, מיט וועלכער זי האָט אים געפּאָיעט, ווי די מאַמעליגעס, וואָס זי האָט פאַר אים געקאָכט. דעריקער, וואָס אין יענער גוירלדיקער נאַכט האָט אַלענע אויסגעהאַלטן דעם סאַמע שווערסטן אויספּרווו.

ער האָט געקושט אירע הענט און זיך איינגעקוקט אין איר מאַטעווע פּנים, וואָס האָט אַפילע אין טיפן האַרבסט ניט אָנגעוווירן איר צוגעניטעטקייט. אירע גרויסע אויגן האָבן אַרויסגעשטראַלט מוטערלעך גליק פון א פרוי, וואָס האָט אָפּגעראַטעוועט איר אייגן קינד.

— און דו ביסט א שיינע, — האָט סענדער אַרויסגערעדט מיט אָפענער אַנציקונג.

— קיין מיִעסע וואָלט איך ניט גענומען, — האָט מיכײַלאַ א שפּאַס געטאָן.

פון טאָג צו טאָג איז סענדערן געוואָרן צוביסלעך בעסער און פון טאָג צו טאָג — ערגער. אים האָט געמאַטערט דער געדאַנק, אַז ער שטעלט אין א געפאַר דאָס לעבן פון אַזעלכע גוטע און ליבע מענטשן. יעדע נאַכט האָט ער זיך געקליבן אומבאַמערקט פאַרשווינדן, אַנטלויפן וואָס ווייטער, נאָר אים האָט אָפּגעהאַלטן דאָס, וואָס ער האָט פּאַשעט ניט געוווסט וווהין צו לויפן. און עפּשער

אויך דאָס, וואָס נאָך אַלעמען איז אים זייער שווער געווען זיך שיידן מיט דעם רויִקן ערטעלע אויפֿן בוידעם, מיט די גאַנצפֿריִעדיקע דערוואַרטונגען, ווען ער וועט דערהערן, ווי עס וועט גרינג א סקריפּע טאָן דאָס לייטערל אונטער אַלענעס פּיס און זי וועט זיך א וויַיז טאָן פֿאַר אים מיט איר בלענדנדיקער שיינקייַט, ווי די אויפֿגעגאַנגענע זון, וואָס כאַפּט זיך אַמאָל אַריַין צו אים דורכן קליינינקן בוידעם־פֿענצטערל.

אין איינעם א פֿרימאָרגן, ווען די שפּאַרעניש מיט זיך אַליין איז געוואָרן אומדערטרעגלעך, האָט ער א זאָג געטאָן מיכייַלען:

— הייַנטיקע נאַכט וועל איך אוועק.

— וווּהין?

— צום פֿראָנט! — האָט סענדער אַנטשיידן אָפּגעענטפֿערט.

— און דו ווייסט פּינקטלעך, ווו דער פֿראָנט איז?

— איך וועל זוכן.

— און דו האָסט שוין אויסגעפּרוּווט, וויפֿל קילאָמעטער קאָנסטו דורכמאַכן פֿאַר א טאָג, פֿאַר א שעה?..

— איך וועל פּרוּוון.

— רעד ניט קיין נאַרישקייַטן, זונעניו. — האָט מיכייַלאָ אַרויסגערעדט הויך און שטרענגלעך. — דיר וועט זיך פֿאַרדרייען דער קאָפּ, ווי נאָר דו וועסט אַראָפּ פֿונעם בוידעם. צו אַזאַ וויַיטן מאַרש דאַרף מען זיך גוט אונטערפֿילנעווען.

— אָבער איך קאָן מער ניט! און איך טאָר ניט!

— וואָס טאָרסטו ניט?

— איר ריזיקירט דאָך...

— נו, דאָס איז שוין אונדזער זאַך. מיר אַלע ריזיקירן. און סטאַסיק מיט וואַסילקען, וואָס האָבן דיך אַרויסגעטראָגן פֿונעם קעלער, האָבן ניט ריזיקירט? און פֿראַזינע, וואָס איז צוגעלאָפֿן צו דיר און דיך איבערגעדעקט מיט א לייַלעך?..

— אָבער... א לאַנגע צייַט אויף איין אָרט...

— דאָס איז עמעס. און איך האָב שוין איבערגערעדט מיט אייניקע...

— וועל איך הייַנטיקע נאַכט אַריבערגיין צו וואַסילקען.

— גוט, איך וועל דיך אַליין אַוועקפֿירן. און אַלע וואָך צו עמעצן אַנדערש. אָן מיר זאָלסטו זיך ניט רירן פֿונעם אָרט. זאָג מיר, נאָר דעם עמעס. וואַסילקע און סטאַסיק זייַנען געווען פֿון דייַנע קאָמיוגיסטן?

— וואָס איז די נאַפּקעמינע? — האָט סענדער אָפּגעענטפֿערט גאַנץ אומבאַשטימט.

אַזוי איז דאָס אַוועק. א וואָך נאָך א וואָך. פֿון בוידעם צו בוידעם, פֿון קעלער צו קעלער. גלייַך דאָס דאַרף האָט געגעבן א שווערע אָפּראַטעווען כאָטש איין ייִדן. מעגלעך, אַז דאָס איז געווען א שטומער פּראָטעסט קעגן דעם, וואָס איז געשען אין דראַגניוועץ, א ניט־קלאָרע, נאָר א גאַנץ פֿילבאַרע און אומרויִקע יוירעניש, צי גרימעניש פֿון אייגענעם געוויסן.

ס׳איז געווען ענלעך אויף א שטילן בירגערקריג, אויף א פֿאַרמעסט פֿון מענטשלעכן גייַסט צווישן צוויי שכייניעסדיקע דערפֿער. כאָטש באַשולדיקן, צי כווישעד זייַן אין דעם, וואָס איז געשען, אַלע דראַגניוועצער, איז ניט געווען קיין גרונט. פּונקט אַזוי, ווי די ווערביוּוקער האָבן ניט געקאָנט אַרויז זייַן פֿאַר אַלע זייערע דאָרפֿסלייַט. ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, האָט נעסטאָר וואָראָניוק טאַקע באַוויזן אַרייַנציען אין זייַן באַנדע צוויי ווערביוּוקער כעוורע. נאָר דאָן...

עפּשער וואָלט אַלץ אָפּגעגאַנגען ניט אַזוי גלאַטיק, נאָר יענעם גאַנצפֿרי, ווען סענדער האָט ניט געסטייַעט, האָט וואָראָניוק געטראָפֿן בא זיך אויפֿן טיש פֿון דער פֿרימאַריע א צעטעלע: „זוך ניט, אויב דאָס לעבן איז דיר טייַער". האָט ער זיך אָנגעשטויסן, נעסטאָר, אַז עמעצער קוקט אים נאָך, מאַמעש פֿאַרפֿאָלגט אים, און אַז די אַלע וואָרענונגען זייַנען ניט קיין פּוסטע. האָט ער געמוזט אויבּטערהאַלטן די ווערסיִע, אַז באַנאַכט איז סענדער געקומען צו־זיך און אומבאַמערקט אַרויסגעקראָכן פֿונעם קעלער. די טיר איז דאָך געווען ניט צוגעשלאָסן.

אַזוי איז אין ווערביוּוקע אויפֿגעקומען אין אומגעוויינלעכער, אויסטערלישער אונטערערד, בראָש פֿון וועלכן עס איז געשטאַנען א פּאַשעטער פּויער, מיכייַלאָ סושינסקי, וואָס איז אַלע זייַנע יאָרן געווען זייער וויַיט פֿון פּאָליטיק. ס׳איז, אייגנטלעך, געווען ניט קיין פּאָליטישער אונטערערד. א ריין מענטשלעכער, קעגן דער אומגעהערטער אומענטשלעכקייַט, וואָס האָט געהערשט אַרום, ווו עס האָבן אַרודעוועט די דייַטשישע און רומענישע אָקופּאַנטן. מע קאָן זיך אויך פֿאַרשטעלן, אַז די אַלע, וואָס האָבן אויסבאַהאַלטן סענדערן, האָבן ניט געטראַכט וועגן אַזעלכע זאַכן. קיינער פֿון זיי האָט ניט געוווּסט, פֿון וועמען האָט אים סושינסקי געבראַכט און וווּהין האָט ער אים דערנאָך אַוועקגעפֿירט. נאָר שוין דאָס אַליין, דאָס, וואָס יעדערער האָט געוווּסט, אַז פֿון עמעצן האָט מען אים געבראַכט און

צו עמעצן וועט מען אים אוועקפירן, האָט געשאַפן א געהיימע פאַרייניקונג פון מענטשן, וועלכע זײַנען געווען פאַרבונדן מיט איין געוואַגטן מענטשלעכן אופּטו. אן אופּטו, וואָס איז פאַר יעדערן געווען זייער געפערלעך.

געוויס איז סושינסקין אליין ניט געקומען אפן געדאַנק, אז ער האָט געשאַפן עפּעס ענלעכס אף אן אונטערערד און אז ער אליין געהער שוין צו יענער גרויסער קייט אונטערערדלער, וואָס זײַנען צעוואָרפן איבערן גאַנצן לאַנד און זײַנען פאַרבונדן איינער מיטן אַנדערן מיט אומזעבאַרע פעדעמער. איז ער געווען שטאַרק איבעראַשט און אפילע דערשראָקן, ווען אין איינער א נאַכט האָט עמעצער אַנגעקלאַפּט אין פענצטער און צו אים אין שטוב איז אַרײַנגעקומען אן אומבאַקאַנטער. לויט זײַן אויסזען און לויט זײַן הוילעך האָט מען זיך געקאָנט אַנשטויסן, אז ניט יעדע נאַכט נעכטיקט ער אין א שטוב, ניט יעדן אָוונט האָט ער א לײַטישע וועטשערע און ניט שטענדיק איז דאָ, ווער עס זאָל אים אויסוואַשן דאָס העמדל. זײַן עלטער איז אויך געווען שווער באַשטימען.

— פרעגט בא מיר ניט, ווער איך בין, — האָט דער אומבאַקאַנטער שטיל אַרויסגערעדט. — נאָר אין צענטער ווייסט מען וועגן אײַך און וועגן אײַער אופּטו!..

באַמערקט, ווי סושינסקי איז א ביסל אופגעבראַכט און נאָך מערער דערשראָקן, האָט דער אומבאַקאַנטער אים באַרויִקט:

— שרעקט זיך ניט. ס'איז זייער א גוטער צענטער. ער איז אײַך דאַנקבאַר פאַר אײַער געוואַגטקייט.

— פונוואַנען ווייסט איר דאָס?

— דאָס איז ניט וויכטיק. דעריקער — וואָס איר האָט געוווּנען אונדזער צוטרוי. און מיר האָבן צו אײַך א ביטע.

— וואָס דאַרף איך טאָן?

— גאָרניט. טאָקע גאָרנישט ניט. איר האָט זיך ניט וואָס צו שרעקן.

— איך בין ניט פון די שרעקעוודיקע, — האָט סושינסקי זיך אַנגעברויגעזט. — נאָר איך דאַרף דאָך וויסן...

— קלייניקייטן. אמאָל וועט עמעצער זיך בעטן בא אײַך איבערנעכטיקן. אמאָל אוועקלייגן עפּעס אף א זיכער אָרט. פאַרשטייט זיך, אַלץ מיט אונדזערן א סימען. א פּאַראָל.

— איז עפשער דאַרפט איר אויך איבערנעכטיקן?

— ניין. אַדאַנק. איך מוז גיין ווײַטער.

— אָבער עפּעס איבערקײַען?

— דאָס וועט זײַן ניט איבעריק.

און אזוי, אייניס נאָכן אַנדערן. און אַלעמאָל אומדערוואַרט, און אַלעמאָל פול מיט א נײַער געפאַר, און אַלעמאָל אזוינס, וואָס איז פריִער סושינסקין אפן זינען ניט געקומען. אַלעמאָל נאָך יעדער נײַער באַגעגעניש און יעדן נײַעם אופטראָג איז ער געווען פול מיט שטוינונג אף זיך אליין. פונוואַנען האָט ער זיך גענומען אָט דער נײַער מיכײַלאָ, וועגן וועלכן ער האָט ביז ניט לאַנג קיין אונונג ניט געהאַט? און ער האָט נאָך מערער געשטוינט, ווען אין איינעם אן אָוונט איז צו אים אַרײַנגעקומען אָט דער סטאַסיק. און אויך מיט א פּאַראָל און אויך מיט אן אופטראָג פונעם צענטער.

— ביסטו, הייסט עס, אויך... — האָט ער געפרעגט א דערשטוינטער און א דערפרייטער.

— איר ווייסט דאָך, פעטער מיכײַלאָ, — האָט סטאַסיק אים אָפּגעענטפערט גאַנץ היימיש. — אונדזער איניען איז אזא. שטעלן פראַגן איז ניט אַנשטענדיק.

און נאָך איבער א זאַך איז אים אויסגעקומען שטוינען. ווען ער האָט געמאָלדן סענדערן, אז זײַן אָרדנטלעכע באַהעלטעניש איז בא טאַדאָרן, האָט סענדער קאַטעגאָריש זיך אָפּגעזאָגט.

— צו טאַדאָרן וועל איך ניט גיין.

— פאַרוואָס?

— איך ווייס אליין אויך ניט. נאָר פאַרוואָס האָט ער מיך אזוי שטאַרק א זעץ געטאָן?

— אָבער פראַזינע?

— פראַזינען גלייב איך. און טאַדאָרן... ניט אינגאַנצן...

האָט טאַדאָר זיך געפילט שטאַרק באַליידיקט, ווען נאָך דעם, וואָס סושינסקי האָט מיט אים זיך צונויפגערעדט און טאַדאָר מיט פראַזינען האָבן צוגעגרייט אַלץ, וואָס מע דאַרף, האָט מען סענדערן צו זיי ניט געבראַכט... ער האָט זיך אַנגעשטויסן, פאַרוואָס איז סענדער אזוי אף אים אופגעבראַכט. דערפאַר האָט ער א ביסל גראָבלעך אָפּגעענטפערט פראַזינען דאַן, ווען זי האָט געזאָגט, אז מע וואָלט געדאַרפט אַריבערפעקלען סענדערן צו די בערקוטן: „וואָס פאַר א סענדער, — האָט ער איר געזאָגט, — איך ווייס ניט פון קיין שום סענדער".

ווען סענדער איז שוין פעסט געשטאַנען אף די פיס, איז בא אים אויך אופגעקומען אזא פּלאַן. אין אַלע הײַזער, ווו ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן, האָט מען ניט אופגעהערט רעדן וועגן די בערקוטן.

ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז זיי דאַרפֿן זײַן ניט װײַט. נאָר װען ער האָט זיך דורכגעשמועסט װעגן דעם מיט סושינסקין, האָט יענער אים מאַמעש געפּלעפֿט מיט זײַן דערקלערונג:

— פּרעג בײַ מיר גאָרניט, נאָר פֿאַר דיר איז שױן צוגעגרײט אַן אַנדער איניען. דו דאַרפֿסט זיך אַריבערקלײַבן אױף יענער זײַט. דאָרטן, װוּ עס בושעװען די דײַטשן. מעגלעך, אַז דו װעסט זיך טאַקע באַגעגענען מיט די בערקוטן.

— מיכײַלאָ! — האָט סענדער אױסגעשריִען. — װי קומט עס... װי קומט איר...

— בײַ אונדז איז אַזאַ איניען, — האָט סושינסקי אַ שמײכל געטאָן, — װי עס האָט געזאָגט אונדזער בײדנס אַ באַקאַנטער, שטעלן פֿראַגן איז ניט אָנשטענדיק.

— אָבער...

— הער בעסער, װאָס איך װעל דיר זאָגן. דײַן זאַך איז — רײנע פֿאַרבינדונג מיט די דאָרטיקע אונטערערדלער, מיט די פּאַרטיזאַנער.

— װוּהין זשע דאַרף איך גײן? — האָט סענדער געפֿרעגט אַן אַנטױשטער.

— ניט װײַט פֿונדאַנען. אַ װערסט צװאַנציק.

— און צו װעמען דאַרף איך זיך יאַװען?

— צו מײַן שװעסטער װאַסיליִנען.

— ס'איז אַ זיכער אָרט?

— זי באַהאַלט אױס אַ ייִדיש מײדעלע, נאָר דו דאַרפֿסט זיך ניט אױסבאַהאַלטן. דו ביסט שױן סידאָר יערמאָלײַעװיטש. און אַ קוק טאָן אױף דיר — אַן עמעסער הוצול. און די נײטיקע דאָקומענטן זײַנען שױן אױך דאָ בײַ מיר.

װעגן זײַן אונטערערדישער טעטיקײַט אַלס פֿאַרבינדלער האָט סענדער ניט ליב געהאַט צו דערצײלן. נאָר אָט, װעגן זײַן באַגעגעניש מיט די בערקוטן, מיט בערלען אַלײן...

געװען איז דאָס סאַמע װינטער פֿונעם פֿיר־און־פֿערציקסטן. די סאָװעטישע אַרמײ איז שױן צוגעקומען צום דניעסטער, אַרײַנגעטראָטן אין אײניקע שטעט און דערפֿער פֿון מײַרעװ־אוקראַינע, און די לופֿט איז געװען פֿול מיט האָפֿענונג אױף גיכער באַפֿרײַונג, אױף ענדגילטיקן זיג איבערן דײַטשישן פֿאַשיזם. אין אײנער אַ נאַכט זײַנען אַרײַנגעקומען צו אים צװײ באַװאָפֿנטע יונגעלײַט, יענע כװורע — בערקוטן, װעגן װעמען מע האָט ניט אױפֿגעהערט רעדן אין דער גאַנצער אומגעגנט, און גלײַך נאָך זײ — בערל אַלײן. דעם װערביװקער קאָװאַל איז שװער געװען צו דערקענען. אין אַ קורץ פּעלצל איבערגעצױגן מיט אַ ברײטן רימען, מיט אַ שװערד בײַ דער רעכטער זײַט און מיט אַ שװערן פּאַראַבעלום באַם בױך, מיט אַ גרױסער פּאַפּאַכע, אַראָפּגערוקט איבערן שטערן. און די אױגן... אױגן, װעלכע האָבן אַ סאַך זיך אָנגעזען און אַ סאַך איבערגעלעבט און אָפּגעשפּיגלט אין זיך אַלץ: שטרענגקײַט און אָנגעשטרענגטקײַט, טיפֿע זאָרג און טיפֿן טרױער און נאָך עפּעס טרױמעריש, און פֿיל אַזױנס, װאָס האָט פֿריִער ניט געקאָנט זײַן אין די אױגן פֿונעם שטילן און גוטן דאָרפֿישן שמיד. בלױז די באָרד זײַנע... שױן אױך אַ ביסל אַן אַנדערע, מיט בולעטע סימאָנים פֿון פֿריִער גראָװקײַט. נאָר יענע ציגײַנערישע קוטשערלעך, דריבנע אַזעלכע, דריבנע און גלאַנציקע זײַנען געבליבן אומגערירט.

בערל האָט אים אַרומגעכאַפּט מיט זײַנע צװײ מעכטיקע הענט, פֿעסט געדריקט צו זיך און זיך צערעדט אַ דערשטױנטער און אַ דערפֿרײטער:

— און מיר דרײט מען אַ קאָפּ: סידאָר יערמאָלײַעװיטש און סידאָר יערמאָלײַעװיטש. נאָר װעדליק מײַנע כװורע האָבן מיר אױסגעמאָלט, האָב איך באַשטימט: לאָמיך אַלײן אַ קוק טאָן, װאָס איז דאָס פֿאַר אַ סידאָר יערמאָלײַעװיטש. ביכלאַל פֿאַרלאָז איך קײנמאָל ניט מײַן אָטריאַד. און מײַן קאָמיסאַר... אױ, האָב איך אַ קאָמיסאַר, דאַרף איך דיר זאָגן. אַ רוסישער, זיך אַרױסגעריסן פֿון דער אַרומרינגלונג, דאַפֿקע אַ פּאָשעטער סאָלדאַט, נאָר אַ קאָפּ, אַן עכט קאָמיסאַרישער. האָט ער מיר פֿאַרװערט. דאָס מאָל האָב איך זיך קוים אָפּגעבעטן בײַ אים. נו, מאָלאַדיעץ, סידאָר יערמאָלײַעװיטש. אַ גרױסן דאַנק דיר אין נאָמען פֿון אַלע מײַנע בערקוטן. האָסט אונדז פֿעסט מיטגעהאָלפֿן, די גאַנצע צײַט. נו, דערצײל, װי קומסטו אַהער?

זײַנען דאַן געװען צװײ טרױעריקע דערצײלונגען, װעלכע האָבן צוגענומען בײַ זײ די גאַנצע נאַכט.

— און איצט נאָך אײן ביטע. צום לעצטן מאָל.

— פֿאַרװאָס צום לעצטן מאָל? — האָט סענדער זיך געכידעשט.

— מיר דאַרפֿן זיך איבערבאַזירן װאָס װײַטער אױף מײַרעװ. מעגלעך, אַז מיר װעלן זיך פֿאַרײניקן מיט אַ גרעסערער פּאַרטיזאַנישער אָרגאַניזאַציע. דאַרפֿן מיר זיך באַזאָרגן מיט אַ ביסל עסנװאַרג און פֿוראַזש.

— אױ, װאָלט איך אַװעק מיט דיר, מיט דײַנע בערקוטן! — האָט סענדער װי געבעטן זיך.

— נו, דאָס איז אַזאַ זאַך... די מילכאָמע האָט אַװעקגעשטעלט יעדערן אױף זײַן פּאָסטן. לאָמיר האָפֿן, אַז מיר װעלן זיך אינגיכן באַגעגענען אין אונדזער װערביװקע.

נאָר ס'איז ניט באַשערט געווען. דאָס זײַנען געווען די לעצטע ידיעות וועגן בערלס פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד, וועגן די בערקוטן. קיינער ווייסט ניט, ווו האָבן זיי אָפּגעהאַלטן זייער לעצטע שלאַכט און ווו איז זייער געביין אַהינגעקומען.

ווען די דאָזיקע מעקומימעס זײַנען באַפֿרײַט געוואָרן, איז סענדער אַוועק אין מיליטערישן קאָמיסאַריאַט אין געבעטן אַוועקשיקן אים אַפּן פֿראָנט. נאָר ס'האָט זיך ווידער ניט באַקומען, מע האָט אים געמאָלדן, אַז אַף אים וואַרט אַן אַנדערער און ניט קיין גרינגערער פֿראָנט. ער דאַרף זיך אומקערן קיין ווערביווקע און ווערן פֿאָרזיצער פֿון דאָרפֿראַט.

— און יענץ מיידעלע, וועמען עס האָט אויסבאַהאַלטן סושינסקיס שוועסטער? — האָט זיך באַ מיר אַרויסגעכאַפּט.

— אַ מאָשל, — האָט ער אַ קוק געטאָן אַף מיר באַליידיקט, גלײַך איך האָב דאָס שוין פֿון לאַנג געמוזט וויסן. — דאָס איז דאָך געווען לייעלע. מײַן לייעלע. קיין ווערביווקע האָבן מיר זיך אומגעקערט אינצווייען.

איך האָב זייער געוואָלט וויסן, וויאַזוי איז דאָס באַ זיי פֿאָרגעקומען, ווען האָבן זיי כאַסענע געהאַט, נאָר איך האָב זיך אָפּגעהאַלטן פֿון נײַע פֿראַגן. ס'איז געווען די צײַט פֿון שניט, ער איז געווען שטאַרק פֿאַרנומען און ניט געהאַט קיין צײַט אַף זײַטיקע דערינערונגען. מיר וואָלטן עפּשער ביכלאַל יענע טעג זיך ניט געזען, ווען ניט די געשיכטע מיט די פּאָמידאָרן. יענע פּאָמידאָרן, איבער וועלכע ער האָט פֿרילינג באַקומען אַן אויסרייד.

ס'איז געווען שניט־צײַט, ווען דער טאָג מיט דער נאַכט גיסן זיך צונויף אין איין לאַנגן, אומרויִקן און ראַשיקן מעסלעס; ווען ס'איז אַפּילע ניטאָ קיין צײַט צו באַמערקן, ווען איז פֿאַרגאַנגען די זון און ווען האָבן זיך באַוויזן די שטערן. און עס הודיעט איבערן אַרום אַן אַליאַרמירנדיקער רוף פֿון קאָמבײַנען און לאַסטמאַשינען, פֿון איבערגעהאָרעוועטע מענער און פֿרויען — ראַטעוועט, ראַטעוועט די גערעטעניש! און צי איז דער וועטער מער לײַטזעליק, צי שפּילט ער צולאָכעסן מיטן פֿויער, טוט אַ פֿליוכע מיט אַ זליווע, אָדער צעבושעוועט זיך מיט אַ וואָיענדיקן שטורעמווינט, דער טאָך פֿון דעם, מיט וואָס עס עטעמט קליין און גרויס און וואָס באַשטימט די הייסע און איבערגעשוויצטע מי, דעם עצעם לעבן פֿונעם ערדאַרבעטער, באַשטייט פֿון אָט די עטלעכע ווערטער, וואָס זײַנען געבליבן אומגעענדערט אין מעשעך פֿון פֿיל דורעס: ראַטעוועט די גערעטעניש! און עס הענגט איבער די פֿעלדער אַ נעפּלדיקער פֿאַרנאַכט פֿון שטויב און פּאָלאָווע. ער איז אַ ביסל עסעריק, דער שטויב, און ניט איין מאָל צווינגט ער פֿאַרהוסטן זיך, נאָר עס דוכט זיך, אַז ס'איז ניטאָ אין דער וועלט קיין מערער געשמאַקס, קיין מערער געגאַרטס, ווי אָט די עסעריקייט. זי פֿאַרמאָגט אין זיך רייכעס פֿון די נאָך ווייכלעכע, קימאַט לעבעדיקע קערנער און פֿון פֿרישן, נאָך וואַרעמען ברויט.

זוכט ניט עמעצן אין דער קאָנטאָר פֿון קאָלווירט. איר וועט דאָרטן נישט געפֿינען ניט דעם בוכהאַלטער, ניט דעם אַגראָנאָם, ניט דעם עקאָנאָמיסט, אַפּילע ניט די אופֿראַמערן. שוין אָפּגערעדט פֿונעם פֿאָרזיצער. עס זײַנען אָפּגעשאַפֿן די שאָען פֿון באַגינענדיקן אופֿנאַם. עס גילט אויך ניט די שאָ פֿון באַטאָגיקן שלאָף, פֿאַשעט דערפֿאַר, וואָס ס'איז ניטאָ קיין נאַכט, קיין טאָג און קיין באַגינען, בלויז איין לאַנגער מעסלעס, אין וועלכן אַלע פֿאַרשיידענע קלאַנגען און שאָרעכן באַטײַטן איינס און דאָס זעלבע: ראַטעוועט די גערעטעניש!

און אין די דאָזיקע יאָגנדיקע און אַליאַרמירנדיקע מעסלעסן האָט סידאָר יערמאָלײַעוויטש געדאַרפֿט לייזן פֿיל קאָמפּליצירטע און פֿאַרפּלאָנטערטע אַריפֿמעטישע אויפֿגאַבעס, וועלכע האָבן זיך געדוכט אומדערלייזבאַר. וויאַזוי פֿאַנאַנדערשטעלן און אײַנרעגולירן אַלע פֿאַרשיידענע מעכאַניזמען פֿונעם שניט: די קאָמבײַנען זאָלן ניט וואַרטן אַף די לאַסטמאַשינען, און די מאַשינען זאָלן ניט פּאַטערן קיין איבעריקע צײַט נעבן די קאָמבײַנען; די דרײַ געדעקטע מעכאַניזירטע און עלעקטריפֿיצירטע טויקן זאָלן פֿאַרטיק מאַכן די קערנער, די פֿײַכטקייט זאָל זײַן אַ נאָרמאַלע, זיי זאָלן ניט זײַן פֿאַרמיסטיקט, מע זאָל אַפּן עלעוואַטאָר, כאָלילע, ניט אַראָפּרעכענען קיין איבעריקן פּראָצענט פֿאַר פֿאַרשיידענע אומנאָרמאַלקייטן.

און אויב עמעצער האָט זייער ניטיק געדאַרפֿט האָבן דעם פֿאָרזיצער — אַ פֿאָרשטייער פֿון ראַיאָן, אַ זשורנאַליסט פֿון דער געגנטלעכער רעדאַקציע, צי אײַנמיטנדריינען אַן אינספּעקטאָר פֿונעם מעלוכע־באַנק, — האָט ער אים געדאַרפֿט זוכן ערגעץ נעבן אַ קאָמבײַן, אַף איינעם פֿון די דרײַ טויקן אָדער גאָר נעבן די טראַקטאָרס, וואָס זײַנען גלײַך געלאָזט געוואָרן מיט די אַקערס אַף דער נאָך ווייכער סטערניע.

אין יענע טעג איז טאָדאָר אויך ניט געשלאָפֿן, כאָטש קיין דירעקטע שײַכעס צום שניט האָט ער ניט געהאַט. נאָר, אָפּגעדרעמלט אַ קורצע שאָ נאָך דער דזשורסטווע, איז ער אַוועק אַפּן טויק.

פּראַזינע האָט ניט אויפֿגעהערט אײַנטײַנען:

— וואָס יאָגסטו אַזוי אַהין? קאָנסט זיך ניט אויסשלאָפֿן, ווי עס דאַרף צו זײַן?

— שלאָפֿן אין די טעג פֿון שניט איז די גרעסטע אַווירע, — האָט ער איר אָפּגעענטפֿערט.

— ווער דאַרף דיך דאָרטן? — האָט פּראָזינע געטײַנעט אירס. — מע וועט זיך אָן דיר ניט באַגיין?

— קיינער דאַרף מיך ניט, און אַוודאי וועט מען זיך באַגיין אָן מיר. איך אַליין קאָן זיך ניט באַגיין...

— אָן וואָס קאָנסטו זיך ניט באַגיין?

— אײַ, פּראָזינע, — האָט טאָדאָר זי אויסגעמוסערט. — ווי פֿאַרשטייסטו ניט? איך קאָן ניט, איך זאָל די טעג ניט האַלטן אין די הענט די פֿרישע קערנער און זאָל ניט זען זייער ווייכן גלאַנץ, ניט פֿילן זייערע לעבעדיקע רייכעס. און איך מוז כאָטש אַ פּאָר שאָ אָן אַרבעט טאָן מיט דער לאָפּעטע אָפֿן טויק, אַרום דעם ווייצענעם באַרג. איך דאַרף ניט, מע זאָל מיר פֿאַרשרײַבן אַ האַלבן, צי אַ פֿערטל אַרבעטסטאָג, נאָר איך מוז. ווי קאָן מען עס דורכלאָזן אַזעלכע טעג און ניט פֿילן דעם פֿאַר־געניגן פֿונעם לעבעדיקן באַריר מיט דער נײַער גערעטעניש?

אין יענע הייסע טעג זײַנען פֿאַרטיק געוואָרן די פּאָמידאָרן. אַ גאַנץ פֿעלד מיט פֿלאַמענדיקער רויטקײַט, שמעקנדיקער און דראָענדיקער. אויב מע וועט זיי אין די נאָענטסטע טעג ניט צוקלײַבן און אַרויספֿירן אָף דער געגנטלעכער באַזע, איז פֿאַרפֿאַלן די גאַנצע האַרעוואַניע. זיי וועלן גלײַך פֿאַרפֿוילט ווערן. האָט סידאָר יערמאָלײַעוויטש געמוזט לייזן נאָך איין אומדערוואַרטע אויפֿגאַבע — אויסמאַנקירן אַ פּאָר מאַשינען אָף אַרויספֿירן די פּאָמידאָרן. נאָר ווען די לאַסטמאַשין האָט זיי גע־בראַכט אָף דער באַזע, האָט מען דאָרט זיך אָפּגעזאָגט זיי אויפֿנעמען, ניטאָ, וווהין. די באַזע איז פֿאַרוואַלגערט מיט פּאָמידאָרן, אוגערקעס, קרויט און אַנדערע גרינוואַרג. דער שאָפֿער האָט אָנגע־קלונגען אין קאָלווירט, דער דעזשורנער האָט טײַקעף אָפּגעזוכט דעם פּאָזיצער און איבערגעגעבן די אויסערגעוויינלעכע ידיעה.

— ווו איז איצט דער שאָפֿער? — האָט סידאָר יערמאָלײַעוויטש געפֿרעגט אָן אויפֿגעבראַכטער.

— ער זיצט באַם טעלעפֿאָן און וואַרט אָף אײַער פֿאַראָרדענונג.

— גיב אים איבער, ער זאָל צופֿאָרן צום צענטראַלן מאַרק. איך וועל איִנגיכן זײַן דאָרטן.

אַ שטאַרק אויפֿגעבראַכטער און אַ צעהיצטער, איז ער אַרײַנגעפֿאָרן צו טאָדאָרן.

— דו שלאָפֿסט נאָך ניט? — האָט געפֿרעגט, דערזעענדיק טאָדאָרן אין קיכל. — נו, וועסטו הײַנט שוין אײַנגאַנצן ניט שלאָפֿן. באַלד וועט צופֿאָרן צו דיר אַ לאַסטמאַשין מיט פּאָמידאָרן, וועסטו זיך אויפֿזעצן אָף איר, צופֿאָרן צום סקלאַד און מיטנעמען מיט זיך אַ וואָג. ניין, צוויי, צי טאַקע אַלע דרײַ, די גרעסערע און די קלענערע, און גלײַך קיין טשערנאָוויץ צום צענטראַלן מאַרק. איך פֿאָר אויך אַהין.

געקומען אָפֿן מאַרק, דורכגעגאַנגען פֿאַרבײַ די שטעלעכלעך און דערוווּסט זיך, אַז אומעטום פֿאַרקויפֿט מען די פּאָמידאָרן לויט איין פּרײַז — אַ רובל אַ קילאָ, האָט ער אָפּגיך אײַנגעמאָסטעט די וואָג אָף ביידע מאַשינען און אויפֿגעהאַנגען מעלדונגען מיט גרויסע אויסיעס: „פּופּציק קאָפּיקעס אַ קילאָ". ער האָט אַפֿילע זיך דערלויבט אויסרופֿן אײַנדערהויך:

— פֿרישע פּאָמידאָרן, נאָרוואָס פֿונעם קאָלווירטישן גאָרטן! פּופּציק קאָפּיקעס אַ קילאָ!

די רײַ אַרום ביידע מאַשינען איז אַלץ געוואַקסן. טאָדאָר אָף איין מאַשין, ביידע שאָפֿערס אָף דער צווייטער האָבן היפּש צוגעשוויצט, אָפּוועגנדיק וועמען פֿינף קילאָ, וועמען אַלע צען. אַ שפּילכל? אַזאַ מעציע! סידאָר יערמאָלײַעוויטש, אַ באַרויִקטער, אַפֿילע שוין אַ פֿרײלעכער, האָט אַרומשפּאַצירט צווישן די שטעלעכלעך, שמייכלענדיק צו זיך אַליין, צופֿרידן פֿונעם אייגענעם אײַנפֿאַל, אַדאַנק וועלכן די פּאָמידאָרן זײַנען אָפּגעראַטעוועט. אין איינער פֿון יענע גוטע מינוטן איז צו אים צוגעלאָפֿן איינער פֿון די שאָפֿערן:

— איך האָב אײַך קוים אָפּגעזוכט, — האָט ער אַרויסגערעדט אַ פֿאַרסאָפּעטער. — אײַך זוכט דער קאָמענדאַנט פֿונעם מאַרק. ער וואַרט אָף אײַך נעבן די מאַשינען. ער וויל אונדז אַראָפּטרײַבן.

דער צופֿרידענער שמייכל האָט גלײַך ניט געסטײַעט. צו די מאַשינען איז ער צוגעקומען אַ בייזער און אָן אויפֿגערייצטער.

— וואָס איז געשען? — האָט ער געפֿרעגט באַם קאָמענדאַנט.

— ווער האָט אײַך דערלויבט? — האָט יענער אויסגעשריִען.

— ווער האָט מיר געדאַרפֿט דערלויבן? אַ רובל פֿאַר אַ קילאָ מעג מען, און פֿאַר פּופּציק קאָ־פּיקעס טאָר מען ניט?

— קאָלווירטישע פּאָמידאָרן דאַרף מען אָפּפֿירן אָף דער באַזע און ניט פֿאַרקויפֿן אָפֿן מאַרק!

דער קאָמענדאַנט פֿונעם מאַרק איז געווען אַ נידעריק־וווּקסיקע, פֿאַרנאַכלעסיקטע בריִע, מיט אַ ניט־געגאָלט, שטענדיק שיקערלעך פּאָנעם. אַזוי איז אויך געווען זײַן כאַלאַט — קויטיק און פֿול מיט פֿלעקן. קעגן דעם פֿעסט־געבויטן, ברייטפּלייציקן סידאָר יערמאָלײַעוויטשן האָט ער אויסגעזען

טאַקע ווי אַ פּיפּערנאָטערל, ווי די מאַרק־לײַט האָבן אים גערופֿן. באַקוקט דאָס נעבעכל, איז בא אים אָפּגעפֿאַלן דער כּיישעק קריגן זיך מיט אים.

— ווייסטו וואָס? — האָט ער אָפּגעענטפֿערט. — טו אַ לויף אַף דער באַזע, וועסטו וויסן, פֿאַר־וואָס האָבן מיר געבראַכט די פּאַמידאָרן אַפֿן מאַרק.

נאָר אַט דאָס פּיפּערנאָטערל איז געווען אַ גאַנץ האָנאָריסטע און איז שטאַרק געוווינט געווען צו כּניפּע. און אויך צו קליינע כּאַבאַרלעך מיצאַד די מאַרק־סעדעכעס און די, וואָס האָבן פֿאַרקויפֿט עפּעס פֿון אונטער דער פּאָלע, האָט ער זיך צעהיצט:

— שוין זאָלט איר זיך פֿאַרנעמען פֿונעם מאַרק! אַט רוף איך צו אַ פּאָר מיליציאָנערן און מיר וועלן אויסשיטן אײַערע פּאָמידאָרן אין מיסטקאַסטן!

— מײַנע פּאָמידאָרן אין מיסטקאַסטן?

דאָס פּאָנעם בא סידאָר יערמאָליײַעוויטש האָט זיך צעפֿלאַמט און ער האָט דראָענדיק גענומען פֿאַרקאַטשען די אַרבל.

ווער ווייסט, מיט וואָס די קריג וואָלט זיך געענדיקט, נאָר פֿון דער ריי איז אַרויס אַ גאַנץ אָנגעזעענער מאַן, אַ פּאָלקאָווניק, אַ באַהאַנגענער מיט אָרדענס און מעדאַלן. ער איז צוגעקומען צום קאָמענדאַנט און אַ זאָג געטאָן צו אים גאַנץ שטיל, נאָר איבערצײַגעוודיק:

— פֿאַרנעמט זיך שוין פֿונדאַנען. און ביז מע וועט ניט פֿאַרקויפֿן די פּאָמידאָרן פֿון ביידע מאַשינען, זאָלט איר זיך ניט ווײַזן. פֿאַרשטאַנען?

— איך לויף שוין קלינגען אין אײַער ראַי־אויספּירקאָם! — האָט דער קאָמענדאַנט אויסגעשריִען און איז אַוועק.

— לויף און קלינג וויפֿל דו ווילסט, — האָט סידאָר יערמאָליײַעוויטש אים נאָכגעשריִען.

די פּאָמידאָרן האָט מען גיך אויספֿאַרקויפֿט, און די קוינים האָבן זיך נאָכגעפֿרעגט, ווען וועלן נאָכאַמאָל קומען די מאַשינען מיט פֿרישער סכוירע. אין עטלעכע מינוט אַרום האָט דער קאָמענדאַנט זיך אומגעקערט און איבערגעגעבן סענדערן:

— דער פֿאַרזיצער פֿון אײַער אויספּירקאָם האָט געזאָגט, איר זאָלט שוין קומען צו אים.

סידאָר יערמאָליײַעוויטש האָט אָפּגעענטפֿערט גאַנץ איידל:

— אויב אײַך איז ניט שווער, גיט איבער דעם פֿאַרזיצער, ער זאָל אַ ביסל צוּוואַרטן, ווי נאָר מיר וועלן פֿאַרקויפֿן די פּאָמידאָרן, וועל איך צוריקוועגס אַרײַנפֿאָרן צו אים.

— דאָס איז אײַער זאַך, — איז דער קאָמענדאַנט געוואָרן אַ ביסל נאָכגיביקער. — דערוויל באַצאָלט דעם מאַרק־אָפּצאָל.

— אָ, דאָס זײַנען אַנדערע דיבורים.

מיטן איצטיקן פֿאַרזיצער פֿון ראַי־אויספּירקאָם איז סענדער געווען אין גאַנץ דעליקאַטע באַציִונגען. מע קאָן ניט זאָגן, אַז זיי זײַנען געווען אַנגעשטרענגטע, צי גלאַט אַזוי באַרויגעזלעכע. ווי איז אַזוינס מעגלעך? אַ פֿאַרזיצער פֿון אַ קאָלווירט איז אַ פֿאַרזיצער פֿון קאָלווירט, און אַ פֿאַרזיצער פֿון אַ ראַי־אויספּירקאָם איז אַ פֿאַרזיצער פֿון ראַי־אויספּירקאָם. און זייערע באַציִונגען פֿאַרמאָגן באַשטימטע קלאָלים און אויסגעאַרבעטע טראַדיציעס. נאָר... בא סענדערן האָט זיך געשאַפֿן אַן אַנדער פֿאַרשטע־לונג וועגן אַ פֿאַרזיצער פֿון ראַי־אויספּירקאָם. און עס בענקט זיך... עס בענקט זיך נאָכן ערשטן נאָכ־מילכאָמעדיקן פֿאַרזיצער פּיאָדאָר איוואַנאָוויטשן. ער איז געווען שוין קיין יונגער מאַן, און ווײַט ניט קיין געזונטער. פֿול מיט ניט קיין פֿאַרהיילטע ווונדן. און דאָך. אין זײַן מיליטערישן קיטעל און אין קירזעווע שטיוול איז ער גאַנצע טעג אַרומגעפֿאָרן איבער די אומרויִקע דאָן דערפֿער. און אַמאָל אויך דורך די נעכט, ווײַלכע זײַנען געווען נאָך מערער אומרויִק. באַנאַכט האָבן געבושעוועט די באַנ־דעראָווצעס. און סענדערן איז ניט איין מאָל אויסגעקומען איינייִעם מיט אים, מיט פּיאָדאָר איוואַנאָ־וויטשן, מיט נאָך עטלעכע כּעוורע אָפּזיצן אַ גאַנצע נאַכט אונטערן דאַרף מיט די קאַראַבינען אין די הענט.

פּיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט אויסגענומען מיט זײַן פּראַסטקייט, מיט זײַנע פֿריילעכע געשיכטעס, מיט וועלכע ער האָט אונטערגעמונטערט אַלעמען, מיט וועמען ער האָט זיך פֿאַרמאַסקירט אונטערן דאַרף. ער האָט אויך געקאָנט אָפּקומען אַ מעסלעס מיט אַ פּיסנע מאַמעליגע אָדער מיט אַן אַלטגע־באַקן שטיקל ברויט.

צוויי צענדליק יאָר האָט פּיאָדאָר איוואַנאָוויטש אָפּגעאַרבעט אַף דעם דאָזיקן פּאָסטן, אין דעם זעלבן קיטעל. בלויז געביטן די שטיוול. ער איז געוואָרן אַן אומאָפּנעמבאַרער טייל פֿונעם ראַיאָן, מיט אַלע זײַנע זאָרגן און נויטן, זײַנער אַ לעבעדיקער איווער, ביז גאָר פּילבאַר צו אַלע זײַנע ווייטיקן, צום אומרויִקן און ניט־גריגנן לעבן פֿון די יונגע, נאָרוואָס אופֿגעקומענע קאָלווירטן. און צי האָט פּיאָדאָר איוואַנאָוויטש גענעכטיקט בא אים, צי איז אים, סענדערן, אויסגעקומען איבערנעכטיקן בא פּיאָדאָר איוואַנאָוויטשן, זײַנען יענע נעכט פֿאַרבליבן בא סענדערן די סאַמע שענסטע און בעסטע נעכט אין זײַן לעבן, בײַס וועלכע ער איז באַרײַכערט געוואָרן מיט אַ קלאָרערן און טיפֿערן וועלט־באַנעם,

מיט דעם געדאַנקענגאַנג און איבערצײַגעוודיקײַט פֿון אַן עכטן קאָמוניסט, מיט זײַן אומגעוואַקלטער מעסירעסנפעשדיקײַט.

דער איצטיקער פאַרזיצער, אַ סאַך ייִנגער פֿונעם פֿריִערדיקן, ייִנגער אויך פֿון סענדערן, איז מיט גאָרנישט ניט געווען ענלעך אויף זײַן פֿאָרגייער. ניקיטע גריגאָריעוויטש איז געווען אַ זײַדענער יונגערמאַנטשיק, וואָס האָט ניט געלאָזט, אַז אַ שטויבעלע זאָל אויף אים פֿאַלן. שטענדיק איז ער געווען אַזוי פֿאַרפּוצט און צוגעקעמט, גלײַך ער האָט זיך געקליבן אויף אַ כאַסענע. עס האָט בלויז געפֿעלט אַ בוקעט מיט רויזן אין דער האַנט. סענדער האָט ניט געהאַלטן פֿון אַזעלכע לײַט. נאָר ניט דאָס איז געווען דער איקער. אים האָט אויסגעפֿעלט סאַמע דאָס, מיט וואָס פֿיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט אויסגענומען. עמעס, ער האָט געקאָנט זייער שיין רעדן אויף אַלע ראַיאָנישע באַראַטונגען, און באַזונדערס האָט ער ליב געהאַט אַנאַליזירן די ראַיאָנישע סוואָדקעס פֿון פֿאַרזיי און שניט, געמעלקן און פֿאַרשיי־דענע פֿאַרגרייטונגען. און שטענדיק פֿאַרמאָגט עטלעכע גיפֿטיקע עטיקעטקעלעך בענעגייע יענע אָב־פֿירער, וועלכע האָבן לויט די אַלע פֿאַרשיידענע צײַגערס פֿאַרנומען די לעצטע ערטער אין דער ראַיאָנישער סוואָדקע. און נאָך איין זאַך: ניקיטע גריגאָריעוויטש איז געווען זייער פֿילבאַר צו כניפֿע. און ניט ווייניק פֿאַרזיצערס פֿון די קאָלווירטן האָבן אָפּטמאָל אַפֿילע מיסברויכט דערמיט. סענדערן זײַנען אַזעלכע זאַכן געווען דערווידער.

אַזוי איז אויפֿגעקומען צווישן זיי אַ שטומער קעגנזײַטיקער אומכיין. סענדער האָט אים געהאַלטן אין זיך, געסטאַרעט זיך ניט אַרויסווײַזן, ניקיטע גריגאָריעוויטש האָט דאָס אויסבאַהאַלטן ניט געקאָנט. ער איז שטענדיק געווען זייער צוריקגעהאַלטן, ווען ער האָט געדאַרפֿט זאָגן וועגן זייער קאָל־ווירט עטלעכע גוטע ווערטער און געשאָטן מיט פֿיל גיפֿטיקע שטעכלקעס, ווען ער האָט געהאַט צו וואָס צוטשעפּען זיך. אַזוי איז געשען אויך אויף יענער זיצונג פֿון דער ביוראָ פֿון ראַיקאָם, ווען לויט ניקיטע גריגאָריעוויטשעס פֿאָדערונג האָט מען אים אַרויסגעטראָגן אַן אויסרייד פֿאַר ברעכן די פֿינאַנץ־דיסציפּלין אין שײַכעס מיט די ספּעקטן־ראַמען, טאַקע פֿאַר די דאָזיקע פּאָמידאָרן.

סענדער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז דער שמועס מיטן פֿאַרזיצער פֿון ראַי־אויספּירקאָם וועט זײַן ניט קיין פֿרײַנטלעכער, און מע דאַרף זיך צו אים ווי געהעריק צוגרייטן.

ניקיטע גריגאָריעוויטש האָט אים אויפֿגענומען גאַנץ העפֿלעך און גאַנץ גוטמוטיק אַ פֿרעג געטאָן:

— וואָס איז דאָרטן בײַ אײַך פֿאָרגעקומען אויפֿן קאָלווירטישן מאַרק?

— אַ קאָלווירטישער מאַרק זאָגט איר? אַ קאָלווירטישער מאַרק אָן קאָלווירטן!

אים האָט ניט פֿאַרפֿירט די גוטמוטיקײַט פֿונעם פֿאַרזיצער פֿון ראַי־אויספּירקאָם. ער איז געווען געשטימט גאַנץ קריגעריש.

— אַ קאָלווירטישער מאַרק! — האָט ער אים פֿירגעוואָרפֿן. — געווען אַמאָל אַ קאָלווירטישער מאַרק, ווען פֿיל קאָלווירטן האָבן דאָרט געהאַט באַשטענדיקע קלייטלעך, צי פּאַווילִיאָנען, ווי מע האָט זיי גערופֿן, און יעדן טאָג אַרויסגעפֿירט אַהין פֿריש גרינוואַרג, גלײַך פֿונעם גאָרטן. איצט איז דאָס אַ מאַרק פֿון איינע ספּעקוליאַנטן!

— וואַרפֿט זיך ניט אַזוי מיט קיין ווערטער! — דאָס איז אויך געווען אַ פֿאַרוואָרף. — אַלע זײַנען שוין דאָרט בײַ אײַך ספּעקוליאַנטן?

— איך זאָג ניט, אַז אַלע, נאָר איר וואָלט געמעגט אַ קוק טאָן, וואָס דאָרטן טוט זיך און מעלדן אַהין וווּהין מע דאַרף. איר זײַט דאָך נעענטער צו דער געגנטלעכער נאַטשאַלסטווע. אָט, לעמאָשל... אין די קלייטן וועט איר ניט געפֿינען קיין איין לימענע, און אויפֿן מאַרק טראָגט מען זיי אַרום און מע פֿאַרקויפֿט זיי דרײַ מאָל טײַערער. און דעריקער — אַלע ווייסן שוין, אַז דאָס איז אַ סימען, אַז אויף דער באַזע זײַנען אָנגעקומען לימענעס. מע ווייסט און מע שווײַגט. צי אַפֿילע קרויט, קאַרטאָפֿל, ציבעלעס. די ספּעקוליאַנטקעס קלײַבן אָפּ אין די קלייטן דאָס סאַמע בעסטע, אויך ניט אומזיסט, פֿאַרשטייט זיך, און מע פֿאַרקויפֿט אויפֿן מאַרק פֿינף מאָל טײַערער. און אין די קלייטן? מערער מיסט, ווי קאַרטאָפֿל. אָדער גאָר פֿוילע פּאָמידאָרן. פֿאַרוואָס זאָל מען ניט קאָנען קויפֿן אונדזער גרינוואַרג פֿיל וועלוועלער און דערמיט אַראָפּזעצן די מאַרק־פּרײַזן?

— איך פֿאַרשטיי ניט, סידאָר יערמאָלײַעוויטש. וואָס ציט אײַך אַזוי צו קאָמערציִע? און ווען? אין סאַמע ברען פֿון שניט!

אוי, אָט דאָס גיפֿטיקע שמייכעלע זײַנס! און דאָס נאָך מערער כיטרעוואַטע קוקעלע! איז סענדער שוין אַרויס פֿון די קיילים:

— מיך ציט צו קאָמערציִע? איר ווייסט, פֿאַרוואָס מיר זײַנען אַוועק מיט די פּאָמידאָרן אויפֿן מאַרק? די באַזע האָט זיך אָפּגעזאָגט זיי אויפֿנעמען! זי איז פֿאַרוואַלגערט מיט אָט דער סכוירע, וואָס פֿוילט דאָרטן. זאָלן אונדזערע פּאָמידאָרן אויך פֿאַרפֿוילט ווערן? נאָך אַזאַ האָרעוואַניע! און נאָך דעם אויסרייד, וואָס איך האָב אַדאַנק אײַך באַקומען? דאָס וואָלט דאָך געווען דער גרעסטער פֿאַרברעכן.

בענעגייע דער מעלוכע, בענעגייע מײַנע קאָלווירטניקעס. איר מעגט צופאָרן א קוק טאָן, וואָס עס טוט זיך אָף דער באַזע!

— איך בין ניט קיין פאָלקס־קאָנטראָל, — האָט ניקיטע גריגאָריעוויטש אָפּגעענטפערט א ביסל פּוילבלעך.

— ווער זשע דען, אויב ניט איר? אויב ניט די ראַטנמאַכט? אָט, איר אויך, אין סאַמע ברען פון שניט! איר זײַט געקומען אָף דער אַרבעט זיך גוט אויסגעשלאָפן און געשמאַק אָפּגעפרישטיקט! און איך האָב הײַנטיקע נאַכט קיין אויג ניט צוגעמאַכט, און האָב נאָך הײַנט ניט געהאַט אין מויל קיין ברעקל!

בא ניקיטע גריגאָריעוויטשן האָט דאָס פּאָנעם זיך צעפלאַמט. צו אַזעלכע אָפענע דיבורים איז ער ניט געווען געוווינט.

— זאָגט מיר נאָר, סידאָר יערמאָלײַעוויטש, — האָט ער אַרויסגערעדט, שטיקנדיק אין זיך דעם קאַס. — איר זײַט שטענדיק געווען אַזא דרייסטער?

— דאָס קאָנט איר פרעגן בא אײַער פאָרגייער, בא פּיאָדאָר איוואַנאָוויטשן. ער לעבט נאָך, דער אַלטיטשקער. און בא די געוועזענע באַנדעראָוווצעס קאָנט איר אויך א פרעג טאָן. ניט ווייניק פון זיי זײַנען נאָך אויך דאָ, צום באַדויערן.

דאָס איז, אַפּאָנעם, געווען די סיבע, וואָס גראָד אין סאַמע ברען פון שניט האָט ער געמוזט אויסרעדן זיך דאָס האַרץ. ניקיטע גריגאָריעוויטשעס פאָרוואָרף וועגן זײַן נייגונג צו קאָמערציע און זײַן כיטרע פּראַגעלע, צי איז ער שטענדיק געווען אַזוי דרייסט, האָבן צערודערט אין אים פיל דערמאָנונגען, וועלכע האָבן געיווירט אין אים א גאַנצן טאָג. פאַרנאַכטלעך איז ער אַרײַנגעפאָרן צו טאָדאָרן, געמאָלדן אים, ער זאָל זײַן גרייט מאָרגן, אויב עס וועט נייטיק זײַן, ווידער פאָרן אָפן מאַרק. פון טאָדאָרן האָב איך שוין געוווּסט, וואָס איז געשען... איך האָב בלויז געוואָלט דערוויסן זיך וועגן דעם געניוער. און דעריקער, וויאַזוי האָט ער זיך דורכגעשמועסט מיטן פאָרזיצער פון ראַי־אויספירקאָם. האָב איך שוין מערער קיין פראַגן ניט געדאַרפט פאַרגעבן. ס׳האָט זיך געפילט, אַז ער האָט געמוזט אויסלאָדן זיך פון דעם, וואָס האָט אים רוען ניט געלאָזט א גאַנצן טאָג.

(סאָף קומט)







אַן אַנזאַם אין סעקרעטאַריאַט פון דער פאַרוואַלטונג פונעם שרײַבער־פאַרבאַנד פון פססר. פאָרזיצער פון דער באַגעגעניש — סעקרעטאַר פון דער פאַרוואַלטונג יורי ווערטשענקאָ

# אף די פײַערונגען פון 25 יאָר „סאָוועטיש היימלאַנד"





אף דער פאָטאָ אויבן: עס טרעט ארויס די פאַריזשער דיכטערן דאָרע טייטלבוים. אונטן: א זיצונג פונעם „רונדן טיש" אין רעדאקציע־לאָקאַל פון „סאָוועטיש היימלאַנד"

# די אײביקע ליד

## III

### ליבע און העמשער

איך קאָן ניט אָפּשיידן פֿון זיך די אייביקייט,
אזוי ווי פֿון א בוים די רינגען...

53

איך בין שוין אויסגעווען ווי נאָר א לאַנד,
און פֿרעגט מיך, וועלכע רײַזע איז די שווערסטע,
די נייטיקסטע פֿון אַלע,
די סאמע דרינגנדיקע,
די טשיקאַווע סאַמע,
וועל איך אײַך ענטפֿערן:
די רײַזע אין דער טיפֿעניש פֿון זיך אַליין.
איך האָב געזען שוין מענטשן איבעראַל,
געזען די נעגערישע ייִדן
און די ייִדישע טאַדזשיקן,
נאָר פֿרעגט מיך:
זיך אַליין האָב איך שוין גוט געזען?
געפּרוווט אַרײַנקוקן
אין טהאָם פֿון אייגן לעבן,
אַריבערשפּרינגען אויך געפּרוווט די בערגלעך אייגענע פֿאַרשנייטע,
די יאַמען איבערשווימען פֿון מײַן שוואַכקייט,
און דאָך —
ווען כ׳קוק אין זיך,
איז פּונקט ווי כ׳וואָלט געזוכט דאָרטן און אַנדערן,
דערפֿאַר עס ציט מיך דורכצומאַכן נאָכאַמאָל
די נייטיקסטע פֿון אַלע רײַזעס,
די סאַמע דרינגנדיקע,
די טשיקאַווע סאַמע
און די שווערסטע...

54

איך שווים אין די שוימיקע כוואַליעס, וואָס רוישן אין מיר אַליין.
אָ, ראַטעוועט מיך, האָט ראַכמאָנעס, איך בין שוין אינגאַנצן פֿאַרפֿאַלן...
עס האַלט מיך באַם גאָרגל און שטיקט מיך מײַן אייגן פֿאַרביטערט געוויין,
דאָס אייגן געלעכטער מיך אויסלאַכן פֿרעך איז פֿון לאַנג שוין א באַלן.

סאָף. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד״ נומ. 1, 1987.

איך שווים אין מײַן אײגענעם בלוט און גײ אַלעמאָל דאָרט צו גרונט.
אָ, ראַטעוועט מיך, איך בין שוין אינגאַנצן פאַרשטאַרט און דערטרונקען.
פון מוירע דערשטוינט ווערט דאָס האַרץ: טאָמער שלעפּט מיך אַרויס אַ הונט
אױפן ברעג, און דאָרט פאַל איך אַרײַן אין די הענט פון די הפקר־יונגען...
איך בעט מיט זיך מיט אײנעם גאַרטל אַ מעסער אַ שאַרפן אויף יעדן פאַל,
אויב ראַטעווען מיך עס וועט קומען אַ היצל צום ברעג אומגעבעטן.
דאָס בלוט מײַנס איז יונג און עס זינגט און עס ברויזט און עס שאַלט,
און עס טראָגט מיך צום ברעג, אויף וועלכן עס וועלן די פיס מײַנע טרעטן.

55

איך בין אַליין באַ זיך דער שומער
און בין דער אויצער, וואָס איך היט.
מײַן ליד איז ניט פאַרשלאָסן קלוימערשט,
נאָר פּרוּוו זיך פּאַרען אין מײַן ליד!
איך זוך אַרום ביז די אײנסאַפן
דאָס זיכערע און דאָס געגאַרטס.
מײַן האַרץ פאַר אַלעמען איז אָפן,
נאָר פּרוּוו זיך פּאַרען אין מײַן האַרץ!

56

טעג, וואָס זײַנען אונדז געגעבן...
יעדער טאָג האָט צײַט און וואָג.
שטעלט אײַך פאָר: צו מײַן גרויס לעבן,
ניט דערגאַנגען וואָלט אײן טאָג —
דאַן איך וואָלט געבלאָזן שויפער:
גיט מיר אָפּ אים! בעמט ניט צו!
און דאָס לעבן וואָלט געדויערט,
ניט געוווסט, ווי איך, קײן רו.

57

מע זאָגט, אַז ווען אַ קאָמפּאָזיטאָר איז אין די הויכע כּאַדאָשים, זײַנען שוין איר מויער, דאָס בלוט, די כּושים אין דער פּולער מאָס ניט בלויז אירע, נאָר אויך דעם קינדס, וואָס האַלט אין קומען אויף דער וועלט. ערשט ווען עס געשעט דער געבורטס־אַקט, גייט דער מאַמעס אײנערלעכע וועלט איבער אין זיקאָרן פונעם קינד, אין זײַן דערמאָנונג. אויב זיך פאַרשטעלן פאַרליבטקייט אַזוי, אַז דער, וואָס איז פאַרליבט, איז אין „די הויכע כּאַדאָשים" מיטן אָביעקט פון זײַן ליבע, קאָן מען אויך ווײַטער פירן די פּאַראַלעל אין זעלבן נוסעך. ליבע איז אָבער ניט קײן בײאָלאָגישער פּראָצעס, כּאָטש... דער געבורט פון אַ לעבעדיקן וועזן איז דען הוילע בײאָלאָגיע?

58

ווייסט דער שעד, ווו דיך איך האָב באַגעגנט,
אין דערשרעק געשעפּטשעט: גאָט באַהיט...
ביסט געשטאַנען אויסגעווייקט פון רעגן,
ביז די קני אין ראָסע, ביזן האַלדז אין צווייט.
כ'האָב דעם דונער אײַנגערעדט דיך טרעפן
און דעם בליץ — אַ שניט טאָן דיר דעם האַלדז,
נאָר דו האָסט געגעבן מיר דעם עפּל,
און איך האָב פאַרגעסן דאַן אין אַלץ.
אין דער אינקוויזיציע, אין גרענאַדע,
אָפּגעשיקט דיך אויפן שײַטער כ'האָב.

און געזאָגט דו האָסט מיר: טאַרקווועמאַדע
פון דער ליבע... זיי ניט אזוי גראָב...
דאַן איך בין געקומען בעגילופן
און געשלאָגן דיך, מיין איינציק וויַב,
און נאָך אַלע גזיירעס דיך גערופן
און געקושט דיַין אויסגעמאַטערט לייַב.

59

וויַיל פון א מאַן זי איז געקומען
און האָט געווייקט זיך אין זיַין בלוט,
דערפאַר עס שענקט דער מאַן איר בלומען
און אַף זייַן הארץ דערפאַר זי רוט.
דערפאַר ווען ליכט אין טעמפּל צינדט ער
און פירט זיַין קאַלע צו צו זיי,
עס נעמט אים דורך פון דעם א ציטער,
און ס'איז אים גוט, נאָר ס'טוט אים וויי.

60

צו יענער וויַיט האָט מיך געצויגן,
וואָס רוקט זיך אָפּ, נאָר אָן א מיין
צו דיר געפלויגן, ווי א פויגל,
און ניט דערפלויגן, ווי א שטיין.
יאָ, אָן א מיין כ'האָב זיך געטראָגן
צו דיר, צו דיר מעשוג'נערהייט,
פאַר זיך באַהאַלטן אַלע פּלאָגן,
פאַר דיר געהאַלטן בלויז די פרייד.
אין גאַר דער וועלט אין מענטש, בלויז איינער
האָט מיך געשראָקן, מיר געדראָט,
אַף אים געשאַרפט איך האָב די ציינער,
געפרוּווט באַקעמפן אים מיט שפּאָט.
שנעל אָפּגעשטעלט דו האָסט מיַין פלי'ען,
א זאָג געטאָן קימאַט מיט פרייד,
אַז הייַנט אין ראָסע־גראָז אין פרי'ען
האָסט אויסגעטאָן פאַר אים דיַין קלייד.

61

איך זאָג איַיך, יעדער מיידל איז א גלעקעלע, וואָס קלינגט.
דאָס מיידל לאַכט. דאָס מיידל וויינט, דאָס מיידל טאַנצט און זינגט.
איר קלייד איז שמאָל אין טאַליע און בא די קני צעפּעדערט יונג,
און ס'קלינגען פרייַ די פיס — ווי נאָר א שפּאַן, ווי נאָר א שפּרונג.
דער מאַנצבל גייט צו איר
איבער א טהאָם, וואָס האַלט אַף זיך א דינעם שטריק,
נאַפּאָלעאָן און מאַגאָמעט האָבן ניט אומגעקערט זיך שוין צוריק.

62

טו מיר א טויווע, מיַין טיַיערע יעפּאַסטויער,
פאַרלאָז מיך ניט אין די נאָענטסטע טויזנט יאָר.
קאָלזמאַן אָט די דאָזיקע רעגע דויערט,
ווערט א שניי'עלע צודעקן מיַינע האַרבסטיקע האָר.

כ׳וועל באוויזן דיר זאָגן אַ פּאָר ווערטער שטילע
בייס דער קורצער יאָרטויזנט וועט שוין קריכן אַראָפּ,
און דעמלט אוועקגיין דו מעגסט אפילע,
דער ווינטער וועט אײַנדעקן ווארעם מײַן קאָפּ.

63

די ליבע האָט קיין סאָף, קיין ענדע — די נאַטור.
איינמאָל האָט די מוזיק דערציילט פון דעם אין קלאַנגען.
איך האָב אַליין געהערט:
געשפּילט האָט דער אָרקעסטער
פראַנץ יאָזעף הײַדנען,
זײַן
„סימפאָניע מיט ליכט",
אָדער די „געזעגענונג־סימפאָניע" —

...די ליוסטרעס זײַנען שוין אויסגעלאָשן. עס פינקלען אף די פּופּיטערס די פּײַערלעך פון אָנגע־צונדענע ליכט. צום פּולט איז אַרויסגעגאַנגען דער דיריזשאָר, ער הייבט אוףביידע הענט איבערן קאָפּ און טוט זיי אומגעריכט אַ פּיר. די ערשטע טאַקטן פון הײַדנס סימפאָניע שווימען אוועק אין זאַל. די פּײַערלעך פון די ליכט ציטערן אין טאַקט פון די סמיטשעקעס און פון די פּײַפּלען. די מוזיק ווערט אָט שטאַרקער, אָט שטילער, הייבט זיך אוף און פאַלט. דער טויט און דער העמשעך — אָט וואָס דאָס איז. ס׳האָט זיך אויסגעלאָשן איין ליכט און נאָך איינע. צוויי מוזיקאַנטן האָבן אוועקגע־לייגט די אינסטרומענטן, זיך אופגעהויבן פון די ערטער און אוועקגעגאַנגען. דער אָרקעסטער זעצט פאָר צו שפּילן אָן זיי, און אָט ווערט פאַרלאָשן נאָך איין ליכט — דאָס איז אוועקגעגאַן דער דריטער מוזיקאַנט, גענומען זײַן וואַלטאָרנע און פאַרלאָזט דעם אָרקעסטער. נאָך אים איז אוועקגעגאַנגען דער פליײטיסט און אויך אויסגעלאָשן אַ ליכט. הײַדן האָט אַזוי פאַרטראַכט די אויספּילונג פון זײַן סימ־פאָניע. די מוזיק דאַרף פון זיך אַליין זיך ענדיקן, פאַרלאָשן ווערן, ווי די ליכט אפן פּופּיטער. אָבער אין סאַכאַקל איז די מוזיק דאָך ניט פאַרשווונדן געוואָרן, ניט אופגעהערט צו קלינגען. די מוזיקאַנטן לעשן אויס איינער נאָכן אַנדערן די ליכט און גייען אוועק, אוועקטראָגנדיק די פידלען, די גאַבאָען און די טרובעס. די ליכט ברענען נאָך צו עטלעכע אין דעם אָדער אין יענעם אָרט פונעם אָרקעסטער. און פון אָט די ערטער דערטראָגט זיך די מוזיק. ענדלעך, זײַנען אין אָרקעסטער פאַרבליבן בלויז צוויי פידלען: די ערשטע פידל און די צווייטע, וועלכע זעצן פאָר צו שפּילן. און ס׳ברענען צוויי ליכט, הייסט עס, אַז דער אָרקעסטער שפּילט נאָך די סימפאָניע בא די ליכט. און דאָס איז העמשעך... כ׳זינק אין מײַנע אייגענע מאַכשאָוועס.

64

לאָמיר זאָגן, ווער מיר זײַנען.
וואָס? — מיר האָבן ניט קיין נאָמען?
אונדזער שטאַם איז אָן אַ זאַמען?
מענטשן זאָגן, מענטשן טײַנען...
זאָלן זיי זיך שעמען אַלע,
ווער עס רעדט פון יענעמס צאָרעס,
און אַליין איז מען אַ באַלן
אייגענע ניט זען, אַ סוואָרע.
לאָמיר זאָגן, וואָס מיר מיינען
וועגן וועלט־זאַכן און נײַסן,
קדוישים אונדזערע באַווײַנען,
העלדן אונדזערע באַווײַזן.
לאָמיר לעבן מיט אַזאַ מין
כעזשבן, וואָס פאַרדינט דעם פּייִרעש,

אז מיט אַלעמען צוזאַמען
זײַנען מיר א יעש בעפּיירעש.
לאָמיר זאָגן, ווער מיר זײַנען,
אז מיר וואַקסן ווי די זאַנגען.

## 65

דײַן אומגלויבן האָט מיך דערשראָקן.
אַנטקעגן וואָס ביסט שטענדיק וואַך?
צעטייל דעם סייכל אַף מערכאָקים,
דעם מערכעק גלייבן לענגער מאַך.
דו שטיי שוין אויף, גענוג געכראָפּעט,
דעם זייגער פון געדאַנק לאָז גײַן.
צעטייל דעם גלויבן אַף מערכאָקים:
א מערכעק יאָ, א מערכעק ניין.
איך קום אַרײַן צו דיר אין מאָקעם
נאָך קורצע טעג, נאָך לאַנגע נעכט.
צעטייל דעם סייכל אַף מערכאָקים:
א מערכעק גוט, א מערכעק שלעכט.
און ווען דו וועסט זיך גוט אַרומזען,
דײַן אָרט געפינען און דײַן ציל,
וועט אויסזען דעמלט ווי אַן אומזין
פון דעם, וואָס איצט איך זאָג דיר, פיל.

## 66

די ליכט אַרום מיר לעשן זיך. אָט איז פאַרלאָשן געוואָרן נאָך איין ליכט און אָט ווידער און ווידער. ס'וואָרט צוגעטונקלט די שײַן אין מײַן שטאָם־אַלקער. די אַלטע טראָגן אַרויס די עלטערע. דער אָר־קעסטער ווערט ווייניקער און ווייניקער. צוערשט די פּײַקלעך און די טרומייטלעך, דערנאָך די קאָנ־טראַבאַסן און די פידלען גייען אַוועק. אָבער ווען עס בלײַבט נאָך אַפילע איין מעשוגן פּײַפעלע, לעבט דער אָרקעסטער. באַלד וועט פון עפּעס א באַהאַלטענעם אין־ערגעץ־ניט אַרײַנוואָוען זיך א פידעלע און אָנהייבן אַליין דיריזשירן מיטן סמיטשעק. אַרום און אַרום וועט מען זיך וווּנדערן: זעט! ער האָט אויסגעשפּילט זײַן העמשעך...

## 67

די היץ אין אַלטן הויף אַראָפּ איז,
פּאַרדעקט פון שפּיגל איז די לופט.
עס פאָרט שוין אָפּ אונדזער אווטאָבוס,
דאָס לעבן גייט נאָך אים צופוס.
פאַרוואָס ניט גיין מיט אונדז צוזאַמען,
זיך אײַנטרעטן אין אונדזער טראָט?
מיר וועלן דאָרט זיך ניט פאַרזאַמען,
ניט בלײַבן דאָרט, באַהיט אונדז גאָט.
קומט אָפּגעבן דעם לעצטן קאָוועד.
זעט, ווי עס לויכט זיך ווײַט זײַן שפּור.
... — „דאָס פירט איר אָפּ קיין וואָסטריאַקאָווע
די ייִדישע ליטעראַטור?"
איי, בײַסט זיך אָפּ דעם צונג. אין לעבן
איז אייביק דאָס, וואָס איז געגעבן.

68

מיט אופגעהויבענע הענטעלעך,
אײנס אײַנגעבויגן אין עלנבויגן,
זעט זי אויס ווי אן אלעף.
ווען זי זעצט זיך אוועק אפן דיל,
שפרייט אויס פאר זיך די פיס און פארנייגט דעם קאָפּ,
זעט זי אײס ווי א בײס.
דאָס שיכעלע אירס אפן הויכן קנאפל — דאָס איז שוין א גימל.
ווען זי בייגט אײַן דעם אייבערשטן טייל פונעם קערפער,
מאכט זי פון זיך א דאלעד.
אירע קליידלעך —
דאָס אונטערשטע אראָפגעצויגן נידעריקער פונעם אייבערשטן
זײַנען א הײ.
די פיסעלעך אירע, אײנס און דאָס אנדערע,
ווען זיי שטייען,
זײַנען א וואָוו.
אירע היפטן,
וואָס שפּארן ארויס פון דער שמאָלער טאליע,
מאכן צוויי זײַענס...
...אָ, לאָזט מיך זאָגן ביזן סאָף דעם אלעפבייס פון איר פראכט.

69

אפן פעלד, וואָס טריקנט אויס שוין, זײַנען מיר די וואסערפירער.
זעט: צום לעבעדיקן וואסער קאָנען זאנגען ניט דערלאנגען,
דאן זיי טשאכנען, שוין באפרוכפערט,
אין דעם טוי זיך וואשן פריער
און דערנאָך, ווי קימפעטאָרנס, קומען אום פון שווערע מאנגלען.
פרילינג וועלן מיר נאָך זייען. שארט צונויף די לעצטע קערנער!
נאט אײַך מײַנע אלטע ווערטער, פרישט זיך אָפּ מיט זיי א ווײַלע.
אינעם טאָל, ווו יידן לעבן, ווארפט אראָפּ זיי פאר די קענער,
פאר די אייפעלעך, וואָס האָבן נאָך קיין לאָשן ניט דערווײַלע.

70

אפן דריטן טאָג פון דער מילע
איז געקומען גאָט
אין דער שטאָט מארא
אווראָמען מעוואקער כוילע זײַן.
גאָט באווײַזט זיך געווײנלעך
מיט פײַער, מיט וואסער, מיט ווינט
אף דער ערד,
נאָר בא אווראָמען
ער האָט זיך באוויזן
באלוני מארא —
אין די ביימער פון מארא,
א רעמעז אף דעם,
אז כאָטש אלט איז דער בוים,
דאָך לאָזט ער וואקסן נאָך פײרעס...

71

אין דער וועלט די פעלקער וועלן זיך סײַ ברידערן, סײַ פּאָרן און סײַ בינדן.
אײַלט זיך ניט, די מענטשן וועלן עס אַלײן מיט קלאָרן סײכל טאָן.
אדרבא, רופט מיר אָן א פאָלק, וואָס וויל לעמאַנאשעם פארשווינדן,
איבּ וועגן א פאָלק אזא איר ווייסט, איז טוט א טוווע — רופט עס אָן.

72

מײַן כאוועד, דער אוקראַיִנישער פּאָעט דמיטרי פּאַווליטשקאָ, האָט מיר דערציילט וועגן זײַן קינדהײַט, וועלכע איז אויסגעפאַלן אויף די מילכאָמע־יאָרן. געלעבט האָט ער צווישן יידן, אונטער דער דײַטשישער אָקופּאַציע. דאָס אַלץ האָט זיך אָפּגערופן אין דעם אויסקלײַב פון לעשווינעס, מיט וועלכע ס'איז אים אויסגעקומען זיך צו ניצן. איך, פון מײַן זײַט, האָב געפונען פאַר נייטיק עפּעס־וואָס צו פאַרפינקטלעכן, ווען עס איז געגאַנגען א רייד וועגן יידיש.

...פון דײַנע ווערטער ענדלעך
איך צי ארויס א טײַטש:
ס'איז יידיש דיר פאַרשטענדלעך,
ווײַל האָסט געלערנט דײַטש.
נאָר דו, מײַן הארציקליבער,
פאַרגעס ניט זאָגן שטײף,
ווער ס'האָט ארום די גריבער
זײַן מוטערשפּראַך געשלײַפט,
און ווער אין גרוב גערא̈מער
מיט לעצטן אָטעמצוג
דאָס וואָרט דאָס לעצטע „מאַמע"
געצערטלט אויפן צונג.
אוודע, ס'וועט ניט שאַטן,
מיר זאָלן זאָגן פּראָסט.
אז אינעם דאָרף סטראָפּטשאַטי
געהערט מײַן לאַשן האָסט.
דאָרט אינעם שענקל סקריפּען
אויף יידיש פלעג די טיר,
געמאַכט מע האָט א היפּע
אויף לאַשנקוידעש שיר.
אין רעגנס און אין שנייען
סטראָפּטשאַטי אָנגעטרויט
דעם שטעטל קאַלאָמייע
זײַן וואָרט האָט און זײַן ברויט.
צו כאַימען דעם קאַוואַל,
צו פינכעסן אין קלייט
די פויערטע פּראַסקאָוויע —
דײַן מאַמע — דיך באַגלייט.
דעם דזוגעכץ פאַר די רעדער
מע רופט אין דערפל „שמיר".
מיט קאַפּעלען דעם בעדער
דו קויפסט אין קלייט פּאַפּיר.
די לאַטקעס פון קאַרטאָפל,
פּידפּאַלעקעס, קוליש
— דו עסט אינדערהיים מיטן קאַפלען,
בא קאַפּלען עסטו פיש.
פון דײַנע ווערטער ענדלעך
איך צי ארויס דעם טײַטש:

ס'איז יידיש דיר פאַרשטענדלעך,
האָסט אויך געלערנט דייַטש.
ווען ס'האָט דיך אין סטראַפּטשאַטי
מיט אָנגעשטאָלטער האַנט
געפּייַניקט און געמאַטערט
דער פרעכער אָקופּאַנט;
ווען אומשולדיק באַגעגנט
עס האָט זייַן לעצטע שאָ
באַם הענקער אין די נעגל
דייַן ברודערקע פּעטראָ, —
דאַן האָסטו אויסגעלערנט
ניט־ווילנדיק, נאָר גוט
די רייד — מיט בלוט און טרערן —
פון „הייַל” און ביז „קאַפּוט”.
אין קאָלאָמייער געטאָ
און אין סטראַפּטשאַטער וואַלד
געהערט האָסט לייַ'נען געטען,
און געטע האָט געשאַלט
אף שפּראַך דייַנער אוקראַיניש,
אף יידיש און אף דייַטש.
מיט שטוינענדיקע טייַנעס
דו האָסט אים אויסגעטייַטשט... —
ווייַל דו, מייַן הארציק־ליבער,
דערמאָנסט ביז איצטער שטייף,
ווען ס'האָט ארום די גריבער
א שפּראַך פון מאָרד געשלייַפט,
א שפּראַך, וואָס איז ניט דייַטשיש,
ניט יידיש כאַס־וועכאַס,
שוין גיכער הינטיש, בייַטשיש —
א שפּראַך פון מאָרד און האַס.
פון דייַנע ווערטער ענדלעך
איך צי ארויס דעם טייַטש:
ס'איז יידיש דיר פאַרשטענדלעך,
האָסט אויך געלערנט דייַטש.

## 73

דער גאַבע אין טויזנטיאָריקן בייס־האַמיקדעש יידיש
האָט דערפילט: עס שפּאַרט פון אַלע זייַטן די געפאַר.
דער כאַזן האָט אַזש אופגעהערט צו זינגען אינעם בייס־האַמיקדעש
יידיש (מיילע, א כאַזן איז פון אייביק אָן א נאַר).
דער גאַבע האָט געמיינט, אַז אָט באַלד וועט דער הייליקער טעמפּל פאַלן,
און ווי ס'איז געשען אין יערושאָלאַיִם, וועט פון יידיש בלייַבן א וואַנט.
נאָר מיטאַמאָל האָט א פּילפּאַכיק קאָל געגומען שאַלן,
דורך צעעפנטע פענצטער געהערט האָט כאַזאָנעס דער גאַנצער קאַנט.
פון דעמלט אָן איז אַוועק א סאַך צייַט, און קעגן די אַלטע מידעס
זייַנען די מעשוירערים פון יידיש געוואָרן גאַבאָיִם, כאַזאָנים אַליין,
און ארויס איז א באַסקאָל, אַז פון יידיש דער בייס־האַמיקדעש
דעם כורבן זאָל אויסמייַדן,
נאָך א יאָרטויזנט שטיין.

# IV

## אונדזער צײַט

> א שווערע, א דראמאטישע צײַט לעבט איבער די מענטשהײַט. נאָר בא איר איז פאראַן א רעזערוו פון שטאנדהאפטיקײַט, וועלכע דערלויבט סײַ אויסלעבן, סײַ — נאָך מער — זיך אויסלערנען לעבן אין א ציוויליזירטער וועלט.
>
> מ. ס. גאָרבאטשאָוו, פון דער רעדע אין וולאַדיוואָסטאָק דעם 28 יול 1986.

### 74

ערשט זיך אומגעקערט אהיים פון לאָנדאָן,
פון בראַיטאָן־ביטש און פון מאיאמי,
ניט באוויזן איבערבײַטן דעם היפּאָוון האלדזבאנד
אַף א היימישן,
די פרוי — ארויסציִען די האָרנאָדלעך
און צעלאָזן דעם צאָפּ,
ווי מע קלאפּט אין טיר. מײַן לייענער...
ער וויל ניט אָפּלייגן אַף מאָרגן:
דערצייל פונעם וועג, דערצייל...
„גאנץ לאָנדן"
האלט אָפּן אין רעגן די זאָנטן.
אין אמעריקע
פון אלע שטאטן און קאנטן
קיין איינער ווייסט פון א היץ אזא מין,
ווי אין מאיאמי.
אין ערגעץ ניטאָ אזויפיל
ווי אין בראַיטאָן־ביטש,
עמיגראנטן
פון יענער זײַט יאמען.

### 75

זיי פארנעמען זיך דאָרט מיט שנאָרעכצן,
לאכן פאלש
און וויינען אומגעריכט.
לאכן קאָן מען אויך אין כויך לעאָרעצן,
אויסוויינען זיך קאָן מען בלויז בא זיך.
אָפּגענארטע אײַנוווינער פון שניפּישאָק,
פון פּאָדאָל — פּארפירטע צום גודזאָן!
כ'בעט אײַך, וויינט ניט אין די פרעמדע איפּעשן,
ווײַל זיך אויסוויינען בלויז אינדערהיים מע קאָן.

### 76

אמאָל איז געווען אזא פלאנץ אַף דער וועלט,
וואָס אָסיען־צײַט פלעגט פון די וואָרצלען זיך רײַסן,
נאָר ווינטער איז קעלטער אָן וואָרצלען די קעלט,
און ס'פאלן אין פרילינג די בלִיִונג־באנײַסן.

דער פלאַנץ האָט געדרייט זיך אהער און אהין,
געמיינט, אַז פון שליאַנדרען די קויכעס זיך מערן,
ביזוואנען ס'האָט איינמאָל א טרוקענער ווינט
באַשטראָפט אים, דעם יאָלד, מיט אַן אורטייל א שווערן.

77

זאָגט מײַן שאָכן: כ'קאָן זיך ווענן,
ס'טרעפט מיט יעדן, ס'טרעפט,
אַז ער קוקט אראָפּ צום וועלטל
פון די אייגענע טרעפּ.
ס'ווילט זיך ווײַן אין „זאַגראַניצע”... —
איז דער ענטפער פראָסט:
אָפּגעטאָן מ'האָט שוין דאָס שפּיצל
זיך אליין... איז וואָס?
זאָל מען איצט דאָס מײַכל עסן,
וואָס מע האָט פאַרקאָכט.
ווער געזוכט האָט ס'פרעמדע געסל,
זאָל זיך לעבן דאָרט...

78

אויך דאָרטן דער שאָכן שרײַט:
„איך קאָן זיך באַגיין מײַן שטעטעלע!”
...די בלינדע מע זעט פון דער ווײַט,
ווי האַלטן אלציינס דאָס שטעקעלע.

79

איך ווייס ניט, וויאַזוי איך זאָגן פּאַשעט:
ס'איז אײַער אויג מיט שטויב שוין פאַרפּאַראַשעט,
און איצט, נאָך יאָרן מיט אַזויפיל שווארצקייט,
איז איבעריק צו גיין צו אײַער הארצן —
איך האָב געמיינט מײַן וואָרט וועט אײַך פאַרצוימען
דעם וועג אהינצו, ווו דער וועג ווערט אויס.
נאָר ווען דער רויך אַרויס איז שוין פון קוימען,
ניט זוכט פאַר אים קיין אויוון אינעם הויז.

80

אַרויס איז פון נעפּל
מײַן צאַד שעקענעגעד,
ער האָט ערשט א קנעפּל
און נייט שוין דעם בעגעד.
געמיינט, אַז זײַן שעקער
מײַן עמעס וועט דעקן,
ערשט גרויס איז די שטרעקע
און קליין איז די רעגע.
איך בין בא דער דייע
און האָב מיר מײַן ראַיע:
ווער ס'האָט הײַנט די מייע
פאַר הונדערט נעמט שרײַען.
נאָר זאָל ער ניט מיינען
און זאָל ער ניט האָפן,
אַז געגנגלער געמיינע
מע וועט ניט באַשטראָפן.

81

איך
בין מערער,
איידער איר.
מײַן קאָל האָט עכאָס אָן א שיר.

82

אוואדע, אוואדע! איר האָט פון מיר קאלטס און ווארעמס,
איר וואָלט מיר פאר דעם אפילע געפלעט דעם קאָפּ:
פון אײַער קאָנווייער גייען אראָפּ די כמארעס,
פון מײַן קאָנווייער די רעגנבויגנס גייען אראָפּ.
כ׳בין גרייט ווי געהעריק דעם כילעק אָט דעם קאָמפּענסירן,
פארבײַטן דעם רעגנבויגן אף שטענדיקער בלויקײַט אין רוים, —
אויב איר פאר דער זון וועט צעעפענען ברייט אלע טירן,
אראָפּנעמען אויב פון דעם שלאקסרעגן וועט איר די צוים.

83

ווען מיר ריידן הײַנט מיט געווינשאפט וועגן דער קומענדיקער ערע, באקומט זיך, געווינלעך, אזויווי זי וואָלט נאָך געווען אָפּגעווײַטערט פון אונדז אף גאנצע הונדערט יאָר: איצט איז דער צוואנציקסטער יאָרהונדערט, און דאן, לאָמיר האָפן, וועט זײַן דער איין־און־צוואנציקסטער. אָבער צו דער נײַער ערע איז שוין מאמעש מיט די הענט צו דערלאנגען. זי וועט אָנקומען ווייניקער ווי אין דרײַצן יאָר ארום. מיר לעבן אין א שליסל־צײַט פון דער געשיכטע, ערעוו דעם דריטן יאָרטויזנט...

84

אין מאָסקווע טראָגט מען נאָך אראָפּ די ווענט פון נײַנצנטן יאָרהונדערט.
אף אלטע גאסן צאמט מען אָפּ מיט פּלויטן דעם אלטמאָדישן אמאָל,
און דאָ און דאָרט עס קוקט ארויס שוין (פונעם צוואנציקסטן ניט אָפּגעזונדערט)
דער איין־און־צוואנציקסטער, וועמען דער ארבאט און די מיאסניצקע זײַנען שמאָל.

85

...הײַנט האָט מיר דער טעלעגראף געבראכט
אזויפיל נײַס!
די נײַס פון אלע זײַטן שפּארן!

86

בריטאניע וועט עפענען
דעם 1־טן מײַ פון יאָר צוויי טויזנט איינס
אן אויסשטעלונג מיטן דעוויז
„דער צוואנציקסטער יאָרהונדערט איז פארבײַ".
(קימאט דער גאנצער צוואנציקסטער יאָרהונדערט
איז דורכגעגאן אין בלוטיקע מילכאָמעס...)

---

וואָס ווײַטער אין דער צײַט
די צאָל פון ראָבאָטן וועט וואקסן שנעלער
איידער די צאָל פון מענטשן.

---

דער מיסטער אויטני פון שטעטל פּאַסאַדענאַ (פּשאַ)
באַשאַפן האָט אַ ראָבאָט, וואָס וועט קלײַבן שטיינער
אויפן מאַרס, —
אַ וועזן מיט מעטאַלענע יאַדאָיִם (אַנדערהאַלבן מעטער אין דער לענג)
און מיט ראַגלאָיִם־רעדער.
און ווײַל
סיגנאַלן פון דער ערד
צו מאַרס גייען לאַנג,
וועט אַט דער ראָבאָט
אַליין זיך אויסלערנען אַרומגיין קראַטערן און שטיינער
און אויסקלײַבן, אַוועלכע שטיינער נעמען.
די ערד וועט געבן אײַצעס אים, ניט מער...

---

עס שטאַרבן יעדן יאָר פון הונגער
באַ פערציק מיליאָן בען־אַדאָמס אין דער וועלט!

---

...די נײַס — זיי קומען אָן פון אַלע עקן פון וועלט.

---

דער מאַנסיניאָר זשאַק באַזיאַ
פון דער באַוווּסטער פירמע "Elf"
האָט נאַפט געפונען אונטער די פּאַריזשער גאַסן.
מע זאָגט, אַז זיך דערקלײַבן צו די פּלאַסטן
דער אייפעל־טורעם זשאַקן העלפט.
וואָס טראַכט איר וועגן דעם, מע זאָל אין גאַנץ פּאַריז
אַראָפּטראָגן די מויערן,
ניט מער, דער אייפעל־טורעם, זאָל דעם באָדן בויערן?

---

פאַראַן פאַר דעם אַ בײַשפּיל,
עטוואָס פאַרקערטער:
דער נאַפט־מאַגנאַט, פּרענק פיליפּס,
אַוועקגעשטעלט אַ שטאָט האָט אין טעכאַס
מיט זעכציק יאָר צוריק, זי אָנגערופן פיליפּס.
איצט איז קיין נאַפט ניטאָ שוין אינעם באָדן אונטער פיליפּס,
און אָנדערהאַלבן טויזנט אײַנוווינער
האָבן אַ וואָרענונג באַקומען
פון "פיליפּס פּעטראָלעום קאָמפּאַני",
מע זאָל באַצײַטנס זיך פאַרנעמען פון דער שטאָט,
ווו אויסגעוואַקסן זײַנען דורות פיליפּסיאַנער.
וואָס טראַכט איר וועגן דעם, מע זאָל די מענטשן אין דער שטאָט
אַן אַנדער אַרבעט געבן?

---

אין ייִסראַעל
וואָס געפינט זיך אַף דער ערד פון פּאַלעסטינע,
באַ פּאַלעסטינעצעס נעמט מען אָפּ די ערד.
און זיי מע הייסט פאַרלאָזן פּאַלעסטינע...
וואָס טראַכט איר וועגן דעם, מע זאָל קיין פאָלק פון ערגעץ ניט פאַרטרײַבן,
און ייִדן שרײַען זאָלן ניט "הערואָס!"?

---

אפן האַלבן אינדזל יוקאַטאַן
האָבן אַרויסגעוואָרפן אפן ברעג זיך פינף און צוואַנציק קאַשאַלאָטן —
באַגאַנגען זעלבסטמאָרד...
דער בּיאָלאָג ווילי׳אַם ראַמירעס
גראָבט זיך אין דער פראַגע,
וועלכע ס׳האָט געשטעלט נאָך אַריסטאָטעל:
פאַרוואָס? פאַרוואָס? פאַרוואָס? פאַרוואָס די לעוויאַסנס —
ניט איינער, נאָר אַ גאַנצע סטאַדע —
לעכצן הײַנט דעם טויט
דאָ, אַף דער טרוקענער יאַבּאַשע?
וואָס טראַכט איר וועגן דעם, מע זאָל זיי צושרײַבּן
אַן אַקעאַנישע מאַסאַדאַ?

87

...די נײַס
זיך קייפּלען און זיך מערן.
דאָס לעבן מײַנס
זיך דרייט אַרום איבער דער ערד, איבער די שטערן,
דאָס ברוינע קאַרנבלימלדיקע,
דאָס געלע קאַרנקלײַענדיקע
ס׳אַלמעכטיקע און ניט באַשיצטע
לעבן.
און מאַדנע:
מענטשן, וועלכע קאָנען מיך פון ווײַער הײַם ניט זען,
מענטשן, וועלכע ווילן ניט דאָס קאָל מײַנס הערן און פאַרשטיין,
פרעמדע, ווײַטע מענטשן
הייבן זיך אַזש אויף אין קאַסמאָס,
קעדיי פון דאָרט
מיט מײַן גרינג לעבן
צו פירן אַ מילכאָמע —
ניט אַנדערש, ווי פון ווײַטע שטערן,
ניט אַנדערש, ווי מיט ווילדע אַטאָמס,
ניט אַנדערש ווי מיט ציין פון לאָוערס,
ניט אַנדערש, ווי מיט סאַם פון גאָזן!

88

(פון מאָסקווע און ביז דער לעוואָנע
איז פּונקט אַזוי ווײַט, ווי ביז דער לעוואָנע פון וואַשינגטאָן.
אויב ס׳וועט ניט זײַן אַף דער וועלט קיין מילכאָמע,
ווייסן מיר, וואָס אַף לעוואָנישע טראַסעס צו טאָן...)

89

אַ קליינִיקײַט — דער מענטש איז אַרוף אַף דער לעוואָנע, אַף אָט דעם אויסגעשײַערטן און אויסגעפוצטן מיט באַנאַכטיקע פּליושן זילבערנעם טעלער, וואָס שײַנט צו דער ערד מיטן שמייכל פון יעהוישוע בען־נונס פּאָנעם. די ראָמאַנטישע לעוואָנע אין די אויגן פון פּאַרליבטע און פּאָעטן, די לעוואָנע, וואָס איז מאַשפּיע אַף יאַמען און אָקעאַנען און ווייסט דעם סאָד, וויאַזוי צו פּאַרדעקן אַף באַנאַכט די פּעגעמלער פון די קוויטן, פּאַרמאַכן זיי די מײַלעכלעך. די לעוואָנע, וואָס פרומע ייִדן זײַנען זי מעכאַדעש יעדן כוידעש מיט אַ שאָלעם־אַליכעם. די לעוואָנע, וואָס באַווײַזט זיך צוערשט אין אַ דין, קרום פּאַסיקל און ווערט דערנאָך פולער, פולער, ביז מיר זעען זי אין אָנגעגאָסענער העלער רונדיקײַט. די לעוואָנע, וואָס בײַ אייניקע שוואַטים רעכנט זי זיך פון קאַדמוינים פאַרן גאָנײדן פון ווײַערע אָוועס. די לעוואָנע, וווּהין דער מענטש איז געקומען בײַ זײַן לעבן און האָפט פון דאָרט מעכאַדעש זײַן די ערד...

## 90

אַט דער שפּליטער, די לעוואָנע — ניט פאַרשטעלט
פון אוראַם אָווינוס פּײַטן צי פון פריִער
ליגט פאַרשטאָכן לעם דעם הארצן פון דער וועלט,
ביז עס קומט פון בײַקאָנור א פליִער
און טוט אָפּ זײַן קישעף אין די ספערן,
און דער שפּליטער ווערט א שיפל צו די שטערן...

## 91

Холодное стынет межзвездье...

## 92

ס׳איז קאַלט דער אינצווישן פון שטערן,
דער כאָלעל איז שווארץ און פאַרשטויבט.
נאָר ס׳פליט — איר זאָלט הערן און קלערן —
פון שטערן צו שטערן א טויב...

## 93

א צופעליקײַט: לעם דער ראקעטע זיך צעבונדן
בא יורען האָט א בענדל אפן שוך.
די מענטשן, וואָס געשטאנען זײַנען אונטן
אין דער טראַנשיי, האָבן דערזען עס און געזוכט,
וואָס אונטערזאָגן אים, נאָר ער האָט, ווי געווײַנלעך,
זיך אָנגעבויגן צו דער ערד און שנעל
דאָס בענדל פלינק פאַרטשעפּעט פאַרן צײַנדל —
און זיך אַוועקגעלאָזט אין הימלס ווײַטער וועלט.

## 94

אנומלטן געשען אין קאָסמאָס איז א צופאַל —
דער קאָסמאָנאַווט געשלאָפן איז א ביסעלע שוין צופיל.
מע האָט געוועקט פון צענטער אים, וואָס אָף דער ערד,
נאָר ער אין טיפן שלאָף האָט די סיגנאַלן ניט געהערט.
וואָס טוט מען? ס׳גייט א שאָ דורך, צוויי און דרײַ און פיר —
סע שלאָפט דער קאָסמאָנאַווט און גיט זיך ניט קיין ריר.
מע הערט אין צענטער, ווי ער אָטעמט שטיל און טיף,
און רויק שווימט די שיף און שטיל איז אָף דער שיף.
...עס קלינגט דער טעלעפאָן אין שטיבל בא זײַן זיידן,
וואָס לעבט אין מיטן לאַנד אין א קאָלווירט באשיידן:
— דער צענטער וויל ארויסלאָזן צום קאָסמאָנאַווט א רוף,
זאָגט, עפּשער ווייסט איר, וויאַזוי מע וועקט אים אוף...
ניט לאַנג געטראַכט, דער זיידע פרעגט, אין וועלעכער מינוט
וועט דער „וואָסכאָד" דאָ דורכגיין, מע זאָל זען אים גוט.
און ער זאָל זען, וואָס ס׳טוט זיך אונטן, און ס׳זאָל זײַן גאַנצפרײַ,
ווען אַלע מענטשן און דאָס פי זיך כאַפּן אוף דאָ הײַ.
אין אָט דער דאָזיקער מינוט איז אַלץ געשען גאָר פּאַשעט:
די זון איז אופגעגאַן איבערן דאָרף, איבער דער פּאַשע,
און ס׳האָט זיך גוט געזען אין הימל דער „וואָסכאָד",
און ווען ער האָט דערגרייכט דעם זיידנס כאַטע גראָד,
האָט זיך אין הויף א בראַווער האָן געטאָן א שטעל
און מיט זײַן קריי גלײַך אופגעוועקט די גאַנצע וועלט.
פון הימל האָט דער קאָסמאָנאַווט ראַדירט אין פריידן:
„זיך אופגעכאַפּט... ווײַזט אויס, דער האָן געקרייט האָט בא מײַן זיידן..."

## 95

די אינזשעניעריע פֿון ביאָלאָגישע גענען האָט זיך אויסגעלערנט ענדערן די ירושהדיקע אייגנשאַפֿטן פֿון לעבעדיקע וועזנס. מיט דער הילף פֿון ווירוס-גאַרמאָנען האָט מען אין די לאַבאָראַטאָריעס אַרויסגעפֿירט נײַע טיפּן גיגאַנטישע מײַז און גיגאַנטישע כאַזיירים. דער ספּעציאַליסט פֿון מאָלעקולאַרער ביאָלאָגיע אין וואַשינגטאָנער אוניווערסיטעט ד״ר פּאַלמיטיער האָט געשריבן, אַז אויף הערכסט גרויסע מײַז איז דערווײַל קיין נאָכפֿראַגע ניטאָ. אַנדערש קוקט מען אויף דעם, וואָס די זעלבע מאַניפּולאַציעס מיט גענען העלפֿן צו שאַפֿן היפּער-כאַזיירים. ווען איך האָב דערציילט וועגן דעם דער באָבע כאַשע, וועלכע פֿירט נאָך ביז הײַנט דיפּלאָמאַטישע וויכּוחים מיטן קייסער ווילהעלם, האָט זי אין טאָג קעגן דער אינזשעניעריע פֿון גענען ניט דערווידערט, אָבער געוואָרנט, אַז די גרויסע כאַזיירים קאָנען אַריבערגיין פֿונעם וואַשינגטאָנער אוניווערסיטעט אין וואַשינגטאָנער פּענטאַגאָן און אַהין אַריבערטראָגן נײַע היפּערגיגאַנטישע אַטאָם-באָמבעס...

## 96

די באָבע כאַשע האָט אַ שעם פֿון אַ גרויסער כאַכאָמע,
מיט וועמען סע מאַכט זיך, אַ שמועס זי פֿאַרפֿירט:
אַמאָל האָט מען געדאַרפֿט האָבן אייגענע ליכט אין דער נעשאָמע,
און איצט קאָן מען קויפֿן פֿאַר מעזומען עלעקטרישע ליכט.
דער באָבע כאַשעס געדאַנקען וועלן קיינמאָל ניט פֿאַרוויאַנען,
זי רעדט מיט אַלעמען און טרײַבט ניט פֿון קיינעם קיין שפּאָט.
אַמאָל האָט מען אין שטעטל געהיט ווי דאָס אויג אין קאָפּ די בוריאַנען,
און איצט האַקט מען אויס אַ וואַלד, און מע שטעלט דאָרט אַוועק אַ שטאָט.
די באָבע כאַשע אַליין איז ביסכאַקל אַ נעס מין-האַשאָמאַים,
זי לויבט דעם פּראָגרעס, נאָר איז ניט פֿאַרכאַפּט פֿון דעם נײַעם.

## 97

שטעלט אײַך פֿאָר, אַז אין איין שיינעם טאָג זעצט מען אַרויס אויף אַ פּוסט אָרט 20—30 בריגאַדעס בויער, מע גיט זיי די נייטיקע מאַטעריאַלן, און זיי שטעלן אויף אין אַ קורצן טערמין, לויטן אינדוסטריעלן בוי-מעטאָד, אַ גלײַכע גאַס מיט הויכע שיינע מויערן. בלויז צוליב ווינען אין זיי. קיין זאַוואָדקאָרפּוס לעבן די וווינונגען, קיין קינדער-יאַסליעס, קיין קלייטן, פֿאַרווײַלונגס-ערטער אאַז״וו. בויט מען ניט אויס. צי איז מעגלעך, אַז אַזוי זאָל זיך אײַנפֿונדעווען אַ שטאָט?

מעגלעך. טעאָרעטיש. אָבער ס׳איז שווער אַזוינס זיך פֿאָרשטעלן אין לעבן. מע קאָן אויף אַזאַ אויפֿן בויען אַן אָפּרו-הויז, אַ פּיאָנער-לאַגער, אַ קאַזאַרמע-שטעטל פֿאַר אַ מיליטער-טייל, לעהאַוודל — באַראַקן פֿון אַ רעזשים-לאַגער. אָבער אויפֿשטעלן אַזוי „צום גרייטן" אַ שטאָט אויף צו וווינען, אַ מענטשן-יישעוו, אַ שטייגער-מאָקעם — קאָן מען ניט.

הײַזער אין שטאָט זײַנען ווי שטאַמען פֿון ביימער אין אַ וואַלד. אונטער די שטאַמען דאַרפֿן זײַן וואָרצלען, הינטער זיי — קוסטעס, וואַלגער-צווײַגן, מאָכן, גריבער, נאָרעס, מוראַווייניקעס, נעסטן, לאָגאָווען. דאָס לעבן דאַרף זיך „צוגעווינען", אײַנגרונטעווען זיך. די קאַקאָפֿאָניע פֿון גאַסן-קלאַנגען, דער איבערקלאַפּ פֿון טריט, די רייכעס אין די קיכן און אין די קלייטן, דער רויך פֿון די קוימענס, די קאָלערליי פֿאַרבן פֿונעם שטייגער, די שטוב-באַלעבאָס, די פֿייגעלעך און פֿליגעלעך, וואָס „באַזעצן זיך" אויף צו לעבן מיט די מענטשן, די אומרייניקײַטן און דאָס מיסט, — אַלץ איז לעבנסבאַדערפֿיק. אָן דעם זײַנען די הײַזער דעקאָראַטיוו, די שטאָט — בוטאַפֿאָריש. אַ מענטשן-יישעוו דאַרף זיך ניט לאָזן ריין אָפּצושיידן פֿון דער ערד, זיך ריין אָפּשיילן פֿון איר, ווי דאָס שאָלעכץ פֿון אַ נוס.

קיינעם האָט ניט געכידעשט, וואָס אַזעלכע שטעט, ווי קאָמסאָמאָלסק-אַפֿן-אַמור און ביראָבידזשאַן האָבן זיך אָנגעהויבן פֿון אַ באַראַקן-אָוועך, פֿון ענגקײַט און בלאָטעס, פֿון קלאָזעטן, באַ וועלכע די טירן קומען אַרויס צו דער באַלעבטער גאַס...

## 98

אויף אַ רעגע לאָמיר זיך פֿאַרהאַלטן
אין יאָרהונדערט, וועלכער שוין פֿאַרשווינדט,
אָפּוועגדן די באָבע-מײַסעס אַלטע,
אויסקויפֿן די מיצוועס און די זינד.

לאָמיר זיך דערמאָנען אין אזעלעכס,
וואָס געקאָסט האָט איבעריקע נויט,
זיך דערמאָנען אינעם טויט דעם זעלנערס,
איב געקאָנט מ׳האָט אויסמיַידן זיַין טויט.
די שוין דורכגעלעבטע נאָכאנאנדן
טראָגן זיך אדורך ווי א פּורגא.
גוט, וואָס איצט א קאַנט ווי אלע קאַנטן
איז די לעגענדארע קאָלימא.
ווען עס איז דער גרעסטער און דער נעסטאָר
אין קאָלאָנען־זאַל געלעגן שטיל,
האָט אים דער סימפאָנישער אָרקעסטער
א גרוזיניש וויגליד אויסגעשפּילט.
גרוזיע, די מאַמע, זינגט:
„ניט אויסקויפן
וועט שוין קיינער דיַינע שווערע זינד.
דאָס מאָל אויסקויפן צי דאַרף מען וויסעפן?
ליולי־ליולינקע, מיַין באַריש קינד...״

**99**

שריַיבט אריַין אין מיַינע יאָרן:
וואָס געוועזן און וואָס געוואָרן,
וואָס וועט זיַין און וואָס ניט זיַין —
סיַי דעם שאָטן, סיַי די שיַין.
שריַיבט אריַין אין מיַינע ציַיטן:
וואָס אין פרידן, וואָס אין שטריַיטן,
וואָס פאַרבליַיבט און וואָס ניט בליַיבט
וואָס די ציַיט אַליין פאַרטריַיבט.
שריַיבט אריַין אין מיַינע יאָרן:
וואָס געפונען, וואָס פאַרלאָרן.
דעם סאַכאַקל פירט ארויס —
שיין עס איז מיַין ציַיט און גרויס.

**100**

ס׳גייט אום איבער די לענדער פון דער וועלט
דאָס לעבן מיַינס,
דאָס ברוינע קאָרנבלימיקע,
דאָס רויטשטערנדיקע,
גוט באַשיצטע
לעבן.
גליַיך קומט ארויס פון נעפּל:
דאָ — מיַין צאַד שעקענעגעד,
דאָרט — מיַין סויגעס צאַד,
מיט זיי צוזאַמען דער ניט־געקאַנטשעטער פּאַשיסט,
און אלע וואַרפן זיך ארויף אויף מיר.

**101**

עס בילן די הינט, און ניט היימלעך עס ווערט,
א הונט מיט א הונט רופט זיך איבער,
און ס׳דאַכט, אַז מיט קלאַווים פאַרפולט איז די ערד —
קיין מענטשן ניטאָ אין די שטיבער.

היי, מענטשן! היי, מענטשן! — ארויס אויף דער גאַס,
און נעמט זיי אַרויף אויפן שטריקל,
און זאָל אונדזער ערדקויל באַפרייט זיין פון האַס,
אין פרידן און פריינטשאַפט פאַרוויקלט.

102

איך האָב געקאַנט מיט דיר שוין דעמלט ענדיקן. די שפּיז פאַרהויבן האָב איך שווער, און דו — געלעגן אויף דער ערד, זיך אויסגעגליטשט דו האָסט אינמיטן דער אַטאַקע. נאָר ס׳האָט מײַן מענערישער שטאָלץ מיר ניט געגעבן אויפן שלאַכטפעלד אַזאַ רעכט — דערשטעכן דעם, וואָס ליגט, און כ׳האָב געשאָנקען דיר דאָס לעבן אומגעוואַקלט. דערנאָך געצילט דו האָסט אין מיר פונעם אַקאָפּ. נאָך איין אַטאַקע האָט זיך אָנגעהויבן. געווען אַן עסעריקע קעלט. כ׳האָב דיך גענומען אין געפענקעניש. אין יענער שאָ מײַן מענערישער שטאָלץ האָט ניט געלאָזט, כ׳זאָל מיט אַ קלייניקייט דיך, דעם באַצווונגענעם, באַרויבן, כאָטש ביטער איז אין קריג, ווען קיין שינעל קיין וואַרעמע, קיין גאַנצע שיך זײַנען ניטאָ. פון דעמלט זײַנען פערציק יאָר אַדורך. מיר האָבן זיך געטראָפן איצטער אין ניו־יאָרק, און ווידער שפּרייט זיך צווישן אונדז אַ פײַנטלעך פעלד — אַצינד דער זאָל שוין אָט דער. דו האָסט אַ האָפענונג, אַז אויבעט דאָ מײַן מענערישן שטאָלץ וועסט נעמען הײַנט אויף באָרג, אַזוי ווי ס׳איז געשען איין מאָל באַם דניעפּער און דאָס צווייטע מאָל באַם אָדער. דו האָסט געוואָרפן מיר אַ שטינק־באָמבע אונטער די פיס. נאַציסטן אינעם זאַל, ווי שעפעלעך, מיט אומשולדיק קוקן אַרום זיך. הײַל־היטלעריש די הענט פאַרהייבן זיי אין דעם גערודער שנעל. און איך — בלויז אינעם קריג געקאַנט דערלויבן כ׳האָב זיך זײַן מיטן באַזיגטן העפלעך, אַצינד אָבער, ווען כ׳היט דעם שאָלעם, וועל איך אָפּשינדן פון דיר די פעל.

103

ס׳איז דער זיקאָרן שרעקלאַז און אַכזאָריעסדיק,
ער לאָזט מיך ניט צורו.
עס טרעפט, איך צווייפל,
צי אַפּאַנעמעסן געקומען בין איך שוין פון דער מילכאָמע,
און דעמלט לעב איך ווידער איבער דאָס,
וואָס איז געשען...

104

פאַר אַ ניט־דערזאָגטן וואָרט זאָל גאָט ניט שטראָפן,
ס׳איז דאָס רעדן מיר אַ ביסעלע פאַרשווערט,
ווײַל די קויל האָט אינעם גאָרגל מיך געטראָפן,
אומגעפאַלן בין איך מיטן פּאָנעם צו דער ערד.
איצט אַ קער טאָן זיך צום שאָכן מיטן פּאָנעם
איז ניט מעגלעך, ווײַל אין גרוב עס איז צו ענג,
שוין ניטאָ אין ברודער־קייווער קיין באַלאָנים
זיך אַ רוק טאָן אין דער ברייט, צי אין דער לענג.
דאָך איך קאָן אײַך זאָגן (ס׳איז מיר יאָ געגעבן
מאַכן עטוואָס ווייכער דאָס געלעגער אײַך),
אַז קאָלזמאָן געהאַלטן כ׳האָב זיך נאָך באַם לעבן,
האָט דער באַטאַליאָן פאָרסירט טאַקע דעם טײַך!
באַ דעם סאַמע ברעג די קויל האָט מיך דערשאָסן
(כ׳ליג און טו זיך מער שוין ניט קיין ריר),
און פון דאַן אויף זיבן שלעסער שוין פאַרשלאָסן
אַלע ווײַטערדיקע נײַס זײַנען פאַר מיר.
זאָג מיר דו, וואָס ביסט אַרויף אויף ברעג אויף קרומען —
שוין נאָך מיר באַגעגענען די לעצטע שאָ:
צי דער באַטאַליאָן דאָס דאָרף האָט אײַנגענומען,
צי דער באַטאַליאָן אינגאַנצן ליגט שוין דאָ...

5*

### 105

ווי דעמלט מיטן טאנק,
ווי קינדווייַז מיטן פלאַקן,
מע שרעקט מיך אזוי לאנג,
ביז מ׳ווערט אליין דערשראַקן.
מילכאַמע, — זאָגט מען, — איז
אין אונדזער צייַט א פאטום,
איין מענטשן טויט די שפּיז,
א מיליאָן — דער אטאָם.

### 106

ערשט געבוירן איז א מענטש, אָט ערשט,
נאָר ער האָט אין לעבן שוין א כיילעק,
זויגט די ברוסט און גיט איר אָפּ דאָס רעשט,
האָט א טייַנע, ווען עס איז אים ווייניק.
לויטן אויסזען ניט פאראַן שוין מער
פונקט אזעלכע — מאַמעש אָפּ צו גאַפן.
אין דער וועלט דער איינציקער איז ער,
און פאר אים אליין זי איז באשאפן.

# V

## דעקלאראציע פון מענטשן־רעכט

### 107

איך בין דער מענטש.
איך טראָג אָפּ זיך די קרוין פון אלע לעבעדיקע וועזנס אָפּ דער וועלט.
ניט זאָגט, אז איך באקום פאר דעם דאָס רעכט
צו לעבן אפן רוקן פון די כייַעס,
צו טאַפּטשען מיט די פיס מייַנע דעם פלאנץ,
די ערד בארויבן און באנעמען.
יאָ, ס׳טרעטן אָפּ דעם וועג מיר אלע לעבעדיקע וועזנס,
קעדיי איך זאָל באווייַזן זיי א וועג.
דאָס, וואָס זיי האָבן,
גיבן זיי מיר אָפּ,
און איך
קער אום זיי אלדאָס גוטס מיט שעפע.
כ׳האָב גאָרנישט ניט פארגרייט פאר זיך פונפריי׳ר,
ניט אָפּגעקליבן פאר מייַן הויט די פארב,
ניט אויסגערעכנט, ווו ס׳זאָל שטיין דאָס בעט,
אָפּ וועלכן ס׳וועט זיך אָפּשפּילן דער אָנהייב פון מייַן לעבן,
אויך ניט באשטעלט פאר זיך דעם אָפּשטאם
פון מייַן טאטן, פון מייַן מאמען.
מ׳האָט מיך אריינגעשריבן אין א ייִכעס־בוך,
וואָס כ׳האָב אים קיינמאָל אין די אויגן ניט געזען,
איך ווייס ניט, וועלכע דאָזעס פון מאטעריע האָט אייַנגעשטעלט די שעפערן־נאטור,
כ׳זאָל האָבן אָט אזא מין פארצעף,

מיט אויגן־טיפקייט פון יערושע און זיקאָרן.
כ׳האָב ניט פארגרייט פאר זיך א קינדהייט לויט מיין אייגענעם באשייד.
אפילע דער געשריי, מיט וועלכן כ׳בין געבוירן,
איז געווען דער זעלבער, ווי בא אלע קינדער —
אָן ערשטע
ניט־באפרידיקטע פרעטענזיע
אף מענטשן־רעכט,
וואָס כ׳האָב זיי ניט געהאט
(א סימען האָט איר, אז אין אָט דער זעלבער רעגע
געבוירן בא ראָקפעלערן עס איז א זון,
און „ניו־יאָרק טיימס" האָט מיטגעטיילט דער מענטשהייט
בלויז וועגן זיין געבוירן,
גאָרניט וועגן מיינעם,
כאָטש ס׳קאָן אוואדע טרעפן,
עס זאָל פון מיר ארויס איינשטיין,
פון אים — ראָקפעלער).
דער אָפשטאם און דער ראנג בא מיר איז: מענטש.
געקומען כ׳בין
אָן וועקסלען, מ׳זאָל מיר צאָלן,
דערפאר אָבער
דער מאמעס מילך האָט ניט געקאָסט קיין פרוטע,
כ׳האָב ניט געהאט קיין כעזשבן אין דער קלייט.
געלעגן בין איך
אף א ביליקן געלעגער,
אף וועלכן ס׳איז אן אונטערבעט געווען —
די עטלעכע מיליאָנען יאָרן,
בייס וועלכע ס׳האָט דער מענטש די וועלט געפורעמט
און איינגעדויבעט מיר אינעם געמיט,
אז רעכט איך האָב צו לעבן,
ניט דערמאָרדעט ווערן,
קיינעם ניט דערמאָרדן
קעדיי פארהיטן ס׳איין־און־איינציק לעבן מיינס.
און דאָס, וואָס איז פארלאָפן
אין סאָנגמי,
אין סאברא און שאטילא,
אין סאָעטאָ, —
קעדיי צו אָפהיטן דאָס לעבן,
איך דארף ניט האָבן איירע לינקאָרן,
די עס־עקסן,
די ראקעטעס „קאָסמאָס־ערד".
דאָס לעבן איז א פלעמעלע, וואָס אויב דו טוסט אף דעם קיין בלאָז ניט,
ווערט עס ניט פארלאָשן,
אָן אָדערל,
וואָס צאפלט אָן אן אופהער
און אייביק צאפלען וועט,
אויב איבערשניידן עס דו וועסט ניט מיט א מעסער.
אין דלאָניעס צערטלעכע,
אין שויסן ווארעמע
פון דער נאטור
עס לעבט דאָס לעבן.
איז נעמט אוועק פון דעם די נעגל,
פארשאָלטענע,
געמיינע מערדער.
איך האָב דאָס רעכט צו לעבן!

בין מעכויעו!
מרו!
איך טראָג אין מײַן געשלעכט דעם העמשעך פאַר דער מענטשהײַט.
און ניט בא אײַך,
געבוירענע אַזוי ווי איך,
כ'נעם די האסקאַמע
אַף צו לעבן און זיך מערן.
דאָס רעכט איז מיר געגעבן פון מײַן זאַמען.
די ליים,
פון וועלכער כ'האָב זיך אויסגעריבן,
האָט שוין געהאַט אין זיך
ענערגיע
פון אַן אָרגאַנישער מאָלעקול, —
און דאָס איז
פּראָטאָ־לעבן, —
געהאַט אין זיך אויך יענעם שטאַרקן קויעך,
וואָס אופגעהויבן האָט גאַנגארינען אין רוים.
איך ווייס ניט, וויפל מאָל געלעבט כ'האָב
און צי ס'שטייט מיר פאַר נאָך איין בערייִשיס,
פאַראַן א סיבע דאָך אין דעם, וואָס איך בין דאָ און איך וועל זײַן.
עס גייט אונדז נאָך די שײַלע, וואָס מיך מאַטערט:
און מיר — וואָס וועלן טויגן די קאָמפּיוטערס?
איך בין אַזוי שוין ווײַט דערגאַנגען —
אזש צו די נעכטנס,
צו דעם מאָרגן,
געשטאַנען שוין אַף דער לעוואָנעס שטויב.
אין צויבער־גאָרטן פון דער וועלט — דאָ אַף מײַן ערד
איז גרין די פּרוכט
פון דער באַנײַס
באַנײַטער
נײַקײַט.
איצט דאַרף איך איינס:
דאָס מענטשן־רעכט ניט אָפּנעמען זאָל קיינער
בא מיר, בא אײַך, בא אַלעמען.
און דאָס איז אַלץ, וואָס כ'וויל, איך זאָלט עס ווײסן.
מיר לעבן
אין דעם לעצטן טאָג פון דער פאַרגאַנגענהײַט
און אין דעם ערשטן פון דער צוקונפט —
אין טאָג אין הײַנטיקן מיר לעבן.
און עס וועט דורכגיין נאָך איין אַטעם־צוג,
א טריטעלע, בלויז איינס, פון אונדזער צײַט,
נאָך וועלכן
מיר,
די איצטיקע,
וועלן אויך ווערן אָוואַר.
די יאָרשים אונדזערע אין איין־און־צוואַנציקסטן יאָרהונדערט
וועלן זיך סטאַרען אָפּנעמען בא אונדז
פאַר זיך
א רעמעז ווי צו לעבן.
איז לאָמיר איבערלאָזן אַלע רעכט פאַר אַלע מענטשן־יאָרשים,
און לאָמיר קוידעמקאָל זיי אָפּהיטן פאַר זיך.



שירע גאָרשמאַן

# נײַע באַוועלעס

## אין דעם טראַמוויי נומער זיבן און דרײַסיק

אין אַ דורכגעזויניקטן, לאַשטשענדיקן יוני־פֿרימאָרגן אין 1986 יאָר האָב איך באַשלאָסן, אַז איך דאַרף גוט אַ קוק טאָן מאָסקווע, טאַקע אינדערעמעסן, מע פֿאָרט אין קאָמאַנדירונג אין אַלערליי שטעט, וואָס איז מאָסקווע ערגער?

דער דרויסן האָט מאַמעש געקישעפֿט, זאַפֿטיק־גרין זײַנען געשטאַנען די ביימער, די צווײַגן און די בלעטער אויף זיי אָנגעקוואָלן, אַלץ האָט געדײַט, אַלץ איז געווען פֿול גלוסטיק־פֿרייד, אָבער דער סקווער איז נאָך געווען ליידיקלעך. אין דער פֿריִער שאָ זײַנען דאָ געווען עטלעכע יונגע מאַמעס מיט קינדער אין די וועגעלעך. אין איין זייער ברייט וועגעלע, וואָס איז געשטאַנען אין דער זײַט בײַ אַ באַנק, האָב איך געזען אַ צווילינג. איינער האָט באַם אַנדערן געריסן דאָס קאַפּערל פֿונעם קעפּל, אָפּאָנעם, ייִנגעלעך. די יונגע מאַמע האָט דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויפֿן ראַנד פֿונעם וועגעלע און איז געשמאַק געשלאָפֿן, איך האָב פֿאַריכט די קאַפּערלעך באַם צווילינג אויף די קעפּלעך און בין מיר אַוועק צום טראַמוויי. איך האָב אַפֿילע ניט אַ קוק געטאָן, וואָס פֿאַר אַ טראַמוויי עס שטייט. אַרײַנגעשפּרונגען, טו איך אַ פֿרעג בײַ איינעם אַ מאַנצבל, וואָס שטייט בײַ דער טיר. אַ רויטער פּאַרצעף, און דער רימען פֿון די הויזן שיר ניט אויף די קני, ווײַל עס הייבט זיך איבערן רימען אַזאַ בויך, מע זאָל שוין באַהיט ווערן. ער קוקט מיך אָן און אייצעט:

— באָבעשי, וואָלסט שוין בעסער געזעסן אין שטוב, אויב דו ווייסט ניט, אויף וואָס פֿאַר אַ נומער טראַמוויי דו דאַרפֿסט פֿאָרן.

אָבער עס געפֿינט זיך אַ גוטמוטיקערער מענטש און באַרויִקט מיך:

— באַבושקאַ, דאָס איז דער זיבן־און־דרײַסיקסטער, וועסט זיך טרייסלען בײַ אַ שאָ צײַט און קומען צו די דרײַ וואָקזאַלן. דו ווייסט, וואָסערע דרײַ וואָקזאַלן — יאַראָסלאַווער, לענינגראַדער, קאַזאַנער.

טאַקע דאָס האָב איך דאָך געדאַרפֿט — „זיך גוט אַ טרייסל טאָן". דערווײַל איז דער טראַמוויי געגאַנגען איבערן שאָסיי ענטוזיאַסטאָוו, פֿאַרבײַ דעם קינאָ־טעאַטער „סלאַווא", פֿאַרבײַ פֿאַרשיידענע אונטערנעמונגען, דערנאָך דער קינאָ־טעאַטער „פֿאַקעל". ס'האָט מיר אָפּגעגליקט, וואָס לעבן מיר האָט זיך אַוועקגעזעצט אַן עלטערע פֿרוי. איך האָב גלײַך דערזען, אַז זי איז מײַנס אַ לײַבלעך „שוועסטערקינד". דער טראַמוויי איז איצט געגאַנגען איבער קראַסנאָקאַזאַרמענע, פֿאַרבײַ דעם ענערגעטישן אינסטיטוט. איבערלייענען אַלע שילדלעך פֿון די אונטערנעמונגען דורכן טראַמוויי־פֿענצטער האָב איך ניט באַוויזן, כ'האָב אָבער גוט געזען, ווי פֿון זײַטיקע געסלעך גייען האַסטיק אַרויס מענטשן פֿונעם טראָלייבוס, פֿון מעטראָ, און אַלע אַהין, צום ברייטן אַרײַנגאַנג אין אַ געזעצטער, לאַנגער, גרויער געבײַדע.

ניט שווער צו פֿאַרשטיין, אַז דאָס איז אַ גרויסע אונטערנעמונג. אָבער מײַן שכיינע האָט פֿײַנט צו שווײַגן, זי דוצט מיך גאַנץ פֿרײַנטלעך און וויל וויסן אַף איר צעקאַליעטשעטן ייִדיש:

— דו לעבסט אַליין צי מיט קינדער? מיט אַ זון צי מיט אַ דאָטשקע, זיי אַביזשאַיען דיך ניט?

דורך דער טראַמוויי־שויב זע איך, ווי אַרום אַ צווייטן אינסטיטוט שווינדלט די יוגנט, ס׳איז דאָך די רעכטע צײַט פֿון עקזאַמענעס אין הויכשולן. דער טראַמוויי האָט זיך פּונקט אָפּגעשטעלט, עס שיטן זיך אַרײַן אַ סך מיידלעך און באָכערים. אָט שטייט מיטן רוקן צו מיר אַ באָכער, ער טוט זיך אַ קערעווע אויס: אַ נעכטיקער טאָג, ס׳איז אַ מיידל, זי איז טאַקע אין פּלודערן, און קעשענעס־טאָרבעס אונטער די קני זײַנען צוגענייט, אָפֿן זײַט־מיר־מוחל אויך, נאָר די האָר זײַנען פֿאַרקעמט אַף אַ זײַט, פֿאַרשפּיליעט מיט פֿאַרביקע שפּילקעלעך און סטענגעלעך, איצטער איז נאָך אַ מאָדע צו פֿאַרבן די אייבערשטע קין.

דער טראַמוויי פֿאָרט ווײַטער, פֿאַרבײַ דעם ברויט־זאַוואָד, פֿאַרבײַ אַ קולינאַריע, פֿאַרבײַ פּראָדוקטן־קלייטן. בא איינער אַ קלייט שטייט אַ צעצויגענע, פֿאַרדרייטע מוירעדיקע ריי. אַלע ווייסן שוין, וואָס דאָס איז פֿאַר אַ ריי. מיך אַרט דאָס ניט. ווילסט דורכשווענקען דעם גאָרגל, — שטיי אין אַבעלעס קרענק. מײַן שכיינע אָבער קאָן ניט שווײַגן:

— די סאָווערעמענע מאָלאָדיאָזש, סלאָוו ניעט. מײַן טאָכטער איז ניט פּאָכאָזשע אַף זיי. אויב עס איז דאָ איין טאָכטער, די בעסטע אין דער וועלט, איז דאָס מײַן דאָטשקע. די ערשטע קאָטלעטקע — פֿאַר מיר, דער צוגעברוינטער פּיראָזשאָק — פֿאַר מיר, די גלאָז קאַווע ברענגט זי מיר צום געלעגער, האָט זי קאָק־טאָ דערזען, אַז דער מוזש קוקט אַף מיר קרום, מאַכט זי צו אים: „פֿעדיע!" — ער איז אַזוי פֿעדיע, ווי איך בין קלאַווּדיע. קאָראָטשע, „פֿעדיע, כ׳זע, — זאָגט זי, — אַז דו ביסט ניט דאָוואָלנע, דו ביסט נאָך אַ יונגער מענטש, קאָנסט נאָך מאַכן דײַן ליטשנע לעבן, אויב דו ווילסט, קאָנסטו נעמען די קליינע קאָמנעטקע". אָבער פֿעדיע־פֿײַוול איז טאַקע אַוועק פֿון שטוב, ער איז נאָך אַ פּריליטשנער מענטש, ער האָט די קליינע קאָמנעטקע ניט גענומען.

פֿלוצעם שרײַט אויס מײַן שכיינע: „אוליצאַ ראַדיאָ". זי שטופּט זיך דורך דעם אוילעם, און זי איז שוין ניטאָ.

ראַדיאָ־גאַס! דאָס איז דאָך מײַן גאַס. אַ סך יאָרן האָב איך מיט אַ מישפּאָכע געוווינט אין באַומאַנער ראַיאָן אַף פּאָסלאַניקאָוו־געסל. דאָס געסל רופֿט זיך אַזוי, ווײַל אין פּיאָטער דעם גרויסנס צײַטן האָבן דאָ געהאַט זייער רעזידענץ אויסלענדישע פֿאַרשטייער. און אָט איז באַומאַנער גאַס, הונדערטער מאָל בין איך דאָ געגאַנגען, איצט דערקען איך זי קוים. אָט דאָ איז דאָך געשטאַנען אַ מין כורווע, אין וועלכער עס איז געווען אַ קליינע ברויט־קראָם, אַהער פֿלעג איך גיין נאָך ברויט אַף די קאַרטלעך, קיין בעטלער האָבן דאָ ניט געפֿעלט. איצט שטייט דאָ אַ פּילגאָרנדיקע, ריזיקע געבײַדע, אין אונטערשטן שטאָק — אַ קאַפֿע. כ׳וואָלט דאָ געקאָנט צובײַסן, כ׳בין נאָך אָפֿן ניכטערן האַרצן, און ס׳איז שוין האַלבער טאָג, פֿאַרפֿאַלן!

דער טראַמוויי גייט פֿאַרבײַ דעם געוועזענעם דײַטשישן מאַרק. דאָ שטייט איצט אַ גוט־געדעקטע קײַלעכדיקע געבײַדע, אַפֿילע דורך דער טיר זע איך, ווי געראַם זי איז. בערג גרינס און פֿרוכטן ליגן אַף די טישן. אַ רעגע, און מיר פֿאָרן שוין פֿאַרבײַ אַ סקווער. וויפֿל בלומען, וואָס פֿאַר אַ פּראַכט, ריזיקע געלטער איז דאָ אַרײַנגעלייגט געוואָרן, וויפֿל גינציקײַט דער באַגרינונגס־טרעסט פֿאַרווענדט, קעדיי דער סקווער זאָל אַזוי אויסזען, די קוסטעס זאָלן זײַן אונטערגעשוירן! די יונגע קאַשטאַנען־ביימער זײַנען נאָרוואָס באַגאָסן געוואָרן. אָט ראָלט טאַקע פֿאַרויס אַ גרויסע פּאַס אַף רעדער, אַלע מענטשן רוקן זיך אָפּ פֿון דער טראַמוויי־ליניע צו די ווענט, ווײַל דער וואַסער־פּעכער, וואָס די מאַשין צעשפּרייט, וועט קיינעם ניט שוינען.

מיר פֿאָרן ווײַטער. אַף קראַסנאָסעלסקע־גאַס פֿאָרן מיר פֿאַרבײַ אַ הויז מיט דיקע זײַלן, מיט אַ גרויסער שילד, אַף וועלכער איך באַווײַז איבערצולייענען „גאָסודאַרסטווענני באַנק". דאָ וואָלט איך געקאָנט פֿאַרזיכערן האָנאָראַר פֿון מײַנע ביכער, וואָס גייען אַרויס גאַנץ זעלטן... פֿאַרבײַגעפֿאָרן.

אין וואַגאָן גייען אַרײַן געגנוג יונגע מיידלעך און ווײַבלעך, אַ כּיעס אַף זיי צו קוקן. ווינטער זײַנען אַלע אײַנגעפּאַקט אין מאַנטלען, זעט מען גאָרניש, איצטער דורך די לײַכטע קליידלעך און דורכזיכטיקע קאָפּטלעך זעט זיך די גאַנצע פּראַכט. ווי געפֿעלט אײַך אָט די־אָ, אין אַ העל־בלוי דורכזיכטיק בלוזקעלע מיט אַ ברייטן רימען, וואָס שנײַדט איבער איר דינע פּיגור אַף צוויי העלפֿט? די הענט זײַנען פֿול אָוואַל, זיי זײַנען נאָך ניט פֿלאַטשיק בא די זײַטן ווי בא עלטערע פֿרויען. און אָט שטייט איינע, ס׳איז ניט צו קוקן אין איר פּאָנעם, איר שטײַפֿקײַט רײַסט זיך דורך די אַרבל, ס׳איז פֿול מיט צויבער. קוקט נאָר אָן אָט יענעם מאַנצבל, וואָס האָט אַוועקגעשטעלט זײַן דיפּלאָמאַט צווישן די פֿיס און לייענט אַ צײַטונג. נישקאָשע פֿון אַ בופֿלאָקס, ער הייבט ניט אָן צו זען, וואָס אַרום אים טוט זיך. נאָר וואָס האָב איך צו ריידן וועגן אים: בלינד, ווי אַלע בלינדע.

דער טראַמוויי פֿאַרקערעוועט צו קאַלאַנטשאַווקע.

אַף קאַלאַנטשאַווקע — מענטשן אַן אַ שיר. ס'איז ניט צו זען די אַמאָליקע הילצערנע טשעמאָדאַנעס, איבערגעבונדענע מיט שטריק, אַלע האָבן זייער באַקוועמע רענצלעך, קאַשעקעס, אַפילע די בײַמאָסקווער אײַנוווינער זײַנען גאַנץ גוט און ריין אָנגעטאָן, די העמדלעך בײַ די מאַנצבלען זײַנען קלאָר־ווײַס, די מײַקעס — אויך. ווײַבערשע אַרבעט, ווי זשע אַנדערש, אומעטום זייער מי, זייער זאָרג, אַ קלייניקײַט צו זאָגן: ווו איר גיט נאָר אַ בליק, דאָרטן זעט איר זייער מי.

אָט אָ־דאָ לעבן יאַראָסלאַווער וואָקזאַל געפינט זיך אַ גרויסער אוניווערסאַם. פאַרוואָס זאָל איך ניט אַרײַנגיין אַהין, מע זאָגט דאָך, אַז עס איז גאָרנישט ניטאָ, וועל איך אָנקוקן אָט דאָס־אָ „גאָרנישט".

אין מילך־אָפּטייל האָט איר מילך אין דרײַעקיקע פּעקלעך, שמאַנט, פּאַשעטע צוואָרעך, זיסע צוואָרעך מיט ראָזשינקעס, אַלערליי קעז, פּוטער, עמעס, זי רופט זיך „קרעסטיאַנסקאָיע מאַסלאָ", אייער וועלכע איר ווילט: צו נײַנציק קאָפּיקעס און דיעטישע, קאָנסערווירטע זיסע מילך, איך זע, ווי איינע אַ דאַמע, וואָס האָט אַ בישקאַשעדיקע וואָג, ניט ווייניקער פון אַכציק קילאָ, וואַרפט אין וועגעלע איינס נאָך איינס פינף און צוואַנציק פּושקעלעך זיסער מילך. לויט מײַן האַסאַגע, וואָלט זי שוין ביכלאַל געדאַרפט עסן איין מאָל אין צוויי וואָכן, און איצטער האָט זי נאָך גענומען אַזאַ גוזמע זיסע מילך, דאָס דאַרף איר קלעקן ביזן קומענדיקן יאָרהונדערט! נאָר איך גיי מיר אין פליישׂ־אָפּטייל. קיין רינד־פלייש איז ניטאָ, כאַזער־פלייש, שאָפּן־פלייש און אונדזערע פּאַטערלענדישע הינער. זיי ליגן מיט די לאַנגע האַרטע פיס אַרויף־צו, די העלדזער אויסגעצויגן, קיינער וויל זיי ניט קויפן. אין פיש־אָפּטייל איז אויך ניט בעסער, ס'איז דאָ יאַם־אָקוניעגלעך, האָבן זיי ניט דערלעבט אויסצוּוואַקסן — אַ קעפּל און אַ ווידל, פאַרוואָס האָט מען זיי ניט געלאָזט שווימען?.. ווײַטער ליגט דאָ עפּעס אַ פיש מיט אַ מאָדנע נאָמען — מינטײַ, און ס'ליגט נאָך אַ פיש מיט אַן אויסגעצויגענער טאַליע. פרעג איך באַם פאַרקויפער, ווי רופט זיך אָט דער פיש, זאָגט ער: „ריבאַ סאַבליאַ". איך בין פאַרוווּנדערט: וואָס דאַרף איך קאַלט געווער? דער פאַרקויפער רעדט אײַן:

— נעמט, נעמט, זשאַלעוועט ניט קיין בוימל, בראָקט אַרײַן עטלעכע ציבעלעס, דעקט צו, און זאָל זיך דאָס טושען, וועט איר קומען און מיר זאָגן אַ דאַנק.

איך נעם ניט קיין שום פיש, איך גיי אין ברויט־קאָנדיטערײַ־אָפּטייל, איך קויף אַ טאָרט און לויף צו דער אָפּשטעלונג, ווו דער זיבן־און־דרײַסיקסטער רוט. אין אַ ווײַלינקע אַרום בין איך אַף באַקונין־גאַס. דאָס איז אויסגעצייכנט. אַף באַקונין־גאַס וווינען מײַנע טײַערע פרײַנט, די קוזינס. אין אַלע מאָסקווער ליפּענישן און דײַגעס בין איך בײַ זיי ניט אָפּט, אָבער פאַרבײַפאָרן באַקונין־גאַס — דאָס איז איבער מײַנע קויכעס.

די מישפּאָכע קוזינס — דאָס איז זשעניע פיליפּאָוונע — אַ דיכטערן, זי וועט מיר לייענען, ווי „די פעלדזן בעטן זיך בײַ די כוואַליעס, זיי זאָלן זײַן וואַרעמער", און ווי „די גרעזער און די בלומען בעטן זיך בײַ די מענטשן, מע זאָל זיי ניט צעטרעטן". יויסעף פיליפּאָוויטש, איר ברודער, איז אַ שרײַבער, האָט געשריבן וועגן טשײַקאָווסקין, וועגן רימסקי־קאָרסאַקאָוון, איז דער רעדאַקטאָר פון אַ בוך וועגן ענגעלן. זײַן פרוי, ראָזע מאַרקאָוונע, איז אַ לערערקע פון מאָלערײַ. ס'איז ניט צו זען, אין וואָס די נעשאָמע האַלט זיך: אויסגעדאַרט, די פיס, די הענט ווי שטעקלעך, נאָר זי איז דער הויפּט־זײַל פון דער מישפּאָכע. דאָ לעבט נאָך איצטער צײַטווײַליק אַנאַסטאַסיע איוואַנאָווונע צוועטאַיעוואַ, זי קאָן אַרויסהעלפן מיט אַ וואָרט, מיט אַ רעפּליקע, מוסערן זשעניען, האַלעמײַ זי גיט ניט אָפּ קיין בוך לידער. איצטער איז ראָזע מאַרקאָווונע זייער פאַרנומען, זי בראָקט קרויט, פונדעסטוועגן האָט זי צײַט צו זאָגן זשעניען אַ פּאָר ווערטער:

— וואָס איז דער טאַכלעס, וואָס דו שרײַבסט און שרײַבסט? דו האָסט שוין אַ פולן טיש מיט מאַנוסקריפּטן, טו אָן דעם מאַנטל, גיי אין פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל" און מאַך אַ טאָלק מיט דײַנע לידער.

יויסעף פיליפּאָוויטש דערציילט דערווײַל דעם גאַסט — סאַשען, אַ יונגן דיכטער, וויאַזוי גערעניע האָט געקעפּט ציצעראָנען. ציצעראָן האָט כאָטש גוט אַרײַנגעזאָגט מאַרק אַנטאָניען, ער האָט אים געזאָגט אַף אַ זיצונג פון סענאַט: „מאַרק, דו ביסט אַ מענוול, דו ביסט צוטריטלעך פאַר אַלע אָפּפאַלן, ווער עס וויל האָבן אַן אײַסעק מיט אויסוווּרפן, זאָל גיין צו דיר" — אַזוי האָט ער אים געזאָגט. וועגן דעם קאַט, וואָס האָט געקעפּט ציצעראָנען — גערעניען, ווייסט שוין קיינער ניט. מאַרק אַנטאָניען דערמאָנט מען נאָר דאַן, ווען מע וויל זיך דערקונדיקן, וואָס ציצעראָן האָט אים געזאָגט, און ציצעראָן לעבט ביז הײַנט.

ראָזע מאַרקאָווּנע הערט אויפמערקזאַם, וואָס איר מאַן דערציילט, און זי זאָגט צו אים מיט האַרץ:

— יויסעף פיליפּאָוויטש, ציצעראָן האָט כאָטש געזאָגט, וואָס ער האָט געפונען פאַר נייטיק, זײַנען אָבער דאָ אַ סאַך אַזוינע, וואָס האָבן נאָר גערימט און געלויבט און האָבן פונדעסטוועגן אָוועקגעלייגט די קעפּ.

עס קומט אַרײַן אַוועל איסאַקאָוויטש סטאַרצעוו. גלײַך גייט אַוועק א שמועס וועגן געגריך דיווי טאַראַ — דעם מעכאַבער פונעם בוך „אַלדינגטאָן". דאָ איז סטאַרצעוו ווי בא זיך אינדערהיים. ער האָט דאָך געשריבן דעם נאָכוואָרט וועגן „אַלדינגטאָן". ראָזע מאַרקאָוונע בראָקט שוין ניט קיין קרויט. זי גיסט אָפּגיך אָן טיי, שנײַדט ברויט, שמייכלט, דערציילט וועגן דעם, וויאַזוי זי האָט ניט לאַנג צוריק באַזוכט די עקספּאָזיציע פונעם אַמעריקאַנער ביזנעסמען אַרמאַנד האַמער, דערנאָך שמועסט מען א ביסל וועגן טשערנאָביל, ס'ווערט אומעטיק, און איך מוז לויפן. איך זיץ ווידער אין זיבן־און־דרײַסיקסטן. איצט, נאָך האַלבן טאָג, זײַנען אָן א שיר שווערלײַביקע פרויען, כ'האָב שוין אָנגעציילט פריִער פינף און צוואַנציק און איצטער א ביסעלע קנאַפּער. ס'איז ריכטיק דאָס ווערטל: „זײַנען דאָ א סאַך אַזוינע, וואָס גראָבן פאַר זיך א קייווער ניט מיט קיין לאָפּעטע, נאָר גראָד מיט לעפל־גאָפּל". עס געפינען זיך אַזוינע, וואָס פאַרענטפערן „וועקסל־שטאָף", דאָס הייסט ניט קיין גינס־טיקן אומבײַט פונעם שפּײַז. אָבער איך געדענק, אַז מילכאָמע־צײַט האָב איך קיין איין שווערלײַביקן מענטשן ניט געזען, נאָר ווי זאָגט עס א ווערטל: שפּיל דעם כאָסן וויינענדיקס — ער האָט זיך זײַנס אין זינען. איך וויל פונדעסטוועגן זען, צי אין הויף באַם יעלאָכאָווער קלויסטער זײַנען דאָ בעטלער, צי ניט. קיין איינער ניט! קאָן טאַקע געמאָלט זײַן, אַז זיי זײַנען נעלעם געוואָרן?

נאָר אָט בין איך שוין אין פּעראָוואָ אויפן גרינעם פּראָספּעקט. איך קויף מיר א צײַטונג. ס'איז דאָך מעכײַע צו נעמען א צײַטונג אין האַנט: אין אַלע בלעטער אויף דער ערשטער זײַט — א שלאָסער, א מאָנטאַזשניק, א בויער, א האָרעפּאַשניצע, א וועבערן, א שפּינערן. ס'איז טאַקע רעכט — די, וואָס האָרעווען, דאַרפן זײַן אויף דער ערשטער זײַט. ריכטיק, ווי איך בין א ייִדישע טאָכטער.

די זון זעצט זיך שוין, צײַט עפּעס צו עסן. די פּאַלאַטקע, וווּ מע פאַרקויפט מאָראָזשענע, הייסט דאָ, אויפן גרינעם פּראָספּעקט, פּאַווילִיאָן. גיי איך מיר צו און קויף אַן עסקימאָ. איך וויקל עס אויף, נעם עסן, גייט צו מיר צו א ייִנגעלע פון א יאָר נײַן־צען, ווערט רויט ווי א בוריק און בעט שטי־לינקערהייט: „באַבושקאַ, די מאַמע האָט מיר געגעבן צוואַנציק קאָפּיקעס, אָבער איך וויל קויפן פאַר אַכט און פערציק קאָפּיקעס, וועל איך זיך צעטיילן מיט יורקען".

לעכאַטכילע וויל איך ניט געבן, נאָר ווײַבאַלד ער וויל זיך טיילן מיט יורקען, מיט זײַן כאַווער, גיב איך אים אַכט און צוואַנציק קאָפּיקעס און זאָג אים עטלעכע ווערטער: „מע דאַרף אַזויפיל קויפן, וויפל געלט מע האָט". אַזוי זאָג איך און גיי מיר צו מײַן שטוב. איצטער טראַכט איך שוין וועגן דעם, אַז עפּשער האָב איך טאַקע געדאַרפט אָנרופן די טראַמוויי־רײַזע „א שטאָט אָן בעטלער", נאָר ביז איך בין געווען אין גאַליציִנאָ, האָב איך דאָס געלייענט טעוויע גענען, מאַכט ער צו מיר:

— וואָס דאַרפסטו די בעטלער, זאָל זײַן „דער טראַמוויי נומער זיבן און דרײַסיק", און פאַרטיק!

## ראָשע

ראָשע איז א גוטער ייִדישער נאָמען, ווען די שטוביקע וואָלטן איר ניט צוגעלייגט „מוראַש". מוראַש איז דאָך גאָר ניט קיין מענטש, מוראַש הייסט אויף רוסיש א געלע פּיצימאָנטשינקע מוראַשקע. אָבער איצטער הייסט זי ראָשע־מוראַש, כאָטש זי איז ניט קיין מוראַשקע, נאָר א פרוי, און דאָס איז אַזוי צוגעקלעפּט געוואָרן צו איר, אַז ניט בלויז דער מאַן און די שוועגערן רופן זי ראָשע־מוראַש, נאָר זי אַליין רופט זיך גלײַך אָפּ אויף דעם נאָמען. די פרײַנט רופן זי אויך אַזוי. זי גופא איז שטענ־דיק אונטער דער האַנט, געטרײַ, פליכטפול, סײַ דער מאַן יויסעף אַזרילעוויטש, סײַ די שוועגערן איווי אַזרילעוונע זײַנען אינגאַנצן באַפרײַט פון אַלטאָג. אין אַפּטייק — ראָשע, אין קראָם — ראָשע, אויפן מאַרק — ראָשע, קויפן א פּאָר שיך — זי, שקאַרפּעטקעס — זי, וועש — זי, מע איז שוין אַזוי צוגעוווינט דערצו, אַז אַפילע פרײַנט זאָגן צו איר אויך אַמאָל:

— הער, מוראַש, דו גייסט דאָך אָפּט אין קראָם, קויף מיר א פּאָר שטעקשיך.

און זי קויפט. דער מאַן איז א שרײַבער. אַנומלטן איז בא אים אַרויסגעגאַנגען א בוך, ווי פריִער, און ראָשע האָט אים געבראַכט אויפן זעקסטן שטאָק אין זייער דירע, וואָס איז אויסגעבויט געוואָרן אין א הויז פון פאַריקן יאָרהונדערט. ווען דער מאַן האָט צו איר געזאָגט:

— מוראַשינקע מײַנע, פאַרוואָס האָסטו געדאַרפט שלעפּן, וואָלסט געגעבן דעם טאַקסיסט א דרײַערל, וואָלט ער אַרופגעשלעפּט.

— כ'האָב אים געגעבן א פינפערל, האָט ער געזאָגט: „ניע כאָטשו. קניגי קאַק קאַמני!", און ער איז אַוועקגעגאַנגען, האָב איך געלאָזט א סאַך פּעקלעך אונטן און זיי געשלעפּט צוביסלעכווײַז.

ס׳איז אַרײַנגעלאָפֿן איווי אוזרילעווונע, זי האָט געגלעט ראַשען איבער דער פּלייצע, ווייער גע־לויבט:

— האָסט אויסגעצייכנט געטאָן, לאָמיר גיכער אַ קוק טאָן די ביכער!

עס זײַנען געווען אַזעלכע מענטשן צווישן די פֿרײַנט, וואָס האָבן ניט פֿאַרגעסן איר עמעסן נאָ־מען, אָבער זי אַליין פֿלעגט איר עמעסן נאָמען ראַשע מאַיסייעוונע שלאָסבערג אָנרופֿן נאַר, ווען מע פֿלעגט ברענגען די פֿענסיע. ס׳איז איר אַפֿילע קיינמאָל ניט אײַנגעפֿאַלן, אַז אין אַפּטייק קאָן זיך אַראָפּלאָזן איווי, נאָך ברויט קאָן אַרויסגיין יויסעף, די פֿרײַנט וואָלטן אויך געמעגט עפּעס ברענגען. גאַנצע טעג און אַפֿילע אין די אָוונטן האָט זי ניט געהאַט קיין צײַט זיך צוצווצען.

וואָס איז דער כידעש? מ׳ליאַנען אַזעלכע „מוראַשקעס" לויפֿן איבער די גאַסן פֿון אונדזערע שטעט און שטעטלעך, צווי טאָרבעס פֿון ביידע זײַטן, און די „מוראַשקע" אינמיטן. זי דאַרף נאָך אַרײַנלויפֿן אין קינדער־גאָרטן, אָפּנעמען דאָס קינד, נאָכדעם האַלט זי מיט איין טאָרבע דעם קינדס הענטל, שפּאַנט גיך, און דאָס קינד שלעפּט זיך נאָך. ס׳איז אויסגעקומען צו לייענען, אַז פּערציק פּראָצענט פֿרויען דערלאַנגען אַף אַ געט טאַקע אינדערעמעסן, ווײַבאַלד די ליבע פֿלאַקערט שוין ניט. דער מאַן איז ניט קיין שפּײַזער, דאַרף זי נאָך וואַשן זײַנע אונטערוועש און שקאַרפּעטקעס?

ראַשע־מוראַש האָט פֿונדעסטוועגן אַמאָל געהאַט צײַט צוצוגיין אַף אַן אויסשטעלונג, ווײַל איר גאַנץ לעבן איז זי געווען אַ לערערן פֿון מאָלערײַ אין די עלטערע קלאַסן. נאָך דעם, ווי זי פֿלעגט קומען פֿונעם מאַגיעזש, פֿלעגט זי שיר ניט האָבן אַ האַרץ־אַטאַק. זי פֿלעג ניט אויפֿהערן זיך צו וווּנדערן, וואָס מע שטעלט אויס אַזוינע אַשפּע. יויסעף אוזרילעוויטש האָט געטרייסט:

— נו, וואָס ווילסטו, מוראַשעלע, דער קינסטלער־פֿאַריין קאָן ניט מאַכן קיין רענעסאַנס, נעם וואַלאַקאַרדין און בארויק זיך.

אַזוי איז זיך געגאַנגען דאָס לעבן, נאָר ס׳איז צוגעקומען נאָך אַ זאַך, וואָס האָט געקאָסט ראַ־שען אַ סאַך געזונט. איר זון האָט געטריבן זײַן זון, איר אייניקל, פֿון שטוב, קיינמאָל אים ניט גע־געבן קיין צען קאָפּיקעס, דאָס אייניקל, שוין אַ היפּשער באָכער פֿון נײַנטן קלאַס, האָט מאַמעש געוויינט. ראַשע פֿלעגט אים האַדעווען, אַרײַנרוקן אַ רובל אין קעשענע, נאָר איינמאָל האָט זי שוין ניט געקאָנט אויסהאַלטן. זי האָט אָפּגעלייגט אַלע אַרבעטן, כאָטש זי האָט געוואָרט אַף פֿרײַנט, גע־האַפּט צו מאַכן קאָטלעטן פֿון געקאָכטע קאַרטאָפֿל און עמעסן ייִדישן צימעס, זי האָט דאָס אַלץ געלאָזט שטיין אַף דער פּליטע און איז אַוועקגעפֿאָרן צום זון.

דער זון האָט זיך זייער דערפֿרייט:

— מאַמאַטשקאַ, זייער גוט, וואָס דו ביסט געקומען, זעץ זיך, באַלד מאַך איך קאַווע, אָדער עפּשער ווילסטו טיי?

— כ׳וועל זיך באַגיין אָן דײַן טיי און אָן דײַן קאַווע. זאָג מיר, וואָס האָסטו צו פּעטשען, פֿאַרוואָס טרײַבסטו אים פֿון שטוב? — זי איז אַזוי אויפֿגערעגט, זי צעשפּיליעט אויש דעם איבער־בעגעד, שרײַט ווי אַ באַנומענע:

— שעמען דאַרפֿסטו זיך אין דײַן ווײַטן האַלדז! איינינעם מיט דײַן אויסדערוויילטער האָט איר מיסטאַמע באַ די זיבן הונדערט אַ קוידעש, איר זײַט דאָך קאַנדידאַטן פֿון דער כימישער וויסנשאַפֿט, און מיר זאַלבעדריט, באַרעכנט, דער טאַטע האָט הונדערט צוואַנציק, איך האָב צווויי און אַכציק, איווי האָט אַכט און פֿופֿציק, האָסט באַרעכנט, עס וועט אויבן קלעקן! דײַן זון וועט מער צו דיר ניט קומען, איך וועל ניט דערלאָזן, דו זאָלסט זיך איזדיעקעווען איבער אים.

— מאַמאַטשקאַ, שטילער, אָט באַגלייט איך דיר.

— נאָר ניט באַגלייטן, ניט באַגלייטן, בעשום־אויפֿן ניט, פֿאַרגעס, ווו איך מיטן טאַטן און מיט איווין געפֿינען זיך. זאָלסט וויסן, אַז מיר האָבן צו דיר קיין שום שײַכעס ניט. אַ טאַטע קאָן זיך דען אַזוי באַגיין מיט אַ גוט קינד? וואָס איז, דײַן זון איז, כאַלילע, אַ ליידיקגייער אָדער אַ נאַר־קאָמאַן? איצטער רעדט מען נאָר פֿון דעם דרוף, ער איז דאָך אַ טײַערער באָכער. וואָס קוקסטו אַף מיר מיט אויסגעגלאָצטע אויגן? דו ביסט זייער באַוויבט? עס סטײַעט דיר ניט קיין צײַט ניט נאָר פֿאַר דײַן זון, באַ דײַנע טאַטע־מאַמע ביסטו נאָר אַפֿן געבורטסטאָג, וועט זײַן אָן אַ געבורטסטאָג! — האָט ראַשע אויסגעשרײַען, פֿאַרשפּיליעט דעם איבער־בעגעד, אַ קנאַק געטאָן מיט דער טיר און איז אַוועק צום ליפֿט.

אינדערהיים האָט איר דער מאַן געגעבן וואַלאַקאַרדין און אַפֿילע ניטראָגליצערין, זי איז קוים געקומען צו־זיך. קוים גרינגער אָפּגעאָטעמט, האָט זי שטיל געזאָגט צום מאַן:

— יויסעף, זאָלסט וויסן זײַן, כ׳זאָל ניט הערן, אַז דו קלינגסט צו אים, כ׳זאָל ניט וויסן, אַז דו רעדסט אויס מיט אים אַ וואָרט, ס׳איז טאַקע אונדזער זון, נאָר דאָס איז אַ מערזאַוועץ! אַרויסגערעדט דאָס לעצטע וואָרט, האָט זי געבעטן:

— יויסעף, גיב מיר אַ גלאָז הייסע זיסע טיי.

# אופגעשלאָגענע ווײַסלעך מיט געריבענע געלכלעך

צו ווּעניעס געבורטסטאָג פלעגן אופשטיין טכיִעס־האמייסים אלע יידישע מײַכאָלים — געהאקטע לעבער, געהאקטע הערינג, א קלאָפּס פון געמאָלענעם פלייש, צוגעריכט מיט אלץ, וואָס מע דאַרף, פאנאנדערגעשפרייט אפן ברעט, אויסגעלייגט אין א שורע צוועלף־פופצן הארטע אייער, ארופגעוואָרפן מיטן לעפּעלע שטיקלעך פוטער, פארוויקלט עס, ארײַנגעלייגט אין בראָט־פאן... הײַנט א געקלאָפּטער האָניק־לעקעך, א פלאָדן, קיכלעך, האָניק־טייגלעך... דאָס אלץ, פארשטייט זיך, מאכט זיך ניט פון זיך אליין, דאָס איז טעג האָרעוואניע, ווי זשע אנדערש? ווּעניעטשקע איז דאָך געבוירן געוואָרן! זײַן געבורטסטאָג איז אינדערעמעסן דעם 28־טן אפרעל, אָבער דאָס איז דאָך ניט באקוועם, מאכט מען עס דעם ערשטן מײַ. ער איז שוין, קיין בייז אויג זאָל אים ניט שאטן, דאָס פינף־און־צוואנציקסטע יאָר אָן א מיטוואָך. דעם ערשטן מײַ איז באקוועם צו קומען אלע זײַנע כאַווײרים. אפילע די, וועלכע זײַנען באשטימט צו דעמאָנסטרירן, זײַן פאָרשטייער פון די ארבעטנדיקע, קומען אויך. מע דרינדזשעט אף די גיטארעס און מע שאָקלט זיך אין די געוויסע טענץ, וואָס דערמאָנען אין טאנץ פונעם הייליקן וויטע.

ווּעניע — ווּעניעטשקע איז א באָכער, העכער פון מיטעלן ווּוקס, מיט שוואַרצע וואָנצעלעך, שוואַרצע געדיכטע האָר, די נאָז האָט א ביסל אונטערגעפוצעוועט, נאָר דאָס מאכט ניט אויס, מיידלעך האָבן אים ליב, קומען צו אים צוגאסט. טאָמער קומען זיי ניט, טרעפט ער גופע אויך אהין ווו מע דאַרף. אין אינסטיטוט לערנט ער זיך ניט פויגלדיק, דער טאטע האָט אים שוין ניט איין מאָל געזאָגט:

— זונעלע, אויצער מײַנער, אויב דו וועסט ניט ליקווידירן אלע דײַנע „שלייפן”, וועסטו גיין אין ארמיי ווי א קאָטינקע.

דער טאטע האָט געטראָפן. מע האָט זייער מוירע געהאט, מע זאָל ווּעניעטשקען ניט שיקן זייער ווײַט, נאָר עס האָט אים צוגעשפּילט, ער האָט געדינט לעבן קורסק. פארשטייט זיך, אז טאטע־מאמע זײַנען אהין געפאָרן גאנץ אָפט. איז מען ניט געפאָרן, האָט מען געשיקט א פינף־און־צוואנציקער, א פעקל. ווי נאָר ווּעניע איז געקומען אין זײַן טייל, האָט ער פארשטאנען, אז דאָ איז ניטאָ קיין טאטע און קיין מאמע און קיין אָנגעפאקטער אײַז־אלמער, באַפעל איז באַפעל! דאָס האָט ער גלײַך באנומען, און דער ראָטע־קאָמאנדיר, די העכערע נאטשאלסטווע זײַנען פון אים געווען זייער צופרידן. דיִאגראַמעס האָט ער געמאָלט, מעלדונגען האָט ער געשריבן און גוט געשריבן — מיט שײַנעם שריפט, און טאטע־מאמע האָבן באקומען פון זײַן טייל א בריוו מיט דאנקבארקײַט דערפאר, וואָס זיי האָבן דערצויגן אזא גוטן זון. א פאָר מאָל איז געקומען צוגאסט א מיידל פון קורסק, טאטע־מאמע האָבן זיך דורכגערעדט אין אָוונט: „א גאנץ ווויל מיידל, א באשיידענע, א שווײַגנדיקע, און זי האָט אים, אפאָנעם, גאנץ ליב”. וועגן דער אלטער באָבע איז אָפגערעדט, זי פלעג זיצן באם אָנבײַסן, צונויפלייגן די הענט ווי צו א טפילע און ארויסברענגען מיט א זיפץ:

— זאָל מיר שוין גאָט העלפן, איך זאָל מיט מײַנע אויגן דערזען, ווי ווּעניעטשקע וועט קומען אהיים. צוויי יאָר איז ניט קיין אייביקײַט, האַלעוויי זאָל איך נאָר דערלעבן!

צוויי יאָר זײַנען אוועקגעלאָפן, ווּעניעטשקע איז געקומען. ער האָט קוים באוויזן אופצוהענגען דעם שינעל אפן צוואָק, ווי די אלטע באָבע האָט פון קיך געלאָזט וויסן:

— ווּעניעלע, וואָס ווילסטו, כ'האָב קאָטלעטן, קאָן איך זיי צעשנײַדן אין דער קווער, צופרעגלען און באגיסן מיט א צוויי־דרײַ אייער, ווילסטו ניט קיין קאָטלעטן — קאָן איך אָנשנײַדן ווורשט און אויך טאָן, ווי איך האָב דיר געזאָגט.

— איך וויל קאָטלעטן מיט ווורשט, באגאָסענע מיט אייער, און מאך מיר קאקאאָ.

און ס'איז אוועק ווי געווען. די באָבע האָט געהאלטן אָפן מויל און אויערן בײַס ווּעניעטשקע פלעגט ארויסברענגען א וואָרט.

דער ערשטער כוידעש איז אוועק אין קלאָפּאָט און אין לויפעניש. קריגן דעם פּאס, ווידער אָבקומען אפן פערטן קורס, פון וועלכן מע האָט אים מאָביליזירט, זיך זען מיט די כאַווײרים. דאָס איז דאָך דער איקער, די נאָענטסטע זײַנען די, מיט וועלכע מע איז פון איין עלטער, זיי מעגן זײַן פופציק מאָל נארישער פון טאטע־מאמע. באקומען דעם פּאס, ארײַן אפן פערטן קורס, ווידעראמאָל געקראָגן נײַע „ווײַדלען”, ווידער זיצט די מאמע ביז שפעט אפדערנאכט, מאכט מיט אירע קורצזיכטיקע אויגן די צייכענונגען, אפילע די לעקציעס, אין אָוונט קומען די פרײַנט — מיידלעך, ס'האָט אויך ווידער זיך געיאוועט דאָס מיידל פון קורסק, וועלכע איז געשלאָפן אף א דאטשע־בעטל אין דער באָבעס צימער. די מאמע האָט אף מאָרגן אינדערפרי געפרעגט בא איר:

— מאמע, ווען איז דאָס מיידל געקומען שלאָפן?

— כ'האָב ניט געהערט.

— נו, אויב דו האָסט ניט געהערט, זײַ זיכער, מאַמע, אַז דײַן אייניקל איז געווען אומדערמידלעך.

אַזוי איז ווידער אַוועק ווי געווען. ווענייע האָט זיך ניט גענומען צום האַרצן פֿון דעם, וואָס ער האָט ניט קיין סטיפּענדיע, ער האָט ביז פֿערטן קורס אויך ניט געהאַט און דער איינציקער פּראָטעסטאַנט איז געווען דער טאַטע. ער האָט אָפּט געצוואָגן ווענייען דעם קאָפּ:

— אויצער מײַנער, איצטער האָסטו אַ טאַטן מיט אַ מאַמען, קאָנסטו דרינדזשען אַף דער גיטאַרע, אָבער קיין ברויט באַ דער שוועל וועט דיר קיינער ניט אַוועקלייגן. נעם דעם קאָפּ אין די הענט! וויפֿל וועט די מאַמע מיט די האַלב־בלינדע אויגן זיצן ביז האַלבער נאַכט פֿאַר דיר?

ווענייע האָט דאָס, ווי מע זאָגט, אין איין אויער אַרײַן, פֿון אַנדערן אַרויס. צו אַלע זײַנע דערפֿאָלגן איז ער נאָך איצטער געווען אין אינסטיטוט־פּראָפֿילאַקטאָריע. פֿון דאָרטן איז געווען באַקוועמער צו פֿאָרן אַף דער דיסקאָטעקע, אויסצומײַדן אַלע רייד. נאָענט צום געבורטסטאָג האָבן די באָבע און די מאַמע גערעדט מיט אים זייער שטרענג:

— ווענייע, ס'איז סאָף אַפּרעל, אין שטוב איז שוין אַלץ דאָ צום ערשטן מײַ, ווו דו זאָלסט ניט זײַן און וויפֿל דו זאָלסט ניט שפּילן אַף דײַן גיטאַרע — צוויי אַזייגער באַטאָג דעם ערשטן זאָלסטו זײַן אין שטוב, דער טאַטע זאָל כאָטש ניט דאַרפֿן שלעפּן קיין קאָקאַ־קאָלאַ און מינעראַלע וואַסער.

— מאַמע, וועגן וואָס רעדסטו, וואָס בין איך, אַ קליינינקער, ניט קיין צוויי, נאָר האַלב צוויי באַטאָג בין איך אין שטוב, ס'קאָן אַנדערש ניט זײַן!

ס'איז געקומען דער ערשטער. די מאַמע האָט שוין אופֿגעשלאָגן די ווײַסלעך, אײַנגעריבן געלכלעך מיט צוקער, געמאַכט אַ טאָרט, און כאָטש זי איז די גאַנצע צײַט געווען זייער אומרויִק, מוירע געהאַט צו עפֿענען דעם בראָט־אויוון, איז דער טאָרט אופֿגעגאַנגען ווי אַ צילינדער, דער האָניקלעקער איז אויך געווען, אַז בעסער דאַרף מען ניט. דער קלאָפּס איז שוין געשטאַנען אַף אַ קליינינק פֿײַערל און האָט געזיפּצט. דער זייגער איז צוועלף, דער זייגער איז האַלב איינס — ווענייע איז ניטאָ. דער טעלעפֿאָן קלינגט, ווי אַלע טאָג, זייער אָפּט. לענע דאַווידאָווונע, ווענייעס מאַמע, איז זייער אומרויִק, זי האָט אַפֿילע געזאָגט:

— מאַמע, קוק זיך אײַן, ער האָט אַ האַרץ פֿון אײַזן. ער האָט דאָך צוגעזאָגט, אַז ער וועט זײַן, ווו זשע איז ער? די הינער וועלן זיך באַ מיר איבערשטיין, מע קאָן מעשוגע ווערן!

און ווי זי רעדט אַרויס „מעשוגע ווערן", נעמט דער טעלעפֿאָן קלינגען אָן שום איבערײַס. זי כאַפּט אַראָפּ דאָס טרײַבל און רעדט עפּעס מאָדנע ווערטער:

— וואָס, ווער, פֿונוואַנען רעדט מען דאָס? פֿון לעבן קאַלינין? ווענייע שאַפּיראָ? אַבראַשע, קום אַהער! — שרײַט זי אויס צום מאַן.

דער מאַן נעמט דאָס טרײַבל, זאָגט קיין וואָרט ניט, לייגט אַוועק דאָס טרײַבל, זאָגט צו דער אַלטער:

— שוויגער, וואָס ס'איז פֿאַרטיק, וויקלט אײַן אין פּערגאַמענט און לייגט אין רוקזאַק, אַלץ, וואָס מע קאָן מיטנעמען, — פּוטער, וווּרשט נעמט אַרויס פֿון כאָלאָדילניק, פֿאַרוויקלט — און אין רוקזאַק. לענע, שליס אויס די פּליטע, מיר פֿאָרן לעבן קאַלינין, דאָרטן ליגט אונדזער קאַדיש. טו זיך אָן, האַלט זיך, איך פֿאָר מיט דיר.

געקומען אין שפּיטאָל. מע האָט זיי אַרײַנגעפֿירט אין פּאַלאַטע, ווו ווענייע איז געלעגן מיט אַן אופֿגעהויבענעם פֿוס גאַנץ הויך, מיט אַ פֿאַרבאַנדאַזשירט פּאָנעם, אַ ביסל דעם קאָפּ אַראָפּגעגליטשט פֿונעם קישן. לענע האָט נאָך דערווײַל ניט געזען דעם פֿוס, זי האָט דערזען דאָס פּאָנעם, פֿון וועלכן ס'האָט זיך געזען נאָר אַ שפּיץ נאָז, אַ סך צעשפּרייטע האָר אַרום קאָפּ אַפֿן קישן, דאָס שפּיטאָל־העמד פֿאַנאַנדערגעשפּיליעט, אַזוי אומבאַשיצט. דער יונגער ווײַסער האַלדז און אָדעמס עפּל — אַרויף און אַראָפּ, אַרויף און אַראָפּ... זי האָט זיך גענומען אַרויסגליטשן פֿונעם מאַנס הענט.

— לענע, לענאָטשקע, דושאַ מאָיאַ, האַלט זיך, מיר דאַרפֿן איצטער האָבן אַ סך קויעך.

אָבער לאַנג באַרויִקן האָט ער ניט געקאָנט לענען, פֿאַרנאַכט האָט ער געדאַרפֿט זיך אומקערן קיין מאָסקווע, ווײַל אים און דאָס ווײַב וואָלט מען ניט אָפּגעלאָזט פֿון דער אַרבעט.

לענע איז געבליבן אין שפּיטאָל. אַף וויפֿל זי האָט געקאָנט, האָט זי אין זײַן נעשאָמע אַרײַנגעבלאָזן לעבן, געגאָסן מיט אַ פּיפּעטקע זיסע מילך מיט אַ געלכל, אַ ביסל יויך, שיטערן קאָמפּאָט, ווײַל עפּעס געדיכטס האָט ער ניט געקאָנט עסן. דער אונטערשטער קין איז געווען צעקלאַפּט, אויסגעהאַקט די פֿאָדערשטע פֿיר ציין. לענע האָט געפֿאָלגט דעם מאַן, זי האָט זיך גענומען אין די הענט, זי האָט געטראָגן עסן פֿאַר די איבעריקע כאָלאָים, געגעבן דאָס „ענטל", דאָס אַנדערע „געפֿעס", צוגערעכט געמאַכט די געלעגערס, געוואַשן די פּאָדלאָגעס, געזעסן טאָג און נאַכט אַפֿן שטול לעבן ווענייען. דער דאָקטער פֿון פּאַלאַטע האָט אין איינעם אַ טאָג גאַנץ אָפֿן צו איר געזאָגט:

— איר זעט, לענע דאווידאָוונע, ער עסט שוין, ער וועט זיך פאַריכטן, מיר קאָנען ניט שלעכט צווייפשטעלן צעבראָכענע הענט און פיס, מיר האָבן אָבער ניט, ווער עס זאָל ארומגיין ארום די כאלאָיִם, און דאָס, וואָס איר זיצט דאָ, איז טאַקע זייער גוט, איר וועט אים אופהייבן פון בעט.

אָבער לענע האָט שוין קיין קויעך ניט געהאַט, ס׳איז שוין געווען האַלב יון. אווראָם, דער פּאָטער, פלעגט אלע פרייטיק אין אָוונט קומען מיט א שווערן רוקזאַק, דאָרטן איז געווען פון קאַלטווו, ניט נאָר פאַר וועניען, נאָר פאַר דער נאַכט־שוועסטער, פאַר דער טאָג־שוועסטער, פאַרן דאָקטער, ניט קיין סאך — אָן אָף, א צוויי פעקלעך פוטער, א דריי־פיר אפּעלסינען. איצטער איז נאָך צוגעקומען די אופזאָרגן פון דעם שפּיטאָל־גרעט, לענע האָט בא איר געדונגען א ווינקל. זי האָט איצט געהאַט א האַרטן דיוואַנטשיק, וווּ זי האָט זיך, ענדלעך, געקאָנט אויסציִען א צוויי שאָ אין טאָג, זיך אויס־באָדן, ווייל אייִנזיצן מער ווי א שאָ־אָנדערהאַלבן לעבן וועניען האָט זי ניט געקאָנט. איין גאָט ווייסט, פאַרוואָס ס׳פלעגט איר פּלוצעם קומען פאַר די אויגן רעמבראַנדטס בילד, ווו אווראָם שטייט שוין מיטן מעסער בא יִיצכאָקס האַלדז, און דער האַלדז איז אזוי יונג, אזוי סאַמעט־גלאַט, אזוי געלב, דערנאָך פלעגט זי פּלוצעם זען וועניען בא דער ברוסט. ווען זי וואָלט געלייענט יִדישע ביכער, וואָלט ניט געווען קיין ווונדער, וואָס פּלוצעם פלעגט איר אייַנפאַלן: „מייַן ברוסט און זייַן מייַלכל זייַנען געווען צונויפגעגאָסן”. קימאַט אזוי האָט דאָך געזאָגט האָפּשטיין: „ברוסט און מויל איינעם זאָלן זייַן”. אָבער די אלע געדאַנקען און געפילן פלעגן צעגיין ווי פוטער אף דער זון, בייס זי פלעגט זיצן לעבן וועניעס געלעגער.

אווראָם פלעגט קומען פרייטיק אפּדערנאַכט, אוועקפאָרן זונטיק פאַרנאַכט, פלעגן זיי זייַן איינ־נעם מער ווי א מעסלעס. בייס אווראָם פלעגט זיצן לעבן וועניעס בעט און ער פלעגט שווייַגן, פלעגט לענע אלציינס צו אים א פינטל טאָן מיט די אויגן, דאָס האָט באַטייַט: „קיין וואָרט, קיין שום פאַר־ווורפן ניט, האָב ראַכמאָנעס”.

סאָף יון בא צוויי כאַדאָשים נאָך דעם אומגליק האָט אווראָם געבראַכט קוליעס. די טעג זייַנען געווען פּרעכטיקע, לעבן שפּיטאָל איז געווען א סעדל, אהינצו פלעגט אַרויסהינקען וועניע, אוועק־לייגן די קוליעס אף די קני, מיט איין האַנט אַרומנעמען די מאַמע, מיט דער צווייטער דעם טאַטן שווייַגן. אַנומלטן, ווען לענע איז געבליבן מיט אים אליין, האָט זי פּלוצעם, ניט באַטראַכטנדיק זיך, ווייטיקדיק געזאָגט:

— וועניעטשקע, קינד מייַנס, ווי האָט דיר געקלעקט האַרץ, ווי האָסטו דאָס געקענט? איך מיטן טאַטן לעבן, נאָר צי די באָבע וועט עס איבערלעבן, דאָס קאָן איך דיר ניט זאָגן. דו ביסט טאַקע ניט קיין זיבעציק, ניט קיין אכט און פערציק יאָר, ווי איך מיטן טאַטן, אָבער ביסט אויך ניט קיין אכצניאָריקער. איך פאַרשטיי ניט, כ׳קאָן דאָס ניט באַנעמען, האָסט מיר ניט געזאָגט, האָסט דעם טאַטן ניט געזאָגט, האָסט זיך באַטראַכט און ביסט אוועקגעפאָרן מיט דייַנע סטודענטן קיין לענינ־גראַד אף דער דיסקאָטעקע. איך האָב דיך נאָר געבוירן, געהאָדעוועט האָט דיך די באָבע, מיר האָבן דאָך אפילע ניט געהאַט קיין געלט אף קיין וועגעלע, אף די הענט האָט זי דיך געשלעפּט פון די טרעפּ און אף די טרעפּ. דו ווייסט גאַנץ גוט, וואָס פאַר א גוירל די באָבע האָט געהאַט, דו ווייסט, מיר האָבן פון דיר ניט אויסבאַהאַלטן, אז דעם זיידן האָט מען אוועקגעפירט און ער איז ווי אין וואַסער אַרייַן, זאָל איך דיר זאָגן, אז דו ביסט בא דער באָבען דאָס גאַנצע כּיִעס!

— מאַמע, גענוג, האָב ראַכמאָנעס, ניט שוין זשע מייַנסטו, אז כ׳האָב געוואָלט צעברעכן דעם פּוס אין דריי ערטער, אויסלינקען די רעכטע לענד און אויסהאַקן די ציין? צי דען דאַרף איך דיר זאָגן, אז איך בין געווען זיכער, איינס אַזייגער וועל איך זייַן אין שטוב? כ׳וויל מער ניט הערן, איך האָב ניט קיין קויעך מער צו הערן, מאַמינקע טייַערע, קיין איין וואָרט ניט!

א רעכטע ווייַלינקע איז געווען שטיל...

— מאַמינקע, רוק זיך צו צו מיר, גיב מיר א קוש, כ׳קאָן דיך ניט בעטן, זאָלסט מיר מויכל זייַן, איך פאַרשטיי... אָבער דו וועסט ניט זייַן באַרויִגעז אף מיר, וועסט זייַן צו מיר אזוי גוט, ווי איצט, וויל איך בא דיר בעטן, דער טאַטע איז דאָך אוועקגעגאַנגען אף א ווייַליטשקע, אָט גיב איך דיר א בריוועלע, עטלעכע ווערטער צו נאַטאַשען אין קורסק, דו ווייסט, אז זי איז שוין צוויי מאָל געווען בא מיר, דו וועסט אַראָפּלאָזן דאָס בריוול אין פּאָסטקעסטל, דעם טאַטן קאָן איך דאָס ניט בעטן.

— געוויס, וואָס רעדסטו, איך בין דאָך ניט קיין זון, איך בין דאָך א מאַמע, דער טאַטע וועט אוועקפאָרן, וועל איך צולויפן און אַראָפּלאָזן דעם בריוו, — האָט לענע פאַרזיכערט און אויסגערופן צום מאַן, וועלכער איז צוגעגאַנגען:

— אווראָם, העלף א ביסל וועניען, מיר וועלן גיין עסן וואַרמעס, בא מיר איז אלץ פאַרטיק.

# מײַן באָבע

כ'בין שוין אַליין אַ באָבע, אַפֿילו אַן אורבאָבע, נאָר איך פֿאַרגעס קיינמאָל ניט מײַן באָבע און כ'בין איר שטענדיק מעקאַנע. בעעמעס, קיין שום קלענסטער יישעוו, אַפֿילו אַ גרויסע שטאָט קאָן ניט אוועקנעמען שטאָלץ, ווירדע, סייכל, שרעקלאָזיקייט, וואָס אַ מענטש פֿאַרמאָגט. ריכטיק איז דאָס ווערטל: ניט דאָס אָרט באַשײַנט דעם מענטשן, נאָר פֿאַרקערט.

אַזוי קליין איז געווען מײַן שטעטעלע קראָק, איין גאַס, עטלעכע געסלעך, דער מאַרק. אויפֿן מאַרק צוויי געמויערטע הײַזער פֿון רויטן ציגל, ניט ווײַט פֿונעם מאַרק די טיפֿליע.

איך געדענק, קינדווײַז מיט ייִנגלעך פֿלעגן מיר לויפֿן אַהין און צושפּריכלען: „האַלבע קוואָרט, ביסט ניט קיין טאָרט, און הינטער אַ ציילעם איז דײַן אָרט, אַ הונט ביסטו, אַזאַ וועסטו בלײַבן, מאַשיעך וועט קומען, וועט מען דיך אַרויסטרײַבן". אַנומלטן בין איך פֿאַרבײַ דעם קלויסטער געגאַנגען מיט דער באָבען און אויסגעשאָטן דעם זעלביקן שפּרוך. זי האָט מיך פֿאַר אַ הענטל צוגעצויגן צו זיך, אירע בלויע אויגן האָבן אויף מיר געקוקט מיט רוגזע, און זי האָט געוואָלט וויסן: „ווער האָט דיך דאָס אויסגעלערנט, דאָס איז ניט פֿאַר דײַן קאָפּ, און דאָס קאָן ניט זײַן דײַן שפּרוך, מער זאָל איך דאָס ניט הערן". כ'האָב איר ניט געזאָגט, אַז דעם שפּרוך האָט מיך אויסגעלערנט יאַנקעטשקע בלוימעס פֿאַר אַ קנעפּל, וואָס איך האָב אָפּגעשניטן פֿונעם זיידנס קאַפּאָטע. אָבער די באָבע האָט נאָך צוגעלייגט: „פֿון אַ טיפֿעש מאַכן אַ כאָכעם איז אַלציינס, ווי אַ מעס געבן אַ רעפֿועע".

אָבער אין שטוב איז די באָבע געווען שטיל, אַניוועסדיק, דעם זיידן קיינמאָל ניט אַנטקעגנגערעדט. זומערצײַט איז דער זיידע אַלציינס ניט געווען אין שטוב, ער איז אַרומגעפֿאָרן, געמאַכט קאַמינען פֿאַר פּריצים און רײַכע ליטווינער. אַז דער זיידע איז ניט געווען אין שטוב, פֿלעגט די באָבע אַרומגיין ווי ניט קיין היגע, אַפֿילו קליינערהייט האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז זיי האָבן זיך זייער האָלט. דאָס לעבן איז זיך געגאַנגען גאַנץ געמיטלעך און שטיל, ביז אין איינעם אַן אָוונט נאָך וועטשערע האָט די באָבע געזאָגט:

— דו ווייסט, מײַן מאַן, כ'האָב זיך מעיאַשעוו געווען, אַז איך דאַרף זיך פֿאָרן לערנען פֿאַרבן.

— ווּהין זשע פֿאָרסטו?

— קיין פּאָניעוועזש צו פּיניע דעם פֿאַרבער.

— וואָס איז מיט דער מער, זאָלן זיך לערנען פֿאַרבן מיעסע ווײַבער, דײַן קוגל איז, כאָלילע, מאָגער, ער ווייַנט ניט, פֿאָלג מיך, זיץ אין שטוב, לערן זיך צו זײַן אַזאַ ווײַב, וואָס איז באַהילפֿיק איר מאַן, כ'האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז אַזוי שטייט אין כומעש.

— וואָס אין כומעש שטייט, ווייסטו בעסער פֿון מיר, מײַן מאַן, מיעסער ווי איך בין קאָן איך ניט ווערן, כ'האָב האָלט, דער מאַן זאָל זיך דרייען אין שטוב, ער זאָל ניט אַרומוואָגלען אין פֿאַראַפֿיע, און איך האָב האָלט צו האָבן אַן אייגענעם גילדן אין קעשענע, כ'זאָל ניט דאַרפֿן קוקן אין מאַנס האַנט.

געזאָגט און געטאָן. זעקס וואָכן איז די באָבע ניט געווען אינדערהיים. דער זיידע האָט געראַמט די שטוב, געמאָלקן ביידע קי, געקאָכט אָנבײַסן, וואַרמעס און וועטשערע, ס'האָט זיך דערנסטמאָל ניט געפֿירט, מע זאָל אויף אָנבײַסן טרינקען טיי, פֿאַרבײַסן ברויט מיט פּוטער. מ'האָט געקאָכט אַ מילכיקן אָנבײַסן, אַרבעס־קנײדלעך, לאָקשן אָדער פֿאַרפֿל, קיין מילך האָט מען ניט געדאַרפֿט זשאַלעווען, מע האָט געהאַט צוויי קי. כוץ דעם, האָט דער זיידע אַלע דאָנערשטיק געבאַקן ברויט, פֿרײַטיק כאַלע און אַפֿילו אַ קיכל צו בראָכע. ער איז געווען זייער אומעטיק. ווען די באָבע איז געקומען, האָט ער זיך אַזוי דערפֿרייט, ער האָט מאַמעש געשײַנט. ער האָט נאָך צוויי טעג געקאָכט, געראַמט די שטוב, געוואַשן דאָס געפֿעס, דערנאָך האָט מען אין פֿירהויז אויף אַ הויכן אײַזערנעם דרײַפֿוס אוועקגעשטעלט אַ פֿופֿציק־עמערדיקן קופּערנעם קעסל, אויף דער פֿאָדער־טיר האָט כײַקע דער בלעכער צוגעקלאַפּט אַ שילד — אַזאַ שײַנקײַט, אַז איך בין די גאַנצע צײַט געשטאַנען אין דרויסן און געקוקט, וואָרעם די שילד איז געווען זייער בלוי געפֿאַרבט, איבער דער בלויקײַט האָט זיך געקרײַזלט אַ שוואַרצער רויך, פֿונעם רויך אַרויס האָט זיך געשניטן אַ געשטאַלט אין קלײדלעך, אָבער דאָס איז ניט געווען מײַן באָבע. גאַנץ אונטן אויף דער שילד זײַנען געווען אָנגעשריבן געלע אויסיעס, אָבער איך האָב זיי ניט געקענט איבערלייענען. ס'האָט מיר איבערגעלייענט דינקע כײַע דער בעקערקעס: „דאָ פֿאַרבט מען אויף גרין, אויף געל און אויף רויט, אין די שענסטע, בעסטע קאָלירן".

דער זיידע האָט שוין קנאַפּער געוואָגלט, געהאָלפֿן דער באָבען בײַ דער פֿאַרבערײַ: מיטוואָך אין די מאַרק־טעג, זונטיק, ווען די ליטווישע פּויערים מיט זייערע ווײַבער פֿלעגן קומען אין שטעטל

גיין אין טיפֿליע, איז אונדזער פֿאָדער־שטוב געווען פֿול. די באָבע האָט פֿאַר די פֿייערים אַרויסגעטראָגן דאָס, וואָס זיי האָבן באַשטעלט, און גענומען מעזומען, וואָס זי האָט געלייגט הינטערן טישטעך אויפֿן קאָמאָד. איך געדענק דאָס זייער גוט, ווײַל איך האָב אנומלטן גענומען פֿון דאָרטן צוויי קאָפּיקעס, אוועקגעגאַנגען צו גאָלדע דער זיסער און געקויפֿט כאַלווא, אָבער אַזויפֿיל כאַלווא האָב איך ניט געקאָנט אויפֿעסן, וואָס עס איז געבליבן, האָב איך באַהאַלטן הינטערן האָלץ. ווען איך בין אַרײַנגעגאַנגען אין שטוב, איז שוין גאָלדע די זיסע געווען דאָרטן. די באָבע האָט מיטן פֿינגער געטײַטלט צו מיר, און איך בין צו איר צוגעגאַנגען. דאַן האָט זי געזאָגט צו גאָלדען:

— זײַ אַזוי גוט, גאָלדע, זאָג דאָס, וואָס דו האָסט מיר געזאָגט.

— ווי איך האָב געזאָגט, האָב איך געזאָגט. גוט־מאָרגן, פֿעסיע, פֿונוואַנען איז אײַער אייניקל אַזוי אויפֿגעריכט געוואָרן, פֿונוואַנען האָט זי אַזאַ גוזמע געלט, פֿרעגט באַ איר, האָט זי געקענט אויפֿעסן די גאַנצע כאַלווא?

דאָס ווײַטערדיקע איז געווען, ווי די באָבע האָט פֿאַרשטאַנען. אַז דער זיידע איז פֿון גאָרטן אַרײַנגעגאַנגען אין שטוב, האָט זי צו אים אַ זאָג געטאָן:

— עליע, שעפּ נאַכעס פֿון דײַן טאַכשיט. מאַלע וואָס זי האָט געקויפֿט כאַלווא, האָט זי נאָך געוואָלט אויפֿעסן אָן אונדז. דעריבער, טײַערינק אייניקל, זאָלסטו הײַנט ניט האָבן צו עסן וואַרמעס און וועטשערע, אָט האָסטו אַ מויצע ברויט, גיי צום עמער, שעפּ אָן וואַסער, און דאָס וועט זײַן דײַן סודע צוויי טעג נאָכאַנאַנד. זאָלסט געדענקען און פֿאַרזאָגן דײַנע קינדס קינדער: ניט עסן, ניט נאַשן בײַשטיקע.

אַזוי ווי די באָבע האָט געזאָגט, אַזוי איז געווען. כ׳געדענק דאָס, ווי דאָס וואָלט געווען איצט־אָ. און איך בין זיך מודיע, אַז מיט מײַנע קינדער האָב איך אַ סך מאָל זיך אויפֿגעפֿירט, ווי די באָבע מיט מיר...

די באָבע איז געבוירן אַ גוטע פֿאַרבערקע, געהאַט אַ שעם אין אַלע דערפֿער, נאָר פֿאַרבן איז נאָך ניט די גאַנצע מלאָכע, מע דאַרף דאָס געפֿאַרבטע שווענקען. ווו זשע שווענקט מען? מע שווענקט אין גאַלעכס טײַכל, וואָס איז אויפֿן גאַלעכס לאָנקע. אנומלטן, ווען די באָבע האָט אײַנגעבויגענערהייט קימאַט מיטן פּאָנעם צום טײַכל געפֿירט אַהין און אַהער דאָס געפֿאַרבטע איבער דעם וואַסער, האָט זיך דערהערט אַ שטרענגער, אַ בייזער געשריי:

— וויפֿל מאָל דאַרף מען דיר זאָגן, פֿעסיע, אַז דײַן פֿוס זאָל ניט טרעפֿן מײַן לאָנקע, זאָלסט מיר ניט מאַכן דאָס וואַסער געל, גרין און רויט!

די באָבע האָט עטוואָס אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ און דערזען דאָס, וואָס איך האָב דערזען. דער גאַלעך אין זײַן לאַנגן שוואַרצן ראָק האָט געמוסערט די באָבע אויף ייִדיש אַזויווי עס דאַרף צו זײַן. די באָבע האָט אויפֿגעהערט צו שווענקען און אַרויסגעוואָרטלט:

— הייליק פֿאַטערל, זאָלסט לעבן הונדערט און פֿערציק יאָר, כ׳האָב זיך ניט געריכט אויף דיר, דו זאָלסט שרײַען אויף אַ האָרעפּאַשניצע, דו זאָגסט דאָך מיסטאָמע אין דײַנע דראָשעס, אַז יעדערער זאָל האָבן זײַן שטיקל ברויט, ווײַל ער פֿאַרגיסט ערלעך זײַן שווייס. וואָס זשע שרײַסטו אויף מיר? איך וועל דאָך ניט זאָגן, אַז דו ביסט אַ יונגער און קרעפֿטיקער מאַנצבל און איך בין, מישטיינסגעזאָגט, אַ ייִדענע, קיינער וועט מיר ניט ברענגען, ווי דיר, אַ האָן, אַפֿילע אַן אינדיטשקע, אייער, פּוטער, קאָניאַק. סטײַטש, כ׳האָב דאָך געמיינט, אַז דו ביסט אַ לײַטישער מענטש.

— מעגסט מײַנען וועגן מיר, פֿעסיע, וואָס דו ווילסט, נאָר איך זאָג דיר נאָכאַמאָל, אַז דער טײַך איז מײַנער און די לאָנקע איז מײַנע.

— הייליקער פֿאָטער, איך קוק אויף דיר און איך זע, ווי די שכינע רוט אויף דיר. וואָס דו ווילסט, האָב איך געטראַכט, נאָר כ׳האָב ניט געטראַכט, אַז דו קאָנסט לעבן אין אַזאַ ווילדן טאָעס. ווי קערט זיך דיר די צונג: די לאָנקע איז דײַנע און דער טײַך איז דײַנער. דאָס איז אַזוי ריכטיק, ווי באַנאַכט איז ליכטיק, דאָס איז אימס, דעם אייבערשטנס.

— דו האָסט מיט מיר אַ מאַכלויקע, נאָר האָב ניט קיין פֿאַריבל, איך וועל באַלד קומען מיט די הינט.

— ווי קאָן איך פֿאַריבל האָבן אויף אַ הייליקן מענטש? וויפֿל הינט האָסטו?

— כ׳האָב דרײַ הינט.

— פֿאָלג מיך, איין הונט לאָז אין בודע, וועלן אַלציינס קומען דרײַ. נאָר איך מיין, ביז דו וועסט זיך דרייען אַהין און אַהער, וועל איך שוין זײַן אין שטוב.

# זאָרעכל דער מאַסמיד

אין אָנהייב פון אונדזער יאָרהונדערט זײַנען די ייִדישע שטעטלעך אין ליטע פּראָוועבט געווען אין שפּינוועבס־פּאָרורטייל. אויב א קימפּעטאָרן איז געשטאָרבן, האָט מען שוין געפונען אזא אייגעם, וואָס האָט צו טאָן מיט אן איישעס־איש. דאָס הייסט אזא, וואָס האָט צו טאָן מיט א פרוי, וועלכע האָט א מאַן. איז א קינד קראַנק געוואָרן — איז מען געלאָפן צו כעוועד לייזערס אָפּשפּרעכן אן אײַנהאָרע. טאָמער האָט ווער א ביס געטאָן, האָט מען צוגעשפּרעכט „לישונאָסכו קוויסי" — ס'איז ניט אויסצורע־כענען אַלע טרופעס, סגולעס, וואָס מע האָט ארויסגעבראַכט, ווען א קינד האָט געמאָזלט, געהאַט ווינט־פּאָקן, שווערע ציינדלעך, ווייכע מויעכלעך, גרויסע בײַכלעך, בײַסעניש. איינע פון די סגולעס איז געווען צו געבן א טאָג „א פּאַרזיכניק" — אזא יעשיוועבאָכער, וועלכער לערנט שוין טוירע פאַר זיך און אָט־אָט וועט ער קריגן סמיכעס אױף ראַבאָנעס.

אין מײַן היימשטעטלע קראָק איז קיין יעשיווע ניט געווען, אָבער „פּאַרזיכניקעס" זײַנען גראָד יאָ געווען. זיי פלעגן קומען קיין סלאָבאָדקע פון פּאָניעוועזש, פון קאַדאַן, זײַנען געזעסן אין די בעס־מעדרעשן טאָג און נאַכט, געלערנט טוירע. זאָרעכל דער מאַסמיד האָט געהאַט ניט נאָר א טאָג, א גאַנצן שאַבעס, בא טויבע סראָעל דעם קאַצעווס. זײַן שיר־האַשירים, זײַן זמירעס זינגען האָבן געהאַט א שעם אין שטעטל. אָבער ער האָט געהאַט ניט נאָר ציין, א צונג, באַקן, וואָס האָבן זיך באַוועגט באַם קײַען, ער האָט געהאַט א פּאָר שוואַרצע ברענענדיקע אויגן, וועלכע האָבן געשאָטן פונקען, בײַם סראָעל דעם קאַצעווס טעכטערל באַסקע פלעגט דערלאַנגען צום טיש די געריכטן.

טויבע און סראָעל האָבן, נעבעך, פאַרזען, אָבער זאָרעכל מיט באַסקען — ניט. זאָרעכלס בליצנ־דיקע אויגן האָבן דורכגעבערענט באַסקעס יעדן גליד. אין די שאַבאָסים, בײַם טויבע מיט סראָליקן האָבן נאָכן טשאָלנט געכאַפּט א זיסן דרעמל, האָבן זאָרעכל און באַסקע ניט געדרעמלט. נאָכן טשאָלנט פלעגט ער מאַכן קלוימערשט, אז ער גייט אוועק, און אין א ווײַלע ארום איז ער שוין געשטאַנען מיט באַסקען אין קיך לעבן טיר, זײַנע פינקלדיקע אויגן האָבן גוט געזען באַסקעס קלאָר־ווײַסן האַלדז, אירע ליוטערע, בלויע אויגן און אירע שוואַרצע שמאָלע ברעמען, אירע געדיכטע ווײַסע ציין. ער האָט צו איר גערעדט דאָס, וואָס עס איז געווען פאַר אים צוטריטלעך:

— דו ביסט מײַן רעצוע, דו ביסט מײַן שעליאַד און מײַן שעלראָש. איך בין דײַנער, און דו ביסט מײַנע.

דערבײַ האָט ער געוויקלט אירע צעפּ ארום האַלדז, טאַקע ווי א רעצוע, אזוי א קנאָפּ יאָר, איב־דערשטיל, זייער אינדערשטיל, געציילט איר יעדן פינגער, ביז...

בײַם באַסקע איז זיך מיסוואַדע געווען פאַר דער מאַמען, האָט דאָס טויבע גלײַך דערציילט סראָעלן, און ס'איז געבליבן, אז מע זאָל זוכן א באָכער גלײַך, זאָל אויסקומען צו די נײַן כאָדאָשים, וואָרעם סראָעל האָט געוווּסט, אז זאָרעכל איז א קויהען. ס'האָט זיך גראָד געפונען א באָכער הירשקע בענטשע דעם קאַראַבעלניקס, און ער האָט געזאָגט גאַנץ אָפן:

— אײַער באַסקע געפעלט מיר פון לאַנג. ס'קומט מיר אויס מאָדנע, וואָס איר אײַלט זיך אזוי, נאָר מיך אַרט עס ניט.

מ'האָט געשטעלט א כופּע, נאָר הירשקע האָט געהאַלטן דאָס פינגערל, געוואָלט זאָגן „האַרי אַט", האָט זיך באַסקע אויסגעדרייט, אראָפּגעוואָרפן דעם שלייער און איז אַנטלאָפן.

ווּהין צו לויפן, האָט זי געוווּסט, ווי זשע אַנדערש — צו פעסיע דער פאַרבערן, און זי האָט פעסיען דערציילט אַלץ, ווי זי האָט דערציילט דער מאַמען. האָט פעסיע געהאַט א ייִשעוור־האַדאַס מיט איר מאַן, מיט עליען, און עליע האָט שווער פאַרויסגעזאָגט:

— וואָס זאָל איך דיר זאָגן, מײַן ווײַב, ס'איז א שווערע זאַך, זאָרעכל איז א קויהען, און באַסקע איז שוין געשטאַנען אונטער דער כופּע, גיי דערצייל מײַסעס, אז ער האָט ניט באַוויזן זי מעקאַדעש צו זײַן. אין דער טוירע שטייט: א קויהען מוז נעמען נאָר א בסולע. אפילע אזא, וואָס האָט א מיִעסן נאָמען אָדער, כאַלילע, א געגעטע, צו אזעלכע טאָר ער זיך ניט צורירן.

— וואָס זשע טוט מען? מע דאַרף זיך געבן אן אייצע, מײַן מאַן. ס'איז דאָך קלאָר, אז דער טאַטע איז זאָרעכל מאַסמיד, נאָר דיר זאָגן, וואָס איך טראַכט, וועל איך אים נאָך צולייגן דעם נאָמען באַק.

פונוואַנען, ווי־אזוי האָט זיך טויבע דערוווּסט, קאָן מען ניט זאָגן, נאָר אין איינעם א פאַרנאַכט איז זי געקומען צו פעסיען און האָט געשריִען, ווי א באַנומענע:

— וואָס מיינסטו, כ'ווייס ניט, וווּ מײַן קינד איז, נאָר צו דיר האָט זי געדאַרפט לויפן.

— דו ווייסט ריכטיק, נאָר גיי געפין זי. וואָס זאָל איך דיר זאָגן, דו ביסט אומגעגאַנגען איבערן שטעטל און געפּויקט, אַז פּערלע איז געשטאָרבן אין קימפּעט, ווײַל שיינקע האָט געזינדיקט מיט נאָכעמקען. וואָס קאָן איך דיר זאָגן? כ'וויל נאָר פרעגן בא דיר: ניט שוין זשע ביסטו בא דײַנע עטלעכע און פופציק יאָר אַזוי אַלט און איוועראָבאַטלדיק, אַז דו האָסט שוין פאַרגעסן, וואָס מע טוט, ווען מע איז יונג. גיי פונדאַנען, אוועק פון מײַנע אויגן! דו האָסט ניט קיין סייכל און קיין יוישער.

נאָך דעם שמועס האָט זיך פּעסיע נאָך וועטשערע אַוועקגעזעצט מיט עליען און האָט צו אים געזאָגט אַזוי צו זאָגן:

— וואָס אין דער טוירע שטייט וועגן קויהאַנים, ווייסטו בעסער פון מיר, טאַקע דערפאַר שרײַבסטו דאָך אַמאָל אַ בריוו צום קאָוונער ראָוו. איך מיין, אַז זאָלסט נעמען דעם מאַסמיד און פאָרן טאַקע צו אים, צום קאָוונער, ער זאָל לאַנג לעבן, און זאָל דאָרטן דער מאַסמיד דערציילן דעם ראָוו, זאָל לעבן, ווי און וואָס, ביז אַ האָר. צו טאָן, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן, האָט אים געקלעקט סייכל, טאָ זאָל ער ניט זײַן קיין באָק, און זאָל ער זאָגן מיט באַקציינער, אַז זי, באַסקע, איז טאַקע אויך שולדיק, נאָר ער איז דער באַלדאָווער.

— גאָט איז מיט דיר, פּעסיע, מײַן קרוין, ס'איז עפּעס אַרויסצײַען אַ האָר פון אים, פאָרן אין קאָוונע צו אים, זאָל לעבן?

— פאָרן, פאָרן. דו ביסט ניט קיין בעזדעטניק. מאָל זיך אַרויס, אַז דײַן טאָכטער, ניט קיין אַנדערע, זיצט בא מיר הינטערן אויוון. וואָס ווילסטו, אַז די קאַצעווטע זאָל קומען נאָכאַמאָל און זי זאָל שרײַען, אַז איך האָב קימאַט געמאַכט פון איר טאָכטער אויס בסולע?

עליע מיט זאָרעכל דעם מאַסמיד זײַנען געפאָרן און זײַנען מיט מאַזל געקומען. די כופּע איז געווען אַ שטילע, נאָר פונדעסטוועגן האָט פּעסיע אַזוי געטאַנצט און אַ געשריי געטאָן, אַז אַלע האָבן געהערט:

— עליע, וואַרף אַראָפּ די קאַפּאָטע, צי דו ווילסט, איך זאָל, כאַלילע, טאַנצן מיט אַ פרעמדן מאַנצבל?

און זי האָט טאַקע אַזוי געטאַנצט, אַז די פּוסטריט זײַנען געוואָרן אַ דורכוויסיקער וואַסער־בלאָטער, נאָר ווי פּעסיע האָט געזאָגט:

— וואָס מיר דער בלאָטער, אַז זאָרעכל דער מאַסמיד איז שוין אַ פאָטער.

## רעפֿאָעל גאָלדענבערג

# דרײַ הומאָרעסקעס

### אפֿן שאַראַבאַן

דאָס איז געשען אין סענטיאַבער 1943. איך בין אָנגעקומען אפֿן צווייטן אוקראַיִנישן פֿראָנט מיט א פֿאַראָרדענונג פֿון דער לענינגראַדער רויט־פֿאָניקער פֿאָליט־שול אַף אַרבעט אין דער פֿראָנט־צײַטונג. אַף א „סטודעבעקער" האָב איך זיך דער־קליבן אַף א טראַנספּאָרט, וואָס זאָל מיך אָפּפֿירן צו דער רעדאַקציע. אָן א צאָל לאַסטמאַשינען האָבן זיך געטראָגן אַף מײַרעוו — נעכטן האָט דער פֿראָנט פֿאָרסירט די דיעסנאַ און האָט זיך געגרייט איבער־שפּרינגען דעם דניעפּער, אָבער אין מײַן ריכטונג זײַנען קיין מאַשינען ניט געגאַנגען. איך האָב זיך שוין געקליבן אוועקשפּאַנען צופֿוס — איז אָנגע־קומען א גרויסער וואָגן. אים האָט געבראַכט צו שלעפּן א פּאָרל זאַטע פֿערד.

— מיט אָט דעם שאַראַבאַן וועט איר זיך דערקלײַבן אין רעדאַקציע, — האָט מיר געזאָגט די רעגולירערן. — ער פֿאָרט אין שפּיטאָל, און די רעדאַקציע איז פֿון דאָרט ניט ווײַט. — דערנאָך האָסטיק א קער געטאָן דעם קאָפּ צום סאָלדאַט, וואָס איז געזעסן אַף דער פֿור, און א געשריי געטאָן: — נעמט דעם כאַווער פֿאָליטרוק, ער דאַרף אין רעדאַקציע! פֿאַפּאַשע, איר הערט?

דער פֿאַפּאַשע האָט זיך אַרויסגעוויזן א מענטש בא די פֿופֿציקער, א דאַרינקער, אָנגעהוי־קערטער, מיט קורץ אונטערגעשוירענע וואָנצעס. די פּילאָטקע איז געווען אַף אים גרויסלעך. צי טאַקע דערפֿאַר, צי עפּשער צוליב זײַנע טונקעלע צעכראַסטעטע אויגן, נאָר אויסגעזען האָט ער דער־שראָקן. לויט זײַן רוסיש ריידן, לויטן אונטערזינ־גענדיקן אַקצענט איז מיר ניט שווער געווען דער־קענען, ווער ער איז.

— איר זײַט א ייִד? — האָב איך אים גע־פֿרעגט אַף מאַמע־לשון.

— וואָדען בין איך? א טערק? פֿאַרשטייט זיך, א ייִד, — האָט ער זיך פֿריידיק אָפּגערופֿן און גלײַך גענומען דערציילן: — אליין בין איך פֿון קאָלאָמייע, א שטאָט אזא אַף מײַרעוו־אוקראַיִנע. ווי נאָר מיר זײַנען פֿאָטער געוואָרן פֿון די פֿאַנעס־פּילסודטשיקעס, האָט זיך אָנגעהויבן א נײַ לעבן. דעריקערשט, פֿאַרשטייט זיך, בא דער יוגנט. דער עלטערער זון מײַנער איז אָנגעקומען אין א טאַנקען־שול. איצט איז ער שוין א קאַפּיטאַן און שלאָגט די פֿריצן מאַקעס־רעצעך. די קלענערע זײַנען אוועק אין שול. בא מיר גופֿע האָט זיך דאַפּקע ווייניק וואָס געענדערט. איך בין אַלע מײַנע יאָרן געווען א שאַמעס אין א קלויז, בין איך דערווײַל פֿאַר־בליבן א שאַמעס. ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן אָט אָ־די מילכאָמע, האָב איך עוואַקויִרט דאָס ווײַב מיט די קלענערע און אליין אוועק אין וואָיענקאָ־מאַט. מע האָט מיך געשיקט אין אָבאָז. מיט קיין פֿערד, ווי איר פֿאַרשטייט, איז מיר קיינמאָל ניט אויסגעקומען האָבן צו טאָן, נאָר אז מע דאַרף, איז ניט שײַעך. הינטער כאַרקאָוו האָט מען מיך פֿאַרוווּנדעט. דרײַ כאַדאָשים בין איך אָפּגעלעגן אין שפּיטאָל. נאָכן אויסהיילן זיך זעץ איך פֿאָר מײַן סלוזשבע טאַקע דאָ אין שפּיטאָל, איך פֿיר פֿון דער באַזע מעדיקאַמענטן — וואַטע, מאַרליע, יאָד און אַנדערע רעפֿועס.

ער האָט א טרײַב געטאָן די פֿערדלעך און פֿאַרגעזעצט:

— אז מיר וועלן פֿאָרסירן דעם דניעפּער, איז פֿון דאָרטן שוין מיט דער האַנט צו דערלאַנגען קאָלאָמייע...

— ווען מיר וועלן פֿאָרסירן דעם דניעפּער, — האָב איך אים איבערגעשלאָגן, — וועט זײַן מיט דער האַנט צו דערלאַנגען טשערנאָביל. ביז קאָ־לאָמייע בלײַבט נאָך העכער פֿינף הונדערט קילאָ־מעטער.



די רעדקאָלעגיע און די רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד“ באַגריסן האַרציק דעם אוטאָר פונעם זשורנאַל רעפאָעל גאָלדענבערג אין צוזאַמענהאַנג מיט זײַן 80־טן געבורטסטאָג און ווינטשן אים געזונט, אריכאס־יאָמים און נײַע שעפערישע דערפאָלגן.

— נו, איז וואָס, אַז פינף הונדערט? — לאָזט זיך מײַן פורמאַן ניט שפּײַען אין קאַשע. — און אַז בערלין איז נאָך ווײַטער, וועלן מיר זיך אַהין דען ניט דערקלײַבן?

ער האָט פאַריכט די פּילאָטקע, באַקומען אַ ביסל אַ בראַוורן אויסזען און פאַרגעזעצט:

— מיר וועלן זיך אומבאַדינגט אַהין דער־קלײַבן. מירן זיך דערקלײַבן צו היטלערס בײַנער.

דער אונטערטרײַבער האָט אַ טשמאָקע־וויאָקע געטאָן אויף די פערד, זיך אויסגעדרייט מיטן גאַנצן גוף צו מיר און געפרעגט:

— ווי מיינט איר, היטלערן וועט מען שיסן, אָדער הענגען?

— און איר ווי מיינט? — האָב איך אויפן אַלטן ייִדישן אויפן זיך אָפּגעשלאָגן מיט אַ פראַגע אויף אַ פראַגע.

— איך מיין, — האָט ער געענטפערט, — אַז ער איז ווערט בײדע זאַכן...

ווײַטער זײַנען מיר געפאָרן שווײַגנדיק.

אויפן שיידוועג האָט דער אונטערײַבער אָפּגע־שטעלט דעם שאַראַבאַן און מיט דער בײַטש באַוויזן מיר די סטעזשקע, מיט וועלכער איך קאָן זיך דערקלײַבן צו דער רעדאַקציע...

אַ היפּש ביסל יאָרן איז שוין אַוועק פון יענעם טאָג, נאָר אָפּט דערמאָן איך זיך אינעם באַיאָרטן סאָלדאַט, וואָס, זײַענדיק נאָך אויפן לינקן ברעג פונעם דניעפּער, האָט ער ניט געצווייפלט, אַז מיר וועלן אים פאַרסירן, אַז זײַן קאָלאָמייע וועלן מיר אומבאַדינגט באַפרײַען, אַז מיר וועלן קומען קיין בערלין און מיט היטלערן וועלן מיר זיך צערע־כענען פולשטענדיק.

## דאָן

— האָסט אַמאָל געהערט אַ ייִדישן נאָמען „דאָן?“ — האָט מיך אַ פרעג געטאָן מײַן אַלטער באַקאַנטער און לאַנגיאָריקער שאָכן יאַראָשענקאָ. — איך בין געבוירן געוואָרן און אויסגעוואַקסן אין אַ שטעטל ניט ווײַט פון וויניצע, — האָט ער צוגעגעבן, — ווו די מערהייט אײַנוווינער זײַנען געווען ייִדן. אַזוי אַז ייִדישע נעמען האָב איך געוווּסט ניט ווייניק. נאָר „דאָן“ האָב איך קיינמאָל ניט געהערט.

— אײנער פון יאַנקעוו אָווינוס זין האָט געהייסן דאָן, — האָב איך אים געענטפערט.

— עס קאָן זײַן, נאָר קיין כומעש האָב איך ניט געלערנט. דערפאַר, ווען איך האָב זיך צום ערשטן מאָל געטראָפן מיטן באָכער, וואָס האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט מיט דעם דאָזיקן נאָמען, האָב איך געמיינט, אַז דאָס איז אַ מין פּאַראָל אָדער אַ פּסעוודאָנים. געקומען איז ער צו אונדז אין פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד אין אײנעם אַ האַרבסטיקן טאָג פון צוויי־און־פערציקסטן, אַן אויסגעמוטשעטער, אויסגעדײיוועטער, קוים וואָס ער האָט זיך געהאַלטן אויף די פיס. ער איז אַנטלאָפן פון אַ טויט־לאַגער און העכער אַ כוידעש געפּלאָנטערט איבער די וועלדער און געזוכט פּאַרטיזאַנער. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָט ער זיך בײַ אונדז גאַנץ פײַן פאַריכט און זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ גוטן און ספּראַווונעם סאָלדאַט. ווען דער קאָמאַנדיר פונעם אָטריאַד האָט מיר פאָרגעלייגט שאַפן אַ קאָמאַנדע אויפרײַסלער, האָב איך דאָנען אויך אײַנגעשלאָסן אין דער דאָזיקער גרופּע.

יאָראָשענקאָ האָט אַרויסגעשלעפּט פון דער פּידזשאַק־קעשענע א פּעקל סיגאַרעטן, געוואָלט פאַרייכערן, נאָר באַגעגענענדיק זיך מיט מײַן בליק, האָט ער, א סוואָרע, פאַרשטאַנען, אַז דאָס דאַרף מען ניט טאָן — ער האָט זיך דערמאָנט, אַז איך האָב ניט ליב, ווען מע רייכערט אין מײַן אָנוועזנהײַט. אַראָפּלאָזנדיק זײַן אָבאָימע מיט די סיגאַרעטלעך צוריק אין טאַש אַרײַן, טוענדיק דערבײַ א טיפן זיפץ, האָט מײַן שאָכן פאָרגעזעצט:

— פון דער „גרויסער ערד" פלעג מען אונדז אונטערוואַרפן אופּרײַס־מאַטעריאַל, מיר האָבן אים אויסגענוצט אויף די אײַזנבאַן־ליניעס, וועלכע גייען פון מײַרעוו אויף מיזרעך. דאָן איז געוואָרן בײַ אונדז אַן אויסשפּירער. ער האָט זיך פאַרבונדן מיט א סאַך אײַנוווינער פון די אַרומיקע דערפער, מיט אייניקע זיך באַפרײַנדעט און אַפילע מער ווי באַפרײַנדעט, באַצײַטנס פלעג ער זיך דערוויסן, וועלכע פראַכטן און אין וואָס פאַר א ריכטונג וועלן זיך באַוועגן אויף דער אײַזנבאַן־ליניע, ווען איז ווינטשנסווערט זיי „באַגעגענען" אויף דער אײַזנבאַן־ליניע, איבער וועלכער מיר האָבן געהאַלטן „שעפּטום". אויף דער דאָזיקער ליניע האָבן מיר אָנגעטאָן די פריצן א סאַך צאָרעס, ביז עס האָט זיך פאַרענדיקט בײַ אונדז אופּרײַס־מאַטעריאַל. פון דער הויפּטבאַזע האָב איך באַקומען א ידיעה, אַז דאָרטן איז קיין טאָל ניטאָ און עס וועט אַזוי גיך ניט זײַן. האָב איך באַשטימט זיך אומקערן מיט דער גרופּע אין אָטריאַד און וואַרטן.

אויפן ערשטן פּריוואַל איז דאָן צוגעגאַנגען צו מיר און געבעטן, איך זאָל אים דערלויבן אויף א פּאָר שאָ אַרײַנגיין אין דערבײַיקן דאָרף. איך האָב געוווּסט, אַז דאָרטן וווינט זײַן „זאַזנאָבע". האָב איך אים דערלויבט. ער האָט מיר צוגעזאָגט אָניאָגן אונדז אין וועג און קומען אויף דער באַזע אינײנעם מיט אונדז. דאָס מאָל האָט ער אָבער ניט געהאַלטן וואָרט און פאַרשפּעטיקט אויף גאַנצע צוויי מעסלעס. נאָר ניט מאַכמעס דער געליבטער, כאַסוועכאָלילע.

פאַסירט האָט אָט וואָס. באַם אַרײַנגאַנג אין דאָרף האָט געוווינט אַן אַלט פּאָרפאָלק, מיט וועלכן דאָן איז געווען באַקאַנט פון לאַנג. איז ער צו זיי אַרײַנגעקומען געוויר צו ווערן, צי ס'איז אין דאָרף ניטאָ קיין דײַטשן. בײַ א מולטער גרעט איז געשטאַנען די אַלטיטשקע — געריבן דאָס וועש מיט זייף און עמעצן באַשאָטן מיט טויט־קלאָלעס.

— וועמען שעלט איר עס? — האָט זי דאָן געפרעגט.

— וואָס הייסט וועמען? טאַקע אים, היטלערן. טו נאָר, איך בעט דיך, א קוק, סאַרא זייף ער לאָזט אַרויס, די קישקעס זאָל מען אים שוין אַרויסלאָזן פון בויך.

דאָן האָט א שפּאַן געטאָן צו דער אַלטיטשקער.

— באָבעניו, ס'איז דען זייף, — האָט ער איר געזאָגט, באַטראַכטנדיק דאָס געלע פּליטקעלע, וואָס זי האָט אים דערלאַנגט. — ס'איז דאָך טאָל.

אויף דעם קאָן מען זיך אופּרײַסן. ווו האָט איר געקראָגן אַזא סכוירע?

האָט אים די אַלטיטשקע דערציילט, אַז מיט א וואָך צוריק זײַנען אין אָוונט פאַרבײַ דעם דאָרף דורכגעפאָרן עטלעכע דײַטשישע לאַסטמאַשינען. פון איינער איז אַראָפּגעפאַלן א קאַסטן, פול מיט אַזעלכע געלע פּליטקעס. זי מיטן אַלטן האָבן אים קוים אַרײַנגעשלעפּט אין שטאָל. בעקיצער, דאָן האָט פאַרגעסן וועגן זײַן „זאַזנאָבע", אַרופגעוואָלגערט דעם קאַסטן אויף א שליטעלע און זיך געלאָזט אין וועג. פּופּציק קילאָגראַם טאָל האָט ער אונדז דעמלט געבראַכט...

אָנגעלאָדן די רוקזאַקן, האָבן מיר אויפן צווייטן טאָג זיך געלאָזט אין וועג.

צו דער „זאַזנאָבע" האָב איך דאָנען אָפּגעלאָזט נאָך דער אָפּעראַציע אויף דער אײַזנבאַן.

## סעם וואָטערמען

מיט א כוידעש צוריק האָב איך באַקומען א פּוטיאָווקע אין אַן אָדעסער סאַנאַטאָריע. אָפּגערוט האָב איך דאָרטן אין סענטיאַבער כוידעש און פאַרכאַפּט נאָך א שטיקל אָקטיאַבער. דעם לעצטן טאָג פון מײַן אָפּרו האָב איך באַשטימט אויסנוצן אויף באַזוכן מײַנע געוועזענע לאַנדסלײַט פון אונדזער שטעטל, וועלכע וווינען איצט אין אָדעס. פאַרשטייט זיך, אַז בײַ אַלעמען וועל איך ניט באַווײַזן צו זײַן, נאָר צו אייניקע מוז איך אומבאַדינגט אַרײַנקומען.

מײַן ערשטער וויזיט איז געווען בײַ איצי ווײַנשטיינען, מײַנעם אַן אַלטן כאַווער און א שטיקל קאָרעוו אויך. ער האָט זיך זייער דערפרייט מיט מיר, גאַסטפרײַנטלעך אופגענומען.

— זייער גוט, וואָס דו ביסט געקומען, — האָט ער געזאָגט, באַזעצנדיק מיך באַם טיש. — מיר האָבן איצט בײַ אונדז א גאַסט, אַזש פון אַמעריקע. ער דאַרף זיך טאַקע באַלד יאַווען צו מיר, וועלן מיר זיך אינײנעם מעסאַמייעך זײַן.

— ווער איז דער גאַסט?

— סעם וואָטערמען.

איך האָב געמאַכט גרויסע אויגן און פאַרוווּנדערט אונטערגעהויבן דעם אַקסל.

— הערשעלע דעם צעלניקער געדענקסטו?

— הערשעלע פאַרך? — האָב איך איבערגעפרעגט. — געוויס.

— און זײַן יאָסעלען?

— וואָדען. אין כיידער האָט מען אים גערופן „יאָסעלע פאַרך".

— איז פאַרגעדענק, אויס פאַרך. איצט הייסט ער סעם וואָטערמען.

— מיילע „סעם" פאַרשטיי איך נאָך, — האָב איך זיך אָפּגערופן. — ער האָט גענומען דעם „סאַמעך" פון יאָסעלען און געמאַכט פון אים א

„סעם". אָבער וויאַזוי מאַכט מען עס אין אַמעריקע פֿון אַ פֿאַרך אַ וואָטערמען, שטעל איך זיך ניט פֿאָר.

— זײַן פֿאַמיליע איז דאָך וואַסערמאַן.

גיי ווייס, אַז וואַסערמאַן איז אויף ענגליש וואָטערמען.

מיר האָבן זיך גענומען דערמאָנען יאָסעלעס ביאָגראַפֿיע אין אַלע אײנצלהייטן. הערשעלע — זײַן טאַטע — איז געווען אַ צעלניקער, געהאַט אַ גאַלאַנטעריינע קלייטל. קיין גרויסער נאָגיד ניט געווען, אין די פֿעדערן אַרײַן בייסן נעפּ. מיט וואָס נאָר האָט ער דעמלט ניט געהאַנדלט! מיט פֿיש, מיט זייף, מיט סאַכאַרין, מיט לעדערוואַרג, מיט מאַנופֿאַקטור. ער איז אַפֿילע געווען פֿאַרמישט אין האַנדלען מיט געגאַנוועטער סכוירע, געהאַט אַ שטיקל פּראָצעס, נאָר זיך אַרויסגעדרייט פֿון אים בעשאָלעם און האָט זיך באַצײַטנס אָפּגעטראָגן — אַוועקגעפֿאָרן קיין פּאַלעסטינע מיטן ווײַב און מיטן בעניאָכיד. דאָרטן האָט אים ניט געפֿידלט, האָט ער זיך פֿאַרקליבן קיין אַמעריקע.

מע האָט אָנגעקלונגען, און די באַלעבאָסטע האָט אַרײַנגעפֿירט אין גאַסט־צימער סעם וואָטערמענען. אַ קליינינקער, אַ דאַרער, אַ פֿליכוואַטער, מיט אַ פֿוקסן־פּענעמל, קלעפּ אים צו אַ ציגנבערדל — איז עס הערשעלע פֿאַרך מיט די ברעקלעך. מיר האָבן זיך צוגעזעצט צום טיש און זיך גענומען צום קיבעד.

— איז וואָס הערט זיך בא אײַך? וויאַזוי לעבט זיך אײַך אין דער אַלטער היים? — האָט געפֿרעגט בא אונדז דער גאַסט נאָכן ערשט גלעזל.

— ניט שלעכט, — האָב איך געענטפֿערט, — האַלעווײַ אויף ווײַטער ניט ערגער, — און גענומען דערציילן וועגן זיך, וועגן מײַנע טעכטער און איידעמס. איך באַקום אַ פֿײַנע פּענסיע, אַלע יאָר אַ פּוטיאָווקע אומזיסט, די קינדער פֿאַרמאָגן אַלע הויכבילדונג. איין איידעם איז אַ קאַנדידאַט פֿון טעכנישע וויסנשאַפֿטן און קלײַבט זיך אײַנגיבן פֿאַרטיידיקן אַ דאָקטאָר־דיסערטאַציע.

נאָר דאָס אַלץ האָט אויף אונדזער גאַסט קיין שום רושעם ניט געמאַכט. ער האָט געהאַלטן אין איין לויבן „זײַן" אַמעריקע. מיך האָט ער אַלעמאָל איבערגעשלאָגן און דערציילט וועגן זיך. ער קאָסט דאָרט אַ האַלבן מיליאָן (איך וואָלט פֿאַר אים קיין האַלבן גראָשן ניט געגעבן), און זײַן איידעם — אַ גאַנצן מיליאָן. ער אַליין פֿאַרמאָגט אַ פֿאַבריקל, אויף וועלכן ער גיט פּאַרנאָסע (ווי געפֿעלט אײַך אַזאַ ברויטגעבער?) אַ פּאָר הונדערט אַרבעטער און אָנגעשטעלטע. ווײַטער האָט ער אונדז מודיִע געווען, אַז עס שאַפֿט זיך אין אַמעריקע אַ „קאָמפּיין" פֿון ייִדישע און ניט־ייִדישע מיליאָנערן, וועלכע האָבן בעדייע צונויפֿשלאָגן אַ גרויסן קאַפּיטאַל, קויפֿן אין אויסטראַליע אַ פּאָר ווייניק באַזעצטע שטאַטן און אַריבערפּעקלען אַהין אַ פּאָר מיליאָן ייִדן.

— פֿון אַמעריקע? — האָב איך זיך אָנגעפֿרעגט.

— וואָס עפּעס פֿון אַמעריקע? — האָט ער אָנגעשטעלט אויף מיר זײַנע קעצענע אויגן, — פֿונעם ראַטנפֿאַרבאַנד.

— און אײַערע מיליאָנערן האָבן געפֿרעגט די ייִדן פֿונעם ראַטנפֿאַרבאַנד, צי זיי ווילן, מע זאָל זיי „פּעקלען" קיין אויסטראַליע?

— פֿאַרוואָס זאָלן זיי ניט וועלן? — האָט זיך צעשמייכלט דער גאַסט. — אויב אַריבערפֿירן אַהין אַ פּאָר מיליאָן ייִדן און שאַפֿן אַ ייִדישע מעלוכע, אויב אַלע וועלן באַקומען רעכט, וואָס אַ בירגער דאַרף האָבן אין אַ פֿרײַער מעדינע, ניט, ווי איצט, רעכטלאָזע...

וואָלט ער ניט געווען קיין גאַסט און דערצו נאָך פֿון אויסלאַנד, וואָלט איך אים דערלאַנגט אַ פּאָר פּעטש, ער זאָל פֿון אָדעס פֿאַרפֿליִען גלײַך קיין אויסטראַליע, נאָר דאָס, פֿאַרשטייט זיך, וואָלט בלויז געבראַכט צו אַ סקאַנדאַל און מער גאָרניט. דעריבער האָב איך זיך אָפּגעהאַלטן פֿון אַזאַ אַרגומענט, ווי פֿויסטן, און אויסגענוצט אַ דיפּלאָמאַטישן גאַנג, איך האָב אים ווי ווײַט מעגלעך געלאַסן געזאָגט:

— איך בין מאַסקים מיט דיר, יאָסעלע (שיר ניט צוגעגעבן זײַן צונעמעניש), אַ סאַך רעכט האָבן מיר דאָ טאַקע ניט. אַשטייגער, קיין איינער פֿון אונדז האָט קיין רעכט ניט צו פּראָפּאַגאַנדירן מילכאָמע, וועגן דעם איז אָנגעשריבן אין אונדזער קאָנסטיטוציע. איך האָב קיין רעכט ניט, לעמאָשל, צו עפֿענען אַ פֿאַבריקל און עקספּלואַטירן אַ פּאָר הונדערט אַרבעטער. קיין שום אוניווערמאַג האָט בא אונדז קיין רעכט ניט צו האַנדלען מיט וועלכן ניט־איז געווער, און קיין שום בירגער אין לאַנד האָט קיין רעכט ניט צו טראָגן אין קעשענע אַ ליאַדע פּיסטאָלעטל אָן אַ ספּעציעלער דערלויבעניש. דערפֿאַר אָבער פֿאַרמאָגן מיר אַלע רעכט, אין וועלכע אַ מענטש נייטיקט זיך. דו הערסט, יאָסעלע (פּ...), אַלע אָן אויסנאַם. דערפֿאַר טאַקע איז בא אונדז דער יאָרטאָג פֿון דער קאָנסטיטוציע, וועלכן מיר וועלן די טעג אָפּמערקן, אַ גרויסער יאָמטעוו.

וואָס האָט ער מיר דערויף געענטפֿערט? גאָרניט. וואָס האָט ער מיר געקאָנט ענטפֿערן?



## טיכאָן ניעפּאָמניאַשטשי

# אַלקאָהאָליקער און אַנדערע

פּיולקענען האָט געעפֿנט די טיר אין באַר און דערזען כענשעלן, גרינען, שטראוסן און ניקאָלזן, זיצנדיק בא א קליינעם ראַדיאָ־אופּנעמער. זיי האָבן אויך גערעדט וועגן דעם אַראָפּגעקלאַפּטן „באָינג".

ער האָט באַשטעלט ביר און איז צוגעגאַנגען צו זיי. כענשעל האָט פֿאַרגעלייגט דורכפֿירן א מעסע נאָך די אומגעקומענע פּאַסאַזשירן. שטראוס האָט געצווייפֿלט, צי מע דאַרף זיך האַלטן אַזוי אַרויס־רופֿעריש בענגייע די באַלעבאַטים פֿון דער שיף, און כוץ דעם — ווער וועט אָנפֿירן מיט אַזאַ מע־סע?..

פּיולקענען האָט אויפֿמערקזאַם דאָס אויסגעהערט און געשמייכלט. ניקאָלז האָט באַמערקט, אַז ער איז א פּראָטעסטאַנט און די מעסע ווידערשפּרעכט זײַן גײַסט: „די פּראָטעסטאַנטן האָבן זיך אָפּגע־זאָגט פֿון אַזאַ קירכלעכער אָרגאַניזאַציע, ווי די קאַטױלישע. זיי בוקן זיך ניט פֿאַר די רעליק־וויעס..." שטראוס האָט געזאָגט, אַז ער איז א ליוטעראַנער, וואָס עס איז א מין מאָדיפֿיקאַציע פֿון דעם פּראָטעסטאַנטנטום, און, קוקנדיק כענ־שעלן אין די אויגן, האָט ער פֿאַרגעזעצט: „ס'ווײַזט זיך אַרויס, אַז איר קלײַבט זיך ניט פֿאַנאַנדער אין פֿרעמדע עמונעס. איר פּערזענלעך זײַט א קריסט?" כענשעל האָט בעכיפּאַזנדיק געענטפֿערט, אַז ער איז א קאַטאָליק. „אַלע דאַרפֿן זיך מעצאער זײַן פֿאַרן טויער פֿון דעם אייביקן קיניגרײַך". ניקאָלז און שטראוס האָבן זיך באַדײַטפֿול איבערגעקוקט.

כענשעל האָט צוגעגעבן, אַז די אומשולדיק געהאַר־געטע נעשאָמעס פֿאָדערן גאָטס גזאַר אַף די קעפּ פֿון די רוסישע אומפֿאַרשעמטע אַפּיקאָרסים. קיינער קאָן ניט פֿאַרבאָטן פֿראַווען א גאָטעסדינסט אין גרויסן סאַלאָן...

דער באַרמען האָט זיך געפֿונען ניט ווײַט, ער האָט געווישט דעם טיש און איז א געפּלעפּטער שטיין געבליבן, דערהערנדיק די רייד. כענשעל האָט זיך געווענדט צו גרינען, וועלכער איז געזעסן נאָענט צו זייער טיש. לויט זײַן געזיכט־אויסדרוק איז געווען ניט צו פֿאַרשטיין, אַף וועמענס זײַט ער איז.

— מיסטער גרין, אײַער געטלעכער אויסזען וועט זייער אָנגיין פֿאַר אַזאַ מעסע. אײַער אָנבליק דערמאָנט יעזוס קריסטוסן. דאָס קאָן מאַכן אַן אײַנדרוק.

— אין דער עוואַנגעליע פֿון יאָהאַנען איז גע־זאָגט, — האָט נאָך א פּאַוזע אָנגעהויבן ריידן גרין, — אין דער עוואַנגעליע איז געזאָגט, — האָט ער איבערגעכאַזערט, און כענשעל האָט מיט גרויס דערעכערעץ אים געהערט, — און דו ביסט דען ניט פֿון האַליליי? — גרין האָט אויפֿגעהויבן די האַנט, ווי צו באַקרייצן כענשעלן. — באַטראַכט זיך, ווועסטו פֿאַרשטיין, אַז פֿון האַליליי קומט ניט דער נאָווי... — אָנשטאָט איבערציילעמען אים האָט גרין א מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווי ער זאָל דעמאַסקירן כענשעלן, — וואָס זשע איז עס פֿאַר א גאָטעסדינסט, אַז איר מיינט נאָר דעם אײַנדרוק, וועלכן איר ווילט מאַכן אַף די רוסן? איר ווילט פֿאַשעט אָנזאָליען זיי... איר געדענקט מיסטאַמע

סאָף. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 1, 1987.

דעם צענטן געבעט: „ניט זאָגן קיין פֿאַלשע אײדעס". און — „דערמאָן ניט אומזיסט גאָטס נאָמען..."

פּיולקענען האָט שמייכלענדיק געקוקט אויף ביידן.

אַרקאַדי איליטש איז צוגעגאַנגען צו זײַן סטאָיקע און גענומען איבערשטעלן די פֿלעשער. ער האָט אופֿמערקזאַם זיך צוגעהערט צו אַלעמענס רייד.

— זינדיקט ניט! — האָט כענשעל געייצעט גרינען, — צוליב וואָס מאַכט איר זיך פֿאַר אַ הייליקן, אויב אײַך קימערן ניט די אומגעקומענע נעשאָמעס? — כענשעל איז גרייט געווען זיך צעקריגן מיט גרינען, ער האָט אָבער זיך געכאַפּט, אַז גרין קאָן נאָך צוניץ קומען.

אַרקאַדי איליטש האָט אַ קוק געטאָן אויף גרינס לאַנגער העמד, וואָס יענער האָט געטראָגן איבער די הויזן, אויף זײַן פּאָנעם מיטן שיטערן בערדל, אויף די לאַנגע האָר, וואָס דערלאַנגען ביז די אַקסלען, און אַ טראַכט געטאָן, אַז ער איז טאַקע ענלעך צו קריסטוסן. כענשעל האָט זיך ווידער געווענדט צו גרינען:

— גייט ניט אַוועק, מיסטער גרין. איר דאַרפֿט אונדז ניט פֿאַרלאָזן אין אַזעלכע ביטערע מינוטן.

גרין איז צוגעגאַנגען צו פּיולקענענען און זיך אָנגענייגט צו אים:

— קאָלעגע יוכאַן, איר האָט אַזעלכס שוין געזען? פֿאַלשע מענטשן טרײַבט מען דאָך אַרויס פֿון דעם הייליקן טעמפּל...

— כ'מיין, אַז די נעשאָמעס פֿון די אומגעקומענע וועלן ווירקלעך רופֿן און פֿאָדערן, נאָר זייער געשריי וועט זײַן געווענדט צו גאָר אַן אַנדערן, — האָט פֿראָסט און פּאַשעט אַ זאָג געטאָן פּיולקענען. פֿילנדיק, אַז אַלע קוקן אויף אים מיט כידעש, האָט ער אַ זופּ געטאָן פּונעם באָקאַל און פֿאַרגעזעצט: — איך בין אַ קאַטאָליק... מיר געפֿעלט ניט אײַער אײַנפֿאַל... ס'איז דאָך פּאַשעט אַ לעסטערונג... איר, כענשעל, האָט דען אין זינען די מענטשישע נעשאָמעס?.. אַ מאָדנע זאַך... איר שטעלט זיך מיר פֿאָר ווי גאָר אַן אַנדערער...

„מיסטאָמע וואָלט מען געדאַרפֿט גיין און דערציילן, וואָס אָט די איווערבאָטלס קלײַבן זיך טאָן, — האָט אַ טראַכט געטאָן אַרקאַדי איליטש, אָבער גלײַך אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, — סאָפּקאָלסאָף בין איך אַליין אויך ניט קיין ייִנגעלע. פֿאַרוואָס זאָל איך איצט שווײַגן?"

ער איז צוגעגאַנגען צום טיש, ווו ס'איז געזעסן די קאָמפּאַניע פֿאַרשווערער.

— האָט קיין פֿאַריבל ניט, מײַנע הערן, נאָר איר רעדט אַזוי הויך, אַז כ'האָב אַלץ געהערט וועגן אײַער אײַנפֿאַל...

די אויסלענדער האָבן מיט ביטל אַ קוק געטאָן אויף אים.

— כ'פֿאַרשטיי אײַך, ווען איר פֿאַרלאַנגט פֿאַרשיידענע געטראַנקען, איר טײַנעט מיט מיר, און איך פֿאַרשטיי אײַך. צו אײַך דערגייען מײַנע כאָכמעס. אָבער פֿאַרשטיין אײַך, ווען איר ווילט אָרגאַניזירן נאָך אַ פּראָוואָקאַציע, די צווייטע נאָך דער, וואָס איר האָט שוין געמאַכט דאָרט, לעבן אונדזערע צאָפּנדיקע ברעגן, דאָס איז שוין פּאַשעט נידערטרעכטיק. כ'האָב דאָך אַלץ פֿאַרשטאַנען. וואָס וואָלט איר געזאָגט, ווען אונדזערע מענטשן טוען אַזעלכס, געפֿינענדיק זיך אויף אײַערער אַ שיף... ווען ס'געפֿעלט זיי עפּעס ניט?..

— ס'איז ניט אײַער אייסעק, — האָט מיט גײַוועו אויסגעשריגן כענשעל, — איר זײַט נאָר אַ לאַקיי!

— די זאַך איז אָבער אין דעם, וואָס בא אונדז זײַנען ניטאָ קיין לאַקייען, מיסטער... — אַרקאַדי איליטש האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און זיך אומגעקערט צו דער סטאָיקע, — און דאָס, וואָס איר קלײַבט זיך טאָן, איז ניט מער און ניט ווייניקער, ווי פּראָוואָקאַציע.

— טײַערינקער... יוכאַן, דאַכט זיך, רופֿט מען אײַך, — האָט כענשעל זיך אָפּגעקערעוועט פֿונעם באַרמען און געווענדט זיך צו פּיולקענענען, — אַלע זײַנען מיר זייער פֿאַרשיידענע מענטשן, נאָר אין האַרצן איז בא אַלעמען איין גאָט. דאָס לעבן, פֿאַרשטייט זיך, ווירקט אויף אונדזערע נעשאָמעס. נאָר שטענדיק דאַרפֿן מיר זײַן סאָלידאַר אינעם פֿאַרשטיין, וואָס עס איז גוט און וואָס — שלעכט. כ'האָב געהערט, אַז דאָס רוסישע פֿאָלק האָט כיין אין אײַערע אויגן, נאָר ווי זעט איר ניט די אַכזאָרישע טאַטן פֿון די גאָט-לעסטערער? דאָס, וואָס איר רײַסט זיך אַזוי צו דעם עמעס, איז זייער שיין, נאָר אַלץ דאַרף האָבן פֿאַרנונפֿטיקע גרענעצן. איז וואָס זשע האָט איר געוואָלט אונדז זאָגן?

ס'איז אַרײַנגעקומען אַלען פּעטערסאָן. ער איז צוגעגאַנגען צו דער סטאָיקע, באַשטעלט וויסקי און אַרופֿגעקלעטערט אויפֿן טאַבורעט; אונטערגעשפּאַרט דעם קאָפּ און גענומען זיך צוהערן צום שמועס.

— אַלץ איז פֿאָרגעקומען ניט אַזוי, ווי איר מיינט, — האָט געזאָגט פּיולקענען.

— פֿונוואַנען ווייסט איר? — איז גלײַך כענשעל געוואָרן אין קאַס. — אויף וואָס פֿאַר אַ יעסאָד מעלדעט איר עס?

— כ'האָב געהערט, — האָט פּיולקענען האַכנאָעדיק געענטפֿערט, — אַליין געהערט מיט מײַנע אויערן. עמעס, קאָלעגע ראַבערט, ס'איז אונדז מיט אײַך אויסגעקומען ניט נאָר אַזוינס צו הערן, זיצנדיק אין אונדזער „הייל". — פּיולקענען האָט זיך געווענדט צום ענגלישן מעטעאָראָלאָג ניקאָלזן, מיט וועלכן ער האָט געאַרבעט אין איין אָטריאַד, — איר געדענקט, ווי מיר האָבן איבערגעכאַפּט אַ ליבע-דערקלערונג פֿון צוויי געליבטע, וועלכע האָבן זיך געפֿונען אויף צוויי יאַכטעס, אַרויסגייענדיק אין אָקעאַן אויף אַ ראַנדעוווּ, און זיי האָבן געזוכט איינע די אַנדערע און ניט געוווּסט, וויאַזוי זיך באַגעגענען. זי האָט געשריגן: „איך פֿאַרלאַנג דיך!"

און ער האָט געה־ופן: „ווו ביסטו, טײַוועדיקע צויג? ווו שלעפּסטו זיך אַרום?"

— מיסטער פּיולקענען איז בײַ אונדז אַ קאַטאָוועס־טרײַבער. — ניקאָלײַ האָט געשמייכלט. — ער האָט ליב געפּעפּערטע מײַסעס, לויטן נוסעך פון די וויצלערישע דײַטשן... נאָר בײַ אונדז אין אָטריאַד האָט ער די ווערטער מי־יעדייע וויפּל, ווײַל קיינער קאָן ניט אַזוי פּינקטלעך אַרויסשיקן דעם ראַדיאָ־זאָנד, ווי אונדזער טײַערער יוכאַן. די פּיזיק פונעם גרענעצדיקן לופט־שיכט — דאָס איז זײַן פירשטנטום...

— דאָס אַלץ איז אויסגעצייכנט, — האָט מיט אומגעדולד באַמערקט כענשעל, — נאָר איצט איז אונדז זייער נייטיק צו וויסן, וואָס זשע האָט געהערט דער מיסטער פּיולקענען?

— איר ווייסט ביכלאַל ניט דעם איקער, — האָט געזאָגט פּיולקענען. — ווען איר ווייסט דעם עמעס, וואָלט איר ניט געטאָן דאָס, וואָס איר האָט דאָ פאַרטראַכט.

— דערקלערט אונדז גענויער, — האָט געבעטן פּעטערסאָן.

— יאָ, ס'איז אינטערעסאַנט. — כענשעל איז געווען זייער אויפמערקזאַם.

— פּונקט דעמלט האָב איך זיך געפונען אין אונדזער „הייל", — האָט פּיולקענען גענומען דערציילן. — אַזוי רופן מיר דעם ראַדיאָפּולט, וואָס רעגולירט די מעטעאָראָלאָגישע פאַרבינדונגען. דאָרט הערן מיר די גאַנצע וועלט... אויפנעמענדיק די מעטעאָסוואָדקעס, האָב איך פּלוצעם דערהערט מאָדנע רייד.

— וואָס זשע פאַר אַ רייד? — האָט מיט גרויס אומגעדולד געפרעגט כענשעל.

— ווי כ'האָב שוין געזאָגט, האָט זיך מיר בײַם מײַן דעזשורסטווע פאַרוואָלט אויפנעמען די מעטעאָסוואָדקע פונעם צאָפן־אָקעאַן. געוויינלעך, פאַרשרײַב איך אַלע געגעבענע אויף אַ סטענגע, דערנאָך אַנאַליזיר איך שוין. איז אָט... בײַ מיר איז פאַרשריבן אַזוינס, וואָס קיינער האָט נאָך ניט מיטגעטיילט. דאָס האָבן גערעדט אַסטראָנאַווטן פון „טשעלענדזשער", זיי האָבן קאָרעקטירט דעם „באָאינגס" פלוג, געפינענדיק זיך אין די הייכן פון יענעם ראַיאָן.

אַלע האָבן אויפמערקזאַם געהערט פּיולקענענען. ווער ס'האָט ניט פאַרשטאַנען דעם פראַנצויזיש, אויף וועלכן דער פינלענדער האָט גערעדט, דער האָט איבערגעפרעגט. כענשעל איז מער פון אַלעמען געווען אויפגעבראַכט.

— „טשעלענדזשער"? איר פּלאָנטערט ניט? — האָט איבערגעפרעגט פּעטערסאָן.

— אָט אַזוי „צופעליק" האָט זיך בײַ מיר אַלץ פאַרשריבן. מיט איין וואָרט: דער „באָאינג" איז טאַקע געווען אַן אויסשפּיר־עראָפּלאַן און האָט איבערגעגעבן וויכטיקע ידיעות... אינעם ראַיאָן זײַנען נאָך געווען אַנדערע אַמעריקאַנישע עראָפּלאַנען.

די פּילאָטן האָבן צוויי מאָל געענדערט דעם מאַרשרוט און אָנגערופן די פּונקטן פון דער סאָוועטישער זאָנע. כ'בין אַזש פאַרשטאַרט געוואָרן, ווען כ'האָב פאַרשטאַנען, וואָס עס קומט פאָר... און פאַרגעזעצט פאַרשרײַבן אַלץ. ס'האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז עס האָט זיך שוין אָנגעהויבן אַ מילכאָמע, אַז טאַקע אָט די עראָפּלאַנען האָבן די מילכאָמע אָנגעהויבן...

— איר וועט מיר געבן אויסצוהערן דאָס, וואָס איר האָט פאַרשריבן? — האָט געפרעגט כענשעל, צוגייענדיק צו פּיולקענענען.

— פאַרשטייט זיך, אַלע קאָנען הערן. אָט וועל איך אויסטרינקען די גלאָז ביר, און מיר וועלן אַלע גיין אין ראַדיאָ־צימער.

— איר האָט וועגן דעם דערציילט די אָנפירער פון דער עקספּעדיציע? — האָט זיך פאַראינטערעסירט פּעטערסאָן.

— דערווײַל ניט, — האָט פּיולקענען געענטפערט.

כענשעל האָט אַ קוק געטאָן אויפן באַרמען, וועלכער איז געווען פאַרטיפט אין זײַן אַרבעט...

— אויב ס'איז אײַך ניט שווער, זאָגט אונדז, וואָס האָט איר געהערט קאָנקרעט? וועלכע ווערטער, וועלכע פראַזעס געדענקט איר? — האָט געבעטן ניקאָלײַ. — איך פאַל אויך אָפט אָן אויף טשיקאַווע רייד אין עטער. כ'האָב אַפילו געהערט אַסטראָנאַווטן...

— לאָמיר אַוועקגיין פון דאַנען, — האָט פאָרגעלייגט כענשעל.

— נאָך וואָס? מיר איז דאָ זייער גוט, — האָט אַ שמייכל געטאָן פּיולקענען און אויפגעהויבן דעם פינגער צו דער סטעליע, — אַ קאָל פון דאָרטן... כ'האָב אַפילו געהערט, ווי קאָסמאָנאַווטן ריידן מיט אונדזער פּלאַנעטע, ווען קיינער האָט ניט געגלייבט אין אַזאַ מעגלעכקייט. כ'מיין, אַז „טשעלענדזשער" איז אַ קאָסמישע שיף פון די פאַראייניקטע שטאַטן אויף פילמאָליקן באַנוץ, וועלכע מ'האָט פאַרהאַלטן ספּעציעל אויף זעקס און דרײַסיק שאָ נאָכן געמאָלדענעם סטאַרט. דער „טשעלענדזשער" האָט קאָרעגירט דעם פלוג פונעם „באָאינג"... אויב איר וועט אויסהערן אויפמערקזאַם, וואָס בײַ מיר איז פאַרשריבן, וועט עס ווערן אויך אײַך קלאָר.

— עפּשער האָט זיך עס אײַך אויסגעוויזן?.. — כענשעל האָט אַזש באַדעקט זיך מיט אַ קאַלטן שווייס, הערנדיק די רויִקע רייד פונעם פינלענדער.

— ניין. אַלץ איז זייער גענוי און זיכער. אַלץ איז פּינקטלעך, — האָט פּיולקענען אַפילו באַריימעריש געמאָלדן.

— וויאַזוי האָט איר דורכגעקאָנטראָלירט? — האָט געפרעגט פּעטערסאָן.

— געוויינלעך. כ'האָב פאַרשריבן אויף דער לענטע, וועלכע האָט מיר געדינט בײַם דער אַרבעט. דערנאָך, בײַם אויסקלײַבן די ידיעות פאַר דער

מעטעאָסוואָדקע, האָב איך שוין פֿאַרײַנס אויסגעהערט אַלץ, וואָס עס האָט זיך פֿאַרשריבן, און כ'האָב ניט גלײַך אָפּגעמערקט, ווי איך טו, געווײנלעך...

— ס'הייסט, אַז דערווײַל איז נאָך אַלץ אויף דער פֿליאַנקע, און מע קאָן אויסהערן...

— פֿאַרשטייט זיך, — האָט פּיולקעניען אַ קוועטש געטאָן מיט די אַקסלען.

— איר האָט נאָך קיינעם ניט דערציילט וועגן דעם? — האָט ווידער פּעטערסאָן געפֿרעגט.

— כ'האָב באַשטימט ווידער דורכהערן אַלץ, קעדײַ זיך איבערצײַגן, און דערנאָך שוין דערציילן וועגן דעם. ס'איז בעפֿירעש אינטערעסאַנט, וויאַזוי האָבן זיי דאָרט, אין דעם „טשעלענדזשער", ניט אַ טראַכט געטאָן, אַז אַנדערע קאָנען זיי דערהערן... אַזוי צו זאָגן... אידיעס...

— נו, טײַערער, — כענשעל האָט געזאָגט פֿון אומגעדולד, — לאָמיר אויסהערן, עפּשער וועלן מיר נאָכדעם אויך קומען צו אַזאַ אויספֿיר, ווי איר.

פּעטערסאָן האָט געענדיקט טרינקען זײַן וויסקי, אַ שלײַדער געטאָן אויף דער סטאַקאַנטשיק די מאַטבייעס, פּאַמעלעך אַראָפּ פֿון דער טאַבורעטקע און אַרויס פֿונעם באַר.

— כ'מיין ניט, אַז דו וועסט נעמען אַזוי טראַכטן, ווי איך... — פּיולקעניען האָט אַ שאַרפֿן קוק געטאָן אויף כענשעלן. — וויפֿל מיר זיצן שוין בײַ איין טיש, ביסטו פֿלוצעם איצט געוואָרן מיט מיר אַזאַ נאָענטער מעכוטן. אַלעמאָל קוקסטו אויף אַלעמען מיט אַ פֿאַריסענער נאָז, און אַזאַ קליין מענטשעלע, ווי איך, באַמערקסטו ביכלאַל ניט... כ'קאָן, פֿאַרשטייט זיך, געבן אײַך די מעגלעכקײַט אויסצוהערן... נאָר... ניט איצט. מענטשן אַרבעטן דאָרט. ראָבערט, איר ווייסט דאָך, אַז איצט איז דאָרט לויט דער רעשימע דער הער דומענקאָוו און דער הער גראַליק, עמעס? — האָט זיך געווענדט פּיולקעניען צו ניקאָלזן.

ניקאָלז האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. ער האָט געקוקט אויף דער פּאָלקע מיט די געטראַנקען... ס'זײַנען אים שוין נימעס געוואָרן די רייד וועגן דער מעסע, און ביכלאַל די גאַנצע מײַסע מיט דעם „באָינג".

— פֿאַרוואָס ווייסט איר גאָרניט, מיסטער ניקאָלז? — האָט בײַ אים געפֿרעגט כענשעל. — איר זאָגט דאָך, אַז איר געפֿינט זיך אַלעמאָל צוזאַמען מיט אים אין דעם „הייל". ס'איז בעפֿײַרעש מאָדנע, וואָס דער מיסטער פּיולקעניען האָט אויסבאַהאַלטן פֿון זײַן קאָלעגע די „מערקווירדיקע אַנטדעקונג".

— מיסטער כענשעל, איך האָב שוין וואַסער אין די אויערן פֿון אײַערע פֿראַגן, — האָט געענטפֿערט ניקאָלז, ניט אויסדרייענדיק אַפֿילו דעם קאָפּ. ער האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון זײַן בענקל און איז צוזאַמען מיט שטראַוסן אַרויס פֿונעם באַר.

— ראָבערט, — האָט אַ רוף געטאָן פּיולקעניען, — איך גיי אויך מיט אײַך...

אַרקאַדי איליטש האָט זיי באַגלייט מיט פֿאַרזאָרגטע אויגן. ער האָט אָנגעטאָן דעם פּידזשאַק און אויך געקליבן זיך אַוועקגיין, נאָר אויף דער שוועל האָבן זיך ווידער באַוויזן שטראַוס, פּיולקעניען און כענשעל. זיי זײַנען צוגעגאַנגען צו דער סטאַיקע און באַשטעלט נאָך וויסקי.

...אין טעלע־סאַלאָן האָט דער טעלעוויזאָר געוויזן די מאַפּע פֿונעם צאָפֿן־טייל פֿון דעם שטילן אָקעאַן מיט די ברעגן פֿון אַליאַסקע און דער שכייניסדיקער טעריטאָריע פֿונעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד: קאַמטשאַטקע, טשוקאָטקע, קורילער אינדזלען, ווײַטמיזרעכדיקן קאַנט, ווי אויך יאַפּאָניע. ווײַט פֿון אָט די ערטער האָט אַ פּונקטיר־ליניע באַצייכנט די טראַסע, ווו ס'האָט געדאַרפֿט פֿליען דער „באָינג־747". ווײַטער איז געווען אָנגעצייכנט די ליניע, ווו ס'איז פּאַקטיש דורכגעגאַנגען די טראַסע פֿונעם אַעראָפּלאַן־שפּיאָן, ס'איז געווען אָנגעוויזן די צײַט פֿון זײַן פֿלוג און די צײַט, ווען ס'האָט זײַן טראַסע איבערגעקרייצט דער אַמעריקאַנער ספּוטניק־שפּיאָן „פֿערעט־3", וועלכער האָט באַוויזן דרײַ מאָל פֿיקסירן דעם „באָינגס" יעדיעס, וועלכע ער האָט איבערגעגעבן, געפֿינענדיק זיך איבער דער סאָוועטישער טעריטאָריע. ס'איז זייער בולעט באַוויזן געוואָרן דאָס אָרט, ווו מע האָט איבערגעכאַפּט דעם אַעראָפּלאַן, און אויך די אָרטלאַגע פֿונעם אַמעריקאַנער פֿרעגאַט „וועדזשער" און פֿון דרײַ אַעראָפּלאַנען־שפּיאָנען „רס־135" און „יע־דר־א", וועלכע געהערן די פֿאַרייניקטע שטאַטן.

די אויסלענדער האָבן אַרומגערינגלט זייער סאָוועטישן קאָלעגע, וואָס האָט איבערגעזעצט דעם רוסישן טעקסט, וועלכן דער דיקטאָר האָט געלייענט לאַנגזאַם, דײַטלעך, פֿאַרשטייענדיק, אַז אים הערט איצט די וועלט, וואָס וויל וויסן דעם גאַנצן עמעס.

די דערקלערונג פֿון דער סאָוועטישער רעגירונג, וועלכע מ'האָט איבערגעגעבן דעם 6 סענטיאַבער 1983, די אומבאַשטרײַטבאַרע דאָקומענטן, וואָס זײַנען געווען פֿאָרגעשטעלט אויף דער פּרעסע־קאָנפֿערענץ פֿון דעם שוץ־מיניסטעריום און אויסערן־מיניסטעריום, די באַווײַזן פֿון פֿילצאָליקע אויסלענדישע ספּעציאַליסטן, — דאָס אַלץ האָט אַנטדעקט דעם אונטערגרונט פֿון דער מיליטעריש־פּאָליטישער פּראָוואָקאַציע, וועלכע איז אָרגאַניזירט געוואָרן מיצאַד די אַמעריקאַנישע ספּעציעלע דינסטן אויף דער טעריטאָריע פֿונעם סאָוועטישן ווײַטן מיזרעך אין דער נאַכט אויפֿן 1 סענטיאַבער 1983. דער כאַראַקטער פֿונעם אויפֿגעטאָנענעם, דער אויסגעוויילטער מעטאָד און די צײַט, ווען די פּראָוואָקאַציע איז פֿאַרווירקלעכט געוואָרן, אויז גלײַך נאָך דעם די „אַנטשפּרעכיקע" אַנטיסאָוועטישע קאַמפּאַניע האָט ניט איבערגעלאָזט קיין צווייפֿל, אַז

די פארברעכערישע אקציע האט פארפאלגט א גאנצן קאמפלעקס סטראטעגישע און פאליטישע קאוואנעס.

דאס איז געווען א ברייטמאסשטאביקע אויסשפיר־אפעראציע, וועלכע איז געווען פארמאסקירט און באווארנט זייער זיכער דורך א גאנצער ריי דינסטן און מיטלען, אריינגערעכנט די באוואפנטע יאם־מיליטערישע קרעפטן. וואשינגטאן האט זיך באזונדערס באמיט, ס'זאלן ניט אנטדעקט ווערן די אויסשפיר־פארבינדונגען מיט די דארעם־קארייישע פלוג־קאמפאניעס. צוליב דעם איז אוועקגעשטעלט געווארן א שטרענגע צענזור אף אלע מאטעריאלן, וועלכע מע האט פובליקירט וועגן דעם איניען. אוועקשיקנדיק דעם דארעם־קארייישן אעראפלאן אינעם לופט־רוים איבער די סאוועטישע טעריטאריעס, האט די אמעריקאנישע אויסשפיר־פארוואלטונג געהאפט, אז די אפעראציע וועט דורכגיין בעשאלעם. און אויב ניט, וועט זיין א מעגלעכקייט צו פארוואנדלען זי אין א פראפאגאנדיסטישער פראוואקאציע.

נאך דעם, ווי מ'האט איבערגעגעבן די סאוועטישע מיטיילונג וועגן דעם פלוג פונעם דארעם־קארייישן „באינג", האבן זיך אין באר צונויפגעזאמלט די אויסלענדישע געלערנטע. ס'איז נאך געווען וויט צו מיטיק־צייט, נאר קיינער איז ניט אוועק אף די ארבעטס־ערטער. די שטימונג איז געווארן א רויקערע. די געשפאנטקייט האט אפגעלאזט... אייניקע האבן אפילע אויסגעדריקט די סאוועטישע קאלעגן, דעם עקיפאזש מיטגעפיל און פארשטאנד, אז נאר אזוי האבן די סאוועטישע באוואפנטע קרעפטן געדארפט און געמוזט רעאגירן.

דער בענימעסדיקער פעטער ארקאשע איז געצוווּנגען געווען צו ענטפערן ווי ס'געהער צו זיין כענשעלן, וועלכער איז געזעסן מיט שטראוסן און פיולקענענען בא דער סטאיקע. אלע דריי זיינען שוין געווען היפש שיקער. פיולקענען האט געדרעמלט, אונטערשפארנדיק מיט די הענט דעם קאפ. כענשעל האט גראב געהייסן דעם בארמען אפפירן דעם דרעמלדיקן צו א טיש. ארקאדי איליטש האט געזאגט, אז ער איז ניט מעכויעוו צו פארנעמען זיך מיט אזעלכע זאכן. כענשעל האט זיך צעשריגן אף אים, אז ער איז א רוסישער בער און ער דארף טאן אלץ, וואס מע הייסט. ארקאדי איליטש איז געווארן זייער אופגעבראכט, און ווען יענער האט געפאדערט נאך א גלעזל, אויסגעמוסערט אים אף זיין אויפן:

— כ'קאן אייך גיכער געבן אין דער נאז, איידער געבן אייך וויסקי, — האט ער אנגעהויבן אף ענגליש און געענדיקט אף רוסיש, — איר מיינט אוואדע, אז איך בין א גוילעם, אבער אפילע א גוילעם קאן אייך פארשטיין: איר זייט א פאסקודנער מענטש. אנדערש וואלט איר ניט גערעדט אזעלכע כוצפעדיקע רייד וועגן מיין לאנד. נישקאשע פון א גאסט! ניט קיין לייטישקייט, ניט קיין ארנטלעכקייט...

אלע זיינען גרייט געווען אפלאדירן דעם פעטער ארקאשע. כענשעל האט זיך אויסגעזידלט און איז ארויס פונעם באר. פיולקענען איז אראפגעפאלן פונעם בענקל, קאטשניעוו האט אים געהאלפן אופשטיין און אפגעפירט אים צו א טישל. פיולקענען האט גענומען פון זיך אפטרייסלען דאס שיקרעס. ער איז טאקע א ביסל געקומען צו־זיך און געפרעגט, צי אין דער סאוועטישער מיטיילונג איז געווען עפעס געזאגט וועגן „טשעלענדזשער". קאטשניעוו האט געפרווּוט זיך דערמאנען און געענטפערט, אז, דוכט זיך, ס'איז וועגן דעם גארניט געזאגט געווארן. פיולקענען האט באמערקט, אז אויך דער פראפעסאר לאנגע האט אזוי געענטפערט אף דער זעלבער פראגע. ער האט זיך געפלייסט דערקלערן קאטשניעוון, אז בא אים איז פארשריבן אלץ, וואס דער „טשעלענדזשער" האט גערעדט מיט די אויסשפירער. „כ'מיין, אז דאס איז זייער וויכטיק פאר אייער רעגירונג..." דערנאך האט ער דערציילט, ווו עס געפינט זיך די פליאנקע און גערופן קאטשניעוון, יענער זאל גיין אויסהערן אלץ, וואס עס איז פארשריבן. אויך סערוועע איז מיט זיי מיטגעגאנגען.

קאטשניעוו איז קיינמאל ניט געווען אין מעטעא־אטריאד. מיט גרויס אינטערעס האט ער זיך אופגעהויבן אפן סאמע אייבערשטן גארן פון דער שיף, ווו ס'האט זיך געפונען די מעטעא־לאבאראטאריע. פיולקענען האט זיך געקלאגט אפן ביר, ער האט וויניקער געטרונקען, ווי אלעמאל, נאר דער קאפ שפאלט זיך און ס'ווילט זיך שלאפן...

באם אריינגאנג אין דער „הייל", ווו ס'איז געווען די לאבאראטאריע, זיינען געשטאנען א סאך מאכשירים. אלע זיינען געווען ארומגעצוימט מיט פארענטשעס. די ראדיאסטאנציע האט זיך אויך געפונען דארט, ווו די לאבאראטאריע. דארט גיט מען איבער די סוואדקעס. צוליב דעם איז פאראן א ספעציעלער קאד. פיולקענען האט זייער ליב געהאט די ראדיא־סעאנסן. איבערהויפט, ווען ס'פלעג זיך טרעפן א פריי „ראדיא־געיעג"... עפשער דערפאר האט זיך באקומען, אז ער איז געווארן אן איידעס פונעם שפיאנישן פלוג פון דער קאסמאס־שיף „טשעלענדזשער". בייס דער דעזשורסטווע פלעג אים קלעקן צייט פאר „ראדיא־געיעג". מיט די מעטעא־מאכשירים האט מען געדארפט ארבעטן נאר איין מאל אין צוויי שא. די איבעריקע צייט איז געווען פריינע.

ווען זיי זיינען צוגעגאן צו דער „הייל", האט פיולקענען ניט געקאנט עפענען די טיר. ס'האט זיך אים אויסגעוויזן, אז זי איז פארמאכט פון אינווייניק. ער האט ווידער געפרווּוט עפענען מיטן שליסל, נאר ניט געקאנט אים אריינשטעלן אין שלאס. דאן האט ער מיט קאס א דריי געטאן דאס הענטל און א ריס געטאן די טיר אף זיך. דאס

העגטל איז ארויסגעפאלן, די טיר האָט זיך אופגע־
עפנט. דאָן האָבן ער און זײַנע מיטגייער פאַרשטאַ־
נען, אַז דער שלאָס איז געווען אופגעבראָכן. דער
שטענדיק רויִקער פּיולקענען האָט אויסגעזידלט די
טײַוואַנישע שטיק און געווענדט זיך צו די גע־
קומענע:

— דאַכט זיך, אַז דאָ איז שוין עמעצער גע־
ווען! — ער איז אַרײַן אין לאַבאָראַטאָריע און
געהייסן קאַטשניעוון און סערוועון צוּוואַרטן. ס'האָט
זיך געוואָרפן אין די אויגן די אומאָרדענונג און
פּיולקענען איז צוגעגאַן צו די פּאַלקעס, ווו ער
האָט געהאַלטן די מאַגנעטישע פּליאַנקעס... דרײַ
פּענאַלן, אויף וועלכע ס'איז געשטאַנען די דאַטע
„1 סענטיאַבער", זײַנען געווען ליידיק. קאַטשניעוו
און סערוועו האָבן אַלץ פאַרשטאַנען: די פּליאַנקעס
זײַנען אַנטרונען געוואָרן.

— וועמען האָט איר דערציילט וועגן דעם? —
האָט מיט פאַרדראָס געפרעגט סערוועו.

— וועמען?.. דעם מיסטער וואַן דאַו, אײַך,
דעם מיסטער סערוועו, דעם מיסטער כענשעל,
ניקאַלזן, שטראַוסן, פּעטערסאַנען... — פּיולקענען
איז גרייט געווען צו ווײנען...

— איר זײַט אַ מאָדנער מענטש! — האָט
אויסגעפּאַליעט מיט הארץ סערוועו. — ווי פאַר־
שטייט איר ניט, אַז דאָס איז אַ וויכטיקער צווישנ־
פעלקערלעכער מאַטעריאַל... אויב איר זײַט דאָן
ניט געווען אונטערן גלעזל...

— כ'קאָן שווערן בײַ דער ביבל... — האָט
פּיולקענען אָנגעהויבן שטאַמלען.

— ע־ע־ע! ווער גלייבט איצט אין דער ביבל?..
— מע דאַרף גלײַך מעלדן וועגן דעם דער
אַנפּירונג. כ'וועל גיין ברענגען עמעצן פון זיי, —
האָט אויסגערופן קאַטשניעוו.

סערוועו האָט אײַנגעשטימט:

— איר זײַט גערעכט! און איר, סעניאָר פּיול־
קענען, בלײַבט דאָ... טשעפּעט גאָרניט.

פּיולקענען האָט געקראַצט אונטערן אויער:

— בײַם כ'בין געווען אין באַר... עמעס, זיי
זײַנען דאָך געווען דאָרט מיט מיר... מיר האָבן
געטרונקען וויסקי, דערנאָך ביר. דער מיסטער
כענשעל... דער טײַוול וויסט אים... ער האָט
געהייסן מיר שיטן זאַלץ אין ביר... כ'בין גלײַך
שיקער געוואָרן... ס'איז אויף מיר אָנגעפאַלן אַ
שלאָף... כ'טראַכט אַלץ, וואָס בין איך פּלוצעם אַזוי
שיקער געוואָרן... פון איין באָקאַל ביר...

אין איינעם אַ טאָג, ווען די שיף איז געשטאַ־
נען אויפן אַנקער און האָט געאַרבעט פּונקט אַזוי,
ווי בײַם אַנדערע אָפּשטעלונגען, האָט פּאַסירט
אַזוינס, וואָס האָט קלאָר געמאַכט אייניקע גע־
שעענישן פון די לעצטע טעג. די וואַכטלײַט און
די געלערנטע זײַנען געוווינט, אַז בײַם די אָפּשטעל־
לונגען קומען צו דער שיף פישער אויף זייערע
באַרקאַסן, ווי אויך שיפלעך מיט אײַנוווינער פון
די נאָענטסטע אינדזלען, וועלכע האָפן צו פאַר־
קויפן עקזאָטישע פּרוכטן אָדער אַרטיקלען האַנט־
ווערקערישע אויסאַרבעטונגען. אויך שפּאַציר־
יאַכטעס פלעגן אָפּט זיך אָפּשטעלן לעם דער שיף.
דעריבער האָט אין יענעם טאָג קיינער ניט צוגע־
געבן קיין באַזונדערע באַדײַטונג דעם שנעלן
גליסער, וועלכער האָט זיך אָפּגעשטעלט גאָר
נאָענט. דער געהילף פונעם הויפּט־וואַכטמאַן האָט
געוווּסט, אַז נאָך דעם מיסטער כענשעל, וועלכער
איז אַכוץ אַלעמען אַ פאַרשטייער פון דער
סטראַכיר־קאָמפּאַניע „לויד", דאַרף קומען אַ גליי־
סער און אים אָפּפירן אויף עטלעכע טעג צום אַרכי־
פּעלאַג גילבערט, ווו ס'האָט געטראָפן אַן אַוואַריע
אויף אַ שיף. ווען ער וועט דאָרט ענדיקן אַלע פאַר־
מאַליטעטן, וועט ער אָניאָגן די וויסנשאַפטלעך פאָר־
שערישע שיף אויף דעם נאָענטסטן אָפּשטעל.

דער וואַכטמאַן האָט שפּעטער דערציילט,
וויאַזוי כענשעל האָט, שפּאַנענדיק מיטן טשעמאָדאַן
איבער דער פּאַלובע, דערזען, אַז מ'האָט שוין אופּ־
געהויבן דעם טראַפּ, און ער האָט זיך צעשריגן,
וויִזנדיק מיטן פינגער אין דער ריכטונג, ווו ס'האָט
נאָרוואָס זיך געפונען דער גליסער, און פאָדערנ־
דיק, מע זאָל אים זאָגן, וווהין איז ער אַהינגע־
קומען, דער גליסער. צוביסלעך האָט מען אָנ־
געהויבן באַגרײַפן, וואָס עס איז געשען. דער
וואַכטמאַן האָט געזאָגט, אַז צום טראַפּ איז צוגע־
גאַנגען אַ הויכער מאַנצבל, באַגריסט זיך מיט די,
וואָס האָבן זיך געפונען אויפן גליסער, דערנאָך
לײַכט אַרײַנגעשפּרונגען אַהין, און מע איז שנעל
אַוועק. אַזויאַרום, איז אַוועקגעשווומען ניט דער,
וואָס האָט געדאַרפט, — אַנשטאָט כענשעלן איז
מיטן גליסער אַוועק פּעטערסאָן...

דערנאָך האָט מען אָנגעהויבן אַרויסזאָגן פאַר־
שיידענע האַשאָרעס. ס'האָבן זיך פאַרקניפּט אין
איין קנופּ דאָס אַרויסגאַנווענען פּיולקענענס מאַ־
טעריאַלן און פּעטערסאָנס פאַרשווינדן. — זייער
פאַרדעכטיק איז געווען כענשעלס אופירונג: ער
האָט געהאַלטן אין איין פאָדערן, מע זאָל שטרענג
באַשטראָפן דעם וואַכטמאַן, וועלכער איז דער איינ־
ציקער שולדיקער...

גאָר אינגיכן האָבן די באַהאַנדלונגען געבראַכט
צו אַ פעסטער מיינונג, אַז כענשעל, פּעטערסאָן און
אויף געוויס אויך וואַן דאַו, זײַנען מיטבאַטייליקטע
אין איין איניען. יעדערער האָט געשפּילט זײַן ראָל.
כענשעל איז געווען דער סקאַנדאַליסט און דער
שרײַער, וועלכער האָט געדאַרפט פון עמעצן אָפּ־
ווענדן די אופמערקזאַמקײַט אויף זיך. פּעטערסאָן —
פאַרקערט: „אַ טײַערער יאַט", וועלכער פאַרדינט
סימפּאַטיע און צוטרוי.

און ווידער איז די סטאַיקע אײַנעם באַר גע־
וואָרן דאָס אָרט, ווו די מיטאַרבעטער האָבן זיך
פאַרנומען מיט זעלבסטעטיקע אויספאָרשונגען.
אייניקע אויסלענדישע געלערנטע האָבן געפאָדערט
פון כענשעלן דערקלערונגען וועגן פּעטערסאָנס

„מיסיע" אַף דער שיף. ס'האָט שוין בעמיילע זיך באַקומען, אַז דאָס אַרויסגאַנוענען די מאַטעריאַלן באַ פּיולקענענען, דאָס אַרופֿברענגען אַף דער שיף פּעקלעך אַנטיסאָוועטישע בראָשורן און פּעטערסאָנס אַנטלויפֿן זײַנען געקניפּט און געבונדן. די מערהײַט געלערנטע האָבן אָנשוילעך דערזען און פֿאַרשטאַנען, ווער עס שטערט דער צווישנפֿעלקערלעכער מיטאַרבעט.

כענשעל און וואָן דאָו האָבן געשווירן, אַז זיי האָבן קיין שײַכעס ניט צו פּעטערסאָנען. פֿאַרקערט, ס'געפֿעלט זיי ניט זײַן אויפֿירונג. נאָר קיינער האָט ניט געגלייבט זייערע שוועס. אייניקע האָבן גענומען זיך נאָכפֿרעגן, פֿאַרוואָס כענשעל, אַ בלאָנדער יונג מיט אַ בלייך פּאָנעם, שטעלט דאָ פֿאָר די אַפֿריקאַנישע רעפּובליק ליבעריע? מיט וואָס פֿאַרנעמט ער זיך מער, מיט הידראָפֿיזיק, אָדער מיט די געשעפֿטן פֿון דער סטראַכיר־קאָמפּאַניע „לויד"...

כענשעל איז געווען דער סאַמע עלעגאַנטער פּאַסאַזשיר אַף דער שיף. ער פֿלעג האַלטן אין איין בײַטן די אָנצוגן, צו וועלכע ער האָט אַרויסגעוויזן אַ באַזונדערן געשמאַק. זײַן עלעגאַנטקײַט האָט זיך אָבער ניט „מאָנטירט" מיט זײַן אויפֿירונג. ער איז געווען אַמאָל אַ צעיושעטער, אַמאָל אַ טיף־פֿאַרמאָרעשכוירעטער, אָדער גאָר אַן אָנגעבלאָזענער, אָפּגעזונדערטער פֿון אַלעמען. דער שאַרפֿזיניקער פֿילאָסאָפֿיש געשטימטער סערווע פֿלעג זאָגן, אַז כענשעל איז פּאָשעט אַ מענטש אָן אַן אינערלעכן גלײַכגעוויכט, ער קריכט מיט אַלע איוורים „אין דער בורזשואַזיע" און מאַכט נאָך די סאַמע עקלדיקע מוסטערן אירע.

ס'האָט זיך געדוכט, — אַז קיינמאָל וועט ניט קומען קיין סאָף צו די רייד. זייער אָפּט פֿלעגט מען אַפּעלירן צו אַרקאַדי איליטשן, וועלכער האָט מער פֿון אַלעמען געזען און געהערט פּעטערסאָנען און זײַן אַרומרינגלונג.

— כ'האָב געמיינט, אַז דער פּעטערסאָן איז אַ פֿרײַלעכער, העפֿקערדיקער יונג, — האָט געזאָגט דער פּעטער אַרקאַשע, — קיינמאָל האָב איך זיך ניט געקאָנט פֿאָרשטעלן, אַז ער איז אַ שפּיאָן. —

פֿון זײַן זײַט האָט אַרקאַדי איליטש אויך פֿאַרגעבן אַ פֿראַגע: — וואָס וואָלט געווען, ווען ס'קומט ניט אָט דער שנעל־לויפֿיקער גליסער? און טאַקע פּונקט צו דער צײַט, ווען דער פֿאַרשוין האָט געמוזט אַנטלויפֿן מיט דער געגאַנוועטער פֿליאָנקע...

אין יענעם טאָג האָט געטראָפֿן נאָך אַ טרויעריקע פּאַסירונג. די שיף איז דורכגעגאַן דעם אַרכיפּעלאַג גילבערט און געדאַרפֿט איבערשנײַדן דעם עקוואַטאָר, אָבער פֿריִער איז איר אויסגעקומען מאַכן אַן אָפּשטעל אַף אַ דרײַ טעג, קעדיי אויספֿילן אַ באַשטימטע וויכטיקע פּראָגראַם מיט דער הילף פֿונעם באַטיסקאַף „סאַדקאָ".

ווען אַניטשקאָוו איז אינדערפֿרי אַרויסגעגאַן אַף דער אייבערשטער פּאַלובע, האָט ער דערזען, אַז מע קלײַבט זיך דעם באַטיסקאַף אַראָפּלאָזן אויפֿן וואַסער. כאָטש די סינאָפּטיקער האָבן נאָך פֿריִער געגעבן די וועטער־סוואָדקע, האָט סערגאַטשאָוו ווידער איבערגעפֿרעגט, צי ס'איז ניטאָ קיין נײַס אין די וועטער־פֿאָרויסזאָגונגען, — און ערשט דערנאָך האָט ער באַפֿוילן אַראָפּלאָזן דעם אַפּאַראַט אויפֿן וואַסער.

אַניטשקאָוו איז געשטאַנען אין אַ זײַט און געקוקט, ווי פֿאָרזיכטיק מ'האָט אויפֿגעהויבן און דערנאָך אַראָפּגעלאָזט דעם אַפּאַראַט. ער איז ניט צוגעשטאַנען מיט זײַנע זשורנאַליסטישע פֿראַגעס, בלויז אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ צו סערגאַטשאָוון, גלײַך ווי געמאָלדן אים, אַז ער איז דאָ.

אַף דער פּאַלובע האָט זיך באַוויזן אַרקאַדי איליטש. דער באַר האָט אין דער צײַט נאָך ניט געאַרבעט און אים, אַ מענטשן, וואָס איז אויסגעוואַקסן באַם יאַם, איז אינטערעסאַנט געווען אַ קוק צו טאָן אַף אַזאַ וווּנדער, ווי דער באַוויגנטער אַפּאַראַט, וועלכן מע לאָזט אַראָפּ אין וואַסער אַף אַ גרויסער טיף. דער הייבשטאַנג האָט לאַנגזאַם אויפֿגעהויבן דעם באַטיסקאַף. סערגאַטשאָוו האָט מיטן לייטערל אַרופֿגעקלעטערט אויפֿן סאַמע שפּיץ פֿונעם הייבשטאַנג, צוזאַמען מיט אים געבליבן הענגען הויך איבערן וואַסער. ווען דער אַפּאַראַט האָט אַ פֿליוכע געטאָן אין וואַסער, האָט אים אַ קליין שיפֿל אָפּגעבוקסירט אין אַ זײַט. דערנאָך איז סערגאַטשאָוו צוזאַמען מיט זאַריטשן און אַניטשקאָוון אַוועק צום טראַפּ, באַ וועלכן ס'איז געשטאַנען נאָך אַ שיפֿל. סערגאַטשאָוו האָט אַ פֿרעג געטאָן באַ אַניטשקאָוון, צי ער האָט זיך הײַנט געוויזן דעם דאָקטער, אַף וואָס אַניטשקאָוו האָט געענטפֿערט, ווי אַ שולדיקער, אַז ניין. סערגאַטשאָוו האָט אים שטרענג געזאָגט, אַז „ס'זאָל זײַן דאָס לעצטע מאָל. הײַנט איז דאָס אַראָפּלאָזן דעם באַטיסקאַף בלויז אַ פּרווו. ער וועט נעמען מיט זיך זאַריטשן, און איר וועט גיין מאָרגן". אַניטשקאָוו האָט זיך געפֿילט ווי אַ פֿאַרזינדיקטער. ער האָט אינגאַנצן פֿאַרגעסן, אַז מע מוז באַזוכן דעם דאָקטער פֿאַרן אַראָפּלאָזן זיך אין דער טיף מיטן אונטערוואַסער־אַפּאַראַט...

אין שיפֿל האָבן זיך געפֿונען: סערגאַטשאָוו, אַניטשקאָוו, זאַריטש און דער מעכאַניקער וואָלקאָוו. זיי זײַנען צוגעשוווּמען צום באַטיסקאַף, וועלכער איז געווען אײַנגעזונקען אין וואַסער ביזן אויסגעלייגטן מיט גאָפּרירטער רעזינע דעק. דערנעבן האָט זיך געפֿונען אַ גומי־שיפֿל, וואָס האָט געדינט פֿאַר אַ בריקל בײַסן אַריבערגיין אין אַפּאַראַט. דער דנאָ פֿון אַ געוויינלעך שיפֿל, ניט פֿון גומי, האָט געקאָנט צעשעדיקן דעם באַשלאָג פֿונעם אַפּאַראַט.

דער ערשטער האָט זיך איבערגעקליבן סערגאַטשאָוו, נאָך אים — זאַריטש. אַניטשקאָוו איז לײַכט אַרײַנגעשפּרונגען אין גומי־שיפֿל און, דערהערנדיק סערגאַטשאָווס קאָמאַנדע, עלאַסטיש אָפּגעשטויסן זיך פֿון די קײַלעכדיקע נאַסע ראַנדן,

קעדיי איבערשפּרינגען אַף דער פּלאַטפאָרמע פון „סאַדקאָ". צוליב זיכערקייט האָט ער זיך אָנגע־כאַפּט פאַרן שלאַנג פונעם באַטיסקאַף. דער באָרט פונעם גומי־שיפל האָט אים אַ שטאַרקן שטויס געטאָן און אָפּגעשלײַדערט אין אַ זײַט. ער איז שיער ניט אַרײַנגעפאַלן אין וואַסער. סערגאַטשאָוו האָט אים אונטערגעכאַפּט. אַניטשקאָוו האָט אַ געשריי געטאָן פון ווייטיק און פאַרלאָרן דעם באַ־וווּסטזײַן. ווען ער איז געקומען צו זיך, האָט ער דערפילט אַ פּײַנלעכן ווייטיק...

אַרקאַדי איליטש האָט אַלץ געזען און, ווי אַן עכטער פרײַנט, זייער איבערגעלעבט פאַרן זשור־נאַליסט.

...נאָך דער אָפּעראַציע איז אַניטשקאָוו געלעגן אין מעדפּונקט, וואָס האָט זיך געפונען אַף דער שיף. נעבן אים זײַנען געווען דער דאָקטער און די מעדיצין־שוועסטער. אַלעמאָל האָט אַרײַנגעקוקט עמעצער פון זײַנע פרײַנט, קעדיי זיך דערוויסן, ווי אַזוי ער פילט זיך. לאַנגע און קאַטשניאָוו זײַנען געזעסן די גאַנצע צײַט און געוואַרט, ביז מע וועט שוין הערן אַ טרייסט־וואָרט. לאַנגע האָט געהאַלטן אין איין נאָכפרעגן זיך באַ נינעל אַלעקסאַנדראָווּנען, פאַרוואָס האָט זיך אַזוי באַקומען, אַז די אַלטע, פון דער מילכאָמע־צײַט, שפּליטערס האָבן געגעבן צו וויסן וועגן זיך מיט אַזאַ ווייטיק. די דאָקטערשע האָט דערקלערט, אַז, ערשטנס, איז דער אָרגאַניזם איבערגעוואָרעמט געוואָרן אין אַזאַ היץ (אין שאָטן — מער פון 30 גראַדוס), צווייטנס, איז די לופט־פײַכטקייט זייער אַ הויכע, און דעריקער איז דער מוירעדיקער קלאַפּ, וועלכער האָט אָפּגע־טרייסלט אַלע אייווּרים.

אַניטשקאָוו האָט זיך אויפגעכאַפּט נאָכן נאַרקאָז. נינעל אַלעקסאַנדראָווּנע האָט געפרעגט, וויאַזוי ער פילט זיך, און געהייסן דערווײַל שלאָפן. „איר מוזט איצט רוען... און מיר מיט דער שוועסטער וועלן זײַן דאָ, לעבן אײַך. זײַט אַ קלוגינקער און הערט, וואָס מע הייסט אײַך..." אַניטשקאָוו האָט געפרעגט, וויפל שפּליטערס זי האָט געפונען. נינעל אַלעקסאַנדראָווּנע האָט געענטפערט, אַז צוויי האָט זי אַרויסגענומען און שענקט זיי אים. אָבער נאָך איינעם האָט זי באַשטימט ניט רירן איצט, בײַס דער רײַזע, בעסער איבערלאָזן אים ביז מאָסקווע... אַניטשקאָוו האָט אַ שמייכל געטאָן.

אַניטשקאָוו האָט געפילט, ווי דער מויעך באַ־פרײַט זיך פונעם נאַרקאָז און דער ווייטיק אין דער היפּט וואַקסט אויף. ער האָט ניט געקרעכצט, ניט געקלאָגט זיך. ער האָט גענומען מורמלען פאַר זיך אַ ליד, וועלכע ער האָט ניט לאַנג צוריק געהערט און זי איז אים געפעלן געוואָרן. „ס'כאַלעמט זיך נאָך אַלץ די וויסטעניש פון יענע מילכאָמע־צײַטן. עס הערן זיך פון די פאָדערשטע פּאָזיציעס דונער־קנאַלן, פּאַכאַראָנקעס קומען אָן אין הינטערלאַנד..."

די ליד איז דאָך וועגן אים און וועגן זײַנע פרײַנט, וועלכע זײַנען געבליבן דאָרט, אַף אומבאַ־וווּסטע הייכענישן, אַף שייד־ליניעס, לעבן טײַכן און טײַכלעך, אין די סטאַלינגראַדער סטעפּעס. אומעטום האָט ער געקענט בלײַבן ליגן... פאַר וועלכע פאַרדינסטן איז מײַן גורל אַזאַ גליקלעכער? אַזויפיל יאָרן אַ לעבעדיקער... וויפל פרייד, וויפל נאַכעס... אַפילע אויב איצט איז דער סאָף, סײַווי... כ'האָב געלעבט פיל יאָרן מיט מאַזל און מיט גליק...

פאַרנאַכט האָט אַניטשקאָוו זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף און געזאָגט נינעל אַלעקסאַנדראָווּנען, אַז עס ווילט זיך אים אַריבערגיין אין זײַן קאַיוטע. די דאָקטערשע האָט אויסגעמאָסטן דעם בלוטדרוק, אַרומגעקוקט די בינטן און מיט אַ זיפץ אײַנגע־שטימט, נאָר געוואָרנט שטרענג, ער זאָל ניט אײַלן אויפצושטיין פון בעט.

דאָס אומקערן זיך אין זײַן קאַיוטע האָט אַניטשקאָוו אויפגענומען, ווי נאָך איין יאָמטעוודיק געשאַנק פונעם גורל. דאָס איז געווען פאַר אים אַ סימען, אַז דאָס לעבן זעצט זיך פאָר. די לעצטע יאָרן האָט אים פאַרפאָלגט אַ מוירע פאַר שפּיטאָלן. „פאַרן לעצטן שפּיטאָל..." אין דער מילכאָמע־צײַט איז אים אויסגעקומען אַ סאַך מאָל ליגן אין מעד־סאַנבאַטאַט און אין שפּיטאָלן: פיר וווּנדן און צוויי קאָנטוזיעס. דערפאַר האָט ער אויסגערעכנט, אַז עס זײַנען שוין פאַר אים אויסגעשעפּט אַלע לימיטן באַ דער מעדיצין...

נינעל אַלעקסאַנדראָווּנע און די מעדיצין־שוועסטער סאָניע האָבן אָנגעפירט מיטן אײַנאָר־דענען דעם קראַנקן אין דער קאַיוטע. זיי האָבן אינסטרוקטירט לאַנגען און קאַטשניאָוון, וויאַזוי אַרומגיין אַרום „אונדזער פאַרווונדעטן". אַזוי טאַקע האָט געזאָגט נינעל אַלעקסאַנדראָווּנע און זי האָט געהאַלטן אין איין שמייכלען, ווי איינער זאָגט: „ס'וועט אַלץ זײַן גוט".

אַניטשקאָוו האָט זיך געכידעשט, וואָס אַלטע און נײַע באַקאַנטע שענקען אים אַזויפיל אויפמערק־זאַמקייט. אין אַ וואָך אַרום האָבן זיי אים געהאָלפן אַרויסקלײַבן זיך אַף דער פּאַלובע, ווו ער פלעג פאַרברענגען עטלעכע שעה אין טאָג, זיצנדיק אין שעזלאָנג, וועלכן די פרײַנט האָבן אוועקגעשטעלט אין שאָטן. אָפט פלעגן צו אים קומען קאַטשניאָוו, לאַנגע, זאַריטש, סערווע, ביאַנקאָלי, פּיולקענען. לענגער פלעגט לעבן אים זיצן גראַליק. בורקאָווסקי האָט אַלע טאָג זיך נאָכגעפרעגט, וויאַזוי ער פילט זיך און ווי איז באַ אים די שטימונג. גוראָוו פלעגט קלינגען. צו דמיטרי לעאָנידאָוויטשן פלעג אויך קומען דער קאַפּיטאַן פון דער שיף קרימאָוו.

— איז ווער מאַכט זיך דאָ אַזוי נאַריש? — אַף דער שוועל פון דער קאַיוטע איז געשטאַנען אַרקאַדי איליטש מיט אַ טאַץ אין די הענט. — ווען דער קייסער האָט זיך דערוווּסט, אַז ציפּעראָ־וויטש קלײַבט זיך צו אים צוגאַסט, האָט ער זיך

אָפּגעזאָגט פונעם טראָן, — ארקאַדי איליטש האָט געטראָגן פאַרויס זיך די טאַץ, א פאַרדעקטע מיט א גרויסער סאַלפעטקע, — אָט אזוי האָט מען גערעדט אין אָדעס נאָך פאַר דער רעוואָליוציע.

— אוי, כ'קאָן ניט לאַכן. האָט ראַכמאָנעס, ארקאַדי איליטש. ס'איז טאַקע זייער א געלונגענע כאָכמע.

ארקאַדי איליטש האָט אוועקגעשטעלט די טאַץ אפן טיש און גענומען רײַבן איין האַנט אין דער אַנדערער.

— איז וואָס פאַרלאַנגט מײַן ליבער קליענט? — און אראָפּגעצויגן די סאַלפעטקע, — קאַנאַפּע „א ליא אָדעסאַ" מיט א קילקעלע, מיט אַן איי און מיט א יאַפּאָניש אוגערקעלע... בוטערבראָדן „קאַווי יאַר", בוטערבראָדן „טשינגיסכאַן", רווי פלייש „ליוקס" מיט א ציבעלע און מיט פעפער... און א גראַפינטשיק מיט א טרער אין בליק, — ארקאַדי איליטש האָט א ווײַז געטאָן אף צוויי גלעזעלעך.

— א גרויסן דאַנק, ליבער ארקאַדי איליטש, נאָר איך טאָר מיסטאַמע ניט... — האָט מיט באַדויערונג געזאָגט אניטשקאָוו, פילנדיק פאָרויס דעם טאַם פון די פאָרגעריכטן.

— א־א! זאָלן אונדזערע סאָנים טראַכטן, אז מע טאָר ניט, — ארקאַדי איליטש האָט אוועקגעשטעלט די טאַץ אפן ראַנד פונעם בעט. — כ'וויל אויסטרינקען פאַר אײַער געזונט. מער ווי איין גלעזעלע צום אפּעטיט וועל איך אײַך ניט געבן. דערפאַר וויל איך שוין נאָך עפּעס זאָגן. פאַר אונדזער דאָר! פאַר די פּראָנטאָוויקעס!

אניטשקאָוו האָט גענומען א בוטערבראָד. ארקאַדי איליטש האָט איבערגעשטעלט די טאַץ אפן טיש. אליין האָט ער זיך אוועקגעזעצט אין א ווייכן פאָטעל און אָנגעהויבן רעדן וועגן לעבנס־זאַכן. דער באַרמען האָט געהאַלטן אין איין וויצלען זיך, געשאָטן מיט כאָכמעס, אבי דערפרייען דעם קראַנקן.

אניטשקאָוו האָט געלאַכט:

— כ'ווייס אײַער מיין, ארקאַדי איליטש! איר ווילט, אז פונעם געלעכטער זאָלן זיך בא מיר פאַנאַנדערגיין די נעט.

— אײַ, רעדט ניט קיין נאַרישקײַטן. קיינער איז נאָך פון קיין כאָכמע ניט געשטאָרבן. פאַרקערט. וועל איך אײַך טאַקע דערציילן א מײַסע. אין אָדעסער סאַנאַטאָריע האָט מען אָרגאַניזירט פאַר די מענטשן, וואָס האָבן זיך דאָרט געהיילט, א קאָנצערט. דער קאָנפעראַנסיע האָט זיך זייער געפלײַסט, מע זאָל לאַכן אין זאַל. דערבײַ האָט ער דערקלערט, אז לאַכן איז געזונט, בעשאַס מע לאַכט ווערט אויסגעאַרבעט אין אָרגאַניזם א נוצי־קער צוקער — גליוקאָזע. דאַן האָט פון זײַן אָרט דער הויפּט־דאָקטער געפרעגט: „עפּשער זאָלן מיר בעסער אונדזערע קראַנקע קיצלען, אָנשטאָט זיי היילן?" — דער קאָנפעראַנסיע האָט אים געענטפערט, אז פון קיצלען ווערט אויסגעאַרבעט ניט קיין צוקער, נאָר סאַכאַרין...

אניטשקאָוו האָט זיך א צי געטאָן צו זײַן קורטקע און ארויסגענומען דעם בײַטל מיט געלט, קעדיי באַצאָלן פאַר די מײַכאָלים. ארקאַדי איליטש האָט א פּאַטש געטאָן מיט די הענט:

— און איך האָב אײַך געהאַלטן פאַר א פײַנעם מענטשן... איר וועט מיר נאָך עפּשער געבן א צענערל „נא טשײַ"... יאָ, כ'האָב זיך דערמאָנט... אמאָל פלעג מען פאַרקויפן אין רוסלאַנד בראָדסקיס טיי. בראָדסקי איז געווען א גוויר. קומט ער איינמאָל ארײַן אין א רעסטאָראַן אָפּצועסן. דערנאָך נעמט ער ארויס א רובל און גיט דעם אָפיציאַנט „נא טשײַ". דער אָפיציאַנט האָט א קוק געטאָן אפן רובל און, אַן אומצופרידענער, געזאָגט: „הער בראָדסקי, נאָרוואָס האָט דאָ געגעסן אײַער זון, האָט ער מיר געגעבן פינף און צוואַנציק רובל, און איר זײַט דאָך אליין בראָדסקי!.." בראָדסקי האָט געענטפערט: „וואָס זשע ווילט איר? איך האָב דאָך ניט אזא טאַטן, ווי ער..."

פון געלעכטער האָט אניטשקאָוו זיך אזש געקאָרטשעט אפן בעט...

— ווייסט איר וואָס, ארקאַדי איליטש, ווען כ'וועל געזונט ווערן, וועל איך אײַך נעמען פאַר א מיטאַוטאָר, און מיר וועלן צוזאַמען אָנשרײַבן א בוך וועגן דעם אָדעסער פאָלקלאָר.

— געפונען א שרײַבער... דאָס, וואָס איך ווייס, ווייסט אין אָדעס יעדער בינדיוזשניק.

— מענטשן גייען אָבער אוועק, ס'פאַרשווינדן אויצרעס מיט כאָכמע...

אניטשקאָוו האָט ניט געוווּסט, אז אין דער זעלבער שאָ האָט ניִנעל אלעקסאַנדראָוונע גערעדט מיטן קאַפּיטאַן קרימאָוו, אז זי איז זייער באַומרויִקט, וואָס באַם זשורנאַליסט פאַרהיילן זיך ניט די וווּנדן, און זי בעט געבן א פאַראָרדענונג דעם ראַדיסט זיך פאַרבינדן מיט דער אמט־מעדיצין, ווײַל ס'איז קיין סאָפעק ניט, אז דעם קראַנקן דאַרף מען איבערפירן אין שפּיטאָל. ס'איז נייטיק באַצײַטנס קריגן א דערלויבעניש זיך אָפּצושטעלן אין נאָענטסטן האַפן און צונויפריידן זיך מיט די אָרטיקע מאַכט־פאָרשטייער. ס'איז געבליבן באַשטימען, ווער עס וועט אניטשקאָוון באַגלייטן. דער קאַפּיטאַן האָט געפרעגט, צי עס איז עמעס, אז דער זשורנאַליסט און די וויסנשאַפטלעכע מיטאַרבעטערן ראַמענסקאַיאַ זײַנען שוין לאַנג מאַן און ווײַב.

די דאָקטערשע האָט געענטפערט, אז גענוי ווייסט זי ניט, נאָר ס'זעט אויס מאָדנע: ביידע פרײַע, איינזאַמע, שוין לאַנגע יאָרן צוזאַמען, און זיי באַהאַלטן אויס זייערע צווישנבאַציִונגען.

אין דער קאַיוטע צו אניטשקאָוון איז ארײַנגעלאָפן לאַנע. די טרערן אין די אויגן האָבן איר געשטערט צו באַנעמען, אז אניטשקאָוו לייגט שוין צונויף די זאַכן. זי האָט אים פּעסט ארומגענומען,

ווי זי זאָל וועלן מיט זיך פאַרשטעלן אים פון אַן אומגליק:

— מיטענקע, טײַערער! אָט וועסטו זען, אַז אַלץ וועט זײַן גוט... אַלץ וועט זײַן גוט... לייג זיך אַוועק און איך וועל אַליין צונויפנעמען די זאַכן.

זי האָט אים צוגעפירט צום געלעגער, געהאָלפן זיך אַוועקלייגן. פילנדיק ווי אָפּגעשוואַכט ער איז, האָט זי זיך אָנגעבויגן צו אים און גענומען שעפּטשען:

— מיטיע, ניבעל אַלעקסאַנדראָוונע האָט מיך נאָרוואָס אַרויסגערופן. זי וויל דיך אײַנאָרדענען אין שפּיטאָל אין דעם האַפן ראַבאַולע. דאַכט זיך, אַז אַזוי הייסט ער...

— כ׳ווייס שוין וועגן דעם. — אַניטשקאָוו האָט גערעדט קימאַט רויִק, צוריקגעהאַלטן. — מיסטאָמע דאַרף מען אַזוי. ס׳איז שוין די דריטע וואָך, און די טײַוואָלאַנישע ווונדן ווערן ניט בעסער... אויב זאָגן דעם עמעס, בין איך שוין מיד...

— כ׳וועל זײַן מיט דיר! — זי איז אויפגעשטאַנען. — באַלד וועל איך זאָגן דעם שעף וועגן אַלץ...

— בעשום־אויפן ניט. ס׳איז דאָך ניט אַזאַ ערנסטער איניען, אַז דו זאָלסט אויף האַלב־וועג וואַרפן די עקספּעדיציע...

— נו, „איז ניט געטאַנצט מיטן ווײַסן בער", ווי דו האָסט ליב צו זאָגן, — האָט געענטפערט לאַנע.

מע האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר. ס׳איז אַרײַן קאָטשניעוו.

— נו, וואָס? די סצענע באַם פאָנטאַן? מײַן כאַווער רופט מיך ניט, אײַ־אײַ־אײַ...

— הערט שוין אויף פּיאַצעווען, קלאָונען! — האָט היסטעריש זיך צעשריגן לאַנע און זיך צעוויינט. — וואָיען ווילט זיך פון אײַער „מונטערקײַט"... — זי איז צוגעלאָפן צום אילומינאַטאָר, צוגעדריקט דעם שטערן צום גלאָז.

אַניטשקאָוו האָט אויף שטום־לאָשן געהייסן קאָטשניעוון איבערלאָזן זיי אַליין. קאָטשניעוו איז שטיל אַרויס פון דער קאַיוטע.

לאַנע איז צוגעגאַן, אַנידערגעזעצט זיך אויפן געלעגער, אויסגעווישט די טרערן. דמיטרי לעאָנידאָוויטש האָט זיך אָנגעטאָן אַ קויעך, קוים זיך אויפגעהויבן און אַרומגענומען זי, גענומען קושן:

— מע דאַרף ניט אַזוי זיך ערגערן. דו מוזט ענדיקן די עקספּעדיציע, און דערנאָך... כ׳וועל דיך שוין מער אין ערגעץ ניט אָפּלאָזן פון מאָסקווע! און איצט לאָמיר גיין צום פעטער אַרקאַשע. ווי כאָסן־קאַלע. לאָמיר צונויפרופן אונדזערע כעווירע.

אַניטשקאָוו האָט זיך אָפּגערוקט פון לאַנען, זי זאָל ניט דערפילן, ווי ס׳האָט זיך אויפגעהויבן באַ אים די טעמפּעראַטור. עס האָט אים זייער געפיבערט. ער האָט אַליין אָנגעקלונגען קאָטשניעוון, איסקראָוון, גראַליקן, בורקאָווסקען און גערופן זיי אין באַר אָפּצומערקן די צעשיידונג...

פון דעם אָוונט, וואָס זיי זײַנען געזעסן אין באַר באַם פעטער אַרקאַשע, זײַנען געבליבן אין זיכּאָרן בלויז אייניקע אַרויסזאָגונגען בײַסן שטרײַט פון דעם הידראָפיזיקער פון מײַרעוו־דײַטשלאַנד זיגפריד שטראַוס מיט סערוועזן און מיט דאָריס אויַט. איין געדאַנק האָט זיך פאַרהאַלטן אין זיכּאָרן אַדאַנק זײַן מעשונעדיקײַט: „מיר אַלע זײַנען פּריצײַטיקע מענטשן". שטראַוס האָט געזאָגט, אַז דאָס אויפקומען פונעם מענטשן איז אַ נאַרישקײַט פון דער נאַטור, אַן עוואָליוציע־פעלער „ערגעץ אויף דער סטאַדיע פונעם אַנטראָפּאָגענעז. דאַן האָט זיך אין דער וועלט־אַנטוויקלנג עפּעס צעוואַלגערט, און באַ די מאַלפּעס האָבן זיך צו שנעל גענומען אַנטוויקלען די צערעבראַלע האַלבקײַלעכן... און ס׳איז אויפגעקומען דער מענטש. נאָר ער איז ניט געווען גרייט צו שאַפן אַ פאַרנונפטיקע געזעלשאַפט. אַלץ איז פאַרגעקומען צו פרי... אַלע נאַטור־שאַפונגען זײַנען געבליבן באַ דער כײַישער אַגרעסיע, באַ אומגעצוימטע לײַדנשאַפטן. דער מענטש איז ניט בעקויעך קאָנטראָלירן זײַנע אינסטינקטן, די סטיכיישע אויפברויזן... מיר זײַנען פּריצײַטיקע... און מיט דעם דאַרף מען עפּעס טאָן..."

דער אומזין פון אָט דער אָריגינעלער פילאָסאָפיע קאָן ברענגען צו דער פאַרניכטונג פון דער הײַנטצײַטיקער ציוויליזאַציע: אויב די מענטשהײַט איז אַ פּריצײַטיקע און ניט קיין קוואַליטאַטיווע, מעג מען זי פאַרניכטן...

אַניטשקאָוו האָט פאַרשטאַנען, אַז די דיסקוסיע אין באַר איז אַן אָפּקלאַנג פונעם וויקוער, וועלכער איז פאַרגעקומען באַטאָג אַרום „קײַלעכדיקן טיש" וועגן פּאַנספּערמיִע. די רייד זײַנען געווען פאַרבונדן מיט דער ראַדיקאַלער היפּאָטעזע וועגן „לעבנספאַרזייונגען" אויף דער ערד, וועלכע ס׳האָבן געמאַכט „הויך־אָרגאַניזירטע נעפּאַשעס" פון ווײַטע וועלטן. די היפּאָטעזע האָט אַרויסגערוקט דער ענגלישער געלערנטער פרענסיס קריק, איינער פון די אויטאָרן פון דער טעאָריע וועגן דער סטרוקטור פון גענעטישן איבערגאַנג פון ירושע־אינפאָרמאַציע. ער פאַררופט זיך אויף די אויספאָרשונגען פונעם קאַליפאָרנישער אוניווערסיטעט, וועמענס מיטאַרבעטער האָבן אַנטדעקט אין מײַרעוו־אויסטראַליע אַזאַ באַקטעריע, וועלכע שטאַמט פון סאַמע קאַדמוינישע צײַטן, און דאָס איז די אוראַלטע לעבנס־פאָרם. די אַנטדעקונג גיט נײַע מעגלעכקײַטן אָפּצושאַצן אונדזערע פאָרשטעלונגען וועגן דער אַנטשטייונג פונעם לעבן אויף דער ערד... שטראַוס האָט געזאָגט, אַז ווען ס׳וועלן זיך יאַווען אײַנוווינער פון פרעמדע פּלאַנעטעס, וועלן זיי פעסטשטעלן, צי די ציוויליזאַציע אויף דער ערד אַנטוויקלט זיך ריכטיק, און צי די מענטשן זײַנען אַזעלכע, ווי מע דאַרף...

סערוועז האָט געלאַכט:

— הייסט עס, אַז אונדז אַלעמען קאָן מען צווינגען זיך אומקערן צוריק?.. זאָג איך דאָך: דער

גענעם און דער גאַניידן געפינען זיך אין אונדז גופא, דאָס זײַנען מיר אַליין...

דער באַרמען האָט זיך פאַרינטערעסירט מיט דעם שטרײַט. ער האָט, פאַרשטייט זיך, ניט אַלץ פאַרשטאַנען, נאָר דער איקער איז צו אים דערגאַנגען. בעטנדיק אַנטשולדיקונג, האָט ער זיך אַרײַנגעמישט:

— בא אונדז אין אָדעס, אין טראַמווײַ, ווו ס'איז פולגעפאַקט מיט מענטשן און עס איז אָנגעשריבן אַף די פענצטער: „ניט אַרויסרוקן זיך!", זאָגט מען צו די, וואָס פאַרגעסן אין דעם: „רוק זיך אַרויס, רוק זיך אַרויס, מירן שוין זען, וואָס דו וועסט צוריק אַרײַנרוקן..."

שפּעט אין אָוונט, ווען אַרקאַדי איליטש האָט געזאָגט צו זײַן באַהעלפער גרישען, אַז עס איז שוין צײַט צו פאַרמאַכן „דאָס געשעפט", איז אַרײַן זייער אַן אויפגערעגטע דאָריס אויַט אין דער באַגלייטונג פונעם פּראָפעסאָר אַרטשיל מאַכאַראַדזע. זיי זײַנען אַוועק אין ווײַטסטן ווינקל פונעם באַר, פאַרזעצנדיק זייער שמועס. אַרקאַדי איליטש האָט געהערט, מיט וואָס פאַר אַ גרוזינישן אַקצענט דער פּראָפעסאָר רעדט אַף ענגליש און געשמייכלט אַ צופרידענער: זײַן אייגענער ענגליש איז אַ סך אַ בעסערער. נאָר דאָס, וואָס די שפּעטע געסט האָבן איבערגעפּלאָנטערט אַלע זײַנע פּלענער, איז אים געווען ניט צום האַרצן. ער האָט זייער געוואָלט דערקלײַבן זיך צו זײַן קאַיוטע, אַרויסקריכן פון דער „פּיזשאַמישער אַמוניציע", אײַנשליסן דעם קאָנדיציאָנער און אַוועקלייגן די מידע פּיס אַפן געלעגער. אַנשטאָט דעם דאַרף ער צוגיין צו די אַרײַנגעקומענע און אָננעמען זייער באַשטעלונג. די אַמעריקאַנערין האָט געבעטן פאַר זיך שטאַרקע קאַפע. דער פּראָפעסאָר האָט איר פאַרגעלייגט נאָך עפּעס־וואָס, נאָר זי האָט געוואָלט בלויז קאַפע. דאַן האָט מאַכאַראַדזע פאַר זיך באַשטעלט דאָס זעלבע. לויט אייניקע ווערטער, וואָס זײַנען דערגאַנגען צו אַרקאַדי איליטשן, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז דער שמועס איז ניט קיין ליבע־דערקלערונג. זי האָט געטײַנעט:

— כ'וויל מער ניט קיין אויספאָרשונגען לויטן ווערטיקאַל, כ'וויל מער ניט זיך פאַרנעמען מיט כעזשבוינעס, ווו און וויפל ס'איז אָנגעזאַמלט ראַדיאַקטיווער שטאָף. די סאַמע מוירעדיקע ציפערן מאַכן שוין ניט קיין אײַנדרוק. זיי ווילן ניט הערן קיין שום אַרגומענטן. כ'מוז פאַרנעמען רעאַלע מאָסמיטלען... עפּשער אָרגאַניזירן מײַנע לאַנדסלײַט און מאַכן בא אונדז אין די שטאַטן אַן אייגענעם גרינעם קאָמאַן, ווי בא די ענגלענדער?

דאָריס האָט אָנגעכאַפּט דעם פּראָפעסאָרס האַנט און גענומען אים אײַנריידן:

— דו מוזט מיך פאַרשטיין, טײַערער... כ'קען ניט טראַכטן וועגן דער סוויווע פאַרן מענטשן אין איין־און־צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. כ'ווייס — דאָך ניט, צי ס'וועט קומען אַף אונדזער פּלאַנעטע דער איין־און־צוואַנציקסטער יאָרהונדערט! וועמען טויגן מײַנע וויסנשאַפט־פאָרשונגען? ס'איז פּשוט נאַריש צו טראַכטן וועגן די צוקינפטיקע יאָם־פּראָדוקטן, בײַס דער הײַנטיקער טאָג הענגט אַף אַ האָר. די געשיכטע מיט דעם דאָרעם־קאָרייִשן „באָינג" האָט דערוויזן, אַז אַ מענטשיש לעבן האָט גאָרניט די ווערט. און די עקלהאַפטע גרופּע פּעטראָסאָן־כענשעל־וואַן דאָו...

מאַכאַראַדזע האָט געפּלײַסט זיך באַרויִקן דאָריסן. ער האָט איר דערוויזן, אַז מע דאַרף פאַרזעצן די אויספאָרשונגען אין דער עקספּעדיציע, אָבער אויך ניט אָפּזאָגן זיך פון די נאָבעלע שטרעבונגען.

צו אַרקאַדי איליטשן האָט זיך דערטראָגן דאָריס' ווײַכע, אָנגענעמע שטים, ווען זי האָט געזאָגט „אַ קליין קינד קאָן דאָס פאַרשטיין", און דאָס קאָל פונעם פּראָפעסאָר:

— נאָך איין אַרויסרוף, נאָך איין פּראָוואָקאַציע, — ווי שאַרף און אויסטערליש זי זאָל ניט אונטערגעטראָגן ווערן, וועט סײַווי צו גאָרנישט ברענגען. דאָריס, פאַר דער צײַט, וואָס מיר זײַנען דאָ אַף דער שיף, האָבן וויפל „סענסאַציעס" צו אונדז דערגרייכט אַדאַנק די טעלעגײַסן פון אַמעריקאַנער קאָנטינענט?.. זיי שווינדלען, בליצן און ווערן גלײַך פאַרלאָשן. כ'וועל אײַך דערמאָנען אין עפּעס־וואָס. איך האָב געלייענט, אַז דעם פּרעזידענט פון דער פּאַגוואָשער באַוועגונג, דעם פּראָפעסאָר דאָראָטי כאָדזשקינען — ער איז אַ לאַורעאַט פון דער נאָבעל־פּרעמיע — האָט זיך אײַנגעגעבן צונויפנעמען פיל גרויסע געלערנטע אין קאַמף קעגן דער נוקלעאַרער אומזיניקייט. דאָריס, איר, מיט אײַער צווישנפעלקערלעכן אווטאָריטעט, קאָנט זײַן צווישן אַזעלכע געלערנטע. זיי פאַרוואַרפן ניט די וויסנשאַפט־אַרבעט. פאַרקערט, זיי ווירקן אויף אַף אַלע זייערע מיטאַרבעטער צו פאַרנעמען אַקטיווע פּאָזיציעס אין דעם קאַמף. איך רייד צו אײַך ניט ווי „אַ רויטער אַגיטאַטאָר"... איר האָט אַליין בא מיר געפרעגט אַן אייצע. כ'וויל ניט, איר זאָלט וואַרפן אײַערע פאָרשונגען. כ'וויל אײַך זאָגן, טײַערע: ערשט איצט האָב איך אײַך פאַרשטאַנען און דערקענט אײַך. אַ דאַנק. מײַן טרוים איז, איר זאָלט זײַן קרעפּטיקער, זיכערער. אַפן נײַעם וועג שטייען אײַך פאַר שווערע אויספּרוּוון. כ'האָב מוירע, אַז אײַער אומיטלבאַרקײַט וועט אײַך שטערן זיך צוריקהאַלטן, ווען מע דאַרף. און דאָס וועט זײַן צו גונסט די סאָנים... פאַר דעם האָב איך מוירע.

דאָריס האָט אָפּגעווישט אַ טרער פון דער באַק.

— מע דאַרף ניט, אַרטשיל, מיר דערמאָנען, אַז כ'בין אַ פרוי. דער אַרום איז איבערגעפולט מיט אומרו. מײַן האַרץ אויך... כ'האָב באַשטימט, דערווײַל דאַרף מען זיך אָפּזאָגן פון אַלע פּערזענלעכע ענינים, אַף וועלכע עס בלײַבן ווייניק קויכעס...

זיי האָבן גערעדט הויך, ניט מוירע געהאַט, אַז מע וועט זיי הערן. ארקאַדי איליטש איז געווען איבעראַשט. אים איז אויסגעקומען זיך באַגעגענען מיט פאַרשיידענע פּאַסאַזשירן, אָבער איצט האָט ער אַזאַ ווייטיקדיקן נעשאָמע־געשריי דערהערט דאָס ערשטע מאָל פאַר לאַנגע יאָרן שווימען מיט פאַרשיידענע עקיפּאַזשן. ס'איז שווער געווען זיך פאָרשטעלן, אַז די שיינע אַמעריקאַנערן, וואָס שמייכלט שטענדיק און מאַכט דעם איינדרוק פון אַ זעלבסטזיכערער פרוי, איז באַהערשט מיט אַזעלכע געדאַנקען און איז גרייט צו דרייסטע טאַטן...

— איר ווייסט, דאָריס, איך האָב דעם איינדרוק, אַז מיר זיינען גענוג פאַרטרויט איינער צום אַנדערן, האָגאַם כ'בין ניט זיכער, אַז איך האָב דאָס רעכט צו ריידן מיט אייך אַזוי...

— נאָר איך האָב גענוג צוטרוי צו אייך! — דאָריס האָט צוגעדריקט די הענט צום האַרצן, — איך נייטיק זיך אין אַ שטרענגן מאַנצבלשן אָנשפּאַר... — און, איבערגייענדיק אַף „דו", ווי אַפּט די לעצטע צייט, האָט זי פאָרגעזעצט: — בייזער זיך ניט, טייערער, אַף מיר. כ'וועל דיר דערציילן, וואָס עס קומט מיט מיר פאָר אין עקסטרעמאַלע מינוטן, ווען כ'קאָן מיט זיך גאָרנישט ניט מאַכן, ווען איך בין איפּגעבראַכט אַף דער גאַנצער וועלט — אַף פריינט, אַף מיטאַרבעטער... אַלע דריי כאַדאָשים האָסטו מיך ריכטיק פאַרשטאַנען. דערפאַר דערצייל איך דיר אַלץ. אָפט זיינען מיינע געננג, מיינע טאַטן אומדערוואַרט און אַפילע ניט לאָגיש... אין מיי 1970, — כ'האָב זיך דאַן געגרייט ווערן אַ מאַגיסטער (שטאַט אָגאַיאָ), — האָט אויסגעבראָכן אַ סטודענטישער אַנטימיליטערישער שטרייק. מיר האָבן געפאָדערט ענדיקן די בלוטבאָד אין וויעטנאַם. אַף אונדז זיינען אָנגעפאַלן די נאַציאָנאַלע גוואַרדייער. מיר האָבן זיך פאַרבאַריקאַדירט אין אוניווערסיטעט. די גוואַרדייער האָבן געשאָסן אין אונדז. דאַן האָט אונדזערע אַ מיידל אויסגעשריגן: „שיסט ניט! מיר זיינען אייערע קינדער!.." — דאָריסן איז שווער געווען צו ריידן. שווער אָטעמענדיק, האָט זי געהאַלטן אין איין פירן מיט דער האַנט איבערן שטערן. — מע האָט דאַן געהאַרגעט 4 יינגלעך... דו קאָנסט זיך ניט פאָרשטעלן, וויאַזוי מע האָט מוירע אין אַמעריקע פאַר פּאָליטישע אַרויסטרעטונגען. נאָר דאַן... דאַן האָבן מיר געזאָגט אַלץ, וואָס איז געווען אָנגעזאָטן אַף דער נעשאָמע... אַגעוו, איך האָב אַפילע קיין כעזשבן זיך ניט אָפּגעגעבן, מיט וועמען איך בין: מיט די רעכטע, צי מיט די לינקע... אונדז האָט אופגעטרייסלט, ווען מ'האָט דערהאַרגעט דעם פּרעזידענט קענעדי, דערנאָך — זיין ברודער... — נאָך אַ גרעסערער פּאַוזע, האָט דאָריס צוגערופן דעם באַרמען און געבעטן בא אים נאָכאַמאָל אַ צווייענדיקע קאָפע.

— גוט, מעם, — האָט געענטפערט ארקאַדי איליטש.

אינדערפרי, איז אין דער קאַיוט־קאָמפּאַניע איינגעאָרדנט געוואָרן אַ פרישטיק — דער לעצטער פאַר אַניטשקאָוון דאָ אַף דער שיף. דערנאָך איז געווען אַן אייַלעניש דאָס קלייבן זיך אין וועג, די געזעגענונגען, פאַרשיידענע אָנזאָגן און אייצעס און דאָס טראַדיציאָנעלע „...זיך צוזעצן אַף אַ מאַזלדיקן וועג".

אַליין דמיטרי לעאָנידאָוויטש האָט, דאַכט זיך, קיינעם ניט געזען, קיינעם ניט געהערט, אַכוץ לאַנען... זי איז געווען זייער נאָענט און... ווייט. ער האָט בלויז געפילט איר נעשאָמע, איר איבערגעגעבנקייט, טרייהייט. פאַר אייפערזוכט איז קיין אָרט ניט געבליבן.

די שיף האָט זיך אָפּגעשטעלט אַפן רייד פון ראַבאַולע, און צום האַפן האָט מען געדאַרפט שווימען אַף אַ קאַטער.

אַניטשקאָוו האָט אין דער באַגלייטונג פון לאַנען, קאָטשניעוון, איסקראָוון, בורקאָווסקען און ארקאַדי איליטשן זיך אַראָפּגעלאָזט אַף דער אונטערשטער פּאַלובע, בא וועלכער ס'איז שוין גרייט געווען דער טראַפּ. דאָ האָט געוואַרט ניבעל אַלעקסאַנדראָוונע און די עלעגאַנטע מעדיצינשוועסטער סאָניעשטקע — אין אַ ווייסער קלייד און אין אַ זומער־הוט מיט אומגעהייער גרויסע ראַנדן. די מאַטראָסן האָבן מיטן טראַפּ אַראָפּגעלאָזט אייַטס, אַניטשקאָווס און סאָניעטשקעס באַגאַזש. אַניטשקאָוון האָבן אַרומגערינגלט אַלע, וואָס זיינען אַרויס געזעגענען זיך מיט אים. דער פּראָפעסאָר גראָליק האָט דריי מאָל זיך צעקושט מיט אים און געזאָגט, אַז אַף צוריקוועגס וועט ער זיין אין מאָסקווע, און ער דאַרף זיך אומבאַדינגט טרעפן מיטן „פּאַן דימיטרוס"...

— נאָ פּאַסאַראַן! — איסקראָוו האָט אופגעהויבן די האַנט אין דער רעפּובליקאַנישער באַגריסונג, וועלכע איז באַקאַנט די מענטשן פון אַניטשקאָווס און איסקראָווס דאָר נאָך פון די פערציקער־צייטן. — מיר וועלן זיך דורכרייסן!

אַ סאַך מענטשן, מיט וועמען ס'איז אויסגעקומען אַניטשקאָוון צו טיילן די פרייד און די אַנגסטן אין דער עקספּעדיציע, זיינען געקומען זיך געזעגענען מיט אים, ווינטשן אים גליק: דער ראַדיסט וועלעטשקע, סערוזע און ביאַנקאָלי, ראָבערטאָ לאָפּעס, סערגאַטשאָוו מיט דער פרוי. עמעס, דוסיע איז ניט אָפּגעטראָטן פון דאָריסן. ביידע האָבן געהאַלטן אין איין וויינען. ס'איז געקומען דער פּאַפּאַשע לאַנגע, ריטשאַרד גרין און די גאַנצע פּוילישע קאָמפּאַניע, אויך דזשאָן דזשאַספּער און פּיולקענען, וועלכער האָט געצוווּנגען אַניטשקאָוון נעמען בא אים אַ בוטל וויסקי.

ארקאַדי איליטש איז געשטאַנען אין אַ זייט, ווי וואַרטנדיק אַף זיין ריי. נאָר אַז ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס געזעגענען זיך האָט ניט קיין עק און קיין סאָף, האָט ער זיך דורכגעשטופּט דורכן ענגן קרייז און שטיל אַ רוף געטאָן:

— דמיטרי לעאָנידאָוויטש!

אניטשקאָוו האָט אים דערזען און אויסגעצויגן צו אים די האַנט:

— אַרקאַדי איליטש! אַ דאַנק אײַך פאַר אײַער גרוס, גוט און פריילעך האַרץ.

— אײַ, רעד ניט קיין נאַרישקײַטן! — אַרקאַדי איליטש האָט אַניוועסדיק אוועקגעלייגט אַן איבערגעבונדן פעקעלע, — דאָס איז פון די אָדעסער פאַרערער אײַערע. ווייסט, וואָס כ׳וועל דיר זאָגן, באָסיאַק? לאָפנע, נאָר האַלט פאַסאָן!

אניטשקאָוו האָט צוגעצויגן דעם פעטער אַרקאַשע צו זיך, צוגעדריקט דעם קאָפ צו זײַן פוכיקער באַק און שטיל געזאָגט:

— הונדערט יאָר וועל איך לעבן — און ניט פאַרגעסן. וועסט שוין זען! כ׳וועל דיר אָנשרײַבן!

די, וואָס האָבן באַגלייט דאָריסן, זײַנען געווען מער צוריקגעהאַלטן. אַרטשיל מאַכאַראַדזע איז ניט אָפגעטראָטן פון איר. ראָבערט ניקאָלז, ריטשאַרד גרין, זיגפריד שטראַוס און פיער סערוועַ האָבן גערעדט אַזוי, ווי מע דאַרף רײדן אין אַזאַ מינוט. דאָריס האָט דאַנקבאַר געקוקט אַף זיי און אָנשטענדיק אויסגעהערט אַלץ.

צו אַבאַזיאַנען, וועלכער האָט זיך געפונען נעבן אניטשקאָוון, איז צוגעגאַן דער באָצמאַן טשורין און ראַפּאָרטירט, אַז אַלץ איז גרייט, די פאַסאַזשירן קאָנען זיך אַראָפלאָזן אין קאַטער. קאָטשניעוו האָט געוואָלט אַראָפּטראָגן אניטשקאָוון אַף די הענט. איסקראָוו — אויך. אניטשקאָוו האָט אין גרימצאָרן זיך אָפגעזאָגט און געווענדט זיך צו דאָריסן: „קומט, ס׳איז צײַט”. ער האָט גענומען לאַנעס האַנט אין זײַנער... זי איז צוגעפאַלן צו זײַן ברוסט, שווײַגנדיקערהייט צעקושט זיך מיט אים... ניעל אַלעקסאַנדראָוונע האָט פילדײַטיק זיך אָפגעקערעוועט.

אָנהאַלטנדיק זיך פאַר די פאָרענטשעס פונעם צעשאָקלטן טראַפ, האָט אניטשקאָוו זיך אַראָפגעלאָזט נאָך דאָריסן פון די טרעפלעך. יעדער טראָט האָט זיך אָפגערופן מיט אַ וויטיק, וועלכער האָט געכאַפט פאַרן האַרצן. איבערשפאַנען אַפן קאַטער האָבן געהאָלפן די מאַטראָסן, וועלכע האָבן פלײַסיק אים אונטערגעכאַפט אונטער די אָרעמס. ער האָט זיך אײַנגעאָרדנט אַף דעם קאָרמע־בענקל לעבן דאָריסן. אין אַ זײַט איז געזעסן די מעדיצין־שוועסטער סאָניע. ער האָט אַ קוק געטאָן אַף דער פאַלובע פון דער שיף, וווּ ס׳האָבן זיך געפונען די באַגלייטער. לאַנע האָט אַ פאָכע געטאָן מיט דער האַנט. זי האָט צונויפגעלייגט די פינגער אין אַן איבערקרייץ — די סטודענטישע „קישעף־באַשווערונג” פאַרן עקזאַמען. ביאַנקאָלי האָט באַמערקט איר זשעסט און אויסגערופן צו אניטשקאָוון: „נעלקאַזאָ דינטשענדאָ פּרעמאַ אילבוטאָנע דאַלאַרמע” — „אין פאַל פון אַ סרייפע דריקט אָן די קנאָפקע פונעם אַוואַריע־סיגנאַל!” — און ביאַנקאָלי האָט באַוויזן דעם פאַרשטענדלעכן פאַר אניטשקאָוון זשעסט — די פינגער אוועקגעשטעלט ווי האָרנדלעך — „דורכגעשטאָכן” אַרום דעם קראַנקן דאָס שלעכטס, די אָנשיקענישן אַאַוו. — „אַריוועדערטשי, סעניאָר אניטשקאָוו! גראַציאַ!”

דער קאַטער האָט שטילערהייט אָפגעווײַטערט זיך פונעם טראַפ אין דער ריכטונג צום האַפן, פונוואַנען גאַנצע טשאַטעס שיפלעך זײַנען אַרויס אַפן פישפאַנג. אניטשקאָוו האָט געקוקט אַף די פאַלמעס, וועלכע האָבן פונעם ברעג גענייגט זיך איבערן וואַסער, אַף די הײַזלעך, וועלכע זײַנען געשטאַנען, ווי בלינדע, אָן פענצטער הויך אַף די פאַלמעס. אַפן ברעג־שיפוי זעען זיך צווישן דעם גרינס פאַרשיידענע ווילעס און איינע אַ לענגלעכע געבײַדע, וואָס אַף איר קופּאָל פלאַטערט אַ פענדל מיט אַ רויטן קרייץ. דער געדאַנק, אַז בײַ אים איז נאָך די ריע, ווי בײַ אַן אַרטילעריסט, האָט אים צוגעגעבן מוט, נאָר גלײַך — אַן אַנדער געדאַנק — אַ דערמאָנונג וועגן אַ רויטן קרייץ אַף אַ ווײַסן אָוואַל... אַזוי זײַנען געווען אָפגעמערקט די שפּיטאָל־וואַגאָנען אַף די אײַזנבאַן־ליניעס... און דער צייכן פונעם מעדסאַנבאַט אַף די פאַניער־ברעטלעך בײַ וואַלד־וועגן און די פענדלעך מיטן רויטן קרייץ בײַם קלויסטער־טויער אַף דעם קורסקער בויגן...

קוקנדיק אַף די פאַלמעס, האָט אניטשקאָוו דערפילט, אַז יעדער אייוועַר פּראָטעסטירט אין אים: „כ׳בין דאָך אַ רוסישער מענטש! נאָך וואָס דאַרף איך דאָ, אונטער די פרעמדע פאַלמעס, אויסהויכן די נעשאָמע... ניין! אויב ס׳איז באַשערט, איז נאָר אינדערהיים, אונטער די אייגענע בערעזעביימלעך... אָט ווי ווײַט די מילכאָמע יאָגט מיך אָן...”

אניטשקאָוו האָט אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפ, ווי געוואָלט אָפטרייסלען פון זיך דעם שוידער: ניין, כאַווער, זינג אַנדערע לידער!

...— רוסלאַנד און אַמעריקע געפינען זיךביידע צוזאַמען אַף אַ קליין שיפל, — האָט גערעדט דאָריס אויס, — כ׳האָב אַ קלער געטאָן, אַז ס׳איז זייער סימבאָליש, ווי מיינט איר, מיסטער אניטשקאָוו?

איר שטים האָט אים אַרויסגעריסן פון די ווייטיקדיקע ווײַטן. ער האָט אַפילע ניט גלײַך פאַרשטאַנען, וואָס פאַר אַן אינהאַלט פּראָפעסאָר אויס האָט אַרײַנגעלייגט אין אָט די ווערטער. עפשער האָט זי נאָך וועגן עפעס־וואָס גערעדט פריער, נאָר ער האָט ניט געהערט.

— איר טראַכט וועגן סימבאָלן, מיס אויס? — האָט ער געפרעגט.

— יאָ, איצט שטייען מיר פאַר אַנדערע, ווי אין דער לאַבאָראַטאָריע, זוכונגען און פאָרשונגען... איך שווים דאָך אין מײַן נײַער אומבאַוווסטקייט... און אין אָנהייב געפין איך זיך מיט אײַך אַפן שיפל... דאָס איז פאַר מיר סימבאָליש.

אניטשקאָוו האָט געהערט, אַז דאָריס אויס האָט באַשטימט דרינגענדיק זיך פאַרנעמען מיט

7*

געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, נאָר באַהאַנדלען דאָס איצט האָט ניט קיין זין — ס'איז נישטאָ ניט קיין צייט, ניט קיין קויער...

— איר ווייסט, מיס אויזי, איך שווים אויך אין אַ נייער אומבאַוווּסטקייט... און איך האָב אויך געטראַכט וועגן סימבאָלישקייט. איר זעט, אַט איז אַ שפּיטאָל. אַ פאָן מיט אַ רויטן קרייז...

— ניט שוין זשע פילט איר זיך אַזוי שלעכט? — האָט פאַרכידעשט געפרעגט אויזי. — מע דאַרף האָפן...

— געוויינלעך איז די האָפענונג אַ שלעכטער באַגלייטער, כאָטש אַ גוטער מיטגייער, — האָט באַ־טריבט געזאָגט אַניטשקאָוו.

— ניין, ניין! — האָט ענערגיש דערווידערט דאָריס. — אַלץ דאַרף האָבן זײַן אייגענע אַנטוויק־לונג און לאָגישן פינישׁ, נאָר די האָפענונג איז אומבאַגרענעצט. גראָד די האָפענונג האָט מיך גע־בראַכט אויף מײַן נײַ־אויסגעוויילטן וועג.

— איר זײַט אַ כּאַבּאַמע, מיס אויזי! — אַניטשקאָוו האָט ווייך געקוקט אויף דער לעצטער פון די אָנטיילנעמער פון דער עקספּעדיציע, מיט וועלכער ער וועט זיך באַלד צעשיידן, — מײַן זיידע האָט מיך געלערנט: יעדער מענטש לעבט איין מאָל. בלויז פונעם מענטשן איז אָפּהענגיק, וויאַזוי ער וועט דורכלעבן זײַנע יאָרן... אַפילו אין דער גרעסטער פאַרצווייפלונג ווערט אויך געבוירן די האָפענונג.

אַניטשקאָוו האָט געקוקט אויף איר און אויף דער שוויצגנדיקער מעדיצין־שוועסטער סאַניעטשקען, וואָס איז געזעסן אין אַ זײַט, און ער האָט גע־טראַכט, אַז מיט אָט די צוויי מענטשן איז אים באַשערט איבערקריצן זײַן לעבנסוועג. דער גורל האָט אויסגעקליבן פאַר אים אָט די צוויי מענטשן. בײַ אים אין האַרץ איז נאָך באַהאַלטן דער געבעט און דאָס געבעט:

— מענטש! באַטראַכט מיט דײַן גרויסן סייכל דײַן וועג! דײַן טקופע! וויפל אַנשיקעניש דו, מענטש, האָסט בײַגעקומען, זײַענדיק נאָך אין קליינעם סייכל! און איצט, ווען דער ניצאָכן פון דײַן פאַרנונפט איז אַזוי גרויס, ווען דײַנע שאַפונ־גען זײַנען אַזוי מערקווירדיק, ווען דו ביסט אַזוי וווּנדערשיין, דאַרפסטו ניט און קאָנסט ניט גלייבן אין שאַרלאַטאַנערײַ. גלייב ניט, אַז דײַנע וואָרצלען זײַנען אויף פרעמדע פּלאַנעטעס, דײַן וויג און דײַן היים איז די פּראַכטפולע ערד. דו ביסט דאָ דער באַלעבאָס, דער שעפער און, מעגלעך, דער איינ־ציקער אַלמעכטיקער אין דער וועלט, פאַר וועלכער דו ביסט פאַראַנטוואָרטלעך. קורץ איז דער וועג פונעם וויגעלע ביז דער גרוב, אָבער די גאַנצע וועלט איז דײַנע. אַלע דורעס האָבן זיך געמיט פאַר דיר און דו — פאַר אַלע צוקינפטיקע! נאָר האַלט זיך מיט אַלעמען צוזאַמען, דאַן וועסטו קעגנשטיין דעם אָבסקוראַנטיזם און די פינצטער־ניש. וועסט ניט דערלאָזן, אַז ביטער ווילדגראָז זאָל בײַקומען דײַנע פּרעכטיקע שפּראָצונגען, דײַן יונגוואַרג, דײַן צוקונפט! דו ביסט אַ מענטש! — די העכסטע מאַדרייגע! אין דײַנע הענט געפינען זיך די הייכן פון שאַפונג. דו וועסט צודעקן און באַוואָרענען דעם גורל פון די קינפטיקע דורעס! נאָר האַלט זיך מיט אַלעמען צוזאַמען! צוזאַמען!

ייִדיש — פּערל קאַנטאָר

# ארויסטרעטונגען אף דער פלענארער זיצונג פון דער רעדקאלעגיע פונעם זשורנאל „סאוועטיש היימלאנד" און באם „רונדן טיש"



**שארל לעדערמאן,**
סענאטאר פון דער פראנצויזישער רעפובליק.
פרעזידענט פונעם „אוניאן"

ס'איז שווער איבערצוגעבן דעם רוישעם, וואס עס מאכט אף אונדז דער פארנעם און די אופריכטיקייט פון די דאזיקע פייערונגען. מע קאן זאגן אן גוזמע: אין קיין שום אנדער לאנד איז עס ניט מעגלעך. פארשטייט זיך: ס'קאן זיך צונויפנעמען א היימישער קרייז מענטשן, וועלכע זאלן מיט די הארציקסטע ווערטער אפשאצן די פארדינסטן פון א געדרוקטער אויסגאבע. אבער אופהייבן דעם יאמטעוו אף א מעלוכישער הייך, איבערהויפט, ווען דער באל־יוויול איז ניט אנגעהעריק צו דער הערשנדיקער לאנד־קולטור, נאר איז ניט מער, ווי א זשורנאל אף דער שפראך פון א קליינצאליקער נאציאנאלער מינדערהייט, אין געגעבענעם פאל — פון דער יידישער, — צוטיילן אט דעם יאמטעוו מעדינעדיקע פארינטערעסירטקייט איז מעגלעך בלויז אינעם לאנד פון סאציאליזם, אין דער געזעלשאפט פון פעלקער־גלייכהייט.

מע וואלט געקאנט עפשער עס דערקלערן מיט דער איידלקייט פונעם כאראקטער, וועלכן עס פארמאגט דאס פאלק, וואס באוווינט דאס לאנד, אבער מיר אלע פארשטייען גוט, אז די סיבעס זיינען דא קוידעמקאל סאציאלע און אידייִש־פאליטישע.

די בייזוויליקע רעכילעס־טרייבער נוצן זיך מיט דעם, וואס מיר טרעפן זיך זעלטן, און זיי האבן די מעגלעכקייט צו מאלן דאס בילד אזוי ווי זיי געפעלט. צי האט איר ניט באמערקט, אז אף א גוט באארבעטן באדן וואקסן טעווע, און דאס ווילדגראז, די קראפעווע איז גרינג צו באזייטיקן, ווען די טעווע גייט ערשט אוף. מיט דעם מיין איך צו זאגן, אז מיר דארפן זיך באגעגענען אפטער, קעדיי באהאנדלען אונדזערע פראבלעמען, טיילן זיך מיט נוצלעכער דערפארונג, צוזאמען זיך אנשליסן אינעם אלמענטשלעכן און אינטערנאציאנאלן קאמף פאר א וועלט אן אטאם־באמבעס, אן מענטשן־האס, אן פראפעסיאנעלע אונטערצינדער, פאר א וועלט פון אונדזער אלעמענס ליכטיקער צוקונפט.

מיר, יידן, ווייסן גוט, וואס אזוינס עס איז מילכאמע. מע דארף אפהאלטן די האנט פון די אוואנטיוריסטן, וואס פאכען מיט אן אנגעצונדענעם פאקעל איבער דער פולווער־פאס אפן נאענטן מיזרעך. און דאס הייסט, אז מיר מוזן אקטיוויזירן אונדזערע באמיונגען. אין דעם פראט וואלט איך פארגעלייגט, אז אזעלכע באגעגענישן, ווי די איצטיקע, זאלן פארקומען אפטער. צי איז ניט מעגלעך, אז בא אייך אין דער גאסטפריינטלעכער סאציאליסטישער הויפט־שטאט זאל זיך צונויפזאמלען א פארום אף צו פארטיידיקן די יידישע קולטור פון דער „זארג" מיצאד דער פינצטערער רעאקציע און פונעם אנטיסאוועטיזם?

דער זשורנאל „סאוועטיש היימלאנד" איז אן אנשוילעכער באווייז, אז דער פאטענציאל פון די פראגרעסיווע קויכעס בא די יידן, די מעגלעכקייטן בא דער יידישער ליטעראטור צו ציען וויטער דעם שעפערישן פאדעם זיינען ניט אויסגעשעפט. מיר ווילן, איר זאלט וויסן, אז די דערגרייכונגען

אנהייב זע „סאוועטיש היימלאנד" נומ. 1, 1987.

פון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור, דאָס אַכרײַעספּלע קאָל, וואָס לאָזט זיך הערן פון איר טריבונע, דער כּודעש־שריפט „סאָוועטיש היימ־לאַנד", — דאָס אַלץ גיט צו קויכעס און מוט דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג אויף דער ייִדישער גאַס אין איר קאַמף פאַר אַ בעסערער וועלט.

## יעהוישוע איר גע,

הויפּט־רעדאַקטאָר פון דער צײַטונג „דער וועג" (טעל־אַוויוו)



דער צוזאַמענטרעף אין מאָסקווע צו דער פײַערונג פון 25 יאָר „סאָוועטיש היימלאַנד" איז דער בעסטער באַווײַז אַז אַלע די, וואָס פאַר־שפּרייטן רעכילעס קעגן דעם סאָוועטנפאַרבאַנד, אַז דאָרט אונטערדריקט מען קלוימערשט די ייִדי־שע קולטור, האָבן ניט אין זינען די זאָרג פאַר דער ייִדישער שפּראַך און קולטור, נאָר זיי פאַרנעמען זיך מיט אַנטיסאָוועטישער פּראָפּאַגאַנדע.

דער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד", וועלכער שילדערט אויף אַ הויכן ליטעראַריש־דיכטערישן, פּובּ־ליציסטישן ניוואָ דאָס לעבן פון די סאָוועטישע ייִדן, זייער באַגער צו שאָלעם, זייער באַטייליקן זיך צוזאַמען מיט אַלע סאָוועטישע בירגער אין דעם גרויסן בויונגס־פּראָצעס פון סאָציאַליסטישן היימלאַנד, קאָן און דאַרף דינען אַלס מוסטער פאַר אַלע ייִדישע קרײַזן אין דער וועלט.

„סאָוועטיש היימלאַנד" זעצט איצט פאָר אויס־צודריקן די הומאַנישע און רעוואָליוציאָנערע קול־טור־טראַדיציעס פון די גרויסע ייִדישע שרײַבער מענדעלע, שאָלעם־אַליייכעם, י.־ל. פּערעץ און אַנ־דערע. אין פאַרשיידענע ייִדישע קרײַזן אין דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט הוליען בייזע ווינטן. דאָרט העצן טאָגטעגלעך קעגן דעם סאָוועטנפאַר־באַנד די געטרײַע אָנהענגער פון די רעאַקציאָנער־סטע קרײַזן אין אַמעריקע, ענגלאַנד, מײַרעוו־דײַטשלאַנד, ייִסראָעל און אין אַנדערע לענדער, וועלכע כאָלעמען וועגן פאַרניכטן פּסר. די קרי־גערישע אימפּעריאַליסטן האָפן, אַז מיטן צעבינדן אַ שטערן־מילכאָמע וועט זיי געלינגען דאָס, וואָס עס איז ניט געלונגען היטלערן אין דער צווייטער וועלט־מילכאָמע.

די אַלע אָרגאַניזאַציעס אויף דער ייִדישער גאַס, וועלכע זײַנען שוטפים צו די פאַרברעכערישע פּלענער פון די קריגס־קרײַזן, דריקן ניט אויס די היסטאָרישע אינטערעסן פון די מיליאָנען ייִדן אויף דער וועלט. מיר דערמאָנען זיך אין די צײַטן ערעוו דער צווייטער וועלט־מילכאָמע, ווען די בורזשואַזע מײַרעוו־רעגירונגען האָבן אָפּגעוואָרפן יעדן רוף פונעם כאָוועטנפאַרבאַנד און פון די קאָמוניסטישע פּאַרטייען אין אַלע לענדער אויפצושטעלן אַ געמיינ־זאַמען פראָנט קעגן דעם פאַשיזם. אויך דאַן, ווען די קויכעס פון פּראָגרעס האָבן געוואָרנט, אַז היט־לער גרייט פאַר דער וועלט און ספּעציעל פאַר די ייִדן אַ בלוטבאָד, האָבן ייִדישע מאַנהיגים פאָרגע־זעצט די שמוציקע אַרבעט פון העצן קעגן פּסר, קעגן די, וואָס האָבן גערופן צו שטעלן אַ באַריער דעם פאַשיזם.

דער נאָענטער מיזרעך געפינט זיך אין אַ געפאַר פון אַ נײַער מילכאָמע. די פאַראייניקטע שטאַטן זעצן פאָר זייערע פּרוּוון צו פאַרוואַנדלען דעם נאָענטן מיזרעך אין אַ סטראַטעגישער באַזע קעגן דעם סאָוועטנפאַרבאַנד און קעגן דער זעלבשטענ־דיקײַט פון אַלע פעלקער אין אַפריקע און אין אַזיע. ליידער געפינען זיי אין די רעגירנדיקע קרײַזן פון ייִסראָעל שטיצער פאַר די געפערלעכסטע מילכאָ־מע־פּלענער. די ייִסראָעל־רעגירער, וועלכע כאָלע־מען וועגן פאַרייביקן די אָקופּאַציע פון דער פּאַ־לעסטינער טעריטאָריע, האָבן דערפירט ייִסראָעל צו אַ פּאָליטישן, עקאָנאָמישן און מאָראַלישן קרי־זיס, זיי האָבן פאַרלוירן יעדע בושע און טרעטן אַרויס אָפן אַלס שוטפים פון די רעאַקציאָנערסטע קרײַזן אין דער וועלט. זיי האָבן אויפגענומען מיט

פרייד די סטראטעגישע שוטפעס מיט די אמעריקאנער רעגירער, וואָס עס פאַרוואַנדלט ייִסראָעל אין אַן אמעריקאנער באַזע, שטענדיק דערבײַ אין אַ גרויסער געפאר די מעדינע גופע.

די ייִסראָעל־רעגירונג האָט אויפגענומען מיט גרייטקייט די ווענדונג פון די אמעריקאנער רעגירער וועגן אויפשטעלן אויף דער טעריטאָריע פון דער מעדינע אַ ראַדיאָסטאַנציע פון דער אַזויגערופענער „פרייַער אייראָפּע”, וואָס פירט אַ ווילדע העצע קעגן פססר. צווישן אַנדערס, פאַרשפרייטן זיי דעם שעקער וועגן דעם, אַז אין סאָוועטנפאַרבאַנד איז פאַראַן אַנטיסעמיטיזם און אונטערן מאַנטל פון אַנטי־ציוניזם. וואָס איז אָבער דער עמעס? ס'איז אַ פאַקט, אַז אין ייִסראָעל ווערט אָפן פּראָפּאַגאַנדירט די ראַסן־טעאָריע, ניט בלויז דורך דעם קנעסעט־דעפּוטאַט הראַוו קאַהאַנע, נאָר אויך דורך פיל אַנדערע קרײַזן. דאָס ווערט געטאָן פראַנק און פרײַ, קאַהאַנע מיט זײַנע נאָכלויפערס שטייען מיט פּלאַקאַטן אויף די גאַסן און שרײַען: „אַראָבער, אַרויס!”.

די קנעסעט האָט קלוימערשט אָנגענומען אַ געזעץ קעגן ראַסיזם, און דער ראַסיסט קאַהאַנע האָט פאַר דעם דאָזיקן געזעץ געשטימט מיט ביידע הענט. דאָס איז דער בעסטער באַווײַז, וואָס פאַר אַ באַדײַטונג דער געזעץ האָט.

די פּראָגרעסיווע קרײַזן אין ייִסראָעל קעמפן קעגן ראַסיזם אין דער מעדינע. דער סאָוועטנפאַרבאַנד, ווו ס'איז פאַרבאָטן יעטווידע ראַסן־העצע, טאַדלט דעם ראַסיזם, וואָס בושעוועט אין ייִסראָעל. דאַן קומען די רעגירנדיקע קרײַזן פון ייִסראָעל און טײַנען, אַז אונטער דעם מאַנטל פון קאַמף קעגן ציוניזם פירט מען אַן אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע.

די אָקופּאַציע און די קריגס־פּאָליטיק פון דער ייִסראָעל־רעגירונג איז גורם אַ געפערלעכן שאָדן פאַר די ייִדן אין דער גאַנצער וועלט און גיבן אַרגומענטן די פאַשיסטן צו באַרעכטיקן די ראַסן־שריט פון היטלערן קעגן די ייִדן.

מיר פרעגן זיך, צי איז די ראַסן־טעאָריע אַ פאַרברעכן בלויז דאַן, ווען זי ווערט אָנגעווענדט קעגן ייִדן? און אַז זי ווערט אָנגעווענדט קעגן אַראַבער, איז דאָס קאָשער?

מיט רעכט האָבן מיר, ייִדן, געפרעגט נאָך דער צווייטער וועלט־מילכאָמע, וועלכע האָט געקאָסט 50 מיליאָן קאָרבאָנעס און צווישן זיי זעקס מיליאָן ייִדן: ווו איז געווען די אַזויגערופענע מײַרעוודיקע וועלט, וועלכע האָט גאָרניט געטאָן צו ראַטעווען די ייִדן? דער סאָוועטנפאַרבאַנד האָט געעפנט די טויערן פונעם לאַנד און דערמיט פאַרהיט דאָס לעבן פאַר הונדערטער טויזנטער ייִדן. איצט קומט פאָר אַ שכיטע אין דאָרעם־אַפריקע, וואָס זשע טוט די ייִסראָעל־רעגירונג קעגן די פאַרברעכנס לגבי די שוואַרצע? מע הערט ניט קיין געשריי פון די ציוניסטישע רעגירער קעגן די דאָזיקע פאַרברעכנס. פאַרקערט, אין ייִסראָעל ווערן אויפגענומען מעלוכע־לײַט פון די דאָרעם־אַפריקאַנישע ראַסיסטן.

אין די טעג, אין וועלכע מיר לעבן הײַנט, איז מער ווי שטענדיק נייטיק צו מאָביליזירן אַלע ליטעראַרישע און קולטור־קרעפטן קעגן די פּרוּוון פון די קריגס־העצער אָנצוצינדן אַ נײַע מילכאָמע, אַן אַטאָם־קריג.

בײַם די יובילײַ־פײַערונגען פונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד” דאַרפן מיר אויפהייבן דאָס קאָל פון דער גאַנצער פּראָגרעסיווער ייִדישער קולטור, וועלכע איז שטענדיק געווען אַ פרידנס־ליבנדיקע, אַ קעמפערן פאַר סאָציאַלן יושער.

**שימען שורמיי,**

פאָרזיצער פון דער פאַרוואַלטונג
פונעם קולטור־געזעלשאַפטלעכן פאַרבאַנד
פון די ייִדן אין פוילן



---

די געשיכטע פונעם ייִדישן יישעוו אין פוילן פאַר די לעצטע יאָרצענדליקער, אָנגעהויבן פון די דרײַסיקער יאָרן, גיט אונדז, קאָן זײַן, אַ מעגלעכקײַט צו באַהויפּטן, אַז די געשעענישן זײַנען דאָ געווען מאַמעש אוניקאַלע לויטן טראַגיזם און העראָיזם. דער אומקום פון אַ גאַנץ פאָלק, די גראַנדיעזע רעטונגס־אָפּעראַציע, וואָס עס האָט דורכגעפירט די רויטע אַרמיי, דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, דער שווערער, אָבער אַכרײַעס־פולער פּראָצעס פון ווידערגעבורט אין די ווײַטער-

דיקע יאָרצענדליקער, דאָס היינטיקע הערלעכע בלעטל פון יידישער פּראָוואַרצלטקייט אין פאָלקס־פּוילן — דאָס אַלץ האָט די רעכט פאַרקערפּערט צו ווערן אין גרויסן פאָלקס־עפּאָס.

און אויב קוקן אַף די דאָזיקע היסטאָרישע פאַקטן פונעם פאָלקס־אויסדויער, האָבנדיק אין זינען די פּראָבלעמען פון דער איצטיקער צייט, מוז מען זאָגן, אַז דאָס אָנשליסן זיך פון די פּוילישע יידן צום אַלוועלטלעכן קאַמף קעגן דער נייער מילכאָמע־געפאַר איז א נאַציאָנאַלע נויטבאַדערפעניש. ווער באַך האָט אַזוי געליטן פון דער פאַרגאַנגענער מילכאָמע, ווי דאָס פּוילישע יידנטום? ווער נאָך האָט מיט אַזאַ אויסגעשפּראָכנקייט און בוכשטעבלעכקייט באַקומען צוזאַמען מיטן זיג איבערן פאַשיזם דאָס רעכט ווײַטער צו לעבן?

מיר ווייסן זייער גוט, אַז ציִען ווײַטער דעם העמשעך פאַר א קליין פאָלק באַטייט פאַרזיצן צו לעבן אין אַן אַטמאָספער פון פרײַנטשאַפט מיט די אַרומיקע פעלקער, מיטברענגענדיק אייגענע נאַציאָנאַלע ווערטן צו דעם פּראָגרעס, צום סאָציאַלן יוישער. אויב עמעצער מיינט, אַז ס׳איז מעגלעך צו אײַנהאַלטן דעם ווילטיק פאַר זיך, אָפּנעמענדיק אים בא אַנדערע פעלקער, האָט ער א ביטערן טאָעס.

דאָס געזאָגטע האָט א שײַכעס צו דער אָפּי־רונג פון די הערשנדיקע קרײַזן פון ייסראָעל אין דעם מיטלמיזרעכדיקן רעגיאָן, ווו אין מעשעך פון יאָרטויזנטער האָבן די אַראַבישע מאַסן געשאַפן זייער ציוויליזאַציע. די יונגע ייסראָעל־מעדינע קאָן אין אָט דער סוויווע געפינען איר אָרט בלויז אין א פרידלעכן צוזאַמענלעבן מיט די ברידערלעכע אַראַבישע שכיינים, מיט א מעדינע פון די פּאַלעסטינער,

לויט ווי עס האָט פאָרויסבאַשטימט די אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע נאַציעס.

ס׳איז מיר זייער אָנגענעם צו אָפּמערקן, אַז די פּרינציפּיעלע ריכט־ליניעס, וועגן וועלכע כ׳האָב דאָ אויבן געזאָגט, שטעלן צונויף די געמיינזאַמע פּלאַטפאָרם פון דער פּראָגרעסיווער יידישער פּרע־סע און ליטעראַטור, ווען עמערסטנס בוילעטער אויסדריקער עס איז אונדזער היינטיקער יובי־ליאַר — „סאָוועטיש היימלאַנד“. פאַרשטייט זיך, אַז אַליין די גווירלדיקייט פונעם קאַמף פאַר שאָלעם דיקטירט אונדז אַלעמען די נויטווענדיקייט צו קאָנסאָלידירן די אידייִש־פאָרגעשריטענע קויכעס אַף דער אַזויגערופענער יידישער גאַס. דער צווישנפעלקערלעכער „רונדער טיש“ אין מאָסקווע, דאָ, אין דער רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד“, איז דאָס פּאַסיקסטע אָרט אַף צו פּראָקלאַמירן אַזעלכע אידייען. ס׳איז א קאָוועד און א פליכט פון יעדן טוער פון דער יידישער ליטעראַטור און קונסט צו שטעלן זיך אין דינסט פון די נאָבעלע אויפגאַבן, וועלכע זײַנען געריכטעט צו שטאַרקן דעם שאָלעם אַף דער וועלט, צו דערגרייכן א גע־רעכטע פאַר אַלע צדאָדים לייזונג פונעם קאָנפליקט אַפן נאָענטן מיזרעך.

אין נאָמען פונעם ניט־גרויסן לויט דער צאָל, אָבער דינאַמישן און קולטור־שעפערישן יישעוו פון די פּוילישע יידן, מעלדעט אויך וועגן דער פולער אָנשליסונג צו דער דערקלערונג פון די אָנטיילנע־מער אין אונדזער „רונדן טיש“, וואָס איז געווענדט אַקטיוויזירן די אָנשטרענגונגען פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט קעגן דער גרויזאַמער אַטאָם־געפאַר, וואָס הענגט איבערן קאָפּ פון דער מענטשהייט, פאַר א ליכטיקן און געבענטשטן שאָ־לעם פאַר אונדזער דאָר און פאַר די קומענדיקע דוירעס.

# כאַים ביידער,

סאָוועטישער יידישער שרײַבער



צווישן די פאַרשיידענע פּראָבלעמען, וועלכע זײַנען באַרירט געוואָרן אַף דער היינטיקער פעלקערער יובליי־זיצונג פון „סאָוועטיש היימלאַנד“, איז געווען אויך די פּראָבלעם וועגן דער ליטעראַ־רישער ירושע. ס׳איז געגאַנגען א רייד ניט בלויז וועגן דער ירושע פון די קלאַסיקער, — פון מענ־דעלען, שאָלעם־אַליכעמען, ייצחאָק־לייבוש פּערעצן, נאָר אויך פון אַנדערע נאָענטע פאָרגייער, וועלכע האָבן געשאַפן אין די צוואַנציקער־דרײַסיקער יאָרן און אין דער נאָכמילכאָמע־צייט. דאָס איז א וויכ־

טיקע פראַגע אין אונדזער באַהאַנדלונג, און ניט אומזיסט איז דער אינטערעס צו איר זייער אַ גרויסער — סײַ בײַ אונדז אין סאָוועטנפאַרבאַנד, סײַ אין אויסלאַנד.

אין די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָר האָבן מײַרעוו־לענדישע פען־פּאָליטיקאַנער פאַרוואַנדלט די דאָזיקע פראַגע אין אַ שיידים־טאַנץ פון אַנטי־סאָוועטישן כאַראַקטער. מע שלעפּט אַרויס פון די נאַפטאַלין־געמויזעכצן געוויסע פּאַרשוינען, וועלכע זײַנען קלוימערשט „לעבעדיקע גוויִעס־אײדעס" וועגן דעם, וויאַזוי בײַ אונדז אין סאָוועטנפאַרבאַנד האָט מען, אָנהייבנדיק פונעם 1917, „אונטער־דריקט" די ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער, די ייִדישע ליטעראַטור.

ס'איז ברייט באַוווּסט, וואָס עס האָט באַוויזן אויפצוטאָן די „אונטערדריקטע" ייִדישע סאָוועטישע ליטעראַטור פאַר די צוויי צענדליק יאָר ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע. און לעכערלעך זעען אויס די באַמיִונגען פון די אַנטיסאָוועטישע שווינדלער אָפּצולייקענען דעם גרויסן בײַטראָג פון אונדזערע גרונטלייגער אין דעם אַלגעמיינעם אויצער פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור און קולטור.

אָנעמענדיק זיך די קריוודע פאַרן גוירל פון די ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער, טוען די אויסלענדישע אַנטיסאָוועטשיקעס גאָרניט, קעדיי צו אָפּהיטן און פּאָפּולאַריזירן די גרויסע ווערטן, וואָס עס האָבן געשאַפן פּערעץ מאַרקיש, דאָוויד בערגעלסאָן, דער ניסטער, איציק פעפער, דאָוויד האָפשטיין און אַנדערע. די עמעסע יאָרשים פון די דאָזיקע ווערטן זײַנען מיר, און בלעטערנדיק „סאָוועטיש היימלאַנד", קאָן מען זיך דערין איבערצײַגן. אין מעשעך פון דעם פאַרגאַנגענעם פערטל יאָרהונדערט האָט דער זשורנאַל געגעבן אַ מעגלעכקײַט דעם לייענער זיך אַלזײַטיק צו באַקאַנען מיט דער שאַפונג פון דער גרויסער פּלעיאַדע ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער, ער האָט אויך אָפּגעזוכט און פאַרעפנטלעכט אַ סאַך זייערע ווערק, וועלכע זײַנען פריִער ניט געווען באַוווּסט.

דאָס זעלבע קאָן מען זאָגן אויך וועגן דער ירושע פון די קלאַסיקער. אויף די זײַטלעך פון „סאָוועטיש היימלאַנד" האָבן דאָס ערשטע מאָל זיך באַוויזן שאָלעם־אַלייכעמס ראָמאַן „דער מיסטייק", זײַנע אַן אומבאַוווּסטע פּיעסע, צענדליקער, אויב ניט הונדערטער ביז איצט ניט פאַרעפנטלעכטע בריוו, ווי אויך בריוו און ווערק פון מענדעלע מויכער־ספאָרימען, ייִצכאָק־לייבוש פּערעצן, שאָלעם אַשן, פּערעץ מאַרקישן, לייב קוויטקאָן, יעכעזקל דאָברושינען, אַרן קושניראָוון, עזראָ פינינבערגן און פיל אַנדערע. דער לייענער האָט זיך ווידער געטראָפן מיט די ליטעראַרישע מײַסטער־ווערק פון אײַזיק־מייער דיקן, ייִצכאָק־יויעל לינעצקין, יאַקאָוו דינעזאָנען, אַוורהאָם רייזענען, יויסעף אָפּאַטאָשון, ה. לייוויקן, מאַני לייבן, מוישע־לייב האַלפּערנען, א. ווײַטערן, כאַיִם־נאַכמען ביאַליקן, שימען פרוגן און אַנדערע.

אָט דאָס איז אַ באַלעבאַטישער, פאַראַנטוואָרטלעכער צוגאַנג צו אונדזער ליטעראַרישער ירושע, אַ צוגאַנג, וואָס שליסט אויס יעטווידע פעלשונג, אַ באַפאַרבטע מיט צוויִעסדיקן באַוואַשן זיך מיט בילִיקע קראָקאָדיל־טרערן!

„סאָוועטיש היימלאַנד" האָט ניט ווייניק אויפגעטאָן אויף צו פאַרזעצן די פאָרשונג פון דער ייִדישער ליטעראַטור, און די דאָזיקע ליטעראַטור־פאָרשונג ווערט געמאַכט מיט גרויס אַכרײַעס, אין ברייטן מאַסשטאַב. אויב צונויפנעמען אַלץ, וואָס עס איז אויפגעטאָן געוואָרן פאַרן פעריאָד, זינט עס דערשײַנט אונדזער זשורנאַל, וואָלט זיך באַקומען אַ פילבענדיקע אויסגאַבע, וועלכע וואָלט ברייט און טיף אָפּגעשפּיגלט די געשיכטע פון אונדזער ליטעראַטור און קולטור, אָנהייבנדיק פון די אוראַלטע צײַטן ביז אונדזער סאָוועטישער טקופע. דערבײַ רעכענען מיר קיינמאָל ניט אויס אויף קיין סענסאַציעס, אויף קיין טומל און ראַש אַרום דער איבערשאַצונג פון די פאַראַנענע ווערטן אָדער אַרום די ניי־אַנטדעקטע אויצרעס, ווי עס ווערט צומאָל פּראַקטיקירט אין דער אויסלענדישער ליטעראַרישער פּרעסע. עס דערמאָנט זיך, לעמאָשל, אַזאַ פאַקט. מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט זיך אינעם ניו־יאָרקער זשורנאַל „ייִדישע קולטור" באַוויזן אַ פּובליקאַציע פון מענדעלעס אַ ניט־פאַרעפנטלעכטן בריוו צו שאָלעם־אַלייכעמען. אין אַ צײַט אַרום האָט די דאָזיקע פּובליקאַציע איבערגעדרוקט די וואַרשעווער „פאָלקס־שטימע". וואָלט מען, פאַרשטייט זיך, געדאַרפט באַגריסן אַזאַ אויפטו — אַ קלייניקײַט, מענדעלעס אַן אומבאַוווּסטער בריוו, און נאָך צו וועמען — צו שאָלעם־אַלייכעמען! ווײַזט זיך אָבער אַרויס, אַז דאָס איז קלאָר ניט קיין „אומבאַוווּסטער בריוו" — אים האָט נאָך אין 1927 פאַרעפנטלעכט דער סאָוועטישער זשורנאַל „די ייִדישע שפּראַך" מיט אַן אָנווײַזונג, אַז דער אָריגינאַל געפינט זיך אינעם שאָלעם־אַלייכעם־אַרכיוו אין ניו־יאָרק.

מע דאַרף ניט קיין סענסאַציעס, מע דאַרף ניט קיין פּוסטן טומל. אין געביט פון פאָרשונג און אַרכיוו־פּובליקאַציעס איז דער קוואַל אומויסשעפּלעך. גאַנצע אויצרעס ליגן נאָך ניט געריִרט אין אונדזערע אַרכיוון און ביבליאָטעקן, ווי אויך אין די אַרכיוון און ביבליאָטעקן פון אַנדערע לענדער. עס וואַרטן צו ווערן פאַרעפנטלעכט וויכטיקע מאַטעריאַלן, וועלכע ליגן פאַרזיגלט אונטער זיבן שלעסער אין די ניו־יאָרקער, טעל־אַוויווער זאַמלונגען. מיר, פון אונדזער זײַט, דאַרפן נאָך גוט אַרײַנקוקן אין די ליטעראַרישע און אַנדערע אַרכיוון פון מאָסקווע, לענינגראַד, קיִעוו, אָדעס, זשיטאָמיר, קאַמענעץ־פּאָדאָלסק.

אַ יובילײ איז ניט בלויז אַ סאַכאַקל, נאָר אויך אַ בליק אין דער צוקונפט. אין נאָמען פון

אַט דער צוקונפֿט דאַרף מען אַרבעטן. אין נאָמען פֿון אַט דער צוקונפֿט דאַרף מען שאַפֿן. מיר האָבן אַ לעבעדיקע ליטעראַטור, און אירע ווערק דערגייען אין אַלע ווינקעלעך, ווו ס'איז פֿאַראַן אַ געברויכער פֿונעם לעבעדיקן ייִדישן וואָרט.

אַרבעט איז פֿאַראַן אַ סך, און די מאַסשטאַבן פֿון דער אַרבעט פֿאַרברייטערן זיך. מיר ווייסן די הויפּט־ריכטונגען פֿון אונדזער לעבן און קאַמף. און איינע פֿון די דאָזיקע הויפּט־ריכטונגען איז דער קאַמף פֿאַר שאַלעם, קעגן דער אַטאָם־קאַטאַסטראָפֿע, וואָס דראָט דער מענטשהייט. און גוט, וואָס אונדזערע אויסלענדישע פֿריינט, וועלכע זײַנען געקומען אָפֿן יאָמטעוו, שליסן זיך אָן אין די באַמיונגען פֿון די סאָוועטישע שרײַבער. אונדזער וואָרט האָט געקלונגען שוין אין די טעג פֿון דער גרויסער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע. אונדזער וואָרט האָט געהאָלפֿן די בויער פֿון די ערשטע סאָוועטישע פּינפֿיאָרן. אונדזער וואָרט האָט געפֿונען זײַן אָרט אויף די שלאַכטפֿעלדער פֿון דער גרויסער פֿאָטערלענדישער מילכאָמע. זאָל אויך דערהערט ווערן אונדזער וואָרט איצט, ווען עס לייזט זיך דער גוירל פֿונעם לעבן אויף דער וועלט.



## אַנאַ ווילנער,

זשורנאַליסטקע

(פּאַריז)

מיר זײַנען גליקלעך צו באַגריסן די רעדקאָלעגיע און די רעדאַקציע, די אויטאָרן, קינסטלער, טעכנישע מיטאַרבעטער, וועלכע האָבן אַזויפֿיל אויפֿגעטאָן, קעדיי דער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" זאָל דערלעבן צו אַזאַ בעקאָוועדיקן עלטער — 25 יאָר. און פֿאַרשטייט זיך, מיר אַלע ווינטשן אים נאָך לאַנגע, לאַנגע יאָרן אויף ווײַטער צו לאָזן הערן די שעפֿערישע שטים פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד.

די פֿײַערונגען פֿונעם יובילײ, אין וועלכע ס'האָט זיך באַטייליקט אַ גרויסע גרופּע ייִדישע שרײַבער, קינסטלער, מוזיקער און שוישפּילער פֿון פֿאַרשיידענע שטעט פֿונעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד, האָבן זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַן עמעסן יאָמטעוו. דאָס נײַס בײַס די דאָזיקע פֿײַערונגען איז בעלי סאָפֿעק די אַנוועזנהײַט פֿון ייִדישע שרײַבער און קולטור־געזעלשאַפֿטלעכע טוער פֿון אויסלאַנד — אַרגענטינע, אורוגווײַ, ייִסראָעל, פּוילן, פֿאַרייניקטע שטאַטן פֿון אַמעריקע, פֿראַנקרײַך.

אין אונדזער זיקאָרן וועלן זיכער פֿאַרבלײַבן די פֿײַערלעכע מאָמענטן פֿון דעם יובילײ, די ערנסטע כאַוועריש מיינונגס־אויסטוישן מיט די מיטגלידער פֿון דער רעדקאָלעגיע און מיטאַרבעטער פֿון דער רעדאַקציע פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד", באַזונדערס דער קאַבאָלעס־פּאָנעם פֿאַר די אַנטיילנעמער פֿון די פֿײַערונגען אינעם היסטאָרישן זאַל פֿון דעם אַלפֿאַרבאַנדישן שרײַבער־פֿאַרבאַנד, אין וועלכן ס'האָט זײַנערצײַט געאַרבעט מאַקסים גאָרקי. דער סעקרעטאַר פֿונעם פֿאַרבאַנד האָט אונדז דערציילט וועגן די פּראָבלעמען, וועלכע עס לייזן איצט די סאָוועטישע מײַסטערס פֿונעם וואָרט. ס'איז בעפֿיירעש אונטערגעשטראָכן געוואָרן דער אינטערעס און די אויפֿמערקזאַמקייט מיצאַד די אָנפֿירער פֿון דער שרײַבער־אָרגאַניזאַציע צו דער ייִדישער ליטעראַטור, צום זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד". באַזונדערט פֿרייט די וויכטיקע ראָליע פֿון די סאָוועטישע שרײַבער אינעם פּראָצעס פֿון דעמאָקראַטיזאַציע און באַנײַונג.

אַן אינטערעסאַנטער מיינונגס־אויסטויש איז פֿאָרגעקומען אינעם באַרימטן „דעמבעגנעם זאַל" אין דער געבײַדע פֿונעם צענטראַלן הויז פֿון די סאָוועטישע ליטעראַטן. די אַרבעטס־זיצונגען האָבן זיך שפּעטער אַריבערגעטראָגן אין דער רעדאַקציע־געבײַדע פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד". מיר האָבן געהאַט אַ גוטע געלעגנהייט אַרומצורייידן די פּראָבלעמען, וועלכע שטייען ביכלאַל פֿאַר דער ייִדישער ליטעראַטור, — וועגן דעם, וואָס פֿאַר אַ צושטײַער עס דאַרפֿן אַרײַנטראָגן די ייִדישע שרײַבער אינעם קאַמף פֿאַר שאַלעם, באַזונדערס פֿאַר אַ געזעכטן און דויערנדיקן שאַלעם אויפֿן נאָענטן מיזרעך. די דערקלערונג, וועלכע איז אָנגענומען געוואָרן אויף אונדזער צוזאַמענטרעף, מוז דערגיין צו יעדן ייִדישן שרײַבער. יעדער איינער דאַרף געפֿינען זײַן אָרט אין דעם דאָזיקן קאַמף, אַזוי אַז

אומעטום זאָל דערהערט ווערן די שטים קעגן אַן אַטאָם־מילכאָמע, פאַר שאָלעם און פעלקער־פרײַנטשאַפט.

מיר ווייסן איצט שוין מער וועגן דעם לעבן און שאַפן פון די ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער. מיר באַגריסן די גרויסע גרופּע נײַע יונגע ייִדישע שרײַבער, וועמענס ווערק עס באַווײַזן זיך אַלץ אָפטער אויף די זײַטלעך פון „סאָוועטיש היימלאַנד". מיר האָבן געהאַט אַ געלעגנהײַט אויך פערזענלעך זיך באַקאַנען מיט אייניקע פון זיי בײַם די פּײַערונגען. דאָס איז אַ גוטער אָנזאָג און אַ באַווײַז, אַז די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראַטור זאָרגט וועגן אַ העמשעך. אָן וועלכן עס קאָן זיך ניט באַגיין קיין שום ליטעראַטור אין דער וועלט.

ס'איז אויך אָנגענעם צו וויסן, אַז אין סאָוועטנפאַרבאַנד ווײַזט מען ארויס זאָרג וועגן אַנדערע געביטן פון דער ייִדישער קולטור. מיר האָבן געזען און געהערט ארויסטרעטונגען פון יונגע מוזיקער און שוישפּילער, זיך באַקאַנט מיט פאַרנאָטירונגען פון פאָלקלאָר, וועלכן עס זאַמלען סאָוועטישע ייִדישע פאָלקלאָריסטן און מוזיקער.

צום סאָף וויל איך זאָגן — און דאָס איז ניט בלויז מײַן אייגענע מיינונג: ס'איז ווינטשנסווערט, אַז אַזעלכע באַגעגענישן זאָלן פאַרקומען אָפטער.

# יויסעף שוסטער,

סאָוועטישער ייִדישער שרײַבער



---

אין מעשעך פון פיל יאָרן מיטאַרבעט אין דער רעדאַקציע פון אונדזער זשורנאַל איז מיר אויסגעקומען צו באַזוכן ניט ווייניק שטעט און שטעטלעך בא אונדז אין לאַנד, און אומעטום בעשאַס יעדן אַזאַ ארויספאָר אין שליכעס פונעם זשורנאַל האָב איך זיך באַגעגנט מיט לייענער פון „סאָוועטיש היימלאַנד" און מיטן אַקטיוו געזעלשאַפטלעכע פאַרשפּרייטער — די געשווירענע מויכערספאָרימניקעס, וועלכע זײַנען טרײַ דער טראַדיציע צו ברענגען דאָס געדרוקטע וואָרט צו די ליבהאָבער און שעצער פון דער ייִדישער ליטעראַטור. עס איז אַוואַדע אָנגענעם צו הערן און זען, מיט וואָס פאַר אַ כשיוועס די לייענער רעדן וועגן זייער ליטעראַרישער צײַטשריפט, ארויסזאָגנדיק דערבײַ ניט ווייניק ווונטשן און אויך טײַנעס. יעדע אַזאַ באַגעגעניש ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ זאַכלעכער באַראַטונג, וואָס פאַרטיפערט דעם אינטערעס צום זשורנאַל, ברייטערט אויס זײַן פּאָפּולערקײַט.

וועגן דער באַהעפטונג פון „סאָוועטיש היימלאַנד" מיט זײַנע לייענער זאָגן אײדעס די פּילצאָליקע בריוו, וואָס דער זשורנאַל באַקומט פון אומעטום בא אונדז אין לאַנד און אין אויסלאַנד. ייִדישע האָרעפּאַשניקעס, וואָס וווינען אויף טויזנטער קילאָמעטער פון אונדזערע גרענעצן, אין שטעטלעך און ייִשוווים, וועלכע מע זעט קוים אָן אויף די לאַנד־מאַפּעס פון אַמעריקע, ייִסראָעל, פראַנקרײַך, אַרגענטינע, קאַנאַדע, ווענדן זיך צו „סאָוועטיש היימלאַנד" ווי צו אַ טריבונע פון סאָציאַלן יוישער, אַ זשורנאַל, וואָס שפּיגלט אָפּ לעבנס־פּראָבלעמען פון דער איצטיקער צײַט, פּונקט ווי די רעדאַקציע וואָלט זיך געפונען בא זיי אינעם אייגענעם ייִשעוו. איינער אַ לייענער פון גלאַזגאָ, שאָטלאַנד, אַ מעטאַל־אַרבעטער, פרעגט אונדז, צי מיר קאָנען ניט ארויסלאָזן „סאָוועטיש היימלאַנד" יעדע וואָך, ווײַל פון קינדווײַז לייענט ער גיך, און די מאַטעריאַלן פון אַ נומער „סאָוועטיש היימלאַנד" סטײַען אים צום לייענען בלויז אויף זיבן—אַכט טעג. עמעס, דער דאָזיקער פרײַנט אונדזערער, — מע רופט אים ז. רוטפעלד — גיט צו אין זײַן ווענדונג צו דער רעדאַקציע פונעם סאָוועטישן זשורנאַל, אַז נאָכן דורכלייענען די מאַטעריאַלן פון „סאָוועטיש היימלאַנד" גייען דורך וואָכן און כאַדאָ־

שים, בײַ וועלכע ער פירט דיסקוסיעס און באַהאַנדלונגען מיט זײַנע באַקאַנטע און קרויווים.

ס׳וועט ניט זײַן קיין גוזמע צו זאָגן, אַז וועגן אַזאַ פּאָפּולערקייט, וועגן אַזאַ ווירקעוודיקייט און נוצלעכקייט קאָן טרוימען אַ באַליביקע פּער־יאָדישע ליטעראַרישע צײַטשריפט.

נעכטן, בײַ דעם פּרעכטיקן אָוונט לעקאָוועד „סאָוועטיש היימלאַנד" און דער מעלוכע־באַלוינונג, וואָס דער זשורנאַל האָט באַקומען, איז אין אַ פּאָדער־זאַל פונעם צענטראַלן ליטעראַטן־הויז געווען פאַנאַנדערגעוויקלט די יובילײ־אויסשטעלונג: אַ ברייטע עקספּאָזיציע פון ביכער, דערשינענע אין יידיש און אין איבערזעצונגען אויף אַנדערע שפּראַכן, ווי אויך סטענדן מיט פּילצאָליקע פאָטאָ־איליוסטראַציעס, וועלכע שילדערן די שעפערישע און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט פון „סאָוועטיש היימלאַנד" פאַר די פאַרגאַנגענע 25 יאָר.

און ס׳איז אָנגענעם צו זען, ווי די אָנטיילנעמער פון דער פײַערונג האָבן באַלאַגערט די עקספּאָנאַטן פון דער אויסשטעלונג, זיך געטיילט מיט אײַנדרוקן וועגן דער עקספּאָזיציע. אַ באַיאָרטער מאַנצבל, וואָס האָט אויפמערקזאַם באַטראַכט די עקספּאָנאַטן, באַזונדערס די צעעפנטע זשורנאַל־נומערן מיט די נעמען און פאָטאָגראַפיעס פון יונגע שרײַבער, האָט, ווענדנדיק זיך צו זײַנעם אַ באַקאַנטן, געזאָגט: „אין זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" זעען מיר אונדזער הײַנט און אונדזער מאָרגן".

יאָ, דער כאָשעווער לייענער האָט קיין טאָעס ניט געהאַט. „סאָוועטיש היימלאַנד" זאָרגט שטענדיק וועגן דעם העמשעך פון דער סאָוועטישער יידישער ליטעראַטור. לאָמיר אַרויסזאָגן די האָפענונג, אַז אין די קומענדיקע יאָרן וועט אָט די זאָרג געבן דער ליטעראַטור אַ רײַכע גערעטעניש.

# אַמאָס לעווין,

דיכטער (טעל־אוויוו)



די כוידעשלעכע ליטעראַרישע צײַטשריפט „סאָוועטיש היימלאַנד", וועלכע דערשײַנט אין דער יידישער שפּראַך אין מאָסקווע, פײַערט איצט איר פינף־און־צוואַנציקיאָריקן אַרויסגאַנג. אַזוי לאַנג קאָן לעבן און זיך אַנטוויקלען אַ צײַטשריפט בלויז באַם באַדינג, אַז זי האָט טיפע וואָרצלען און די געהעריקע בליונגס־באַדינגונגען.

בעשאַס מײַנע באַגעגענישן אין מאָסקווע מיט שעפער פון פאַרשיידענעם עלטער, וועלכע פאַרעפנטלעכן זייערע ווערק אין „סאָוועטיש היימלאַנד", האָב איך זיך געקאָנט איבערצײַגן, אַז דאָס איז אַ זשורנאַל, וואָס דערשײַנט ניט אין זכוס פון אַן עפעקטיוון אַפּאַראַט, נאָר אין זכוס פון אַ גרויסער, ברייטער און הומאַנישער קולטור, וואָס געפינט איר אויסדרוק אין דער יידישער שפּראַך. דאָס איז אַ צײַטשריפט, וואָס לעבט, אָטעמט און שפּיגלט אָפּ דאָס לעבן פון פיל סאָוועטישע בירגער, וועמענס מוטער־שפּראַך איז יידיש, אַ צײַטשריפט, וואָס היט אָפּ די טראַדיציעס פון אַ רײַכער דוירעסדיקער קולטור.

בעשאַס מײַנע באַגעגענישן אין מאָסקווע מיט שעפער (פיל פון זיי האָבן מיר געגעבן אַלס מאַטאָנע זייערע ביכער, וועלכע זײַנען דערשינען אין די לעצטע יאָרן — אין יידיש, פאַרשטענדלעך) האָב איך זיך געקאָנט איבערצײַגן, ווי לעכערלעך און ראָשעדיק עס איז די פּראָפּאַגאַנדע וועגן דער „אונטערדריקונג" פון דער יידישער קולטור אין ראַטנפאַרבאַנד, אַ פּראָפּאַגאַנדע, וואָס ווערט געפירט אין יִשׂראָעל, אין פּשא און אין אַנדערע מײַרעוו־מעדינעס. ביכער פון יידישע שרײַבער דערשײַנען אין סאָוועטנפאַרבאַנד אין פיל שפּראַכן, זיי דערשײַנען אין פּרעכטיקע אויסגאַבעס און אין אַ גרויסער צאָל עקזעמפּליאַרן, מיט וואָס קיין שום קאַפּיטאַליסטיש לאַנד קאָן זיך ניט באַרימען, און יִשׂראָעל אוודאי ניט.

ניט די פראַגע פון יידן און ניט די זאָרג פאַר דער יידישער קולטור האָבן אין זינען די שרײַער וועגן „אונטערדריקונג", און ניט די „פרײַהייט פון שאַפונג", נאָר די געפערלעכע און ראָשעסדיקע שטרעבונג צו פאַרוואַנדלען די יידישע סאָוועטישע

בירגער אין אַן אינסטרומענט אינעם גלאָבאַלן קאַמף צווישן די געזעלשאַפטלעכע סיסטעמען — דער סאָציאַליסטישער און קאַפיטאַליסטישער.

דער זעלבער ציוניסטישער אַפאַראַט, וואָס ליגט איצט אײַן וועלטן אַרום דער ייִדישער קולטור אין פסר, האָט געפרוּווט פאַרשווײַגן אויך די רײַכע ייִדישע קולטור, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין דער עפאָכע צווישן דעם באַר־קאָכבאַ־אופשטאַנד און דער אַנטשטייונג פונעם ייִדישן ייִשעוו אין פאַלעסטינע. דער זעלבער ציוניסטישער אַפאַראַט האָט דאָך מיט שוים אָף די ליפן געקעמפט קעגן ייִדיש, דער שפראַך, אַף וועלכער ס'האָבן גערעדט די מערהײַט ייִדן. אין דער ביז־ייִסראָעל־טקופע פלעגן די העברעיִסטן־פאַנאַטיקער פאַרברענען אין טעל־אָוויוו ייִדישע צײַטונגען, ווען זיי פלעגן זיך באַווײַזן אין די קיאָסקן אַף צו פאַרקויפט ווערן. יעדער ערלעכער מענטש, ווו ער זאָל ניט זײַן, דאַרף פראָטעסטירן קעגן דער פאַרברעכערישער ספעקולאַציע מיטן נאָמען פון די סאָוועטישע ייִדן, וועלכע האָט אַ ציל צו פאַרשאַרפן די שפאַנונג אין דער וועלט. יעדער אופריכטיקער מענטש דאַרף טאַדלען די צוויִעסדיקע „זאָרג" פאַר די סאָוועטישע ייִדן מיצאַד די, וועלכע קאָאָפערירן זיך מיט די רעאַקציאָנערע נעאָפאַשיסטישע קרײַזן, מיט דאָרעם־אַפריקע, ליפערן וואָפן און אינסטרוקטאָרן פאַר די פאַשיסטישע רעזשימען אין צענטראַל־ און דאָרעם־אַמעריקע, זײַנען באַפרײַנדעט מיט די נעאָנאַציִשע און אַנטיסעמיטישע אָרגאַניזאַציעס אין פשאַ.

מיר לעבן אין אַן אַטאָם־טקופע, אין וועלכער דער מענטש קאָן ניט שטיין אַף בײדע זײַטן פון דער באַריקאַדע. ער דאַרף זיך שטעלן אַף דער זײַט פונעם לעבן אָדער אַף דער זײַט פון דעם טויט. אַפילע ווען דאָס קלינגט פאַטעטיש, איז דאָס דיווירקלעכקײַט. אין דער טקופע פונעם אַטאָם־וואָפן, וואָס באַדראָט צו פאַרניכטן די מענטשהײַט, צוריקערן אונדז צו אַ טויהו־וואָווויהו, איז, אַגעוו, פאַראַן אַ געפאַר, אַז עס וועלן מער ניט זײַן קיין סימכעס — אַזעלכע, ווי די דאָזיקע סימכע, אַף וועלכער מיר האָבן זיך איצט פאַרזאַמלט. ס'וועט ניט זײַן קיין געלעכטער פון קינדער, קיין דיסקוסיעס, קיין ליבעס, קיין דיכטער, קיין בלומען...

עטלעכע ווערטער וועגן דער טויזנטיאָריקער ייִדישער שפראַך. אַ שפראַך ווערט געשאַפן און אַנטוויקלט זיך אין אַ געוויסער סוויווע, און אין איר אַנטוויקלונג שפיגלט זי אָפ אַ געזעלשאַפטלעכע, סאָציאַלע, פאָליטישע און עקאָנאָמישע ווירקלעכקײַט. די אַנטוויקלונג פון ייִדיש איז איינע פון די קלאַסישע בײַשפילן דערפון, וויאַזוי דער לעבנס־אַרט פון די ייִדן אין אייראָפע, אין מיטלאַלטער, אין דער טקופע פון רענעסאַנס און אין די שפעטערדיקע יאָרהונדערטער האָט פאַרוואַנדלט די פאָלקס־שפראַך אין אַ שפרודלדיקן קוואַל.

די שפראַך איז אָבער געווען און איז געבליבן אַן אויסדרוק־אינסטרומענט פון מענטשן, און ניט מער. די שפראַך איז ניט קיין ציל, נאָר אַ מיטל, אויב מע זאָל זיך פאָשעט אויסדריקן. אין ייִדיש, אַזוי ווי אין יעדער שפראַך, קאָן מען זאָגן און שרײַבן די ווונדערלעכסטע און די אופשווידערנדיקסטע זאַכן. געטע און ברעכט האָבן גערעדט און געשריבן אין דער דײַטשישער שפראַך, און אויך היטלער האָט געשריבן און גערעדט אין דער דײַטשישער שפראַך. דער נאָווי יעשײַע האָט געפריידיקט אין איוורית. ביאַליק האָט געשריבן אין איוורית, און אויך ייִצכאָק שאַמיר, אַריִעל שאַראָן, האַראַוו קאַהאַנע רײדן און שרײַבן אין איוורית. אַנטאָן טשעכאָוו, שאָלעם־אַלײכעם, פאָל עליואַר, אַלעקסאַנדער פען, מאַקסים גאָרקי, נאַזים כיקמעט, פאַבלאָ נערודאַ, וואָלט וויטמען — זיי און פיל אַנדערע האָבן געשריבן און שרײַבן אַף איין געמיינזאַמער שפראַך — אַף דער שפראַך פון הומאַניזם, דער שפראַך פון עמעס, פון לעבן, פון ליבע.

דאָס פאַרוואַנדלען די שפראַך אין אַ ציל פירט נויטווענדיקערווײַז צו די זעלבע נעגאַטיווע דערשײַנונגען, קעגן וועלכע מיר קעמפן. יעדער פרוּוו צוצושרײַבן צו אַ שפראַך אייגנשאַפטן, וואָס זײַנען אויסער איר אופגאַבע, קאָן דערפירן צו אַראָפגליטשן זיך פריִער אָדער שפעטער צום נאַציאָנאַליזם. כ'האָב געלייענט אין איינעם פון די לעצטע נומערן פון „סאָוועטיש היימלאַנד" אַן אַרטיקל, וואָס באַהאַנדלט צווישן אַנדערס אויך די פראָבלעם פון דער ייִדישער שפראַך, און עס איז מיר קלאָר, אַז אַ מוטער־שפראַך קאָן מען ניט שאַפן, דער מענטש ווערט געבוירן מיט דער מוטער־שפראַך, אַזוי ווי ער ווערט געבוירן מיט אַ פאָר אויגן, ער באַקומט זי צוזאַמען מיט דער מילך פון דער מוטער, ער קאָן אופהערן זיך באַניצן מיט איר אין געוויסע אומשטאַנדן, קאָן לערנען אַן אַנדער שפראַך אָדער אַנדערע שפראַכן, אָבער די מוטער־שפראַך, וועלכע ער האָט אופגענומען באַ דער מאַמען מיט אַ שמייכל אָדער אין טרויער, אין באַדינגונגען פון וווילזײַן אָדער אין באַדינגונגען פון נויט, קאָן ער ניט בײַטן.

די פרוּוון צו שאַפן אַף אַ קינסטלעכן אופן אָדער אופצווינגען אַ שפראַך אַף עמעצן האָבן נאָכגעשלעפט נאָך זיך שטענדיק טראַגישע רעזולטאַטן, ווי ס'האָבן נאָכגעשלעפט נאָך זיך טרויעריקע רעזולטאַטן די פרוּוון צו צאַמען די לעבעדיקע און גערעדטע שפראַך.

עטלעכע ווערטער וועגן לערנען די איווריט־שפראַך אין סאָוועטנפאַרבאַנד. די טײַנע, אַז אין פסר איז קלוימערשט פאַרבאָטן צו לערנען איווריט, דינט זינט יאָרן אַלס מיטל מיצאַד יענע, וואָס פירן אַ דורכגעטראַכטע און פלאַנירטע אַנטיסאָוועטישע פראָפאַגאַנדע. מיר, די שטרעבנדיקע צו פרײַנטשאַפט מיטן סאָוועטנפאַרבאַנד אין ייִסראָעל,

וואַרפֿן ניט איין מאָל אָפּ די דאָזיקע טײַנע אַלס „באַווײַז“ פֿון דער רעדיפֿע קעגן ייִדן אין דער סאָוועטישער מעדינע.

לויט מײַנע זיכערע אינפֿאָרמאַציעס לערנט מען איווריט אין דרײַ אוניווערסיטעטן אין ראַטנפֿאַרבאַנד. אין ייִסראָעל לערנט מען ייִדיש בלויז אין איין אוניווערסיטעט. איווריט איז ניט די גערעדטע שפּראַך בײַ די ייִדן אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד. פֿאַר די סאָוועטישע ייִדן, וועלכע האַלטן זיך נאָך בײַ דער רעליגיע, ווערט אַלץ געגעבן, זיי זאָלן באַפֿרידיקן די רעליגיעזע באַדערפֿענישן, עס ווערן געדרוקט סידורים, דער טאַנאַך. ניין, ניט די איווריט־שפּראַך איז דאָס, וואָס נעמט צו דעם שלאָף בײַ די מײַרעוודיקע „סאָוועטאָלאָגן“, נאָר די אַנטיסאָוועטישע העצע.

צום סוף וויל איך דאַנקען די גאַסטגעבער פֿאַר דער אײַנלאַדונג אָנטיילצונעמען אין די פֿײַערונגען פֿונעם 25־טן יוביל פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד“. מיר האָבן געהאַט ניט בלויז אַ כאַווערישן אויפֿנאַם, נאָר אויך אינטערעסאַנטע באַהאַנדלונגען, פּערזענלעכע באַגעגענישן מיט אַ גײַסטיק רײַכער און הומאַנישער געזעלשאַפֿט, אַ דאָרשטיקער צו שאָלעם און פֿרײַנטשאַפֿט.

## דאָרע טייטלבוים
פּאַריז



## שאָלעם־קאַרנאַוואַל

עס בליט די אַלטע שטאָט אינמיטן האַרבסט.
אויף ביימער און באַלקאָנען
וואַקסן שאָלעם־פֿאָנען.
טיר און פֿענצטער אָפֿן אין די אַרבעטער־קוואַרטאַלן.
פֿון פֿרידן רעדט אַ הויז הײַנט מיט אַ הויז.
ווער ס'קאָן נאָר גיין, איז מיט טויב ווײַסער אויף זײַן ברוסט
פֿון שטוב אַרויס
דעם שאָלעם כאַסמענען אויף גאַסן מיט די טריט.
און ווער אין שטוב ס'האָט בלײַבן הײַנט געמוזט,
שרײַבט מיט בליק זיך אונטער דורך די שויבן.

עס טראָגט אַ הויכער טאָג אַ שיסל פֿײַער אויפֿן קאָפּ
און בייגט זיך לאַנגזאַם צו דער ערד אַראָפּ.
טרומייטערס שאַלן.
עס שטראָמט אַ מענטשן־טײַך — אַ זינגענדיקע, פֿרידלעכע אַרמיי —
און ס'פֿלאַטערן סטײַעס ווײַסע טויבן איבער זיי.
פֿון אַלעקסאַנדריאַ, פֿון טורין, פֿון מאַראָקאָ און בערלין קומען זיי אַהער
און טראָגן קווייטן אָנגעשטאָט געווער.

מיט פאַקלען אין די הענט זיי האָבן איבער דערפֿער, איבער שטעט געשפּאַנט
און פֿרײַנטשאַפֿט און ברידערלעכקײַט פֿאַרזייט אין יעדן לאַנד.
ווי שניטער פֿון די פֿעלדער, זיי קערן אום זיך הײַנט צוריק
מיט כסימעס־גאַרבן קעגן קריג.
שטייט אויף, בערג פֿאַרגליווערטע, פֿאַרשלאָפֿענע בּאַ ברעגן,
און מיט ווײַנגערטנער מיט אײַערע אויף אַקסלען די זין און טעכטער
גייט אַנטקעגן!
קום, יאַם מיטללענדישער, אַלטער, גרויער איידעס
פֿון רויבער און פּיראַטן, וואָס האָבן מײַנע אורזיידעס געפֿירט
פֿאַרקויפֿן אויף די מערק און דײַנע כוואַליעס? — וועלן געפֿאַרבט מיט זייער בלוט,
דערנעענטער זיך צום ברעג
און וואַש דעם שטויב אַראָפּ פֿון שפּרינגנדיקע פֿיס.

און איר, פֿאַרורטיילטע, וואָס לויערן איבער וועגעס פֿון דער מענטשהײַט,
ווי שיקורים איבער פֿאַרמאַכטע פֿעסער ווײַן,
און ווילט, ס'זאָל דער לעצטער מאַלצײַט אײַערער דער גרעסטער אין געשיכטע זײַן,
קוקט אַרויס דורך פֿאַרקלאַפּטע פֿענצטער פֿון פּאַלאַצן און זעט:
מאַמעס פֿון טולוז, פֿאַניאַנג און האַנאָי קושן זיך ווי שוועסטער,
זין פֿון טאַשקענט, פֿון וואַרשע און קאַנטאָן דריקן זיך די הענט ווי ברידער.

זעט:
עס רעדט אַ פֿויער פֿון וואַלערעז
מיט אַרבעטער פֿון וויעטנאַם,
זייער שפּראַך — די מאַרסעליעז.
הערט די לידער פֿון מאַטראָסן אין די פּאָרטן,
הערט דעם עכאָ אין קאַבאַנג און אין באָמביי:
„מיר וועלן קיין אַרבעטער ניט מאָרדן!
ווײַל אַרבעטער מיר זײַנען פּונקט ווי זיי!
אין רו מיר ווילן לעבן אויף דער ערד,
טראַקטאָרס אויסשמידן פֿון אײַזן און פֿון שרויט,
און קיינמאָל מער ניט ווערן זאָל צעשטערט
אַלץ, וואָס הענט האָבן פֿון אַרבעטער געבויט".

זעט:
מיט רויטע פֿאָנען פֿון רוים עס גייט אַ יוגנט־באַטאַליאָן,
ערד פֿון פּאַרטיזאַנען־קוואָרים טראָגן זיי אין הענט.
גאַריבאַלדי אויבנאָן!
איבער די אַלפּן־בערג געקלעטערט האָבן זיי דורך נאַכט,
ווײַל ס'האָבן די זשאַנדאַרמען
די גרענעצן באַוואַכט.
מיט טענץ און מיט געזאַנג, אין ווײַסן אָנגעטאָן
גייען פֿראַנקרײַכס טעכטער.
טעלמאַן גייט.
שטרײַקערס, געפֿאַלענע אין שלאַכטן פֿון מילאַן,
גייען אויף די אַקסלען פֿון אַ יונגן פּאַרטיזאַן.
אַ יונגע מאַכנע גייט מיט ביימער גרינע אָנשטאָט פֿאָנען.

זעט, וואַמפּירן,
דורך שליסל־לעכער פֿון צוגעמאַכטע טירן,
עס גייט אַ וואַלד צו אײַך מיט ריזן,
ווי צו די מערדער צוויי — מאַקבעט!
ווײַסע טויבן האָבן רויטן בלוט אין וועגעס,
און צאַרטע רויזן האָבן שפּיזן.



## שאַרל דאַבזשינסקי
פּאַריז

---

### פון דער פּאָעמע: אוישוויץ, געליבטע מײַנע...

גאַליבטע מײַנע, מײַן באַנײַטע צווייטע קינדהײַט,
איך קער זיך ווידער אום צו דיר, ווײַל ווידער בלי איך;
ווײַל איך דערזע מײַן טונקלקײַט און ווייס:
איך קאָן נאָר ליכטיק זײַן, ווען כ׳ווער געבוירן בײַ אין דײַנע אויגן.
די ווערטער מײַנע הויל איך אויס, קעדיי אַרויסצושעפּן זייער פײַער,
געפינען דעם באַשייד פאַר אַלץ, וואָס אַרום זיך דו זעסט,
און אָפּנעמען באַם לעבן ווידער
די קופּע, אָנגעשאָטן אין זײַן שוואַרצער נאָרע,
דאָס זונען־ברוכוואַרג, בא דער נאַכט אַרויסגעריסן...

מײַן לעבן סטאַרטשעט נאָך מיט שאַרפע שערבלעך פון מילכאָמע —
איז וואָס זשע וווּנדערסט זיך, טײַערע, געליבטע,
אויב עס צערײַסט מײַן בליק צומאָל זיך אין די שפּיצן.
און אויב אין בלוט, וואָס טריפט נאָך אויף דער וואַנט פון אָוואַר מײַנעם,
געבוירן ווערט אַ זון, פאַר אַלעמען פאַרהוילן —
אַ פּאָנעם, וואָס צעפּערטלט איז אין שטיקלעך פון צעפּלאַצטן שפּיגל.
מע האָט מײַן האַרץ נאָך אַלץ ניט אויסגערוימט פון אַלע מינעס...

צומאָל איך טרוים —
אַ גאַס אַ טונקעלע, זי פירט מיך פון איין כאָלעם צו אַ צווייטן.
איך גראָב געשרייען אויס און בלאָנדזשע
איבער כורוועס פּונעם שלאָף, אַליין און עלנט.
אַ קאַלטער שוויס באַדעקט די ווערטער מײַנע.
און כ׳ציטער דאָן,
צי ס׳וועט כאָלילע ניט
אַ פּאָנעם אַ פאַרגעסנס, ווי אַ רועך, וואָס געפינט קיין רו ניט,
זיך טאָן אַ ריס פון מיר און קומען דיך פאַרסאַרפן.
צי וועט דער כורבן, וועלכער וואָגלט שטענדיק אין מײַן כאָלעם,
זיך ניט צעפּלאַקערן אין מילדן שאַלווע־פלעמל
פון דײַן נאַכט־רו.
וואָס מיר געשען איז, זאָל ניט אָנשטעקן דײַן קלאָרקײַט,
ווי אַן אָראַנזשן־פּרוכט,
וואָס וואַלגערט זיך אויף קאַרקע.

גאַליבטע מײַנע, מײַן באַנײַטע צווייטע קינדהײַט,
איך רעד צו דיר דורך נעפּלען פון די נעכט אָן שלאָף,
איך גראָב געשרייען אויס,
קעדיי זיי אָפּצוקערן פון דײַן שטימע.
איך גראָב די שאָטנס אויס,
קעדיי זיי אָפּצוקערן פון דײַן לעבן.

* * *

איך האָב דאָך פּאָרט געזען, געליבטע,
דעם קאָדשיי־קודאָשים:
די קינדער־שיכלעך שלאָפעדיקע בלעטער.
פון פרויען־האָר דעם טײַך און וואלד אָן סאָפן,
נאָך שווער פון שאָרכן און געריש פון פייגל.
א שפּילצײַג וויזט צומאָל פון דר׳ערד ארויס זײַן קינביין:
די צוקונפט אָן איין צאָן,
פול כויזעק.
אַף לעפצן פון געצירקלטע אלייען
דאָס גרינס, וואָס שמייכלען וויל,
ווי ס׳וואָלט דאָס לעבן זיך געשעמט ארויסצופיקן
פון דער שאָל פון פרילינגען און זומערס.
און נאָר די שווײַגעניש שטרעקט אויס די האנט
און קעמט, און קעמט, און קעמט די האָר די לאנגע
מיט קעמלעך פונעם בארג פון קאמען, טויטע צווײַגן,
ווו קיינמאל ניט זינגען מער דער בלאָנדער ציטער וועט פון פליגל...

איר זאָגט, עס איז פאַרבײַ, פאַרוויַיט,
עס נוצט צו גאָרניט דאָס גערייד,
די ערד צו גרינען איז שוין גרייט,
די טיר האָט זיך געעפנט ברייט,
דאָס קינד איז גרויס, די טווע רייף...
איר זאָגט, עס איז פאַרבײַ, אוועק —
האָט דאָס געשריי אײַך ניט דערוועקט,
פון וועגט, וואָס אין די נעכט באדעקט
פון האק און קרייץ די וויסטע פרוכט!..

אוישוויץ. כ׳שטויס אוועק דעם שאָטן
פון דײַן פלאם, וואָס וואכט און פלאקערט
איבער אלע ליכט פארלאָשענע
און זאַפט זיי אָן און גיט זיי ווידער דעם זיקאָרן.
אונדזער ליבע שטרעבט אין פלאם און אָטעם
אזויפיל פענעמער, אין אש פארהוילן, אופצולעבן.
און אונדזער בלוט בלײַבט הייס בא זייער לײַכטן.
און אונדזער הארץ גיט זײַן קאָליר פאר זייער פלאקער.
אָ, ליבע מײַנע, ס׳קאָן א שאָטן אין די פלאמען,
א קערנדל פון אויסזײַן — שפּראָצן, ווערן צײַטיק...
ווי קאָן ווער גליקלען זײַן

קאָלזומאַן דער טויט באגילדט נאָך זײַנע טרויבן אַף די זונען?
דאָס בלײַ פון אומגליק קאָן אָבער אין אונדזער האנט זיך בײַטן.
אָ, געליבטע, ווע אין מײַנע אויגן,
ווי דער רויך שטײַגט אוף פון דעם, וואָס איך געזען האָב.
ווײַל איך ציטער —
אונדזער ליבע און אזויפיל ליבעס פון איר גלײַכן
זאָלן פּאָרט ניט זײַן בעקויער ניט צו לאָזן,
דאָס נעכטן־פײַער
אַף דער צוקונפט זיך אמאָל פארשפּרייטן...
נאָר האָבן מיר ניט ווי א קעגן־פײַער פּאָרט
טאָג־אײַן, טאָג־אויס דאָס נײַ־געבוירן
פון ביטאָכן?..

ייִדיש — דאָרע טײטלבוים

■ ■ ■

## אילוסטראַציעס פון יוסעף טשײַקאָוו
## צו מענדעלע מויכער־ספֿרימס דערציילונג
## „דאָס קעלבל"











8*

יעווגעניאַ מאַלאַכאָווסקאַיאַ

# דער אָנזאָגער פון דער קאָסמאָס־עפּאָכע

אין דער געשיכטע פון דער וועלט־וויסנשאַפט זײַנען פאַראַן פּערזענלעכקײַטן, צו וועלכע דער אינטערעס וועט זיך קיינמאָל ניט אויסלעשן. אַזאַ איז געווען סערגיי פּאַוולאָוויטש קאָראָליאָוו: אַ רעוואָליוציאָנער אין דער וויסנשאַפט, אַ גרויסער אויטאָריטעט אין דער אינדוסטריע, אַ נאָוואַטאָר און מעסירעסנפּעשדיקער עמעס־זוכער.

ס. פּ. קאָראָליאָוו איז געבוירן געוואָרן דעם 12 יאַנוואַר 1907 אין זשיטאָמיר. זײַנע עלטערן פּאַווע יאַקאָוולעוויטש און מאַריאַ ניקאָלײַעוונאַ,ביידע לערער אין דער היגער גימנאַזיע, האָבן געפירט אַ באַשיידן לעבן, פאַרפולט מיט טאָגטעגלעכער אַרבעט. זיי האָבן שטאַרק ליב געהאַט זייער זון און געווידמעט אים יעדע פרײַע מינוט. וויאַזוי דאָס איז געשען, געדענקט ער שוין ניט, אָבער ווען ער איז עלטער געוואָרן, האָט ער דעם טאַטן לעם זיך ניט געפונען. זעלטן פלעגט אים באַזוכן די מאַמע. און געלעבט האָט ער שוין בײַ דעם זיידן און דער באָבען אין גאָר אַן אַנדערער שטאָט — אין ניעזשין.

אַנומלטן איז אַרײַנגעגאַנגען צו זיי אין שטוב אַן אומבאַקאַנטער. ער האָט זיך באַגריסט מיט סערגייען און פאָרגעשטעלט זיך: גריגאָרי מיכײַלאָוויטש באַלאַנין. דאָס איז געווען זײַן צוקינפטיקער שטיף־פאָטער. דעם אייגענעם טאַטן האָט קאָראָליאָוו שוין מער קיינמאָל ניט געזען און ניט באַקומען קיין שום ידיעס וועגן זײַן ווײַטערדיקן גורל...

אינגיכן פאָרט די מישפּאָכע אַריבער קיין אָדעס. די נײַע שטאָט האָט אים פאַרכאַפּט און באַצויבערט: דער יאַם, די שיפן, די אַעראָפּלאַן־פלוגן, די רוישנדיקע גאַסן־פאָרשטעלונגען, די קאַרנאַוואַלן אויף די היפּאָדראָמען, „דער גרויסער שטומער"... — אַזוי האָט מען גערופן די דעמלטיקע קינאָפילמען... אָדעס האָט אויך געהאַט מיט וואָס זיך צו רימען אויפן געביט פון וויסנשאַפט און טעכניק. דער רוסישער אַוויאַטאָר מיכאַיל יעפימאָוו האָט צום ערשטן מאָל אין רוסלאַנד פאַרווירקלעכט זײַנע פלוגן איבערן אָדעסער היפּאָדראָם אויף אַ פלי־אַפּאַראַט, וואָס איז געווען שווערער פון דער לופט; קאָנסטאַנטין עדואַרדאָוויטש ציאָלקאָווסקי האָט טאַקע דאָ, אין אָדעס, פאַרעפנטלעכט זײַנע ערשטע וויסנשאַפטלעכע ווערק אין געביט פון אַעראָנאַווטיק...

אַ געוויסע צײַט האָט זיך קאָראָליאָוו געלעבט דאָ לײַכט און רויק, און ער האָט דערפאָלגרײַך פאָרגעזעצט זײַן לער אין דער גימנאַזיע. אָבער אינגיכן האָט זיך אויך קיין אָדעס דערטראָגן דער שטורעם פון סאָציאַלע אומרייסלונגען. אין שטאָט האָבן זיך אָנגעהויבן מיטינגען, שטרײַקן, דעמאָנסטראַציעס, צוזאַמענשטויסן. די שטאָט האָט געקאָכט און געברויזט — אויס מיט דעם פריערדיקן רויקן און דײַגעסלאָזן לעבן!

ס'האָט זיך געשלאָסן די גימנאַזיע, ווו קאָראָליאָוו האָט געלערנט. וואָס טוט מען ווײַטער? וווהין זאָל ער גיין? אייניקע קאָראָליאָווס מיטשילער זײַנען אוועק אַרבעטן אין פּאָרט. אַנדערע זײַנען אָנגעקומען אין דער באַוויגאַציע־שול, ניט ווייניק האָבן זיך אַוועקגעלאָזט זוכן זייער גליק אין דער הויפּטשטאָט, קאָראָליאָוו איז געבליבן אין אָדעס.

אין 1922 קומט ער אָן אין דער פּראָפעסיאָנעל־טעכנישער בוי־שול. זײַנע באַציִונגען מיט די עלטערן ווערן אַלץ מער קאָמפּליצירט, ער פאַרלאָזט זייער הויז און הייבט אָן אַ זעלבשטענדיק לעבן.

לערנען זיך און גלײַכצײַטיק פאַרדינען אויפן לעבן איז ניט לײַכט. דערצו נאָך ווידמעט קאָראָליאָוו פיל צײַט דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט: ער העלפט די שילער פון די ייִנגערע קורסן, פירט דורך שמועסן וועגן בירגערקריג, וועגן דעם רויטן לופטפלאָט. לייענען לייענט ער אַ סאַך: טאָלסטאָיען, פּושקינען, ביכער וועגן די באַרימטע פליִער סערגיי אוטאָטשקין, די ברידער יעפימאָוו, מאַציעוויטש, נעסטעראָוו. ער ווערט אַלץ מער פאַרכאַפּט פון דער אַוויאַציע. דאָס העראָישע לעבן פון די פליִער

רופּט באַ אים אַרויס באַוווּנדערונג. ער באַזוכט די לעקציִעס אין דער אָדעסער געזעלשאַפט פאַר אוויִאַציע און אַעראָנאַווטיק, ווערט אַן אַקטיווער מיטגליד אין דער גובפּאַרטסעקציע.

פעווראַל 1924. די גובפּאַרטסעקציע באַטראַכט די פראַגע וועגן בויען פלאַנערס. דער זיבעצנ־יאָריקער סערגיי קאָראָליאָוו שלאָגט פאָר זײַן אייגענעם פּראָיעקט פון אַ פלאַנער. נאָך אַ גענויער אונטערזוכונג ווערט דער פּראָיעקט באַשטעטיקט און רעקאָמענדירט צום קאָנסטרויִרן.

לויטן אויפטראָג פון דער גובפּאַרטסעקציע פירט קאָראָליאָוו אָן מיט אַ פלאַנעריסטן־קרײַז פון די פּאַרט־אַרבעטער. אויף די לימודים גייט אַ רייד וועגן די נײַע דערפינדונגען און פאַרבעסערונגען אינעם בוי פון אַעראָפּלאַנען, וועגן דער ברייטער אַנטוויקלונג פונעם פלאַנעריזם, זײַן מיליטערישער און ווירטשאַפטלעכער באַדײַטונג: דאָס זיבעצניאָריק באָכערל, ערשט ניט לאַנג נאָך אַ קינד, באַצווי־בערט די צוהערער מיט דער געוואַגטקײַט און אָריגינעלקײַט פון זײַנע געדאַנקען. די פּאַרט־אַרבעטער האָבן ליב געקראָגן זייער קרײַז־אָנפירער, און זיי נעמען אויף זיך אַלע הוצאָעס, וואָס פאָדערן זיך אויף אויפבויען דעם פלאַנער. נאָך מער: זיי באַשליסן אויסטיילן 5 פּראָצענט פון זייערע פאַרדינסטן אויף אויסצוהאַלטן דעם קרײַז־אָנפירער. קאָראָליאָוו פּרוּווט פּראָטעסטירן און דראָט אַפילע מיט איבערײַסן די פאַרנעמונגען. אָבער די אַרבעטער דערמאָנען אים, וואָס עס באַטײַט פּראָלעטאַרישע סאָלידאַריטעט, און קאָראָליאָוו מוז נאָכגעבן.

באַטאָג האָט ער, ווי פריִער, באַזוכט די פּראָפטעכשול און אין אָוונט פלעגט ער אײַלן אין רויטן ווינקל פונעם פּאָרט. ביז שפּעט אין דער נאַכט דערציילט ער זײַנע דאַנקבאַרע צוהערער וועגן די פלאַנערס, וועגן מעטאָדן פון קערעווען און פירן זייער פלוג. אין די שאַבאָסים און זונטיקס בויט ער זײַן פלאַנער, אָבער עס פעלט אים די נייטיקע געניטשאַפט אין האָלצבאַאַרבעטונג, און קעדיי צו באַ־הערשן די דאָזיקע מעלאָכע, קומט ער אָן אויף דער מעבל־אָפּטיילונג פון דער פּראָפטעכנישער בוי־שול. דאָס וועט אים שפּעטער גוט צונוץ קומען באַם שאַפן פאַרן לאַנד פלאַנערס און אַעראָפּלאַנען.

אין מאַרט 1924 ווערט אָנגענומען אַ באַשלוס וועגן בויען פלאַנערס לויט דער אַרצעולאָוו־קאָנסטרוקציע, און עס ווערט דערקלערט אַ קאָנקורס אויפן בעסטן פּראָיעקט. אין צוויי כאָדאָשים אַרום האָט שוין קאָראָליאָוו איבערגעגעבן דער קאָנקורס־קאָמיסיע זײַן פּראָיעקט און אַ פאַרטיקן פלאַנער, אַ קאָנסטרויִרטן לויט דעם דאָזיקן פּראָיעקט און אַן אויסגעפּרוּווטן אין פלוג. די אָדעסער געזעלשאַפט פון אוויִאַציע און אוויִאַנאַווטיק האָט דערלויבט פליִען אויף אָט דעם פלאַנער.

באַגײַסטערט פונעם ערשטן דערפאָלג, נעמט זיך קאָראָליאָוו צום שאַפן אַ נײַעם מאָדעל. אין אַפּריל 1924, אויף דער ערשטער גובערניע־קאָנפערענץ פון די פלאַנעריסטן, ווערן אָנגערופן נעמען פון די זיגער אינעם קאָנקורס, צווישן זיי — סערגיי קאָראָליאָוו. דער פאָרזיצער פון דער גובסעקציע באָריס פײַערשטיין גיט אים אַרויס אַ צײַגעניש, אַז ער האָט אָנגעפירט מיט אַ פלאַנעריסטן־קרײַז, קאָנסטרויִרט אַ פלאַנער, וועלכער איז אָנגענומען צום בויען, „די אָדעסער גובפּאַרטסעקציע רעקאָ־מענדירט דעם כ׳ קאָראָליאָוו אַלס ענערגישן, פעיִקן און גוטן פאַכמאַן, וואָס קאָן ברענגען פיל נוצן סײַ אַלס אָרגאַניזאַטאָר, סײַ אַלס אָנפירער פון פלאַנעריסטן־קרײַז" — ווערט געזאָגט אין דער צײַגעניש.

דער ליבהאָבער פון פלאַנערן־ספּאָרט פאַרוואַנדלט זיך אין אַ פּראָפעסיאָנעלן פלאַנעריסט. אין זעלבן יאָר פאַרענדיקט ער די פּראָפטעכשול. זײַן גאַנץ לעבן וועט ער זיך גרויסן און שטאָלצירן מיט דעם דאָזיקן לערן־אַנשטאַלט.

איצט קאָן ער שוין מיטן גאַנצן ברען זיך אָפּגעבן דעם פלאַנעריזם, אָבער דער שטיף־טאַטע און די מאַמע, זעענדיק, אַז סערגיי איז פעיִק אויסצופילן היפּשע וויסנשאַפטלעך־פאָרשערישע אַרבעטן, באַשטייען דערויף, ער זאָל ווײַטער פאָרזעצן זײַן בילדונג. עס איז שווער געווען נישט מאַסקים צו זײַן מיט די אַרגומענטן. גריגאָרי מיכײַלאָוויטש באַלאַנין איז געווען אַן ערנסטער, באַדאַכטער אינ־זשעניער, וואָס האָט זיך שטענדיק באַשעפטיקט מיט שעפערישער פאָרש־אַרבעט. טאַקע ער האָט געהאָלפן סערגייען באַהערשן די מעטאָדיק פון גיכן כעזשבענען און לייענען, פון ריכטיק קאָמ־פּלעקטירן די היימישע ביבליאָטעק. סערגיי האָט נאָכגעגעבן, און אין האַרבסט איז ער אַרויסגעפאָרן קיין קיִעוו.

לערנען זיך אויף דער אַעראָמעכאַנישער אָפּטיילונג פונעם קיִעווער פּאָליטעכנישן אינסטיטוט איז געווען פאַר אים לײַכט און אינטערעסאַנט. דערבײַ האָט ער אָבער אויך געוואָלט זײַן פולקום זעלב־שטענדיק און מאַטעריעל ניט אָפּהענגיק זײַן פון די עלטערן. באַטאָג האָט ער זיך אינגאַנצן געווידמעט דער לער, אין די אָוונטן געאַרבעט און פאַרדינט אויפן לעבן. אים איז אויסגעקומען צו זײַן אַ פאַר־קויפער פון צײַטונגען, אַ טרעגער, אַ בוי־אַרבעטער, אַ קאָמענדאַנט פון אַ געבײַדע.

אהיים האָט ער געשריבן קורצע באַרויִקנדיקע בריוו. מאַריע ניקאָלײַעוונאַ האָט אין אים געגלייבט, געהאַט צו אים צוטרוי און האָט באַמיט זיך אויסמײַדן איבעריקע אײַצעס און אָנווײַזונגען.

אין 1927 י., אין צוזאַמענהאַנג מיטן פאַרמאַכן די אַעראָמעכאַנישע אָפּטיילונג אינעם קיִעווער פּאָליטעכנישן אינסטיטוט, פאָרט קאָראָליאָוו אַריבער קיין מאָסקווע. ער וויל פאַרווירקלעכן זײַן יוגנט־טרוים און פּרוּווט אָנקומען אין דער אַקאַדעמיע אויפן נאָמען פון זשוקאָווסקי. ליידער איז ער ניט גענוג באַהאַוונט אין די ספּעציפישע פראַגעס פון דער מיליטערישער אוויִאַציע און אַ סאַך מיליטערישע לערן־דיסציפּלינען האָט ער אין קיִעוו ניט שטודירט. דעריבער נעמט מען אים ניט אָן. קאָראָליאָוו קומט אָן אויף אַ קרויוישן לויטן פּראָפיל פאַקולטעט אין דער מאָסקווער העכסטער טעכנישער שול אויף באַומאַנס נאָמען. דער באַומאַן־אינסטיטוט האָט געשעמט מיט זײַן סיסטעם פון אויסבילדן אינזשעניערן, מיט זײַנע טראַדיציעס און טאַלאַנטפולע לערער.

אין מאָסקווע איז אים פּראַקטיש אויסגעקומען אין אַ סך פֿאַלן אָנצוהייבן אַלץ פֿון דאָסניי. עס האָבן ווידער אויפֿגעטויכט די פֿראַגעס וועגן דעם, וויאַזוי צו פֿאַרדינען אויפֿן לעבן. אַהיים שרײַבט ער, אַז עס גייט אים מאַטעריעל גוט, און די בריוו באַוווּנדערט ער און באַשרײַבט די שיינקייט פֿון די מאָסקווער גאַסן און געסלעך, דערציילט אויספֿירלעך וועגן זײַנע כאַווערים.

פֿרילינג 1927 טרעט ער אַרײַן אין דער געזעלשאַפֿטלעכער סטודענטישער קאָנסטרוקטאָרן־ביוראָ און הייבט אָן אַרבעטן איבער אַ נײַעם פֿלאַנער. זײַנע דרייסטע פֿאָרשלאָגן, אָריגינעלע אינזשעניערישע לייזונגען און באַוואָטאָרישע קאָנסטרוקטאָרישע אידייען ציִען צו אַלעמענס אויפֿמערקזאַמקײַט.

דער פֿלאַנעריסטן־קרײַז פֿונעם באַומאַן־אינסטיטוט האָט זיך אײַנגיכן פֿאַרייניקט מיט די ענטוזיאַסטן פֿון פֿלאַנעריזם אין דער זשוקאָווסקי־אַקאַדעמיע און צוזאַמען האָבן זיי געשאַפֿן דעם קרײַז — „דער שוועבנדיקער פֿלוג". די פֿירנדיקע ראָליע האָבן דאָ געשפּילט די שפּעטער באַרימט געוואָרענע קאָנסטאַנטין אַרצעולאָוו, אַנדריי טופּאָליעוו, וולאַדימיר פּישנאָוו, וויקטאָר באָלכאָוויטינאָוו, סערגיי איליושין, מיכאַיל טיכאָנראַוואָוו אאַ. זיי זײַנען געוואָרן די איניציאַטאָרן פֿון שאַפֿן די געזעלשאַפֿט „פֿרײַנט פֿונעם לופֿטפֿלאָט" און פֿון אָרגאַניזירן די רעגולערע אַלפֿאַרבאַנדישע פֿלאַנער־פֿאַרמעסטונגען אין קרים.

בעשאַס די פֿאַרמעסטונגען אין קאָקטעבעל האָט זיך קאָראָליאָוו באַקאַנט און באַפֿרײַנדעט מיט אַלעקסאַנדער יאַקאָוולעוון, סערגיי איליושינען, וולאַדימיר וואַכמיסטראָוון, אָלעג אַנטאָנאָוון, פּאַוועל ציבינען און מיט אַנדערע שפּעטער באַוווּסט געוואָרענע קאָנסטרוקטאָרן, פֿליִער, אָנפֿירער פֿון גרויסע אוויאַציע־אונטערנעמונגען. די פֿרײַנטשאַפֿט מיטן פֿליִער און קאָנסטרוקטאָר ס. מאָשינען איז איבערגעוואַקסן אין אַ שעפֿערישער צוזאַמענאַרבעט. מאָשין האָט געלערנט קאָראָליאָוון די קונסט פֿון פּילאָטירן, און צוזאַמען האָבן זיי אויפֿגעבויט אַ נײַעם פֿלאַנער, וועלכן זיי האָבן אָנגערופֿן „קאָקטעבעל".

דעם ערשטן פֿלוג אויפֿן „קאָקטעבעל" האָט דורכגעפֿירט ס. מאָשין, דעם צווייטן — ס. קאָראָליאָוו. סערגיי האָט פּילאָטירט מײַסטערהאַפֿט, ס'האָט זיך געדאַכט, אַז בעסער פּילאָטירן איז שוין פּשוט אוממעגלעך. אָבער ער אַליין האָט געהאַלטן, אַז ער הייבט ערשט אָן זיך לערנען, וויאַזוי מע דאַרף עס טאָן.

און ער האָט געהאַלטן וואָרט. נאָכן פֿאַרטיידיקן דעם דיפּלאָם־פּראָיעקט קומט ער אָן אין דער מאָסקווער פּילאָטן־שול, וועלכע ער פֿאַרענדיקט מיט דערפֿאָלג. אין 1930 יאָר פֿאַרענדיקט ער די אַרבעט איבערן אַעראָפּלאַן „ס.ק.־4", בײַם וועלכער ער האָט אָנגעווענדט אַלע בעסטע מײַלעס פֿון זײַן פֿריִערדיקן פֿלאַנער „ס.ק.־3" — „רויטער שטערן". אויפֿן „ס.ק.־4" האָט דער באַרימטער סאָוועטישער פֿליִער־אויספּרוּווער וואַסילי סטעפּאַנטשאָנאָק צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע אויסגעפֿילט די „נעסטעראָוו־פּעטליע".

אין דער זעלבער צײַט האָט זיך קאָראָליאָוו באַקאַנט מיטן אינזשעניער און דערפֿינדער פֿרידריך צאַנדער, וועלכער איז געווען באַרימט אַלס טאַלמיד און נאָכפֿאָלגער פֿון ציאָלקאָווסקין, אַלס אָרגאַניזאַטאָר פֿון וויסנשאַפֿטלעכע פֿאָרשונגען איבער דער פּראָבלעם פֿון צווישנפּלאַנעטאַרישע פֿלוגן. פֿון דעמלט אָן ווערט אויך קאָראָליאָוו אַ פֿלאַמיקער פּראָפּאַגאַנדיסט פֿון ציאָלקאָווסקיס וויסנשאַפֿטלעכער ירושה, זײַן טרײַער און איבערגעגעבענער שילער און נאָכפֿאָלגער.

סערגיי פּאַוולאָוויטש גייט איבער אַרבעטן אין דער „גרופּע פֿון דערלערנען די רעאַקטיווע באַוועגונג". ער פֿירט אָן מיט די וויסנשאַפֿטלער, וואָס פֿאַרנעמען זיך מיט פֿאָרשונגען אויפֿן געביט פֿון רעאַקטיווער טעכניק, העלפֿט צאַנדערן, דעם שעף פֿון דער „גרופּע". צוזאַמען מיט אים און מיט מ. טיכאָנראַוואָוון אַרבעט ער אויף צו שאַפֿן אַ מאָטאָר פֿון אַ „פּרינציפּיעל נײַער באַוועגונגס־קראַפֿט". גלײַכצײַטיק זעצט ער פֿאָר זײַנע באַמיִונגען אויפֿן געביט פֿון פֿלאַנעריזם. ער איז פֿאַרכאַפּט פֿון דער אידיי אויסצושטעלן די ראַקעטע אויף אַ פֿלאַנער, די דאָזיקע אידיי צווינגט אים רעווידירן זײַנע פּלענער און אַ נעם טאָן זיך מיט נײַע קויכעס צו דער פֿאָרשונג פֿון רעאַקטיווער באַוועגונג.

אין אויגוסט 1933 ווערט געשאַפֿן און אויסגעפּרוּווט די ערשטע סאָוועטישע פֿליסיק־קײַט־ראַקעטע „09". קאָראָליאָוו שרײַבט: „די סאָוועטישע ראַקעטעס דאַרפֿן באַהערשן און באַזיגן דעם אַלוועלט־רוים!" די נײַע ריכטונג פֿאָדערט גרויסע געלט־אינוועסטיציעס, גענײטע שעפֿערישע קאַדרען, ריזיקע פּראָדוציר־מעכטיקײַטן. צוליב דעם ווערט אָרגאַניזירט אַ נײַער וויסנשאַפֿטלעך־פֿאָרשערישער אינסטיטוט בעראָש מיטן מיליטער־אינזשעניער פֿון ערשטן ראַנג דעם 35־יאָריקן קאָנסטרוקטאָר א. ט. קלייִמענאָוו, איינעם פֿון די שפּעטערדיקע שעפֿער פֿון דער וועלט־באַרימטער „קאַטיושאַ". אַלס זײַן שטעלפֿאַרטרעטער און אָנפֿירער פֿון דער וויסנשאַפֿטלעכער אַרבעט ווערט באַשטימט ס. פּ. קאָראָליאָוו.

אַ היפּשע ראָל אין דעם, וואָס קאָראָליאָוו איז געוואָרן אַ ספּעציאַליסט אויפֿן געביט פֿון ראַקעטן־בוי, האָט געשפּילט זײַן באַקאַנטשאַפֿט מיט נ. א. רינינען, דעם אויטאָר פֿונעם אוניקאַלן פּאָפּולער־וויסנשאַפֿטלעכן בוך „צווישנפּלאַנעטאַרער פֿאַרקער", און מיט יאַ. פּערעלמאַנען, דעם באַרימטן פּראָפּאַגאַנדיסט פֿון ראַקעטן־וועזן און צווישנפּלאַנעטאַרע פֿלוגן, דעם אויטאָר פֿון אַ גאַנצער רײ וווּנדערפֿולע פּאָפּולער־וויסנשאַפֿטלעכע ביכער. אין אַ בריוו צו פּערעלמאַנען האָט קאָראָליאָוו געשריבן: „איצט אַרבעט איך הויפּטזאַכלעך איבער דעם פֿלוג, וואָס עס וועט פֿאַרווירקלעכן דער מענטש..." געווען איז דאָס אין יאָר 1935. שוין דעמלט האָט זיך בולט אָנגעמערקט די נײַע ריכטונג אין קאָראָליאָווס וויסנשאַפֿטלעכער און פּראַקטישער אַרבעט — דאָס שאַפֿן אַ ראַקעטע פֿאַרן פֿלוג פֿון אַ מענטשן.

דער פּלאַנעריזם האָט אים געבראַכט צו דער אַוויאַציע, די אַוויאַציע האָט אים געבראַכט צו דער קאָסמאָנאַווטיק, וועלכער עס געהערט די צוקונפט!

צוזאַמען מיט יע. ס. שטשעטינקאָוו שאַפט קאָראָליאָוו אַ באַפליגלטע ראַקעטע. זי ווערט מיט דערפאָלג אויסגעפּרוווט, און קאָראָליאָוו ווידמעט זיך פולשטענדיק דער דאָזיקער טעמע. אין זײַן בוך „דער ראַקעטן־פּלוג אין דער סטראַטאָספער“ שרײַבט ער וועגן דער אַקטועלער וויכטיקײַט פונעם ראַקעטן־וועזן: „קימאַט גלײַכצײַטיק מיט אונדזערע געלערנטע אַרבעט מען אויך אין אויסלאַנד איבער דער לייזונג פון דער ראַקעטן־פּראָבלעם. אין אַמעריקע און אין דײַטשלאַנד האָט מען אויסגעבויט ספּעציעלע ראַקעטאָדראָמען, וווּ עס ווערן דורכגעפירט פאַרשיידענע פּרוּוון און עקספּערימענטן... ווי יעדע נײַע טעכנישע דערגרייכונג ווערן אויך די ראַקעטן־אַפּאַראַטן אויסגענוצט מיצד דעם קאַפּיטאַליזם קוידעמקאָל לעשעם מילכאָמע און צעשטערונג...“

סערגיי פּאַוולאָוויטש ווערט אינגאַנצן פאַרכאַפּט פון דער פּערספּעקטיוו צו דערגרייכן איבערהויכע שנעל־פּלוגן און פון די גרענעצלאָזע מעגלעכקײַטן פון דער באַפליגלטער ראַקעטע. אין דעם ראַקעטן־אינסטיטוט שאַפט ער און פּרוּווט אויס עטלעכע וואַריאַנטן פון אויטאָמאַטיש־געפירטע ראַקעטעס. ער קומט צום אויספיר וועגן דער נויטווענדיקײַט צו שאַפן ראַקעטאָפּלאַנען, אויף אַ וויסנשאַפטלעכער קאָנפערענץ רעדט ער וועגן דער מעגלעכקײַט אויסצונוצן צוליב דעם דאָזיקן ציל פּלאַנערס פון פאַרשטאַרקטער קאָנסטרוקציע. אייגיכן שאַפט ער אַזאַ פּלאַנער, וועלכן עס פּרוּווט אויס דער פּליער פיאָדאָראָוו.

קאָראָליאָוס אַרבעטן איבער דער קאָנסטרויִרונג פון קאַלערליי פּלאַנערס האָבן געשאַפן אַ מעכטיקע עקספּערימענטאַלע באַזע, וואָס האָט שפּעטער דערמעגלעכט צו אויפבויען דעם ערשטן סאָוועטישן עראָפּלאַן מיט אַ ראַקעטן־מאָטאָר.

ווי באַוווּסט, שטויסן זיך אָן אַלע לאַנגדויערנדיקע פאַרשונגען און זוכונגען אויף דער שטערונג, וואָס דער מאָטאָר איז צו קליין און זיכערט ניט קיין סטאַבילע און שטאַנדהאַפטיקע פונקציאָנירונג. סערגיי פּאַוולאָוויטש נעמט זיך צו דער שאַפונג פון מעכטיקע מאָטאָרן. ער פאָרט אַריבער קיין קאַזאַן. דאָ זעצט ער פאָר זײַן אַרבעט אויפן קאַזאַנער אַוויאַ־זאַוואָד, פירט אָן מיט דעם אָפּטייל פון פּולווער־מאָטאָרן, ווערט באַשטימט אַלס שטעלפאַרטרעטער פונעם הויפּט־קאָנסטרוקטאָר אין דער עקספּערימענטאַלער קאָנסטרוקציע־ביוראָ פון רעאַקטיווע מאָטאָרן און פירט אָן מיט די פּלוג־פּרוּוון.

די צווייטע וועלט־מילכאָמע, וועלכע האָט אַרומגעכאַפּט גאַנץ אייראָפּע און פיל לענדער אויף אַנדערע קאָנטינענטן, האָט אַרויסגערופן אַ שטורמישע אַנטוויקלונג פון דער ראַקעטן־טעכניק. דײַטשלאַנד האָט פיבערהאַפטיק געגרייט דאָס „נעקאָמע־געווער“, וואָס האָט געזאָלט ענדערן דעם גאַנג פון דער מילכאָמע. צוליב דעם האָבן די היטלעריסטן נאָך ברייטער פאַנאַנדערגעוויקלט דעם פאַרש־צענטער פון ראַקעטעס אין פּענעמיונדע, פאַרגרעסערט די אינוועסטיציעס, אָפּגערופן פון פראָנט די בעסטע אינזשעניערן און קאָנצענטרירט אין פּענעמיונדע אַריבער 15 טויזנט מענטשן, וועלכע האָבן פאַנאַנדערגעאַרבעט ראַקעטעס פון פאַרשיידענע סיסטעם־קלאַסן, בעסוכעם אויך די טרויעריק באַרימטע „פאַו־1“ און „פאַו־2“, מיט וועלכע זיי האָבן סיסטעמאַטיש באַשאָסן די ענגלישע שטעט.

אין אונדזער לאַנד זײַנען באַזונדערס ברייט אויסגענוצט געוואָרן די ראַקעטן־אַפּאַראַטן פונעם טיפּ „קאַטיושאַ“, וועלכע האָבן אָנגעוואָרפן אַ טויט־שרעק אויף די פאַשיסטן, די גוואַרדייִשע מינענוואַרפערס „קאַטיושאַ“ האָבן אַרײַנגעטראָגן אַ ריזיקן צושטײַער אין דער צעשמעטערונג פון דעם היטלעריסטישן „רײַך“.

אין 1945 ווערט קאָראָליאָוו באַשטימט אַלס אָנפירער פון אַ גרופּע סאָוועטישע עקספּערטן, וועלכע איז באַאויפטראָגט אויסצופאָרשן די דײַטשישע טראָפעי־ראַקעטעס. אין לעצטן סאַכאַקל קומט ער צום אויספיר, אַז די דײַטשישע וויסנשאַפטלער האָבן ניט אַריבערגעשטיגן אונדזעריקע, אָבער דער טעכנאָלאָגישער ניוואָ, די אַרבעטס־דיסציפּלין און די אָרגאַניזאַציע פונעם פּראָדוצירונגס־פּראָצעס זײַנען דאָרט אַנדערע איידער בײַ אונדז. הייסט עס, אַז די סאָוועטישע אינדוסטריע איז בעקויעך צו פּראָדוצירן ראַקעטעס, מע דאַרף בלויז שאַפן דעם געהעריקן אינדוסטריע־צווײַג.

פאַרענדיקט די אַרבעט, טראָגט קאָראָליאָוו אַרײַן אין מיניסטאָרן־ראַט פון פּססר זײַן פאָרשלאָג, און אין מײַ 1946 ווערט געשאַפן אַ נײַע אינדוסטריע־צווײַג. אַלס הויפּט־קאָנסטרוקטאָר פון באַליסטישע ראַקעטעס איז באַשטימט געוואָרן סערגיי פּאַוולאָוויטש קאָראָליאָוו.

דער לאַנגיאָריקער טרוים וועגן אַ ראַקעטן־אינדוסטריע איז פאַרווירקלעכט געוואָרן, און מע קאָן שוין, הייסט עס, אַ קלער טאָן וועגן דעם פלוג פון אַ מענטשן אין קאָסמאָס. אָבער... די אָביעקטיווע אומשטאַנדן האָבן זיך געענדערט און געצוווּנגען צו פאַרגעסן פאַרלויפיק די נײַע פּלענער און אָפּלייגן זיי אויף שפּעטער.

די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן אָנגעהויבן צו פאַרשאַרפן די צווישנפעלקערלעכע לאַגע, געבומען בויען מיליטערישע באַזעס אַרום דעם ראַטנפאַרבאַנד און זײַנען אַרויס אַפילע מיט אָפענע דראָונגען לעגאַבע אונדזער לאַנד, פּאַרמאָגנדיק אין זייער רעשוס די אַטאָם־באָמבע. האָבנדיק אין זינען די אָפענע אַוואַנטיורעס פונעם אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם, איז אונדזער לאַנד געווען געצוווּנגען צו פאַרשטאַרקן די באַמיונגען אויף פעסטיקן די לאַנד־שויץ.

פאַרן קאָלעקטיוו, מיט וועלכן ס'האָט אָנגעפירט ס. פּ. קאָראָליאָוו, איז געשטעלט געוואָרן די אויפגאַבע צו פאַרלייגן דעם פונדאַמענט פון ראַקעטן־בוי, שאַפן מעכטיקע באַליסטישע ראַקעטעס און פאָרמירן גאַנצע ראַקעטן־קאָמפּלעקסן. די אומשטאַנדן האָבן געפאָדערט אויסערגעוויינלעך גיכע אַר־

בעטס־טעמפּן. לויט קאָראָליאָווס איניציאַטיוו און אונטער זײַן אָנפירונג ווערן אָרגאַניזירט מעכטיקע פאַרייניקונגען פון וויסנשאַפטלער און פּראָדוצירלער. בעראָש פון די נײַע וויסנשאַפטלעך־פּראַקטישע ריכטונגען שטייען טאַלאַנטפולע אָרגאַניזאַטאָרן: ניקאָלײַ פּיליוגין, מיכאַיל יאַנגעל, סעמיאָן קאָסבערג, געאָרגי באַבאַקין, וואַסילי מישין אאַ. די קויכעס פון דעם ריזיקן קאָלעקטיוו זײַנען אָנגעצילט אויף צו בײַקומען די טעכנישע אָפּגעשטאַנענקײַט, די ביוראָקראַטישע באַריערן, די ענג־לאָקאַלע באַגרענעצטקײַט. דער לאָזונג איז: „א ליאַדע קלײניקײַט איז פון גרויסער וויכטיקײַט! פּאָרויס, און נאָר פּאָרויס!"

קאָראָליאָוו אַרבעט 14 — 18 שאָ אין מעסלעס. ער פירט אײַן א נײַע סיסטעם פון קעגנזײַטיקע באַציִונגען צווישן די אָנפירער און די אַרבעטער, האַלט אײַן אין פאַרשנעלערן די טעמפּן פון זײַן אַרבעטס־טעטיקײַט. ער פאַרשטייט, ווי גרויס עס איז די וויכטיקײַט פון די קינפטיקע אַנטדעקונגען, די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע באַדײַטונג פון די רעזולטאַטן פון זײַן אַרבעט. דעריבער רעגלאַמענטירט ער שטרענג זײַן אַרבעטסטאָג: וואָס מער צײַט און אויפמערקזאַמקײַט — דעם מענטשן, אומאָפּהענגיק פון זײַן אַמט־לאַגע, פון זײַן וויסנשאַפטלעכן אָדער פּראַקטישן בײַטראָג.

אין סענטיאַבער 1947, אַפן אָוונט לעקאָוועד דעם 90־טן געבורטסטאָג פון ק. ע. ציאָלקאָווסקין, האָט דער דעמלט פערציקיאָריקער ס. פּ. קאָראָליאָוו געזאָגט: „איצט איז נאָך אומעגלעך אין דער פולער מאָס אָפּצושאַצן דעם פאַרמעסט פון ציאָלקאָווסקיס אידייען, פון אַלע זײַנע האַשאָרעס און פאָרשונגען אַפן געביט פון דער ראַקעטן־טעכניק, פון אַלע אייגנטימלעכקײַטן און צײַטנווײַז קוים באַמערקבאַרע פּראָטים פון זײַנע פּראָיעקטן, פאָרשלאָגן, טעאָרעטישע ווערק, באַשרײַבונגען אאַוו. ציאָלקאָווסקי האָט מאַקדים געווען זײַן דאָר און געלאָזט זײַנע מיטצײַטלער ווײַט הינטער זיך".

אין אָקטיאַבער 1947 האָבן סטאַרטירט די ערשטע סאָוועטישע באַליסטישע ראַקעטעס, אין א יאָר אַרום ווערט אויסגעפּרוווט דער ראַקעטן־קאָמפּלעקס „ר־1", וואָס האָט שפּעטער געדינט אַלס אויסגאַנג־מוסטער באַם שאַפן ראַקעטעס פון פאַרשיידענער ציל־באַשטימונג.

אין 1949 ווערט דערפאָלגרײַך אויסגעפּרוווט די געאָפיזיקאַלישע ראַקעטע, וואָס איז בעקויעך אויפהייבן לאַסטן אַף א הייך פון 100 קמ. דאָס איז געווען א גרויסער, זייער מאַמאָשעסדיקער ניצאָכן. פאַרן ווײַטערדיקן פּאָרויסמאַרש זײַנען נייטיק ספּעציאַליסטן, מיט לײַב און לעבן איבערגעגעבענע דעם ראַקעטן־וועזן. סערגיי פּאַוולאָוויטש באַקאַנט זיך מיט דער פאָרש־אַרבעט פון א ריי מאָסקווער הויכשולן, וויסנשאַפטלעך־פאָרשערישע אינסטיטוטן, אָפּטיילונגען פון דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע פון פּססר. ער שטעלט אײַן זאַכלעכע באַציִונגען מיט מ. ו. קעלדישן, אי. ו. קורטשאַטאָוון אאַ., קאָנצענטרירט אַרום זיך די טעטיקײַט פון א גרויסער צאָל וויסנשאַפטלער און אַרבעט מיט דערפאָלג איבער דער פּראָבלעם פון שאַפן צווישנקאָנטינענטאַלע ראַקעטעס און סאַטעליטן־טרעגער פאַר די קאָסמאָס־פאָרשונגען.

ער ווערט אין 1953 יאָר אויסגעוויילט אַלס מיטגליד־קאָרעספּאָנדענט פון דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע פון פּססר. פאַר די געהעריקע אָרגאַניזאַציעס שטעלט ער די פראַגע וועגן אויפבויען א קאָסמאָדראָם, וואָס זאָל לויט זײַנע מאַסשטאַבן און טעכנישע אײַנריכטונגען דערלויבן ברייט פּאַנאַנדערוויקלען אַן אַרבעט אַף צוצוגרייטן דעם סטאַרט פון א מענטשן אין קאָסמאָס — אַן אויפגאַבע פון גראַנדיעזע, איבעראַשנדיקע מאַסשטאַבן!

די סאָוועטישע רעגירונג האָט באַפרידיקט די באַקאָשע און דערלויבט אויסצובויען דעם בײַקאָנורער קאָסמאָדראָם אין קאַזאַכסטאַן. עס איז געשאַפן געוואָרן א ספּעציעלע בוי־פאַרוואַלטונג אונטער דער אָנפירונג פון ג. מ. שובניקאָוון. דאָס איז געווען א געניטער, דערפאַרענער בויער (ער האָט, אַגעוו, אָנגעפירט מיטן אויפשטעלן די בערלינער מעמאָריאַל־דענקמעלער פאַר די געפאַלענע סאָוועטישע סאָלדאַטן אין טרעפּטאָוו־פּאַרק און אין פּאַנקאָוו־פּאַרק). אַלס הויפּט־אינזשעניער איז באַשטימט געוואָרן א. יו. גרונטמאַן, אַלס שעף פונעם פּראָדוציר־טעכנישן אָפּטייל — אי. מ. גורעוויטש.

קאָראָליאָוו לייגט פאָר אויפצושטעלן א ראַקעטע־לאַבאָראַטאָריע, וועלכע זאָל זײַן בעקויעך אויפהייבן איינעם אָדער צוויי עקספּערימענטאַטאָרן אַף א הייך ביז 100 קמ. אין סענטיאַבער 1956 ראַפּאָרטירט ער, אַז אַפן ערשטן ספּוטניק וועט מען קאָנען דורכפירן א גאַנצע ריי וויסנשאַפטלעכע פאָרש־אַרבעטן, און די אָנגאַבן, וואָס מע וועט באַקומען, וועלן זיכערן דעם פּריאָריטעט פון אונדזער היימלאַנד.

נאָכן פאַרענדיקן די בוי־אַרבעטן אַפן בײַקאָנורער קאָסמאָדראָם ווענדט זיך סערגיי פּאַוולאָוויטש צו דער רעגירונג מיט א באַקאָשע, מע זאָל דערלויבן צוגרייטן און דורכפירן די סטאַרטן פון די ערשטע צוויי ראַקעטעס־ספּוטניקעס. דעם 4־טן אָקטיאַבער 1957 האָט פונעם בײַקאָנורער קאָסמאָדראָם סטאַרטירט דער ערשטער אין דער וועלט קינסטלעכער ערד־סאַטעליט, דער ערשטער סאָוועטישער ספּוטניק.

אין דער מעלדונג פון טאַסס ווערט געזאָגט:

„דאָס דערפאָלגרײַכע אַרויסשיקן פון דעם ערשטן קינסטלעכן ערד־סאַטעליט איז אַן אויסערגעוויינלעך גרויסער בײַטראָג אין דעם אוצער פון דער וועלט־וויסנשאַפט און וועלט־קולטור... די קינסטלעכע ספּוטניקעס וועלן דורכלייגן א וועג צום צווישנפּלאַנעטאַרישן פאַרקער, און, ווײַזט אויס, אַז אונדזערע מיטצײַטלער האָבן זוכע געווען צו זײַן אידעס, ווי די באַפרײַטע און באַוווסטזיניקע מי פון די מענטשן פון דער נײַער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט פאַרווירקלעכט די סאַמע געוואַגטע און דרייסטע טרוימען פון דער מענטשהײַט".

נאָך דעם, ווי אין 1958 איז אַרויסגעפירט געוואָרן אַף דער אַרביטע שוין דער דריטער ספוטניק, שרײַבט די „פּראַוודאַ" פונעם 18 מײַ 1958: „די דערגרייכונגען פון די סאָוועטישע מענטשן, וואָס זײַנען פאַרבונדן מיט דער שאַפונג פון קינסטלעכע ערד־סאַטעליטן, זײַנען ניט קיין צופעליקע. זיי זײַנען אַ פולשטענדיק געזעצמעסיקער רעזולטאַט פון דער גאַנצער פריערדיקער אַנטוויקלונג פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, פון איר ווירטשאַפט און קולטור, וויסנשאַפט און טעכניק".

די סטאַרטן פון די ספוטניקעס זײַנען טאַקע אַ ריזיקער דערפאָלג, אָבער פאַר קאָראָליאָוון איז דאָס אַלץ צו ווייניק. ער טרוימט שוין, אַז אַ מענטש זאָל זיך אַוועקלאָזן אין קאָסמאָס, אַז אַ קאָסמאָנאַווט זאָל אַרויסגיין אין אָפענעם וועלטאַל, ער זאָל אָפּשטאַטן אַ וויזיט אַף דער לעוואָנע.

הייסט עס, אַלזאָ, אַז די נײַע און נאָענטע ציל־אָנגעווענדטקײַט איז קלאָר — אָפּשיקן אַ וויזיט־קאַרטל דער לעוואָנע!

אין יאַנוואַר ווערן צו דער לעוואָנע אַרויסגעשיקט די ערשטע פּרוּוו־ראַקעטעס. עס דויערט ניט לאַנג, און אַ סאָוועטישע ראַקעטע ברענגט אַף דער לעוואָנע אַ ווימפּל און פאָטאָגראַפירט די פאַרקערטע זײַט פון דער לעוואָנע.

„דער אַרומזוניקער רוים דאַרף באַהערשט ווערן און אין דער געהעריקער מאָס באַפעלקערט ווערן פון דער מענטשהײַט" — אַזוי דערקלערט דער הויפּט־קאָנסטרוקטאָר, און ער שטעלט צו אין דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע פון פּסר אַן אויספירלעכן פּלאַן פון די אָנפאַנגס־פאָרשונגען אינעם וועלטאַל. סערגיי פּאַוולאָוויטש טרוימט וועגן שאַפן אַוטאָמאַטישע סטאַנציעס, וואָס וועלן דערגרייכן די שטערן, דעם מאַרס, די ווענערע. איצט אָבער אַרבעט ער דעריקער איבער דעם פלוג פון אַ מענטשן אין קאָסמאָס.

אין 1959 יאָר אַרבעט די קאָנסטרוקטאָרן־ביוראָ איבער דער קאָסמישער שיף „וואָסטאָק". ווען די שיף איז שוין פאַרטיק געוואָרן אין דער נאַטירלעכער גרייס, פּרוּווט מען זי אויס, מע וואַרפט זי אַראָפּ אַף פּאַראַשוטן, מע לאָזט זי זינקען אין יאַם־טיפענישן. אין 1960 מאַכן דורך אַף דער קאָסמישער שיף זייערע קאָסמישע וואַנדערונגען די הינטעלעך בעלקאַ און סטרעלקאַ. אין דער זעלביקער צײַט זײַנען שוין די דאָקטוירים פאַרנומען מיט אָפּקלײַבן אַ גרופּע פליִער, ווּעמען עס וועט באַשערט זײַן אופליִען אין די אומענדלעכע הייכן פונעם קאָסמאָס.

דער ערשטער מענטש, וואָס האָט געמאַכט אַ קרײַזפלי אַרום דעם ערד, איז געווען יורי אַלעקסייעוויטש גאַגאַרין.

אַף די קאָסמישע שיפן „וואָסטאָק", „וואָסכאָד", „סאָיוז", וועלכע זײַנען געשאַפן געוואָרן אין קאָראָליאָווס קאָנסטרוקטאָרן־ביוראָ, האָבן סטאַרטירט מער פון 60 סאָוועטישע און 10 אויסלענדישע קאָסמאָנאַווטן. אַפן וועג, וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן דורך ס. פּ. קאָראָליאָוון, זײַנען אַרופגעטראָטן פיל דרייסטע און מוטיקע זין פון אונדזער פּלאַנעטע, און זיי טראָגן פאַר דער גאַנצער מענטשהײַט נײַעם וויסן וועגן דעם וועלטרוים, וועגן זון, וועגן אונדזער ערד.

סערגיי פּאַוולאָוויטש קאָראָליאָוו איז געשטאָרבן אין 1966 יאָר.



גערגי שמיגאוו

# דער פּאַרקישעפּטער קרייַז, אָדער דער טרוים, וועלכן מע האָט פאַראַטן

א מעלוכע, וואָס אָסיגנירט אַף באוואָפּענונג העכער 300 מיליאַרד דאָלאַר א יאָר, קאָן ניט, אָדער, נאָך ערגער, וויל ניט אָנהאָדעווען אירע אויסגעהונגערטע, לערנען אירע אנאַלפאַבעטן, געבן א דאַך איבערן קאָפּ אירע היימלאָזע.

פון מ. ס. גאָרבאַטשאָווס אַרויסטרעטונג אַפן X צוזאַמענפאָר פון דער פּוילישער פאַראייניקטער אַרבעטער־פאַרטיי.

ווען איך טראַכט וועגן די סאָציאַל־עקאָנאָמישע רעאַליטעטן אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע, וועגן דעם „אַמעריקאַנער לעבנס־אַרט", וואַכן אוף אין זיקאָרן די איינדרוקן און פאָרשטעלונגען, וועלכע איך האָב אַרויסגעטראָגן פון דער טאָגטעגלעכער באַקאַנטשאַפט אין פאַרלויף פון א ריי יאָרן מיט די אָדער יענע לעבנס־פאַקטאָרן, מיטן ראַיאָן פון אימפּאָזאַנטע הימלקראַצערס פון דעם ניו־יאָרקער איסט־סייַד און מיט די פאַרוויכערטע, האַלב־רויִנירטע הייַזער פון דאָרעם־בראָנקס, איך דערמאָן זיך די קורצע, אָבער אינטערעסאַנטע שמועסן מיט אַרבעטער און ביזנעסמענער, און אויב צו דעם צוגעבן די ידיעס, וואָס כ'האָב באַקומען פון צייַטונגען און זשורנאַלן, פון טעלעוויזיע־טראַנסליאַציעס און קינאָ, איז פאַרשטענדלעך, אַז עס שאַפט זיך בא מיר א מין פאַראַלגעמיינערט געשטאַלט פון א „פּאַרקישעפּטן קרייַז", אין וועלכן עס דרייט זיך אומופהערלעך די רעאַלע ווירקלעכקייַט אין פּשאַ.

דאָס לעבן פון יעדן אַמעריקאַנער בירגער איז באַגרענעצט מיט די ראַמען פון אָט דעם קרייַז. וויִאַזוי דו זאָלסט זיך ניט רייַסן, ניט דרייען, וועסטו פון אים ניט אַרויסגיין. דעריבער טאַקע ווילט זיך אים אָנרופן פּאַרקישעפּטער. פיִנקטלעכער גערעדט, יעדער אַמעריקאַנער באַזונדער פאַרמאָגט זייַן אייגענעם קרייַז. אָבער דער דאָזיקער קרייַז פונעם פּערזענלעכן גוירל און לעבן ווערט אַן אַלגעמיינער פאַר א סאַך מענטשן, פאַר גאַנצע גרופּעס, וועלכע זייַנען ענלעך צווישן זיך לויט דעם וויכטיקסטן סימען — דער קראַפט פונעם „מאָטאָר", וואָס שלעפּט זיי, די סומע פון די דאָלאַר־באַנקנאָטן, וועלכע זיי פאַרמאָגן. עס טרעפט צומאָל, אַז אייַנצלנע מענטשן רייַסן דורך די גרענעצן פון דאַלעס און דאַכקעס און הייבן זיך אוף צום קרייַז פון רייַכקייַט און לוקסוס. און דעמלט ווערט זייער גליקלעכער גוירל באַוווּסט גאַנץ אַמעריקע, וועגן זיי שרייַבט מען ביכער, מע שאַפט פילמען, זייערע גויראַלעס ווערן טאַקע געלייגט אין יעסאָד פון די מיפן וועגן אַמעריקע ווי וועגן א מעלוכע פון מערקווירדיקע און גלייַכע שאַנסן פאַר אַלעמען, פון גרענעצלאָזע מעגלעכקייַטן, — א לאַנד פון אופּבלי. זייערע נעמען זייַנען אַרייַן אין דער „אַנטאָלאָגיע פונעם אַמעריקאַנער טרוים".

דער „אַמעריקאַנער טרוים"... אָן אים, אָן זייַן קולט איז פּשוט אומעגלעך זיך פאָרשטעלן דעם לעבנס־אַרט פונעם פילמיליאָניקן פאָלק פון אָט דער גרעסטער און מעכטיקסטער מעלוכע אין דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט. זעט אויס, אַז גראָד ער האָט מיטגעווירקט דער איינגלידערונג אין באַוווּסטזייַן פון די מאַסן דעם קולט פון געלט — באַרייַכערן זיך אום יעטווידן פּרייַז אַלס מיטל צו דערגרייכן דעם „טרוים".

— מייַן טרוים איז — ווערן רייַך, — האָט מיר געזאָגט א סטודענט פונעם קאָלעדזש, ווען מיר האָבן זיך דורכגעשמועסט אינעם ניו־יאָרקער סענטראַל־פּאַרק, הערנדיק די דורכדרינגלעך־טרויעריקע מעלאָדיע פונעם פילם „די געשיכטע פון א ליבע", וועלכע ס'האָט אויסגעקלאַפּט אַף א מעטאַלענער טאַץ א סימפּאַטישער באָכער, מעגלעך אויך א סטודענט (זיי פאַרדינען דאָ פאַר זיך אַף אַזא אויפן אַפן לעבן און קעדיי באַצאָלן פאַר דער לער).

— וויִאַזוי־אַרום טראַכט איר ווערן רייַך?

— כ'האָב נאָך ניט געטראַכט וועגן דעם, — האָט ער געענטפערט אַף מייַן פראַגע, — דעריקער איז אַרויסבאַקומען וואָס מערער געלט און ווי ווייַט מעגלעך גיכער. בא רייַכע פרעגט מען ניט, ווו זיי נעמען דאָס געלט...

וואָס עמעס איז עמעס, ער איז געווען גערעכט. וועגן דעם פרעגט מען ווירקלעך ניט אין אַמעריקע. דאָס איז אַ מין טאַבו. אין דעם לאַנד פון „גלײַכע מעגלעכקײַטן" האָט יעדער אײנער דאָס רעכט צו פאַרדינען געלט, וויאַזוי ער האַלט פאַר נייטיק. דער, וואָס איז שטאַרק רײַך, מאַכט געלט דורך אומבאַרעכמאָנעסדיקער עקספּלואַטאַציע אָדער אַדאַנק בירזשע־ספּעקולאַציעס, אָדער אָנשליסנדיק זיך אין דער פּראָדוקצירונג פון געווער פון מאַסן־פאַרניכטונג. דערבײַ מאַכן זיי די סאַמע גרעסטע געלטער. ניט ווייניק זײַנען פאַראַן אַזעלכע, וואָס באַרײַכערן זיך דורך רויב, גוואַלדטאַט, פּאָרנאָגראַפיע, האַנדל מיט נאַרקאָטיקעס, מאַכינאַציעס מיט שפּיל־אויטאָמאַטן, שאַנד־הײַזער, אַזאַרט־שפּילן.

— דעם מענטשן, וואָס פאַרמאָגט געלט, שפּילט קעסיידער צו דאָס מאַזל, — האָט מיר אויפגעקלערט אַ דאָקטער פונעם ניו־יאָרקער פּאַרק. — און וואָס מער געלט ער האָט, אַלץ מער גליקט אים אָפּ. אין דער זעלבער צײַט דאַרפן די אָרעמע, אַזעלכע, ווי איך, צונויפירן אַ וואַנט מיט אַ וואַנט...

ניין, דער דאָקטער האָט זיך ניט באַקלאָגט: ער האָט פונדעסטוועגן געהאַט אַן אַרבעט און אַ דאַך איבערן קאָפּ. ווי איך האָב באַמערקט, איז פאַר די אַמעריקאַנער ביכלאַל ניט אײגנטימלעך זיך באַקלאָגן אױף זייער גורל. אַפילו אַן אָרעמאַן, וועלכער טרוימט וועגן אַן אָרט אין אַ נאַכט־הויז אָדער וועגן אַן אומזיסטן פילאַנטראָפּישן סוף, זעט אויס ווי אַן אָפּטימיסט און מאַכט אַן אָנשטעל, אַז „אַלץ איז — אָ'קעי". און אָט די שטימונג פון די מענטשן, וועלכע באַשולדיקן קיינעם ניט און גאָרנישט ניט, ווייסן זייער אָרט, זײַנען געוווינט צו טראַכטן, אַז דער קוואַל פון זייערע צאָרעס ליגט בלויז אין זייער אייגענער שלימאַזלדיקײַט אָדער אומגעשיקטקײַט, — דערלויבט טאַקע אין אַ באַדײַטנדיקער מאָס, ווי מיר דוכט, צו האַלטן אין געהאָרכזאַמקײַט מיליאָנען האָרעפּאַשניקעס און פאַרשטויסענע. האַגאַם עס גייט, פאַרשטייט זיך, ניט נאָר אין דעם.

ס'קומט אויף אין זיכּרון נאָך איין געשפּרעך. ווען איך האָב געוווּנטשן אױף ווײַנאַכט אַ יונגער סימפּאַטישער סעקרעטאַרשע, זי זאָל זײַן געזונט און מאַזלדיק, האָבן גליק מיט איר מישפּאָכע, האָט זי געענטפערט: „מיט מישפּאָכע־גליק איז בא אונדז אין אַמעריקע ניט אַזוי פּאָשעט. אַ גוטן מאַן באַקומען יענע פרויען, וואָס פאַרמאָגן געלט. יאָ, יאָ, — האָט זי איבערגעכאַזערט מיט נאָך אַ גרעסערער זיכערקײַט, — אין אַמעריקע האָט כאַסענע דאָס געלט. און איך פאַרמאָג עס ניט. אַזוי אַז ס'וועט נישט זײַן ניט קיין מישפּאָכע־גליק און ניט קיין מאַן..." און דערבײַ האָט זי פרייִלעך און גוטמוטיק אַ שמייכל געטאָן. די סעקרעטאַרשע ליליאַן האָט געוווּסט, וויאַזוי זיך אויפצופירן. נאָך בעסער האָט זי געוווּסט די גרענעצן פון איר קרײַז, אַרויסגיין פון וועלכן דער גורל האָט איר ניט דערלויבט.

יאָ, דאָס אָרט פאַר די אָרעמעלײַט אין דער הײַנטצײַטיקער אַמעריקע איז ניט קיין פויגלדיקס. לעבן אין אַ קלאַסן־געזעלשאַפט הייסט, אַז יעדערער זאָל וויסן זײַן אָרט. איינע ווערן געבוירן ווי בירגער פונעם ערשטן קלאַס, אַנדערע — פון דעם צווייטן, איינע באַקומען בילדונג, אַנדערע — „צוגרייטונג". פאַר איינע זײַנען אָפן אַלע טירן, פאַר אַנדערע זײַנען אָפן די טירן פון פאַבריקן (אין בעסטן פאַל) און פון די אַרבעט־בירזשעס. איינע באַרײַכערן זיך, אַנדערע בייגן דעם רוקן.

„אַ פרוי, וואָס קויפט אײַן זאַכן אױף דער פינפטער אַוועניו, ווייסט, וואָס עס באַטײַט עמעסער לוקסוס. אױפן צווייטן שטאָק פון אונדזער מאַגאַזין פאַרקויפן זיך די סאַמע טײַערסטע אין ניו־יאָרק סכוירעס. מע קאָן דאָרט קויפן אַ שאַרפעלע פאַר 895 דאָלאַר..." אַזאַ רעקלאַמע פונעם פעשענעבעלן ניו־יאָרקער מאַגאַזין איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אינעם זשורנאַל „ניו־יאָרקער". אין דעם זעלבן זשורנאַל לייענען מיר, אַז אין ניו־יאָרק נייען 50 טויזנט אַרבעטער קליידונג, באַקומענדיק סאַכאַקל צוויי דאָלאַר אַ טאָג. פאַר אָט דעם געלט קאָן מען דורכפאָרן אין מעטראָ אַהין און צוריק אָדער קויפן איין בולקע אָדער צוויי...

אין זײַנער אַ רעדע האָט דער פּרעזידענט ר. רייגאַן אײַנגעשפּאַרט געטײַנעט, אַז זײַן ציל איז קלוימערשט — „צווינגען די רעגירונג צו לעבן לויט די מיטלען". אין דער אַמעריקאַנער פּרעסע אָבער איז מיטגעטיילט געוואָרן, אַז אין דעם נײַעם טיש־סערוויז, וועלכן דעם פּרעזידענטס ווײַב האָט געקויפט פאַר פײַערלעכע באַנקעטן אין ווײַסן הויז, קאָסט יעדער געדעק, און אַזעלכע זײַנען פאַראַן אינעם סערוויז 250, קאָרעוו טויזנט דאָלאַר! צי ניט דאָס האָט דער פּרעזידענט געמיינט מיט די ווערטער „לעבן לויט די מיטלען"? צי עפּשער האָט ער געהאַט אין זינען די איבערדראַפּירונג פון די צימערן אין ווײַסן הויז, וועלכע האָט געקאָסט קימאַט אַ מיליאָן דאָלאַר?

רייגאַן איז ניט איין מאָל אַרויסגעטראָטן מיט רעדעס אויך אױף דער באַליבטער בא די מעלוכעמענער פון פּשאַ טעמע וועגן דעם „אַמעריקאַנער טרוים". „זינט דער אַנטשטייונג פון אונדזער לאַנד, — האָט ער געזאָגט, — איז דער דאָזיקער טרוים געוואָרן פאַר מיליאָנען מענטשן אַ לעבעדיקע רעאַליטעט". צי איז עס טאַקע אַזוי?

די סטאַטיסטיק זאָגט איידעס: אין דער רײַכסטער מעלוכע פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט זײַנען הײַנט פאַראַן ניט ווייניקער פון 35 מיליאָן אָרעמעלײַט, קאָרעוו 12 מיליאָן זײַנען פּולקום אָדער

טיילווײַז אַרבעטלאָזע. אינדערעמעסן זײַנען פֿאַרשטויסענע אַמעריקאַנער פֿאַראַן פֿיל מער, ווײַל די אָזויגערופֿענע „אָפֿיציעלע“ סטאַטיסטיק פּוצט צו דאָס בילד, קעדיי בארעכטיקן די פּאָליטיק פֿון די מאַכט־אָרגאַנען. דאָס זײַנען אָבער ניט סתּם ציפֿערן: הינטער יעדערער פֿון זיי שטייען לײַדן, טרערן, דערנידעריקונג פֿון פֿרויען, קינדער, זקנים, ווייטיק פֿון מאַנצבלען, וועלכע קאָנען ניט כאַטשבי מי־נימאַל באַזאָרגן זייער געזינד...

די דאָזיקע פֿילמיליאָניקע ציפֿערן פֿון אָרעמקײַט, דאַלעס, אַרבעטלאָזיקײַט זײַנען באַזונדערס אַליאַרמירנדיקע, ווײַל די פֿאַראייניקטע שטאַטן, ווי יעדן איינעם איז באַוווּסט, איז אַ לאַנד פֿון ריזיקע מאַטעריעלע רײַכטימער, פֿון הויך־אַנטוויקלטער אינדוסטריע און לאַנדווירטשאַפֿט, וויסנשאַפֿט און טעכניק, פֿון אַ שעפֿע נוצלעכע אויסגראָבונגען, פֿון ביז גאָר גינסטיקע באָדן־קלימאַטישע באַדינגונגען, וואָס עס באַטײַט, אַז אַרויסבאַקומען ברויט איז די אַמעריקאַנער אין פֿיל מאָל לײַכטער, איידער, צום בײַשפּיל, אונדז, בויען הײַזער און לאַנדווירטשאַפֿטלעכע בנינים פֿיל ביליקער, אײַנהיטן די באַקו־מענע געגנטעניש אומפֿאַרגלײַכלעך פֿאָשעטער. אויף די פֿאַראייניקטע שטאַטן איז מיט אַ מילכאָמע קיין מאָל קיינער ניט אָנגעפֿאַלן, אַמעריקע האָט ניט פֿאַרלוירן אויף הונדערטער מיליאַרדן נאַציאָנאַלן רײַכטום און אַ סאַך מיליאָנען מענטשן, ניט אָנגעהויבן ווידעראַמאָל און נאָכאַמאָל צו אַנטוויקלען זיך פֿון אָנהייב. נאָך ביז דער גרויסער סאָציאַליסטישער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע האָבן די פֿשאַ אַרויס־געלאָזט אין העכער אַכט מאָל מער אינדוסטריעלע פּראָדוקציע, איידער רוסלאַנד.

די סטאַטיסטישע אָנגאַבן וועגן דער נאַציאָנאַלער האַכנאָסע, וועלכע פֿאַלט אויס אויף אַ נעפֿעש פֿון דער באַפֿעלקערונג, ווי אויך אייניקע אַנדערע ציפֿערן וועגן די פֿאַראייניקטע שטאַטן, זײַנען גאַנץ הויכע און פֿונעם ערשטן קוק מאַכן זיי אַן אײַנדרוק. נעמלעך דערפֿאַר סטאַרעט זיך די בורזשואַזע פּראָפּאַגאַנדע לויטבאַר אונטערטראָגן זיי, באַפּוצן און פֿאַרבעסערן, קעדיי דערווײַזן דעם אַבסאָליוט ניט־ריכטיקן טעזיס וועגן דער „לעבנספֿעיִקײַט“ און „קראַפֿט“ פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג. אָבער די דאָזיקע אָנגאַבן שפּיגלען ניט אָפּ לאַכלוטן די הויכע מאַדרייגע פֿון דער עקספּלואַטאַציע פֿון די אַמעריקאַנער אַרבעטער, דאָס אומפֿאַרשעמטע באַראַבעווען מיצאַד דעם אימפּעריאַליזם פֿון פֿשאַ די פֿעלקער פֿון אַ סאַך לענדער פֿון אַזיע, אַפֿריקע און לאַטײַן־אַמעריקע, ווי אויך די אַרבעטזאַמקײַט און דעם טאַלאַנט פֿונעם אַמעריקאַנער פֿאָלק, די הויכע אַרבעט־פּראָדוקטיווקײַט.

„אונטער דער ווירקונג און אויפֿן פֿאָן פֿון דער וויסנשאַפֿטלעך־טעכנישער רעוואָלוציע ווערט נאָך שאַרפֿער דער קאָנפֿליקט צווישן די גיגאַנטיש אָנוואַקסנדיקע פּראָדוציר־קרעפֿטן און דעם פּריוואַט־אייגנטימערישן כאַראַקטער פֿון די געזעלשאַפֿטלעכע באַציונגען. דאָ איז אויך דער וווּקס פֿון אַרבעט־לאָזיקײַט, די פֿאַרשאַרפֿונג פֿונעם גאַנצן קאָמפּלעקס סאָציאַלע פּראָבלעמען, דער אַלץ און אַלעמען דורכדרינגלעכער מיליטאַריזם אַלס אַמערסטן גאַנגבאַר מיטל צו אונטערטרײַבן די עקאָנאָמיק, דער אָנוואַקסנדיקער קריזיס פֿון די פּאָליטישע אינסטיטוטן פֿון דער גײַסטיקער ספֿערע; דער שווערער דרוק פֿון דער רעאַקציע לויט אַלע ליניעס — אין דער אינערן־ און אויסערן־פּאָליטיק, אין דער עקאָ־נאָמיק און קולטור, אינעם אויסניצן די דערגרייכונגען פֿונעם מענטשלעכן געני; די טראַדיציאָנעלע פֿאָרמען פֿון קאָנסערוואַטיזם טרעט אָפּ דאָס אָרט די אויטאָריטאַרע טענדענצן“. די דאָזיקע פּינקטלעכע כאַראַקטעריסטיק פֿון דער פֿאַרטיפֿערונג פֿונעם אַלגעמיינעם קריזיס פֿון דעם קאַפּיטאַליזם, וועלכע איז געגעבן געוואָרן אינעם פּאָליטישן פֿאַרטראָג פֿונעם צק קפּסס דעם XXVII פּאַרטיי־צוזאַמענפֿאָר, באַווײַזט דעם מעהוס פֿונעם סאָציאַל־עקאָנאָמישן און אידייִש־פּאָליטישן לעבן אין די הײַנטצײַטיקע פֿאַראייניקטע שטאַטן פֿון אַמעריקע.

אַלץ אַ גרעסערער טייל פֿונעם נאַציאָנאַלן רײַכטום ווערט קאָנצענטרירט אין די הענט פֿון די פֿינאַנסיעלע און אינדוסטריעלע מאַגנאַטן, אין פֿשאַ זײַנען פֿאַראַן אַרום 1 מיליאָן מיליאָנערן, דאָס איז אויך אַ באַזונדערער קרײַז מענטשן. איינמאָל איז מיר אויסגעקומען צו טרעפֿן זיך מיט זייערע פֿאַר־שטייער אויף אַן אופֿנאַם, וועלכן ס'האָט אײַנגעאָרדנט איינע פֿון די גרעסטע קאָמפּאַניעס אין דער מאָנאָפּאָליסטישער אַואַלסטריט־גרופּע. זיי זײַנען צוגעלאָזט און דעמאָקראַטיש לויט דער מאַניר פֿון אויפֿפֿירונג, שמייכלען ברייט נאָך יעדן וויץ און פֿאַרמאָגן אַליין אַ געפֿיל פֿון הומאָר:

— איר האַלט אונדז פֿאַר אַקולעס פֿונעם קאַפּיטאַל? — האָט איראָניש געפֿרעגט בײַ מיר איינער פֿון די אַכט וויצע־פּרעזידענטן פֿון דער קאָמפּאַניע, וועלכע זײַנען געזעסן לעבן אונדז באַם טיש.

— אין פֿשאַ זײַנען הײַנט פֿאַראַן „אַקולעס“ פֿיל גרעסערע פֿון אײַך: אין די קאַליפֿאָרניער, טעכאַסער גרופּירונגען פֿון די מאָנאָפּאָליסטן, — האָב איך געפּרוּווט אַרויסדרייען זיך פֿון אַן אָפֿענעם ענטפֿער מאַכמעס טאַקטישע טײַמים.

— אָ, אויך דאָס ווייסט איר? איר זײַט אַבסאָליוט גערעכט. — האָט ער אונטערגעכאַפּט. — זיי זײַנען טאַקע אינדערעמעסן גרעסערע פֿון אונדז. און בכלל טראָגן מיר ניט אונדזערע מיליאָנען אין די קעשענעס. אַלע געלטער געפֿינען זיך בײַ אונדז אין אַ פֿאַרקער...

וואָס פֿאַר אַ ווערט אָבער האָבן די באַבעמײַסעס וועגן דעם „פֿאָלקס־קאַפּיטאַליזם“, ווען איין פּראָצענט פֿון די סאַמע פֿאַרמעגלעכע מישפּאָכעס אין פֿשאַ הערשט איבער רײַכטימער, וועלכע זײַנען

קימאַט אין אַנדערהאַלבן מאָל העכער פֿונעם גאַנצן סכום רײַכטום פֿון 80% משפּחות, וואָס געפֿינען זיך אין אונטערשטן טייל פֿון דער פֿאַרמעגנס־פּיראַמידע?

די מענטשן, וועלכע האָבן ניט קיין געלט, האַלט מען פֿאַר נישטיקע, אומפּעיִקע און אַפֿילע שעדלעכע. אויף זיי קוקט מען מיט פֿאַראַכטונג. אָפֿן כּעזשבן פֿון די מיליאָנען אָרעמסטע און ווייניק־געבילדעטע אַמעריקאַנער האָבן רייגאַן און זײַן אַרומרינגלונג פֿאַרטראַכט אויסצובעסערן די שווערע לאַגע אין דער עקאָנאָמיק, פֿאַרקלענערן דעם בודזשעט־דעפֿיציט, אויסזוכן נײַע מיטלען, כּדי פֿאַנאַנדערדרייען די ראָד פֿון דער קריגס־מאַשין.

דער אַמעריקאַנער פּרעזידענט האָט אָנגערופֿן דאָס געזעצלעכע רעכט פֿון מיליאָנען פֿאַרשטויסענע צו באַקומען כאָטשבי אַ קליינינקע שטיקל פֿון די אָנגעראַבעוועטע טאָקע בײַ זיי געלטער — „ניט קיין אָנשטענדיקע מאָסן־דערוואַרטונג פֿון נעדאָוועס"! און ווען ער איז געווען גובערנאַטאָר פֿון קאַליפֿאָרניע, האָט ער געטײַנעט וועגן מיליאָנען אַמעריקאַנער אָרעמעלײַט מיט נאָך אַ גרעסערער פֿאַראַכטונג און ברוטאַלקײַט: „...יענע, וואָס זײַנען גרייט פֿאַרקויפֿן אונדזער פֿרײַהײַט פֿאַר אַ סופּ־קיך פֿון דער מלוכע פֿון וווילזײַן".

אַוואַדע סטאַרטעט זיך די אָפֿיציעלע אַמעריקאַנער פּראָפּאַגאַנדע פֿאַרגעסן אָדער אויסבאַהאַלטן וואָס טיפֿער אַזעלכע אַרויסזאָגונגען רייגאַנס. עס האָט זיי אַרויסגעפֿירט אויף דער ליכטיקער שײַן דער אַמעריקאַנער זשורנאַליסט און היסטאָריקער ר. דאַגער אין זײַן בוך „וועגן רייגאַנען דעם מענטשן און דעם פּרעזידענט". איבערכּעשנדיק רייגאַנס אַנטיהומאַנישע „דערגרייכונגען" אין דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער פּאָליטיק, שרײַבט ער: „רייגאַנס ערשטראַנגיקע אויפֿגאַבע איז געווען — ענדגילטיק אויפֿהערן דאָס, וואָס דזשאָנסאָן האָט אָנגערופֿן מלחמה מיט דער אָרעמקײַט".

ווי נאָר רייגאַן איז געקומען צו דער מאַכט, האָט ער צוזאַמען מיט זײַן אַדמיניסטראַציע פֿאַרקלענערט 250 פּראָגראַמען פֿון סאָציאַלער שטיצע פֿאַר אָרעמעלײַט און אינוואַלידן, פֿאַר נויטבאַדערפֿטיקע שוואַנגערע פֿרויען, סטודענטן, קינדער פֿון אָרעמעלײַט, נויטבאַדערפֿטיקע זקנים, אַרבעטלאָזע, פֿאַר נידעריק־באַצאָלטע מוטערס מיט אַ סך קינדער אאַז״וו. שוין אינעם פֿינאַנץ־יאָר 1981—1982 האָט די דאָזיקע ציפֿער באַטראָפֿן קאַרעוו 36 מיליאַרד דאָלאַר. צענדליקער מיליאַרדן דאָלאַר פֿון די בודזשעט־פֿאַרקלענערונגען זײַנען געווען פֿאָרויסגעזען אויך אויף די ווײַטערדיקע יאָרן. די דערנערונג־פּראָגראַמען (צווישן אַנדערס, שול־פֿרישטיקן) פֿאַר די קינדער פֿון די אָרעמעלײַט און פֿון די נויטבאַדערפֿטיקע זײַנען פֿאַרקלענערט געוואָרן מער ווי אויף אַ העלפֿט. אויף אַ דריטל זײַנען אַראָפּגעזעצט די פּראָגראַמען פֿון „שפּײַז־טאַלאָנען", וועלכע האָבן געגעבן די אָרעמע מענטשן אַ מעגלעכקײַט כאָטש ווי־ניט־איז זיך ראַטעווען פֿון הונגער. קימאַט פֿולקום (אויף 90%) איז פֿאַרקירצט געוואָרן די פּראָגראַם, וועלכע זעט פֿאָר צו פֿאַרלענגערן דעם. טערמין פֿון אַרויסגעבן שטיצע לויט אַרבעטלאָזיקײַט די באַזונדערס נויטבאַדערפֿטיקע. דער געוויינלעכער טערמין פֿאַר אַרויסגעבן אַזאַ שטיצע, וועלכע כאַפּט אַרום, אַגעוו, בלויז אַ דריטכיילעך פֿון די אַרבעטלאָזע, שטײַגט ניט איבער אַ האַלב יאָר.

ס'איז אָפּגעשאַפֿן געוואָרן די פּראָגראַם פֿון באַזאָרגן מיט אַרבעט די יוגנט. אויף אַ העלפֿט איז פֿאַרקלענערט די פֿעדעראַלע מעדיצינישע הילף בענעגייע העכער אַ פֿינפֿטכיילעך פֿון דער אַמעריקאַנער באַפֿעלקערונג. קימאַט אינגאַנצן איז פֿאַרקירצט די פּראָגראַם פֿון קאַמף מיט לונגען־קראַנקײַטן בײַ די קוילנגרעבער. אויף אַ דריטל איז פֿאַרקלענערט די פֿעדעראַלע הילף פֿאַר דער אָנפֿאַנג־ און מיטל־בילדונג. פֿאַקטיש איז אָפּגעשאַפֿן די סובסידירונג פֿאַר דער אַנטוויקלונג פֿון די מאַסעווע טראַנספּאָרט־מיטלען. מער ווי אויף אַ העלפֿט זײַנען פֿאַרקירצט די אַסיגנירונגען אויף דער אַנטוויקלונג פֿון קונסט און פֿון הומאַניטאַרע וויסנשאַפֿטן.

דער אויטאָריטעטער אין פּשא פּראָפֿעסאָר לויס לעוויט האָט געוואָרנט, אַז די אומופֿהערלעכע פֿאַרקלענערונג פֿון די סובסידיעס לויט די פּראָגראַמען פֿון דער מלוכישער אונטערשטיצונג פֿאַר דער עקזיסטענץ פֿון די ווייניק־פֿאַרמעגלעכע מענטשן און פֿאַר די אָרעמעלײַט וועט אַרויסרופֿן אַ ווײַטגייענדיקן היזק פֿאַר דער געזעלשאַפֿט. „דער ניט־גענוגנדיקער ניוואָ פֿון דער אונטערשטיצונג, — האָט ער געזאָגט, — וועט שעדיקן דעם געזונט פֿון די קינדער בײַ די אָרעמעלײַט און צווינגען אַ סך פֿון זיי צו פֿאַרלאָזן די שול. דאָס וועט סאָפּקאָלסאָף קאָסטן טײַער דער געזעלשאַפֿט, ווײַל זי וועט אַרײַנשלײַדערן די אָרעמשאַפֿט אין נאָך אַ טיפֿערן דאַכקעס. קיין שום געזעלשאַפֿט קאָן זיך ניט דערלויבן אַזאַ ריזיקע..."

דער דירעקטאָר פֿונעם מאַסאַטשוסעטער יורידישן ראַט איבער איניאַנים פֿון באַיאָרטע אַמעריקאַנער פֿרענק מענינג האָט, אָפּשאַצנדיק די פּאָליטיק פֿון רייגאַנען און פֿון זײַן אַרומרינגלונג, געזאָגט: „מיר פֿילן, אַז הײַנט, ווען זיי האָבן אָנגעהויבן איבערניצעווען די סאָציאַלע באַזאָרגונג, וועלן זיי זיך ניט אָפּשטעלן. מיר קאָנען ניט פּאָטער ווערן פֿונעם געפֿיל, אַז זיי זײַנען בלוטזויגערס".

— איך מיין, אַז דאָס איז אַ ווילדער גאַנג, — האָט מיר געזאָגט די אַלטע פֿרוי ליליאַן פּאַסקוויל

פון מאיאמי. — רייגאַן האָט ווייטיקלעך אַ קלאַפּ געטאָן איבער די זקיינים. אונדזז וועט אויסקומען אוועקצוגיין אין אַ זקיינים־הויז...

די גרויסע פֿאַרקירצונגען פון די רעגירונגס־הויצאָעס אויף סאָציאַלע נויטן פון די אַרבעטנדיקע, וועלכע ס׳האָט אונטערגענומען רייגאַנס אַדמיניסטראַציע, האָבן אָנגערירט אַ ביז גאָר באַדײַטנדיקן טייל פון דער אַמעריקאַנער באַפעלקערונג און באַזונדערס זיך אָפּגערופן אויף 50—60 מיליאָן פון די אָרעמסטע, אַמערסטנס עקספּלואַטירטע בירגער.

אויפן זעקסטן יאָר פון זײַן פּרעזידענטשאַפט האָט רייגאַן, אַרויסטרעטנדיק דעם 4 פעוראַל 1986 אינעם קאָנגרעס מיט אַ „ווענדונג וועגן דער לאַגע פונעם לאַנד”, געמוזט אָנערקענען, אַז די שווערע לאַגע פון דער אָרעמשאַפט ווערט נאָך שווידערלעכער”. דאָס איז אָבער אַ קלענער טייל פונעם עמעס. רייגאַן האָט פֿאַרשוויגן, אַז גראָד בײַ זײַן איצטיקער פּרעזידענטשאַפט לייגט זיך שלאָפן יעדעס פערטע קינד פון דער רײַכסטער קאַפּיטאַליסטישער מלוכע הונגעריק און אַז פאַר די דאָזיקע פינף יאָר זײַנען אין פּשא געשטאָרבן פון אָרעמקײַט מער קינדער איידער די צאָל אַמעריקאַנער, וואָס זײַנען אומגעקומען אין די יאָרן פון דער שמוציקער מלחמה אין אינדאָכינע. ער האָט פֿאַרשוויגן, אַז לויט די אָנגאָבן פון די אַמעריקאַנער פּראָפאַרײַנען לעבן בין 40% פון דער באַפעלקערונג אין פּשא אין אָרעמקײַט אָדער אויף איר ראַנד. די צאָל אָרעמעלײַט איז געשטיגן אין פּשא, אין פֿאַרגלײַך מיטן סאָף פון די 70־ער יאָרן, אויף 10 מיליאָן מענטשן.

„אַרײַנפאַלנדיק איין מאָל אין אַ פאַרקישעפטן קרײַז, — האָט קאָנסטאַטירט דער זשורנאַל „יונײַטעד סטייטס ניוס ענד וואָרלד ריפּאָרט”, — באַקומען מיליאָנען מענטשן קיין שום שאַנסן ניט צו אַרויסרײַסן זיך פון אים: די ניט־גענוגנדיקע רעוואָכים פירן צו אָרעמקײַט, וועלכע ברענגט צו אַן אַפּוועזנהײַט פון סטימולן, צו אַ שלעכטן געזונט און צו קנאַפּער בילדונג, וואָס פירט אויך צו נידעריקע האַכנאָסעס. אַזוי ווערט איבערגעגעבן די ירושע פון אָרעמקײַט פון דאָר צו דאָר”.

דער קלאַסן־כאַראַקטער פון דער סאָציאַלער פּאָליטיק פון דער רייגאַן־אַדמיניסטראַציע זעט מען באַזונדערס בולט, אויב פאַרגלײַכן איר פּאָליטיק צו די ווייניק־פאַרמעגלעכע און אָרעמע מיט איר פּאָליטיק בענוגייע די רײַכע. דער מלוכע־בודזשעט גיט יערלעך אַלץ גרעסערע סובסידיעס דעם גרויס־קאַפּיטאַל: הײַנט־צו־טאָג האָבן זיי דערגרייכט אַ סומע פון קימאַט 100 מיליאַרד דאָלאַר. די רייגאַן־פּאָליטיק פון אָפּשאַפן דעם קאָנטראָל איבער די פּרײַזן פון די אייגנטלעך אַמעריקאַנער ענער־גאָ־רעסורסן ברענגט די מאָנאָפּאָליסטן צענדליקער מיליאַרדן דאָלאַר איבער־רעוואָכים. די שטײַערן אויף די רעוואָכים פון די קאָרפּאָראַציעס האָט די רייגאַן־אַדמיניסטראַציע פאַרקלענערט אין צוויי מאָל, און פאַר יענע קאָרפּאָראַציעס, וועמענס רעוואָכים באַטרעפן מער פון 50 טויזנט דאָלאַר אַ יאָר, קימאַט אין אַנדערהאַלבן מאָל. דערפאַר אָבער איז דער דירעקטער שטײַער אויף די איבעריקע 98 פּראָצענט פון דער אַמעריקאַנער באַפעלקערונג פאַקטיש געשטיגן. אינעם בודזשעט אויפן יאָר 1986 זײַנען פאַרויס־געזען אַזעלכע קוואַלן פון די פעדעראַלע רעוואָכים: 84% — פון די אַרבעטנדיקע, 9% פון די מענטשן מיט רעוואָכים פון העכער 50 טויזנט דאָלאַר אַ יאָר און סאַכאַקל בלויז 7% — פון די קאָרפּאָראַציעס.

„מיט 50 יאָר צוריק האָט פראַנקלין רוזוועלט זיך באַקלאָגט, אַז אין פּשא האָט מען פאַרגעסן דעם מענטשן, איצט איז אונדזער פּראָבלעם אַזאַ, אַז מע האָט פאַרגעסן דאָס גאַנצע פאָלק”, — די דאָזיקע ווערטער געהערן דעם באַוווסטן פּאָליטישן איבערזיכטלער פון „ניו־יאָרק טײַמס” דזשיימס רעסטאָן. הײַנט קלינגען זיי נאָך אַקטועלער.

די פאַרייניקטע שטאַטן זײַנען אין אונדזער צײַט אַ בולטע אילוסטראַציע, וויאַזוי די אײַנגלידערונג אין דער פּראָדוצירונג פון די מאָדערנסטע וויסנשאַפטלעך־טעכנישע דערגרייכונגען איז אינגאַנצן געווענדט, אין די באַדינגונגען פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, קעגן די אַרבעטנדיקע, ווײַל זי וואַרפט אַרויס מיליאָנען מענטשן פון די פאַבריקן און זאַוואָדן. די אַרבעטלאָזיקייט איז געוואָרן אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך פונעם אַמעריקאַנער לעבנס־אַרט. אַרופטרעטנדיק אויפן פּאָסטן פון פּרעזידענט, האָט רייגאַן אונטערגעכעזשבנט, אַז אויב אויסשטעלן אַלע אַמעריקאַנער אַרבעטלאָזע אין איין ריי, וואָלט זי זיך געצויגן פונעם מיזרעך ביזן מײַרעוו פון פּשא. דעמאָלט האָט ער אַלע זינד נאָך געקאָנט אַרופוואַלגערן אויף קאַרטערן. אָבער הײַנט, ווען די אָפיציעלע פּראָפּאַגאַנדע טרומייטעט וועגן די „דערפאָלגן פון דער עקאָנאָמישער פּאָליטיק פון דער אַדמיניסטראַציע”, ווערט די דאָזיקע שוידערלעכע טראַנסקאָנטינענטאַלע ריי פון „איבעריקע מענטשן” אין דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפט ניט פאַרקלענערט.

מיט אַ באַזונדער קראַפט וואַרפט זיך אַרויף די אַרבעטלאָזיקײַט אויף די ווייניק קוואַליפיצירטע אַרבעטער, אויף דער „קאָלירהויטיקער” באַפעלקערונג און אויף דער יוגנט. יונגע מענטשן פון 16 ביז 19 יאָר, וועלכע האָבן ניט געפונען קיין אָנווענדונג פון זייער מי, באַטרעפן אין פּשא 20% פאַרעגיסטרירטע צווישן די ווײַסע אַרבעטלאָזע און אַרום 40% — צווישן די קאָלירהויטיקע. אין די לעצטע יאָרן גיסן זיך אַלץ אָפטער אַרײַן אין זייערע רייען ניט נאָר אַרבעטער און אָנגעשטעלטע פון מאַסן־

פּראָפעסיעס, נאָר אויך קוואַליפיצירטע ספּעציאַליסטן, פאַרשטייער פון אינטעלעקטועלער מי. צום ערשטן מאָל נאָך דער מילכאָמע האָט די אַרבעטלאָזיקייט אַרומגעכאַפּט אַ היפּשן טייל „ווײַסע קעלנערלעך".

דער שטאַרקער וווּקס פון אַרבעטלאָזיקייט אין די 70־ער—80־ער יאָרן איז ענג פאַרבונדן אויך מיט די ריזיקע שטײַערן־להאַטעס פאַר דעם גרויס־קאַפּיטאַל. פאַרשטייט זיך, אַז איינע פון די וויכטיקסטע סיבעס איז דער אומופהערלעכער וווּקס פונעם קריגס־בודזשעט, ווײַל ס'איז באַוווּסט, אַז אַ מיליאַרד דאָלאַר, וואָס ווערן אַרײַנגעלייגט אין די ציווילע צווײַגן פון דער עקאָנאָמיק, גיבן אין פיל מאָל מער אַרבעטס־ערטער, איידער דער זעלבער מיליאַרד, וואָס איז אַרײַנגעלייגט אין דער פּראָדוצירונג פון באַוואָפענונגען.

דער וווּקס פון דער אַרבעטלאָזיקייט פאַרשאַרפט אוּמפאַרמײַדלעך אַלע סאָציאַלע ווידערשפּרוכן אין דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפט. ווען ס'איז מיר אויסגעקומען דורכפאָרן אויף אַ מאַשין דורך דעם ראַיאָן פון פּאַרומערטער אָרעמקײַט, פון כראָנישער אַרבעטלאָזיקייט און נאַכט־הײַזער — באַוערי, וואָס געפינט זיך אין אונטער־מאַנהעטען, און זיך אָפּשטעלן כאָטשבי אויף געציילטע רגעס באַם סוועטאָפאָר, האָט טייקעף זיך באַוויזן לעבן מיר אַן אָרעם געקליידטער מענטש, וואָס האָט זיך גערײַלט אויסווישן דאָס פענצטער פון דער מאַשין, אויב אַפילו עס איז אַבסאָליוט ריין, קעדיי באַקומען פאַר דעם אַ פּאָר מאַטבייעס. פון די דאָזיקע מענטשן פונעם „דנאָ" ווייעט מיט שוידערלעכער אויסגאַנגלאָזיקײַט.

פּונקט אַזאַ איז אויך קעסיידער האָפענונגסלאָז דער האַרלעם, וועלכער איז אַלוועלטלעך באַוווּסט מיט זײַן טרויעריקן רום פון דאַלעס־הײַזער פאַר אַרבעטלאָזע אָרעמעלײַט, נעגערס, טשיקאַנאָסן, פּוערטאָריקאַנער. דער דנאָ פון דער געזעלשאַפט איז דאָ אָבער אַ באַזונדערער. קיינער וועט אין האַרלעם ניט אַ וואָרף טאָן זיך אויסצווווישן דיר דעם פענצטער. גיכער פון אַלץ וועט מען וואַרפן אין אים אַ שטיין, אָדער ווינטער אַ שטיק אײַז. דאָ בעט מען ניט. מע האָט צאַרנדיק פײַנט, און אופנעמענדיק מיטן קאָרפּוס פון דער מאַשין אַ שווערן שטיין, און מיט די אויגן — אַ פולן מיט האַס און פאַראַכטונג בליק, פאַרמאַכן די פאַרמעגלעכע וואָס גיכער די זײַטיקע פענצטער פון דער מאַשין און גיבן צו שנעלקײַט, מאַכמעס עס זײַנען דאָ קימאַט ניטאָ קיין סוועטאָפאָרן און קיינער איז זיי ניט אונטערגעאָרדנט — מענטשן שמײַען אַרום ווו און וויאַזוי עס ווילט זיך. דאָס איז אַ באַזונדערע אַנטפּלעקונג פון סאָציאַלן האַס מיצאַד יענע, וועלכע ווערן דערוואָרגן מיט דער טליע פונעם דאַלעס און פון דער אַרבעטלאָזיקייט, פון ראַסיזם און צוויִעס. פאַרוואָס זאָלן זיי ליב האָבן יענע, וואָס זיצן אין די „אָלדסמאָבילן" און „פּאָנטיאַקן", וועלכע זעען אויס אין די אויגן פון די אומגליקלעכע ווי אַ פאַרקערפּערונג פון רײַכטום, גוואַלדטאַט און אָפּנאַרערײַ?

אין אַזעלכע ערטער, ווי האַרלעם, באַוערי, אָדער דאָרעם־בראָנקס, זעסטו מיט די אייגענע אויגן, ווי רעאַל און שרעקלעך עס איז אין אַזאַ הויך־אַנטוויקלטער מעלוכע פון וויסנשאַפטלעך־טעכנישן פּראָגרעס דער קרײַז פון הונגער.

אין 1985 האָבן אַן ערך 20 מיליאָן אַמעריקאַנער געהונגערט, אָדער כראָניש ניט דערעסן. וועגן דעם איז געזאָגט אינעם באַריכט פונעם האַרוואַרדער אוניווערסיטעט און פון אַ ספּעציעלער פאָרשונגס־גרופּע פון דאָקטוירים. אַ קאָלאָסאַלע צאָל אַמעריקאַנער, — ווערט אָפּגעמערקט אינעם באַריכט, — לײַדט פון ניט־דערעסן אַפילו אין יענע שטאַטן, וואָס פּראָדוצירן לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן. דער באַריכט אונטערן נאָמען „דער וווּקס פון דער צאָל הונגעריקע, היימלאָזע און אָרעמע אין די אַמעריקאַנער שטעט אין 1985" איז צוגעשטעלט געוואָרן אויף דער סעסיע פון דער קאָנפערענץ פון די שטאָט־מערן, וועלכע איז פאָרגעקומען פרילינג 1986 אין וואַשינגטאָן. אַ באַזונדערן אומרו רופט אַרויס באַ די אויטאָרן פון דעם באַריכט דער שטאַרקער וווּקס פון דער צאָל מישפּאָכעס, וועלכע קאָנען ניט אָנהאָדעווען זייערע קינדער. אין אַזעלכע שטעט, ווי באָסטאָן, האַרטפאָרד, קאַנזאַס־סיטי, איז די צאָל באַקאָשעס וועגן דרינגענדיקער הילף מיט דערנערונג געשטיגן אין צוויי מאָל.

און ווי האַלט עס מיט דירע־געלט אין די הײַנטיקע פאַראייניקטע שטאַטן? דאָס געצאָלטס פאַר אַ וווינונג באַטרעפט פון אַ פערטל ביז אַ העלפט פונעם אַרבעטלוין. עלען בעקסטער און קים האָפּער פונעם קאָלומביער אוניווערסיטעט זײַנען געקומען צום אויספיר אין זייער ספּעציעלער פאָרשונג „היימלאָזע דערוואַקסענע אויף די גאַסן פון ניו־יאָרק" — אַז אָפּהאַנדלונג נאָך פּילצאָליקע באַגעגענישן מיט „מענטשן פונעם דנאָ", — אַז 30 טויזנט מאַנצבילען און 6 טויזנט פרויען וואַלגערן זיך אויף די ניו־יאָרקער גאַסן, ניט האָבנדיק קיין שטענדיקע וווינונג און קיין נאָרמאַלע שפּײַז. און די צאָל היימלאָזע אינעם גאַנצן לאַנד באַטרעפט, לויט דער מיינונג פון אַמעריקאַנער סאָציאָלאָגן, העכער 3 מיליאָן.

אין ניו־יאָרק, אין די פינצטערע און פײַכטע טונעלן, וועלכע זײַנען דורכגעלייגט אונטער דער פעשענעבעלער פּאַרק־אַוועניו פונעם צענטראַלן וואָקזאַל ביז דעם טײַערסטן אין דער שטאָט האָטעל „וואָלדאָרף־אַסטאָריאַ", לעבט אַ קאָלאָניע פון פאַרשטויסענע מענטשן. די אײַנוווינער פון דער דאָזיקער אונטערערדישער הייל אין עלטער פון 17 ביז 70 יאָר מוזן זיך וואַלגערן דאָ כאַדאָשימלאַנג און אַפילו אין מעשעך פון יאָרן. זיי שלאָפן אויף צײַטונגען און אויף שטיקלעך קאַרטאָן, צווישן טשוהונעגע

דער „אמעריקאנער טרוים":

די אָרעמעלײַט טרוימען וועגן א זאַטן מיטיק; די קינדער טרוימען וועגן לערנען אין שול און אין אוניווערסיטעט...



קאלאנעס. דאס עסן ווארעמען זיי אונטער אף די אנגעגליטע מעטאלענע טרויבן, איבער וועלכע עס ווערט געטריבן דאמף. אף דער אויבערפלאך גייען זיי ארויס, קעדיי בעטן א נעדאווע אדער געפינען עפעס, וואס טויג צום עסן. ווען ס׳ווערט פינצטער, קערן זיי זיך ווידער אום אין די קאטאקאמבעס.

ניט זעלטן אבער איז דאס לעבן פון יענע, וועלכע פארמאגן אפילע יא א דאך איבערן קאפ, ניט קיין סאך בעסער, אויב זיי האבן ניט מיט וואס צו צאלן פאר באהייצונג, און אין דרויסן איז ווינטער. קארעוו 2 מיליאן אמעריקאנער הייזער פארבלייבן אין פארלויף פונעם גאנצן ווינטער, לויט דער גוויסע־איידעס פון דער צייטונג „וואשינגטאן־פאסט”, אן באהייצונג און אן שיין. די צייטונג האט דערציילט וועגן דער מישפאכע פון אן ארבעטלאזער פרוי — פאטריציא גריימס. „א גליווערנדיקע קעלט, פונקט ווי די שארף פון א מעסער, דרינגט אריין דורך די קאלדרעס און דורך די איבערקליידער, אין וועלכע עס שלאפן די מוטער מיט דריי קינדער אירע... — ווערט געזאגט אינעם ארטיקל. — וויפל טרערן וויינט זי אויס באנאכט, טרערן נאך איר נעבעכדיקן גורל, ווען ס׳איז ניטא קיין ארבעט, קיין שפייז, קיין געלט, קיין קליידונג, קיין באהייצונג, קיין עלעקטרע, קיין וואסערלייטונג, אפילע קיין שלעסער אף טירן...”

צווישן די הויך־אנטוויקלטע מעלוכעס זיינען די פאראייניקטע שטאטן א לאנד פון דעם העכסטן פראדוצירטראוומאטיזם. אין העסקעם אפילע מיט די שטארק פארקלענערטע אנגאבן פון דער אפיציעלער סטאטיסטיק, קומען דא יערלעך פאר ניט ווייניקער פון 5 מיליאן פאלן פון פראדוציר־טראוומאטיזם. העכער 20 מיליאן אמעריקאנער ארבעטן אין שעדלעכע פארן געזונט באדינגונגען.

דער זשורנאל „יונייטעד סטייטס ניוס ענד אוארלד ריפארט” האט פארעפנטלעכט אן ארטיקל, וואס האט אין דער שיין פון געוויסע סיבעס געמוזט אופדעקן דאס, וואס די בורזשואזע „קעמפער” פאר דעם פאלקס־ווילזיין באהאלטן זארגזאם אויס. „אף א סאך אונטערנעמונגען פון פשא, — ווערט געזאגט אינעם ארטיקל, — עקזיסטירן אויסמאטערנדיקע און שוידערלעכע ארבעט־באדינגונגען, וועלכע מע קאן עפשער פארגלייכן מיט די פרייקע טעג פון דער אינדוסטריעלער רעוואליוציע”. דה. מיט די צייטן פון מער ווי מיט הונדערט יאר צוריק.

„...שמוציקע און שרעקלעך איבערגעפולטע צימערן פון ניי־ווארשטאטן אין ניו־יארק. זומער איז אין זיי אן אומדערטרעגלעכע היץ, ווינטער — א מוירעדיקע קעלט. און אין כיוסטאן, אין דעם זעלבן כיוסטאן, ווו עס געפינט זיך דער קאסמישער צענטער פון פשא און ווו עס זיינען פאראן ניט ווייניק אולטראמאדערנע הייזער, זיינען די ארבעטער פון דער „פירמע איבער וויל־איינארדענונג” (!) געצוווּנגען צו לעבן אין נעבעכדיקע כאלופעס, אן באקוועמלעכקייטן און בלויז מיט איין וואסערלייטונג־קאלאנקע אף דער גאס. זייערע „בעטן” באשטייען בלויז פון פלאסטיק־מאטראצן, אוועקגעלייגטע גלייך אפן דיל”. בעעמעס — קנעכט פונעם קאסמישן יארהונדערט!

אומגעהייער שווער זיינען די ארבעטס־באדינגונגען פון דער פילצאליקער ארמיי ארבעטער, וועלכע מיען זיך איינדערהיים. קעדיי פארדינען כאטש עפעס־וואס אפן לעבן, הארעווען זיי ניט זעלטן ביז שפעט אין דער נאכט און צווינגען הערביי אויך ארבעטן זייערע קינדער. „איך וואלט עס אנגערופן ארבעטס־באדינגונגען פונעם XIX יה.”, — אזא איז די מיינונג פון עדמונד סעליוועז פון לאס־אנדזשעלעס.

ווי מיר זעען, איז דער „אמעריקאנער טרוים”, וועלכן מע שרייבט נאך אלץ צו די „פאטערס־גרונטלייגער” פון פשא, ווייט אוועק פונעם דעמאקראטישן אינהאלט פון זייערע געדאנקען וועגן דער צוקונפט פונעם לאנד.

באהויפטנדיק, אז דער „טרוים” איז געווארן פאר די אמעריקאנער „א לעבעדיקע רעאליטעט”, האט דער פרעזידענט ר. רייגאן אוודאי ניט געהאט אין זינען די לאנגע רייען פון ארבעטלאזע, וועלכע טרוימען וועגן א באליביקער ארבעט, די מיליאנען היימלאזע אדער יענע, וואס וואלגערן זיך אין כאלופעס און טרוימען וועגן א דאך איבערן קאפ, די ארעמעלייט, וועלכע טרוימען וועגן א זאטן מיטיק, אדער די קראנקע, וואס טרוימען וועגן א געוויינלעכער קליניק, וווהין זיי קאנען זיך ניט דערשלאגן מאכמעס דעם מוירעדיקן יאקרעס פאר היילונג, אדער די עלטערן, וועלכע טרוימען וועגן דעם, אז זייערע קינדער זאלן זיך קאנען לערנען אין די אוניווערסיטעטן, ווו הער סכארלימעד באטרעפט, אלס קלאל, פון 5 ביז 12 טויזנט דאלאר א יאר. די דאזיקע טרוימען זיינען פאר דער מערהייט אמעריקאנער ענלעך אף א מיראזש אינעם מידבער.



אונדזערע
פובליקאציעס

בענציען רובשטיין

# די אנטשטייונג און אנטוויקלונג פון דער יידישער שפראך

## 2. די ווירקונג פונעם צווישנפעלקערלעכן האנדל אויף דער אנטשטייונג פון דער יידישער שפראך

מיר האָבן שוין פריִער דערמאָנט, אַז די ערשטע דאָקומענטן, וואָס מיר פאַרמאָגן וועגן ייִדן אין די גערמאַנישע לענדער (פונעם 4־טן יאָרהונדערט), דערציילן אונדז וועגן א ייִדישער באַפעלקערונג, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט ערדאַרבעט.

מיט א פאָר יאָרהונדערטער שפּעטער באַגעגענען מיר שוין די ייִדישע באַפעלקערונג אין די דייַטשישע לענדער קימאַט ווי אַן אויסשליסלעכע האַנדלס־גרופּע, וואָס האָט פונעם 7־טן יאָרהונדערט און ווייַטער אָנגעהויבן מאָנאָפּאָליזירן דעם מיזרעך־האַנדל.

וויאַזוי איז פאָרגעקומען די דאָזיקע ראַדיקאַלע ווירטשאַפטלעכע ענדערונג אינעם לעבן פון די דייַטשישע ייִדן?

נאָך דעם, ווי די גערמאַנישע שוואָטים האָבן אָנגענומען דעם קאַטוילישן גלויבן, איז אינגאַנצן פאַרשוווּנדן געוואָרן די געזעלשאַפטלעכע מעכיצע, וואָס האָט אָפּגעטיילט דעם „באַרבאַרישן קויפער" פונעם קאַטוילישן רוימישן טוישעוו, און ס'האָט זיך אָנגעהויבן די צונויפגעמעלצונג פון די דאָזיקע ביידע טיילן באַפעלקערונג. און ווייַל די „באַרבאַרן" זייַנען געווען דער באַדייַטנדיקסטער טייל פון דער באַפעלקערונג, זייַנען די רוימער אינגאַנצן באָטל געוואָרן אין דער קוואַנטיטאַטיוו גרעסערער מאַסע גערמאַנער, און אַלס ניט־גלייַכבאַרעכטיקטע זייַנען געבליבן בלויז די ייִדן.

צוזאַמען מיט די רוימער איז פאַרשוווּנדן געוואָרן — ווי פריִער, ווי שפּעטער — דאָס רוימישע רעכט און זייַן אָרט האָט פאַרנומען דאָס געוווינהייטס־רעכט פון די גערמאַנישע שוואָטים. בא אייניקע פון די דאָזיקע שוואָטים האָבן אַלע בלוט־פרעמדע (אַלזאָ, אויך די ייִדן!) געבילדעט א באַזונדערע קאַטעגאָריע פון ניט־גלייַכבאַרעכטיקטע בירגער אָן פּאָליטישע רעכט, ווי אויך אָן דעם רעכט צו באַזיצן ערד.

דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז די ייִדישע ערד־אייגנטימער האָבן געמוזט פאַרקויפן זייערע אומבאַוועגלעכע גיטער. דאָס אַריבערגיין פון די געוועזענע ייִדישע לאַנד־באַזיצער צום צווישנפעלקערלעכן האַנדל האָט מיטגעווירקט דערצו, אַז די ייִדן זייַנען אויף אַזאַ אופן פאַרוואַנדלט געוואָרן קימאַט אין אַן אויסשליסלעך האַנדלס־פאָלק.

דער האַנדל אין יענער צייַט איז אָבער געווען א וואַנדער־האַנדל, דער סוחר האָט פּערזענלעך געמוזט צוזאַמען מיט זייַנע קאַראַוואַנען, שיפן אָדער סכוירע־געפּעק באַזוכן פאַרשיידענע מדינעס און אָפט יאָרנלאַנג פאַרברענגען אויף זייַן האַנדלס־רייַזע אין אומבאַקאַנטע לענדער און צווישן פרעמדע פעלקער. אויף אַזאַ אופן, האָט קימאַט די גאַנצע עקאָנאָמיש־טעטיקע ייִדישע באַפעלקערונג (באַזונדערס די מאַנצבלען) דעם גרעסטן טייל פון זייער אַרבעטס־לעבן פאַרבראַכט אין פרעמדע לענדער צווישן אומבאַקאַנטע פעלקער און זיך געפונען אונטער דער האַשפּאָע פון א גרויסער צאָל פרעמדע שפּראַכן, קולטורן, געוווינ־

פאַרזעצונג. אָנהייב זע נומ. 1, 1987.

הייטן און מינהגים. ס'איז זיך לייכט פארצושטעלן ווי שעפעדיק עס האט געדארפט זיין די צאל ווערטער, וואס דער יידישער סויכער, פארברענגענדיק דאס גאנצע לעבן אין פרעמדע לענדער, האט געמוזט אריינעמען אין זיין געברויך־שפראך. אט די היפשע צאל פרעמדווערטער איז קימאט אן מעניעס אריינגעדרונגען אין דער שפראך פון דער איבעריקער היימישער יידישער באפעלקערונג.

דער צווישנפעלקערלעכער האנדל האט געווירקט אף דער שפראכלעכקייט פון דער יידישער באפעלקערונג אויך אף אן אנדער שטייגער.

דער פעריאד, וואס מיר באהאנדלען דא, דארף באצייכנט ווערן אלס בליונג־צייט פון דער אזוי־גערופענער „פרעמדער מאראל". דאס, וואס עס איז געווען אמשטרענגסטן פארבאטן בענעגייע די מיטגלידער פונעם אייגענעם שיוועט אדער עמונע־גרופע, איז דערלאזט געווארן בענעגייע „פרעמדע" — מיטגלידער פון אן אנדער שיוועט, פאלק אדער עמונע. רויבערישע אנפאלן אף פרעמדע קאראוואנען, שיפן אדג. פלעגן אפילע געלויבט און באזונגען ווערן. דעריבער איז דער צווישנפעלקערלעכער האנדל פון יענער צייט געווען איינע פון די שווערסטע און געפערלעכסטע באשעפטיקונגען, פירן דעם דאזיקן האנדל האט געקאנט בלויז די גרופע, וואס איז אימשטאנד געווען צו פארקלערן די דערמאנטע רויבער־געפארן און פארזיכערן זיך אין די דורכרייז־לענדער.

אדאנק דער יידישער צעשפרייטקייט זיינען געשאפן געווארן פארן יידישן צווישנפעלקערלעכן סויכער „נאטירלעכע" שטיץ־ און שוץ־פונקטן, ווו ער האט געקאנט צו אלע צייטן געפינען הילף און נייטיקע אנווייזונגען.

די יידישע קעהילעס האבן אבער געקאנט פארוואנדלט ווערן אין שטיץ־פונקטן פארן יידישן צווישנפעלקערלעכן מיסכער בלויז אין דעם פאל, ווען די יידישע סאכרים האבן א מעגלעכקייט צוזאמענצורעדן זיך מיט די געמיינדעס, וואס ליגן אף זייער האנדלס־וועג. די יידישע קעהילעס זיינען אבער צו יענער צייט קימאט אומעטום שפראכלעך געווען אסימילירט מיט דער ארומיקער באפעלקערונג, און קענען די שפראכן פון אלע יידישע קעהילעס וואלט אייגנטלעך געהייסן קענען אלע שפראכן קימאט פון גאר דער וועלט. ס'איז דעריבער אומבאדינגט נייטיק געווען פארן יידישן מיזרעכשן צווישנפעלקערלעכן האנדל צו געפינען א הילפס־שפראך, וואס זאל געבן די מעגלעכקייט צוזאמענצורעדן זיך מיט די יידישע קעהילעס. אין אזא האנדלס־הילף־שפראך האט געקאנט פארוואנדלט ווערן בלויז העברעיש־אראמעיש — די שפראך פון טאלמוד, וואס האט רעגולירט דאס רעליגיעזע לעבן פון אלע יידישע קעהילעס, — די שפראך, אף וועלכער ס'האט צו יענער צייט נאך גערעדט א באדייטנדיקע צאל יידישע קעהילעס אין פאדער־אזיע און וואס איז מער אדער ווייניקער געווען באקאנט די יידישע פאלקס־פירער און דער אינטעליגענץ אין גאר דער וועלט.

צווערשט האט זיך דער יידישער סויכער אף דער דאזיקער שפראך געגריסט מיט די מיטגלידער פון די איבעריקע יידישע קעהילעס — מיטן טראדיציאנעלן „שאלעם־אלייכעם", וואס איז שוין געווען פארשווונדן אין דער צייט פון דער רוימישער און גריכישער שפראך־אסימיליאציע. אף דער דאזיקער שפראך האט ער זיך באמיט צו באקומען די נייטיקע האנדלס־אנווייזונגען אדג. אף העברעיש־אראמעיש האט ער זיך אויך געווענדט צו די אנפירער פון די פרעמדע יידישע קעהילעס, ווען ער איז געצווונגען געווען צו בעטן בא זיי שוץ אדער הילף קעגן רויבער־אנפאלן אדער א „כעסעד" בא די ארטיקע הערשער. באזונדערס אבער האט זיך דער יידישער סויכער געמוזט באנוצן מיט דער העברעיש־אראמעישער שפראך בייס ער האט זיך געוואלט דערוויסן בא די יידישע קעהילעס, וואס פאר א סכוירעס קאנען אין דעם אדער יענעם ארט געפינען אן אפזאץ, וואס פאר א סכוירעס מע קאן איינקויפן אדג. דעריבער האבן זיי פאר די זאכן, מיט וועלכע זיי האבן דעריקער געהאנדלט (איידלשטיינער, מיזרעך־פיירעס, פארשיידענע צירונגען) — ווי אויך אנדערע האנדלס־באגריפן — געמוזט באצייכענען מיט העברעישע נעמען און א טייל פון זיי זיינען סאפקאלסאף אריינגעדרונגען אין זייער אייגענער געברויך־שפראך, און פונדאנען אין דער שפראך פון דער איבעריקער היימישער יידישער באפעלקערונג.

אז די דאזיקע האשארע אנטשפרעכט בעעמעס דעם געשיכטלעכן אנטוויקלונגס־גאנג פון דער יידישער שפראך, איז צו זען פון פאלגנדיקע ביישפילן.

צווישן די מיזרעך־פיירעס, מיט וועלכע די יידן האבן אין מייערעוו־אייראפע — אלזא, אויך אין די דייטשישע לענדער — געהאנדלט שוין אין פריערן מיטלאלטער, האבן זיך אויך געפונען טרוקענע טרויבן, וואס די יידן האבן גערופן מיטן העברעישן נאמען „צמוקים" (דאס ווארט האט זיך פארהאלטן אין אונדזער שפראך אדהיינט), וואס איז אויך אריין אין דער אלגעמיינער געברויך־שפראך און פונדאנען איז עס ווייטער אריינגעדרונגען אפילע אין דער געברויך־ און שריפט־שפראך פון דער איטאליענישער באפעלקערונג פון ווענעציע און האט שוין אין 16־טן יארהונדערט בא זיי באקומען אן איטאליענישע ענדערונג (Simuki).

ווי באקאנט האבן איידלשטיינער („אבנים טובות") געשפילט א גרויסע ראליע אינעם יידישן אריענטאלישן מיסכער שוין אין דער ערשטער העלפט פון מיטלאלטער. ס'איז אינטערעסאנט דעריבער, וואס אינעם בוך „תשבי" (1526 יאר) בלייבן די נעמען פון די איידלשטיינער „ספיר" און „ישפה" ניט דערקלערט. פארשטייט זיך, אז דאס איז מעגלעך געווען דערפאר, וואס די דייטשיש־רעדנדיקע יידן האבן די דאזיקע שטיינער געקענט אונטער זייער העברעישן נאמען. ווארשיינלעך איז ניט געווען קיין נויטווענדיקייט די דאזיקע ווערטער איבערצוזעצן אדער צו דערקלערן.

פאַר „קאַווע" האָבן די ייִדן ניט געפונען קיין אנטשפּרעכיקן אויסדרוק, און זיי האָבן געשאַפן אן אייגן העברעיִש וואָרט — „מים־שחור" (פאַרגלײַך מיטן ניט־ריכטיק געבילדעטן ייִדיש־העברעיִשן וואָרט „כלי־זמר"). און דאָס איז דאָך דער בעסטער סימן, אז דאָס וואָרט איז זיי נייטיק געווען, קעדיי צו פאַרשטענדיקן זיך מיט אַזעלכע, וועלכע פאַרשטייען ניט קיין דײַטש און זײַנען מער אָדער ווייניקער באַקאַנט מיט העברעיִש — דאָס הייסט, מיט אַנדערש־שפּרעכנדיקע ייִדישע קעהילעס.

ווײַט ניט צופעליק איז אויך דאָס, וואָס אַ גאַנצע ריי באַגריפן, וועלכע געפינען זיך אין צוזאַמענהאַנג מיטן האַנדל, זײַנען נאָך אַדהײַעם אויסגעדריקט בײַ די דײַטשיש־רעדנדיקע ייִדן אין העברעיִש. אַזוי, לעמאָשל, איז דער באַגריף „האַנדלען" אויסגעדריקט אין די העברעיִש־אַראַמעיִשע ווערטער: סחרן, תגרן, שוקן, קבינן, מוכרן (אויך אויסקבינען, פאַרקבינען, פאַרמוכרן אאַוו.). פאַרן באַגריף „געלט" זײַנען ביז דער לעצטער צײַט אָפּגעהיט די לאָשן־קוידעשדיקע אויסדרוקן: כסף, מעות, ממון, מזומנים, אגורה, פּרוטה, זהוב, שקל, דינר און אַנד. אויך זײַנען בײַ אונדז נאָך אין געברויך העברעיִשע אויסדרוקן פאַר זאַכן, וועלכע האָבן אַ נאָענטע שײַכעס צום מיסכער: רווח, שכר, היזק, הפסד, קרן חוב אדג.

דער אַמאָליקער מיזרעך־האַנדל איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס אַ סויכער האָט צוזאַמען מיט זײַנע סכוירעס פּערזענלעך געמוזט פאָרן פון לאַנד צו לאַנד. אינטערעסאַנט איז דערבײַ, וואָס דאָס דײַטשישע וואָרט „פאַרט" איז אין ייִדיש־דײַטש פאַרביטן געוואָרן מיט „נעסיע", און די איבעריקע קעגנשטאַנדן און דערשײַנונגען, וועלכע זײַנען צוזאַמענגעבונדן מיטן וואַנדער־האַנדל, זײַנען אויך אויסגעדריקט אין העברעיִשע ווערטער (באַלעגאָלע, אַכסאַניע, אוירעך, מעראַנעק, קאָרעוו, גער, דערעך, מעדינע, מיזרעך, מײַרעוו, צאָפן, דאָרעם, יאַם, יאַבאָשע, ווי אויך אַ סאַך נעמען פון לענדער און פעלקער).

די צירקוליאַציע פון ווערטער פון איין שפּראַך אין דער צווייטער איז אַ שטענדיקע דערשײַנונג אינעם לעבן פון די לעשוינעס, וועלכע קומען צווישן זיך אין אַ וואָסער־ניט־איז באַרירונג. אָפט טרעפט אַפילע, אז אַ וואָרט, וואָס האָט איבערגעוואַנדערט אין אַ צווייטער שפּראַך און האָט זיך דאָרט פאָנעטיש געענדערט, ווי אויך געביטן זײַן באַדײַטונג, קערט זיך אום אין דער אורשפּראַך אין אַ געענדערטער פאָנעטישער פאָרם און באַדײַטונג אַלס אַ נײַ פּרעמדוואָרט.

די מערהײַט ווערטער, וואָס וואַנדערן פון שפּראַך צו שפּראַך, זײַנען די נעמען פון קעגנשטאַנדן און באַגריפן, וועלכע ווערן אימפּאָרטירט פון פרעמדע לענדער. זיי קומען אין זייער נײַער היים צוזאַמען מיטן אורנאָמען. אַזוי, צום בײַשפּיל, צוזאַמען מיט באַשליק, מאַנטל, פאַטשיילע, קאַקאַאָ, קאַווע, טיי, טשאָלנט, ביפשטעק און פיל, פיל אַנדערע — האָבן מיר אויך איבערגענומען זייערע אורנעמען, וועלכע האָבן זיך ביסלעכווײַז אײַנגעבירגערט אין אונדזערע שפּראַכן. אַ טייל פון די דאָזיקע פּרעמדווערטער ווערן מיט דער צײַט פאַרביטן אָדער אַמאַלגאַמירט מיט אנטשפּרעכיקע היימישע ווערטער, די איבעריקע ענדערן זיך אַלפּי ראָוו פאָנעטיש און אַדאָפּטירן זיך גראַמאַטיקאַליש, קעדיי צו קומען אין אַ פאָנעטיש־גראַמאַטיקאַלישן אײַנקלאַנג מיט דער נײַער שפּראַך, וווּהין זיי האָבן איבערגעוואַנדערט.

אָט דער דאָזיקער אַלגעמיינער פּראָצעס פון אַרײַנעמען און איבעראַנדערשן אימפּאָרטירטע פּרעמדווערטער, וואָס עס שפּילט אַזאַ קאָלאָסאַלע ראָליע אין דער אַנטוויקלונגס־געשיכטע פון שפּראַכן, איז פאָרגעקומען אָף פאַרשיידענע אויפאַנים בײַ די דײַטשיש־רעדנדיקע ייִדן און בײַ זייערע דײַטשישע שכיינים, און אין דעם פּראַט איז בײַ ביידן די אַנטוויקלונג געגאַנגען אָף פאַרשיידענע וועגן.

אַ גאַנצע ריי פּרעמדווערטער, וועלכע זײַנען אַרײַנגעדרונגען אין דער שפּראַך פון די קריסטלעכע דײַטשן אַלס נעמען פון אימפּאָרטירטע אַרטיקלען, האָבן אין דער שפּראַך פון די דײַטשיש־רעדנדיקע ייִדן, ווי מיר האָבן שוין פריִער דערמאַנט, געטראָגן העברעיִש־אַראַמעיִשע נעמען.

אָבער אויך די פּרעמדווערטער (ניט העברעיִש־אַראַמעיִשע) פון פאַרשיידענע אימפּאָרטירטע אַרטיקלען און באַגריפן, וועלכע זײַנען אַרײַנגעדרונגען אין דער ייִדיש־דײַטשישער שפּראַך, צוגלײַך מיט דער שפּראַך פון דער קריסטלעכער דײַטשישער באַפעלקערונג, האָבן זיך בײַ דער ייִדישער באַפעלקערונג אַלפּי ראָוו לענגער פאַרהאַלטן און האָבן דורכגעמאַכט אַ באַזונדערע פאָנעטיש־גראַמאַטיקאַלע אַנטוויקלונג. אַזוי, צום בײַשפּיל, האָבן די ייִדן אינעם 10־טן יאָרהונדערט געהאַנדלט מיט טיכער (פאַטשיילעס), וואָס זיי האָבן אימפּאָרטירט פון איטאַליע, און האָבן צוזאַמען מיטן דאָזיקן קעגנשטאַנד אויך איבערגענומען זײַן איטאַליענישן נאָמען. דער דאָזיקער אורנאָמען פונעם איטאַליענישן קעגנשטאַנד איז אויך אַרײַנגעדרונגען אין דער דײַטשישער סוויווע, אָבער בייס בײַ דער דײַטשישער באַפעלקערונג איז עס שוין פון לאַנג, נאָך פונעם מיטלאַלטער, פאַרביטן געוואָרן מיט אַן אַנטשפּרעכיק היימיש וואָרט, האָט זיך עס אין דער פאַרייִדישטער פאָרם אָפּגעהיט ביזן הײַנטיקן טאָג (פאַטשיילע).

דער פאַרשיידנאַרטיקער אַנטוויקלונג פון די פּרעמדווערטער (אורנעמען פון אימפּאָרטירטע סכוירעס אדג.), וועלכע זײַנען גלײַכצײַטיק אַרײַנגעדרונגען אין דער ייִדיש־דײַטשישער און אין דער דײַטשישער שפּראַך, האָבן מיטגעווירקט פאָלגנדע סיבעס.

ווי נאָר די ייִדישע באַפעלקערונג אין דײַטשלאַנד (ווי אויך אין אַלע אַנדערע לענדער) זײַנען איבערגעגאַנגען צום צווישנפעלקערלעכן מיזרעך־האַנדל, וואָס האָט באַשעפטיקט דעם גרעסטן טייל פון די גערמאַנישע ייִדן, זײַנען די ייִדן פאַרוואַנדלט געוואָרן קימאַט אין אַן איינהײַטלעכער פּראָפעסיאָנעלער גרופּע, מיט אייגנאַרטיקע ווירטשאַפטלעכע און פּראָפעסיאָנעלע אינטערעסן, וועלכע האָבן ניט געהאַט צו זיך קיין אַנטשפּרעכנדיקס אין דער אַרומיקער קריסטלעכער סוויווע.



9—2134

אין דער צײַט פֿונעם ייִדישן מיזרעך־האַנדל, אין דער ערשטער העלפֿט פֿון מיטלאַלטער, האָט נאָך, עמעס, ניט עקזיסטירט קיין יורידישע געטאָ און די ייִדן האָבן געהאַט די מעגלעכקײַט צו וווינען אין די קריסטלעכע טיילן פֿון די שטעט. אויך די רעליגיעזע העצע פֿון די גײַסטלעכע קעגן די ייִדן האָט צו יענער צײַט נאָך געהאַט זייער ווייניק דערפֿאָלג בײַ דער ברייטער קריסטלעכער מאַסע. און דאָך האָבן די ייִדן שוין צו יענער צײַט געבילדעט אַ זעלבשטענדיקע אין אַ געוויסער מאָס אָפּגעשלאָסענע געזעלשאַפֿטלעכע און קולטורעלע גרופּע. דאָס איז געווען אַ דירעקטער פּועל־יוצא פֿון זייער ווירטשאַפֿטלעכער באַזונדערקײַט און פֿון דער אייגנאַרטיקער לאַגע, וואָס האָבן אין דער ערשטער העלפֿט פֿונעם מיטלאַלטער פֿאַרנומען אין דײַטשלאַנד. אַפֿילע אַן אויבערפֿלעכלעכער בליק אַף דער סאָציאַלער סטרוקטור פֿון דער געזעלשאַפֿט אין פֿריִען מיטלאַלטער קאָן אונדז איבערצײַגן אין דער ריכטיקײַט פֿון דער דאָזיקער מיינונג. אַלס אַ באַזונדערע עקאָנאָמישע סוויווע, האָבן די ייִדן אויסגעאַרבעט זייערע אייגענע מינהאָגים, לעבנשטייגער און געוווינהײַטן, וועלכע זײַנען ניט געווען די זעלבע, ווי אין דער קריסטלעכער געזעלשאַפֿט. אָן אַ יורידישן צוואַנג איז אין גאָר פֿריִען מיטלאַלטער אַפֿן נאַטירלעכסטן אויפֿן אויסגעוואַקסן אַן אָפּגעזונדערטע, קולטורעל און געזעלשאַפֿטלעך אָפּגעשלאָסענע ייִדישע געמיינשאַפֿט — אַ פֿרײַוויליקע געטאָ. זי האָט זיך נאָך מער קאָנסאָלידירט איבער רעליגיעזע טײַמים. ס'איז דעריבער קיין כידעש ניט, וואָס אין דער דאָזיקער קולטורעלער (אַלזאָ, אין אַ געוויסער מאָס אויך שפּראַכלעכער) סוויווע האָבן די פּרעמדווערטער דורכגעמאַכט אַלפּי ראָוו אַ גאַנץ אַנדערע פֿאָנעטישע, גראַמאַטיקאַלישע און באַדײַטונגס־אַנטוויקלונג, איידער בײַ דער דײַטשישער באַפֿעלקערונג.

ס'איז נאָך געווען אַ סיבע: דער סויכער, וועלכער איז געווען אין דער ערשטער העלפֿט פֿון מיטלאַלטער דער הויפּט־אימפּאָרטירער פֿון אויסלענדישע סכוירעס אין גערמאַניע, איז אין דער זעלבער צײַט אויך געווען דער הויפּט־אימפּאָרטירער פֿון די פּרעמדווערטער, וואָס האָבן געבילדעט די נעמען פֿון די אויסלענדישע סכוירעס אין דער דײַטשישער שפּראַך. ער, דער ייִדישער סויכער, האָט זיך אַף זײַנע אומענדלעכע און קעסיידערדיקע האַנדלס־נעסיִעס געפֿונען אונטער דער דירעקטער האַשפּאָע פֿון דעם אורשפּרינגלעכן קלאַנג, גראַמאַטיקאַלישע פֿאָרמען און באַדײַטונג פֿון די אימפּאָרטירטע פּרעמדווערטער, בעיס די דײַטשישע באַפֿעלקערונג האָט אַף זיך די דערמאָנטע האַשפּאָע ניט געפֿילט. דעריבער האָט דער פֿאָנעטישער און גראַמאַטיקאַלישער נאַציאָנאַליזירונגס־פּראָצעס פֿון די אַרײַנגעבראַכטע פּרעמדווערטער, ווי אויך דאָס אָפּווײַכן אין די ענדערונג פֿון זייער באַדײַטונג בײַ דער דײַטשישער באַפֿעלקערונג, געקאָנט פֿאָרקומען אַ סאַך געשווינדער, איידער בײַ דער ייִדישער באַפֿעלקערונג, וועמענס אויער האָט ניט אויפֿגעהערט צו הערן בעיס די איבערגעכאַזערטע נעסיִעס דעם אורשפּרינגלעכן קלאַנג, די גראַמאַטיקאַלישע פֿאָרמען און באַדײַטונג פֿון די אָנגענומענע פּרעמדווערטער. דאָס האָט, פֿאַרשטייט זיך, געמוזט ברענגען דערצו, אַז די דערמאָנטע פּרעמדווערטער זאָלן זיך אין דער ייִדיש־דײַטשישער שפּראַך פֿאַרהאַלטן אַ סאַך לענגער און אין אַ מער אורשפּרינגלעכער פֿאָרם און באַדײַטונג, איידער אין דער דײַטשישער שפּראַך.

דער ייִדישער מיזרעך־האַנדל האָט געווירקט אַף דער אַנטוויקלונג פֿון ייִדיש־דײַטש אויך אַף אַן אַנדער אויפֿן. קעדיי ווי ס'געהער צו זײַן אויסניצן די ייִדישע קעהילעס פֿאַר די אינטערעסן פֿונעם האַנדל, האָט דער אָריענטאַלישער סויכער ניט בלויז געדאַרפֿט קענען זיך באַנוצן מיט דער ביבל־ און טאַלמוד־שפּראַך, קעדיי צוזאַמענרעדן זיך מיט די אַנדערש־רעדנדיקע ייִדישע קעהילעס, נאָר ער האָט אויך געדאַרפֿט זײַן ווי געהעריק באַקאַנט מיט דער ייִדישער רעליגיעזער ליטעראַטור, ווײַל וואָס מער לאָמדן ער איז געווען, אַלץ גרעסער האָט געדאַרפֿט זײַן די גאַסטפֿרײַנטלעכקײַט און דער קאַבאָלעס־פּאָנעם מיצאַד די פֿרעמדע אַנדערש־רעדנדיקע ייִדישע קעהילעס. דאָס טוירע־לערנען האָט דעריבער צו יענער צײַט באַקומען אַ רעאַלע סאָכרישע ווערט, און מע קאָן מיט זיכערקײַט באַהויפּטן, אַז דאָס ווערטל „טוירע איז די בעסטע סכוירע" האָט קיינמאָל ניט אַזוי אַנטשפּראָכן דער ווירקלעכקײַט, ווי גראָד אין יענע אַלטע צײַטן פֿונעם ייִדישן מיזרעך־האַנדל.

די בוכשטעבלעך־טרײַע איבערזעצונג פֿון די הייליקע שריפֿטן האָט אַרײַנגעבראַכט אין דער ייִדיש־דײַטשישער שפּראַך אייניקע אַזעלכע דײַטשישע אויסדרוקן, וועלכע שטאַמען פֿון דער העברעיִשער פֿאָרם און זײַנען געווען אומפֿאַרשטענדלעך דער ניט־ייִדישער באַפֿעלקערונג, ניט געקוקט אַף זייער עכט־דײַטשישן קלאַנג. אַף אַזאַ אויפֿן האָט אַרײַנגעשטראָמט אין דער ייִדיש־דײַטשישער שפּראַך אַ צאָלרײַכע מאַסע, ספּעציעל פֿון די ייִדן געשאַפֿענע, ווערטער און אויסדרוקן, אַדאַנק דעם, וואָס די ייִדן האָבן זיך געהאַלטן בײַ דער טרײַסטער בוכשטעבלעכער איבערזעצונג פֿון די הייליקע שריפֿטן און איבערגעטראָגן אין זייער דײַטשישער שפּראַך די ספּעציפֿישע העברעיִשע אויסדרוקן און פֿאָרמען, פֿאַרשטאַרקנדיק דערמיט אומבאַוווּסטזיניק דאָס אָפּווײַכן פֿון ייִדיש־דײַטש פֿון איר אורשפּרינגלעכן דײַטשישן שוירעש.

מ ו י ש ע  ל אַ י ע ו ו

# זיי שטייען מיר אַלע פֿאַר די אויגן...

(זיכרוינעס פֿון אַ ייִדישן שוישפּילער)

„שפּילן" טעאַטער האָב איך אָנגעהויבן, ווען איך בין געווען אַ ייִנגעלע פֿון אַ יאָר זיבן־אַכט. געווען בין איך אַ שנעקל אַ נידעריקס און אַ נעבעכדיקס, און אַלעמאָל, ווען אַ וואַנדער־טרופּע האָט געדאַרפֿט האָבן אויף דער בינע עפּעס אַ קינד, אַ יאָסעמל, צי גלאַט אַזוי אַ נעפּעשל אויף צו פֿירן בײַ דער האַנט, בין איך געווען דאָס, וואָס מע דאַרף. געוווינט האָבן מיר ניט ווײַט פֿונעם טעאַטער, אַנגעפּאָרענע אַקטיאָרן זײַנען אײַנגעשטאַנען בײַ אונדז, בײַ אונדזערע שכנים, און איך בין אָפֿט צוגײן געקומען.

אַ ביסעלע שפּעטער האָב איך אָנגעהויבן שפּילן מערער זעלבשטענדיקע ראָלן, כ'האָב שוין אַליין דורכגעשפּאַנט דורך דער בינע, און אַמאָל אַפֿילע שוין עמעצן געפֿירט מיט זיך. עמעס, דער עמעצער איז געווען ניט מערער, ווי אַ ציג. דאָס איז געשען, ווען מע האָט בײַ אונדז אין טשערקאַס געשטעלט די באַוווּסטע אוקראַיִנישע פּיעסע לויט גאָגאָלס ווערק «Сорочинская ярмарка».

אַזוי בין איך אַרײַן אין טעאַטער, און דער טעאַטער אין מיר. מאַמעש ווי אַ דיבוק. איך האָב ליב באַקומען די בינע, דאָס שפּילן מיט לײַב און לעבן. מיר האָט זיך אַלץ מערער און קלאָרער געמאָלט מײַן ווײַטערדיקער וועג נאָר ווי אַן אַקטיאָר. און ווען איך האָב געענדיקט זיבן קלאַסן, געווען איז דאָס אין 1933 יאָר, האָב איך באַשטימט אָנקומען אין מאָסקווער ייִדישן טעאַטראַלן טעכניקום.

נאָר אײדער איך וועל מיט מײַן אָפּגעריבענעם טשעמאָדאַנדל אין דער האַנט זיך אַרײַנזעצן אין דעם איבערגעפּולטן וואַגאָן פֿונעם מאָסקווער צוג, ווײַל איך דערציילן וועגן מײַנע ערשטע, נאָך קינדערשע אַקטיאָרישע טריט.

געווען איז דאָס, ווען איך האָב זיך געלערנט אין צווייטן קלאַס. אונדזער לערער כאַווער הערשל האָט פֿון צײַט צו צײַט געשטעלט מיט אונדז קלייניקע אײַנאַקטערס, ליטעראַרישע מאָנטאַזשן. דאָס מאָל האָט ער גענומען קנעלן מיט אונדז אַן אינסצענירונג וועגן אָרעמע אינדוסן, וועמען די ענגלענדער האָבן אַרײַנגעוואָרפֿן אין טורמע און קלײַבן זיך זיי צעשיסן.

איך, וואָס האָב שוין אַ פּאָר מאָל „געשפּילט" טעאַטער מיט עמעסע אַקטיאָרן, בין געווען זיכער, אַז דער לערער וועט מיך אויך אַרײַננעמען אין דער שפּיל. נאָר ער האָט אין מיר, אַפּאָנעם, פֿאַרגעסן. דאָס האָט מיך שטאַרק פֿאַרדראָסן, און איך האָב זיך צעוויינט. דערוווּסט זיך, פֿאַרהאָס איך וויין, האָט כאַווער הערשל זיך דערבאַרעמט איבער מיר און צוגעטראַכט נאָך אַ ראָל אַן ווערטער. אַ ראָל פֿון אַן אינדוס, וועמען די ענגלישע סאָלדאַטן צעשיסן. דערבײַ האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— מיילע, דאַרף מען שיסן דרײַ אינדוסן, וועט מען שיסן פֿיר.

געשען איז דערנאָך אָט וואָס: די ערשטע דרײַ אינדוסן זײַנען געפֿאַלן טייקעף, ווי די ענגלענדער האָבן זיי צעשאָסן. איך האָב זיך ניט געײַלט פֿאַלן. פֿריִער האָב איך זיך אַ וואַקל געטאָן, דערנאָך געכאַפּט זיך מיט דער רעכטער האַנט באַם האַרצן, ווי מע מאַכט עס אין עמעסן טעאַטער, פֿאַרגלאָצט די אויגן, ווידער זיך אַ וואַקל געטאָן, און ערשט דערנאָך געפֿאַלן, אַרויסשטרעקנדיק אַ האַנט פֿאָרויס.



די רעדאקציע און די רעדקאָלעגיע פון „סאָוועטיש היימלאַנד“ באַגריסן האַרציק אונדזער געזעלשאַפטלעכן פאַרשפּרייטער און אַוטאָר פונעם זשורנאַל מוישע לאַיעוון מיט זײַן 70־טן געבורטסטאָג און ווינטשן *אים געזונט, אַריכאַס־יאָמים* און שעפערישע דערפאָלגן.

---

— אַרוווא, — האָט זיך געכידעשט אונדזער לערער. — כ'האָב ניט געוווּסט, אַז דו ביסט באַקי אין די שטיק. ווערסטו געוויס זײַן אַן אַקטיאָר.

פון דאַן אָן האָב איך שוין געשפּילט אין אַלע שול־פאַרשטעלונגען. מיט דער צײַט בין איך געוואָרן אַ מין געהילף־רעזשיסער. פאַרלאָפן דעם כאַוער הערשלען אַלע וועגן, געשלעפּט פון דער שטוב אַלץ, וואָס מע האָט געדאַרפט פאַר דער פאַרשטעלונג. און ווען איך האָב זיך געלערנט אין פינפטן קלאַס, האָב איך שוין אָנגעהויבן שפּילן אין ייִדישן דראַמקרײַז באַם קוסטאַרן־קלוב.

דאָס איז געווען דער בעסטער ליבהאָבער־קרײַז אין שטאָט. אָרגאַניזירט האָט אים אין די צוואַנציקער יאָרן דער אָנגעפאַרענער רעזשיסער סערעברעניק. געשטעלט האָט דער דראַמקרײַז גרויסע סצענישע ווערק: קושניראָווס „הירש לעקערט“, וועוויאָרקעס „נאַפּטאָלע באָטווין“ און אַנדערע. אָנקומען אין דראַמקרײַז איז געווען ניט פון די גרינגע זאַכן. מע האָט געדאַרפט קאָנען זינגען, טאַנצן און סאַמע דאָס וויכטיקסטע — האָבן אַ זיכערע פּראָלעטאַרישע אָפּשטאַמונג. קינדער פון נעפּמאַנעס האָט מען אַהין ניט צוגעלאָזט. זיי האָבן געמעגט זײַן די בעסטע אַקטיאָרן.

געווען בײַ אונדז אין טשערקאַס אײנער אַ נעפּמאַן מיט צוויי געראָטענע זין, עמעסע טעאַטראַלע ליבהאָבער. קעדיי אָנקומען אין דראַמקרײַז האָבן זיי אײַנגערעדט דעם טאַטן ליקווידירן זײַן זאַליאַזנע קלייט און ווערן ערגעץ אַן אָנגעשטעלטער.

דער קויעך פון קונסט!

באַיאָרטע באַלמעלאָכעס, טאַטעס פון קינדער פלעגן וואַרפן האַקל־באַקל און לויפן אויף די רעפּעטיציעס. אַפילע ווען אײנער האָט געדאַרפט ניט מער ווי סופלירן, אַ צווייטער אײַנשליסן די שײַן און אַ דריטער איבערשטעלן די דעקאָראַציעס. מײַסטערס פונעם שוסטער־אַרטעל פלעגן אומזיסט אויספאַרטיקן שוכוואַרג פאַר דער פאַרשטעלונג, שנײַדערס האָבן גענייט קליידער, אַ שפּיגלמאַכער האָט באַשטאַט די בינע מיט עכטע שפּיגלען. דער זאַל איז שטענדיק געווען פולגעפּאַקט, און דער צושויער האָט הייס רעאַגירט אויף יעדן וואָרט און אויף יעדער שטעל.

ווען איך בין אָנגעקומען אין דראַמקרײַז, איז סערעברעניק שוין ניט געווען אין טשערקאַס. מיטן קרײַז האָט אָנגעפירט בעניע קאַניעווסקי, אַ מענטש פון דער אַלטער קאַהאָרטע ייִדישע ליבהאָבער, אַן איבערגעגעבענער דעם טעאַטער מיט לײַב און לעבן. ווי עס פירט זיך, איז די פּרימאַדאָנע געווען זײַן פרוי טאַניע, און דער שטענדיקער „ליובאָווניק“ — אײנער פון די בעסטע שערערס אין שטאָט באָריס זאַסלאַווסקי.

איך האָב געשפּילט קינדער־ראָלן, און ווען מע האָט געדאַרפט, האָב איך אויך סופלירט. בײַ מיר האָט זיך דאָס ניט שלעכט באַקומען. נאָר אײנמאָל בין איך שטאַרק דורכגעפאַלן מיט מײַן סופלירן.

צו אונדז אין טשערקאַס איז אַראָפּגעקומען דער פירנדיקער אַקטיאָר פונעם אָדעסער ייִדישן מעלוכע־טעאַטער יויסעף בראַנדעסקאָ. געקומען איז ער מיט אַ טעאַטראַליזירטער קאָנצערט־פּראָגראַם, וועלכע איז באַשטאַנען פון פּערעצעס אײַנסצעניזירטער דערציילונג „דער מעשוגענער באַטלען“, שאָ־

דעם שלום־עליכעמס הומאָרעסקע „אַן אייצע" און אַ סצענע פֿון „טעוויע דער מילכיקער". פֿאַר זײַנעם אַ פּאַרטניאָר האָט בראַנדעסקאַ גענומען אונדזער רעזשיסער בעניע קאָניעווסקין און אַלס סופֿליאָר — מיך.

רעפּעטירט האָבן מיר אַ טעג דרײַ־פֿיר, און פּרײַטיק־צונאַכטס איז אין שטאָט־טעאַטער פֿאָרגעקומען די ערשטע פֿאָרשטעלונג. אַלץ איז געגאַנגען גלאַטיק, און בראַנדעסקאַ איז געווען צופֿרידן מיט מײַן אַרבעט. נאָר אין לעצטן אָוונט...

גוט פֿאַרגעדענקט דעם טעקסט, האָב איך אין מײַן סופֿליאָר־בײַדל אַליין אָנגעהויבן שפּילן. וואָס אַ מאָל העכער. בראַנדעסקאַ האָט נאָך אַפֿילע ניט באַוויזן עפֿענען דאָס מויל, און איך האָב שוין אויסגעשאָסן זײַן גאַנצן מאָנאָלאָג. איך בין שוין געווען ניט קיין סופֿליאָר, נאָר אַליין טעוויע דער מילכיקער, וועמען מע האָט אין יענעם אָוונט געשטעלט.

טעוויען האָט געטראָפֿן אַ גרויסער „אומגליק". זײַן טאָכטער כאַוועלע האָט זיך פֿאַרליבט און כאַסענע געהאַט מיט פֿעדקען. נאָך דעם געשפּרעך מיטן גאַלעך ווערט טעוויע ווי צעמישט. אים דוכט זיך, אַז ער זעט זײַן כאַוועלען נאָך אַ קינד, ער רופֿט זי צו זיך, בעט, זי זאָל אים ניט אָנטאָן קיין אַגמעס־נעפֿעש. מיטאַמאָל ווערט כאַוועלע ערגעץ פֿאַרשוווּנדן. טעוויע לאָזט זיך אַראָפּ אויף די קני, זוכט זי און רופֿט זי.

אין דעם פֿאַרשטילטן זאַל האָט זיך קלאָר דערהערט מײַן פֿאַרשטיקט קאָל, וואָס איז געגאַנגען פֿונעם סופֿליאָר־בײַדל.

— כאַוועלע, טאָכטער מײַנע, ווער האָט דיך געגנויט אָנטאָן דײַן טאַטן אַזאַ ווייטיק, אַזאַ ביזאָיען?

איבערן צושויער־זאַל איז דורכגעלאָפֿן אַ קוים אײַנגעהאַלטענער געלעכטער. בראַנדעסקאַ איז אויף אַ ווײַלע דערשטוינט געוואָרן, נאָר גלײַך געקומען צו־זיך און, ווי זוכנדיק כאַוועלען, צוגעפּויזעט צום סופֿליאָר־בײַדל. פֿאַרענדיקט זײַן מאָנאָלאָג, האָט ער ווי צווישן די ציין מיר אַרײַנגעזאָגט:

— מאַמזער, ווער פֿאַרשטומט! — און גלײַך הויך אויפֿן קול: — „כאַוועלע, טאָכטער מײַנע, וואָס האָסטו מיר אָפּגעטאָן?" — און ווידעראַמאָל צו מיר: — די ציינדעלעך זאָלן דיר אַרויס! — און גלײַך, אָן אַן איבערגאַנג, צום צושויער־זאַל: — „וואָס האָסטו אָפּגעטאָן, כאַוועלע?" — און ווידער צו מיר: — גאַזלען, נעם אײַן אַ מיסע מעשונע.

אויף אַזאַ אופֿן האָבן מיר בײדע פֿאַרגעזעצט אַרויסברענגען טעוויעס קרוין־מאָנאָלאָג.

דערפֿילט, אַז איך פֿאַטער אים אָוועק דעם פֿינאַל פֿון דער פֿאָרשטעלונג, האָט בראַנדעסקאַ, ניט אַרויסגייענדיק פֿון טעוויעס געשטאַלט, זיך אויפֿגעהויבן און מיטן פֿוס מיר אָנגעטראָטן אויף דער האַנט. ערשט דאַן בין איך געקומען צו־זיך און אַנשוויגן געוואָרן. אַ צופֿרידענער, וואָס ער האָט זיך סאָף־קאָלסאָף באַפֿרײַט פֿון מײַן סופֿלירונג, האָט בראַנדעסקאַ אָנגעהויבן אַרויסזאָגן זײַנע טײַנעס, ס'הייסט — טעוויעס טײַנעס ביזן סאָף, און פֿאַרדינט הילכיקע אַפּלאָדיסמענטן. דאָס האָט מיך טיילווײַז געראַטעוועט פֿון אַ גרויסן סקאַנדאַל, וועלכן איך האָב קאָשער פֿאַרדינט.

און דאַן האָבן מיר זיך געזעגנט מיט בראַנדעסקאָן ווי גוטע־פֿרײַנט.

איך דערמאָן זיך איצט, אַז די פֿאַרשטעלונג «Сорочинская ярмарка», אין וועלכער איך האָב פֿעסט געהאַלטן די ציג פֿאַרן שטריקל, האָט געשפּילט די באַוווּסטע טרופּע, מיט וועלכער ס'האָבן אָנגעפֿירט די קאַריפֿייען פֿונעם אוקראַיִנישן טעאַטער, די ברידער פֿאַנאַס קאַרפּאָוויטש סאַקסאַגאַנסקי און מיקאָלאַ קאַרפּאָוויטש סאַדאָווסקי. פֿאַרן אויפֿהייבן דעם פֿאַרהאַנג, ווען אויף דער בינע האָט געדאַרפֿט אויפֿלעבן דער יאַריד אינעם פּאָלטאַווער דאָרף סאָראָטשינצי, איז צו מיר צוגעגאַנגען סאַקסאַגאַנסקי, אַ גלעט געטאָן מיך איבערן קעפּל און ליבלעך געפֿרעגט:

— ווי פֿילסטו זיך, יינגעלע?

איך האָב אַזוי שטאַרק געהאַלטן דאָס שטריקל, צו וועלכן ס'איז געווען צוגעבונדן די ציג, אַז כ'האָב קיין וואָרט ניט געקאָנט אַרויסרעדן. פֿאַנאַס קאַרפּאָוויטש האָט גוטברודעריש מיך אַ קלאַפּ געטאָן אין דער פּלייצע און אונטערגעמונטערט:

— ערגער זיך ניט. אַלץ וועט זײַן גוט.

דעם אַקטיאָר, וואָס האָט געשפּילט דעם יידישן קירזשנער פֿון רעשעטילאָווקע, האָט ער אָנגעזאָגט אַכטונג צו געבן אויף מיר, איך זאָל, כאָליליע, ניט אַראָפּרײַסן די פֿאַרשטעלונג. יאָר אַלץ איז דורך בעשאָלעם. ווען דער פֿאָרהאַנג האָט זיך שוין אַראָפּגעלאָזט, האָב איך נאָך לאַנג ניט געוואָלט איבערגעבן דעם געהילף־רעזשיסער דאָס שטריקל, צו וועלכן ס'איז געווען צוגעבונדן די ציג.

איצט, ווען איך האָב שוין דערציילט וועגן מײַנע קינדערשע טעאַטראַלע פּאַסירונגען, קאָן איך מיט אַ גרינג האַרץ זיך אַרײַנזעצן אינעם צוג, וואָס וועט מיך אין אַ מעסלעס אַרום ברענגען קיין מאָסקווע. געלט אויף אַ בילעט האָב איך פֿאַרדינט מיט מײַנע אייגענע הענט. אַ גאַנצן זומער האָב איך געאַרבעט אויף אַ באַזע, צונויפֿגעקלאַפּט קעסטלעך פֿאַר אוגערקעס און פּאָמידאָרן. אַ פּאָר שיך האָט

מיר אויפגעגייט דער טאטע, וואָס האָט אָפּגעשוסטערט אַלע זיבנע יאָרן, און אַ העמדל מיט אַ פּאָר לאַנגע הויזן — דער פעטער בנימין.

געקומען קיין מאָסקווע אויפן קיִעווער וואָקזאַל, האָב איך אָנגעהויבן נאָכפרעגן זיך, ווי עס שטעלט זיך אָפּ דער טראַמוויי נומער אַכט. מיט אים האָב איך געדאַרפט דערקלײַבן זיך צום יאַראָסלאַווער וואָקזאַל, און פון דאָרטן מיט דער עלעקטריטשקע — קיין לאָסינאָאָסטראָווסק, וווּ עס וווינט אונדזער טשערקאַסער לאַנדסמאַן זאַרובינסקי, וועמענס טאָכטער ראָזע לערנט זיך אין דעם טעכניקום, וווּהין איך וויל אָנקומען.

איך האָב וויבאַלד זיך דערקלײַבן צו מײַנע לאַנדסלײַט, און אויפן צווייטן טאָג האָט ראָזע מיך אָוועקגעפירט אין טעכניקום, וועלכער האָט זיך געפונען אין סאַמע צענטער פון מאָסקווע, אין סטאָלעשניקאָוו־געסל.

בעשאַלעם אָפּגעגעבן די עקזאַמענעס, בין איך געוואָרן אַ סטודענט פון דעם מאָסקווער ייִדישן טעאַטראַלן טעכניקום. כ'האָב באַקומען אַן אָרט אין דער סטודענטישער צוזאַמענוווינונג, זיך באַפרײַנדעט מיט זייער ווילע יאַטן פון דעם ווײַסרוסישן שטעטל ראַגאַטשאָוו, וועלכע האָבן זיך געגרויסט דערמיט, וואָס דער באַוווּסטער פּאָעט שמואל האַלקין איז זייערער אַ לאַנדסמאַן. אַלץ איז געווען גוט, נאָר איין זאַך... די זיבן רובל, וואָס איך האָב געהאַט בײַ זיך, האָב איך שוין אויסגעגעבן און קויפן עפּעס עסן האָב איך ניט געהאַט פאַר וואָס. פאַרן יעדן טאָג צו מײַנע טשערקאַסער האָב איך זיך געשעמט. האָט מען געדאַרפט אָפּזוכן עפּעס אַן אַרבעט ביז ס'וועט זיך אָנהייבן דאָס לערניאָר.

דער עלטסטער האָט באַמערקט מײַן פאַרלוירנקייט און דורך אַ פּעדאַגאָג נאָכעם לעווין, וועלכער איז אײַנצײַטיק געווען דער נאַכט־רעדאַקטאָר פון דער צײַטונג „דער עמעס“. צוערשט האָט ער אַרויסגענומען פון דער קעשענע אַ פּאַרוויקלטן בוטערברויט און דערלאַנגט אים מיר, אַפילו ניט קוקנדיק אין מײַן זײַט. ער וויל, הייסט עס, פּשוט, איך זאָל פאַרזוכן. דערנאָך האָט ער מיר געגעבן דרײַ רובל. ס'האָט אויך געדאַרפט הייסן, אַז ער אַנטלײַט זיי מיר ביז דער סטיפּענדיע. אויף מאָרגן האָט ער מיך אַוועקגעפירט אין פאַרלאַג „דער עמעס“, צום פאַרוואַלטער פון בי־כער־סקלאַד אבא לעוו.

אַרבעט איז דאָרט געווען ניט ווייניק. מע האָט געדאַרפט וואָס גיכער אַרויסשיקן ביכער פאַר די ייִדישע שולן. האָט געסטײַעט אַרבעט אויך פאַר מיר.

אַזוי בין איך געוואָרן אַ היימישער מענטש אין פאַרלאַג. שוין לערנענדיק זיך אין טעכניקום, האָב איך פאַרגעזעצט דאָרט אונטעראַרבעטן: פאַרקויפט ייִדישע ליטעראַטור אין פאָיע פון טעאַטער, געמאַכט אַ גענעראַלע אָרדענונג אין די ביכער־קעלערס, אָפּגעשיקט אויף דער פּאָסט פּעקלעך מיט ביכער.

נאָכעם לעווין האָט פאַרגעזעצט האַלטן איבער מיר שעפטום. אַ פּאָר מאָל האָט ער מיך מיטגענומען מיט זיך אין דרוקערײַ, פאַרשלעפּט אויך אין רעדאַקציע. דאָס האָט ער, אפּנים, דערציילט וועגן מיר דעם הויפּט־רעדאַקטאָר פון דער צײַטונג מוישע ליטוואַקאָוו. לאָזט זיך אויס, אַז ער איז אַ טשערקאַסער, און ער האָט געוואָלט זען זײַנעם אַ לאַנדסמאַן, וואָס שרײַבט נאָטיצן אין דער צײַטונג. און ער איז געווען שטאַרק פאַרכידעשט, ווען ער האָט דערזען, אַז „דער קאָרעספּאָנדענט מוישע לאַיעוו“ איז ניט קיין מאַן אין די יאָרן, נאָר גאָר אַ ייִנגעלע.

דער אָנפירער פון אונדזער קורס איז געווען דער באַוווּסטער רעזשיסער עפראַים לויטער. זײַנער צײַט איז ער געווען דער קינסטלערישער אָנפירער פון כאַרקאָווער ייִדישן מלוכה־טעאַטער, געשטעלט ספּעקטאַקלען אויך אין רוסישע טעאַטערס, אָנגעשריבן אַ ריי טעאָרעטישע אַרבעטן. צו אונדז, יונגוואַרג, האָט ער זיך באַצויגן מיט גרויס ליבע, אַנטפּלעקט פאַר אונדז די פאַרבאָרגענע סודעס פון קונסט. באַליבט זײַנען געווען בײַ אונדז אויך אַנדערע פּעדאַגאָגן: דער קלוגער דאָצענט עליע פאַלקאָוויטש, דער באַוווּסטער קאָמפּאָזיטאָר לייב פולווער, דער רעזשיסער אַלעקסאַנדראַ אַזאַרך. אָפּט פלעגן קומען אין טעכניקום די אַרטיסטן פונעם מאָסקווער ייִדישן מלוכה־טעאַטער. איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן די באַגעגענישן מיט סאָרע ראָטבאַום, בנימין זוסקין און, פאַרשטייט זיך, מיט אונדזער אַלגעמיינעם ליבלינג, דעם קינסטלערישן אָנפירער פונעם טעאַטער שלוימע מיכאָעלס.

אינעם קורס בין איך געווען דער ייִנגסטער און לויטן וווּקס דער סאַמע קלענסטער. האָבן אַלע מיך גערופן מוישעלע. יענעם הערבסט האָבן די אַרויסלאָזניקעס פונעם טעכניקום געגרינדעט דעם ביראָבידזשאַנער מלוכה־טעאַטער און געגרייט אַ ריי פאַרשטעלונגען. דירעקטאָר פונעם קינפטיקן טעאַטער איז געוואָרן דער דאַן נאָך יונגער פּאָעט עמע קאַזאַקעוויטש. דערזען מיך אין דער פאַרשטעלונג „צוויי הונדערט טויזנט“, האָט איינער פון די ביראָבידזשאַנצעס אין אַ שפּאַס בײַ מיר געפרעגט:

— מוישעלע, ווי געפעלט דיר די פאַרשטעלונג?

ניט דערפילט די איראָניע, האָב איך געענטפערט:

— גאַנץ נישקאָשע, נאָר בײַ אונדז אין טשערקאַס האָט מען דאָס געשפּילט בעסער.

מערער האָבן די לייצים ניט געדאַרפט. מע האָט אָנגעהויבן אויספרעגן מיך: וואָס עס געפעלט מיר ניט, פאַרוואָס אַ געוויסע סצענע געפעלט מיר ניט, און וויאַזוי האָט מען געשפּילט אין דער גרויס־אַרטיקער שטאָט טשערקאַס.

— בא אונדז, — האָב איך געזאָגט, — האָט מען געשפּילט גאַנץ פּראָסט: גערעדט אַ ריינעם ייִדיש, געזונגען שיינע לידער, און די דעקאָראַציעס זײַנען געווען עמעסדיקע. אַ וואַנט איז געווען אַ וואַנט, און אַן אויוון — אַן אויוון. אַרײַנגיין פּלעגט מען דורך אַ טיר און אַרויסקוקן אין דרויסן דורך אַ פענצטער. דאָ רעדט מען עפּעס מאָדנע, אָנגעטאָן איז מען נאָך מער מאָדנע, און די דעקאָראַציעס זײַנען גאָר קיין דעקאָראַציעס ניט: ניטאָ קיין ווענט, ניטאָ קיין טירן, ניטאָ קיין פענצטער. אַרום און אַרום לייטערס, און דער שאַדכן פליט אַראָפּ פון דער סטעליע.

גיי ווייס, אַז מײַנע ניט איבעריק הויכע „אָפּשאַצונגען" וועלן דערגיין צו סאָלאָמאָן מיכאָעלס. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מיכאָעלס מיך גענומען אין דער אַרבעט.

— איך האָב געהערט זאָגן, אַז דיר געפעלט ניט אונדזער פאָרשטעלונג, — האָט ער זיך געווענדט צו מיר אַף איינער פון זײַנע לעקציעס. — אַדעראַבע, דערציייל אונדז אויך, וואָס געפעלט דיר ניט אין אונדזער ספּעקטאַקל? — און זײַנע אויגן האָבן דערבײַ מאַמזעריש געשמייכלט.

איך בין געוואָרן רויט און קיין וואָרט ניט געקאָנט אַרויסרעדן. נאָר מיכאָעלס האָט מיך אונטערגעמונטערט.

— מאָלאָדיעץ, — האָט ער געזאָגט. — איך האָב ליב יאַטן, וואָס האָבן אַן אייגענע מיינונג. ס'איז ניט וויכטיק, וואָס אין דעם פאַל ביסטו, מוישעלע, ניט גערעכט. מיט דער צײַט וועסטו פאַרשטיין.

דאָס ווײַטערדיקע איז שוין געווען געווענדט צו אונדז אַלעמען. ער האָט אונדז געגעבן צו פאַרשטיין, וואָס אין קונסט איז גוט, און וואָס איז שלעכט. און פאַרוואָס איז „צווײ הונדערט טויזנט" געשטעלט געוואָרן אַזוי און ניט אַנדערש.

פאַר אַ קורצער צײַט בין איך בײַגעווען אַף אַ ריי אינטערעסאַנטע באַגעגענישן. ס'האָט זיך מיר פאַרגעדענקט די טרעפונג מיט די צוהערער פון דער מיליטערישער אַקאַדעמיע אַף זשוקאָווסקיס נאָמען. געעפנט האָט די באַגעגעניש מיכאָעלס.

— אַמאָל, — האָט ער געזאָגט, — פלעגן ייִדן מוירע האָבן פאַר אַ קאָקאַרדע, הײַנט באַגעגענען מיר זיך מיט אײַך, די מענטשן, וואָס טראָגן קאָקאַרדעס, ווי מיט עמעסע גוטע־ברידער...

דערנאָך האָט אַף דער טריבונע זיך אופגעהויבן איינער פון די פּאָפּולערנסטע פּאָעטן פון יענער צײַט — דעמיאַן בעדני.

— אַזויווי סאָלאָמאָן מיכײַלאָוויטש האָט אין זײַן רעדע דערמאָנט אַ ייִדישן מאָשל, — האָט ער געזאָגט (וועגן דעם, ווי צוויי ייִדן האָבן זיך געראַטעוועט בײַס אַ שיף־קאַטאַסטראָפע אַדאַנק דעם, וואָס, ריידנדיק צווישן זיך, האָבן זיי די גאַנצע צײַט געפּאַטשעט מיט די הענט), — וויל איך אויך אָנהייבן מיט אַ וויץ. אַ ייִד זאָגט צו אַ רוס: „אײַערע שטעט טראָגן שטאַרק לאַנגע נעמען: „מי־י־י־ינסק, פּי־י־י־נסק. און בא אונדז איז קורץ און שאַרף — קאַטערינאָסלאַוו!". מיר דוכט, אַז אין אָט דעם וויץ פילט זיך דאָס אַמאָליקע ייִדישע לעבן, וואָס איז פול געווען מיט אַזעלכע קאַפּירעגישן. עס בלײַבט בלויז צו באַוווּנדערן, וויאַזוי די פרײלעכע קאַפּצאָנים האָבן געקאָנט מאַכן פון אַלץ אַ שפּאַס. נאָר... אַנדערש וואָלט זיי געווען נאָך פיל שווערער צו לעבן אַף דער וועלט.

געווען איך אַן אָוונט, ווען אַף דער בינע פון מאָסקווער ייִדישן מעלוכע־טעאַטער איז אַרויסגעטראָטן דער מיליטערישער אָרקעסטער פון דער רויטער אַרמיי, מיט וועלכן ס'האָט אָנגעפירט דער באַוווּסטער קאָמפּאָזיטאָר, דער שפּעטערדיקער גענעראַל־מאַיאָר שמועל טשערנעצקי. דער אָרקעסטער האָט דאַן צום ערשטן מאָל אויסגעפּילט דעם „ביראָבידזשאַנער מאַרש", וואָס טשערנעצקי האָט דאַן געשאַפן. אַ וואַרעם וואָרט וועגן דעם אָרקעסטער און זײַן אָנפירער האָט געזאָגט שלוימע מיכאָעלס.

אונדז, יונגע כעווערע, געקומענע פון דער פּראָווינץ, האָט ביז גאָר פאַרכאַפּט דאָס ברויזנדיקע מאָסקווער טעאַטער־לעבן. מיר האָבן זיך געסטאַרעט „אַרײַנכאַפּן" אַלץ, וואָס איז נאָר מעגלעך געווען.

צום באַדויערן, האָט דאָס גליקלעכע יאָר זיך געענדיקט פאַר מיר שלעכט. איך בין שווער קראַנק געוואָרן און געמוזט זיך אומקערן אַהיים. נאָכן געזונט ווערן האָב איך געטרוימט זיך אומקערן קיין מאָסקווע, נאָר דאָס איז שוין ניט געשען. כ'האָב אָנגעהויבן אַרבעטן אַף דער היגער בײַ־פאַבריק. אײַנגיכן איז צו אונדז קיין טשערקאַס געקומען דער קיִעווער פּאָעט אַוראָם וועלעדניצקי, וועלכער האָט דאַן אונטעריכטעט אַפן ייִדישן אָפּטייל פונעם קיִעווער טעאַטראַלן אינסטיטוט. ער האָט גענומען מיך אײַנרעדן:

— וואָס טויג דיר מאָסקווע? קיִעוו איז דאָך נעבן טשערקאַס, וועסטו זײַן קימאַט אינדערהיים. און איך בין אַריבערגעפאָרן קיין קיִעוו.

די ייִדישע אָפּטיילונג פֿונעם קיִעווער טעאַטראַלן אינסטיטוט איז געווען ניט קיין גרויסע. באַם אינסטיטוט האָט פֿונקציאָנירט אויך אַ טעכניקום מיט אַ ייִדישער גרופּע. אין דער דאָזיקער גרופּע האָט מען מיך פֿאַרעכנט. אין אַ יאָר אַרום בין איך אָנגעקומען אין אינסטיטוט.

דער קינסטלערישער אָנפֿירער פֿון אונדזער קורס איז געווען סאַמויִל גריגאָריעוויטש נאָוואַק, אַ הויכגעבילדעטער מענטש, און עמעסער פּעדאַגאָג פֿון מאַקאַרענקאָס שניט. אַ סך יאָרן האָט ער געאַרבעט אין ייִדישע קינדערהיימען, דערצויגן פֿאַרוואָרלאָזטע יעסוימים, געבראַכט זיי צו אַ טאַכלעס. אַ רעזשיסער איז נאָוואַק געווען אַ ראַפֿינירטער. יעדע פֿאָרשטעלונג זײַנע האָט זיך אויסגעטיילט מיט אַ שלאַל אומדערוואַרטע אײַנפֿאַלן, און אָט די אייגנשאַפֿט האָט ער זיך געסטאַרעט אײַנפֿלאַנצן אין אונדז, זײַנע שילער.

אָנגעהויבן האָבן מיר פֿון קלײנע עטיודן, וועלכע מע האָט געדאַרפֿט אַליין צוטראַכטן און אויספֿילן אָן ווערטער און קעגנשטאַנדן, בלויז אויפֿן ווונק. איינער האָט געכאַפּט פֿיש מיט אָן אומזעבאַרער ווענטקע, אַ צווייטער האָט ווי באַקומען אַ בריוו מיט אַ פֿריילעכער ידיעה, אַ דריטער האָט גענומען שיילן קאַרטאָפֿל אָן אַ מעסער און אָן קאַרטאָפֿל....

דערנאָך איז געקומען די צײַט צו אַרבעטן אויף אײַנאַקטערס, אָדער שטעלן פֿראַגמענטן פֿון קלאַסישע פּיעסעס — שאָלעם־אַלייכעמס, פּושקינס, שעקספּירס. אין אונדזער רעפּערטואַר זײַנען אויך געווען דראַמאַטישע ווערק פֿון הײַנטצײַטיקע סאָוועטישע דראַמאַטורגן: גאָרקי און טרעניאָוו, קאָרנייטשוק, מאַרקיש, בערגעלסאָן.

דער וועלט־באַרימטער בינע־מײַסטער אַלעקסאַנדער גראַנאַך האָט מיט אונדז שטודירט דאָס קינסטלערישע וואָרט.

ווען היטלער האָט פֿאַרכאַפּט די מאַכט אין דײַטשלאַנד, האָט גראַנאַכן זיך אײַנגעגעבן אַנטלויפֿן קיין טשעכאָסלאָוואַקיע. אָבער אויך דאָרט איז געוואָרן אומרויִק, און ער איז געקומען אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד, זיך באַזעצט פֿריִער אין מאָסקווע, דערנאָך אין קיִעוו. דער קינסטלערישער אָנפֿירער פֿון דעם דאָרטיקן ייִדישן טעאַטער באַריס ווערשילאָוו האָט אויפֿגעפֿירט שעקספּירס קאָמעדיע „דער סוחר פֿון ווענעציע" און פֿאַרבעטן אויף דער הויפּט־ראָל גראַנאַכן. די פֿאָרשטעלונג האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אין די טעאַטראַלע קרײַזן. קוקן דעם ספּעקטאַקל איז מען געקומען פֿון מאָסקווע, לענינגראַד, טביליסי און פֿון אַנדערע שטעט. גראַנאַכס שפּיל האָט אַלעמען באַצויבערט.

שײַלאָק וואָלט עפּשער פֿאַרבליבן די אײנציקע ראָל זײַנע אין קיִעווער טעאַטער, ווען ניט מוישע קולבאַקס פֿאָלקס־דראַמע „בויטרע", וועלכע איז אים געפֿעלן געוואָרן, און ער איז גלײַך אײַנגעגאַנגען צו שפּילן אין איר. עטוואָס שפּעטער איז ער געוואָרן אונדזער פּעדאַגאָג.

זײַנע לימודים זײַנען שטענדיק געווען פֿאַר אונדז אָן עכטער יאָמטעוו. אַ פֿעסט געבויטער, ניט שטאַרק קיין הויכער, מיט גרויסע שמייכלענדיקע אויגן, איז ער שטענדיק, ווי אונדז האָט זיך געדאַכט, געווען אין אַ גוטער שטימונג. ער האָט גערן זיך געטיילט מיט זײַן שעפֿערישער דערפֿאַרונג, פֿאַרכאַפּנדיק געמאָלט עפּיזאָדן פֿון זײַן לעבן, און אַזוי, אומבאַמערקט, אָנגעהויבן דעם עצם לימעד, געלערנט אונדז די סודעס פֿונעם קינסטלערישן וואָרט אויף דער בינע.

מיט מיר האָט גראַנאַך געאַרבעט אויף פֿראַנץ מאָאָרס מאָנאָלאָג אין שילערס ראָמאַנטישער טראַגעדיע „די רויבער". פֿראַנצן, וועלכער האָט פֿאַראַטן זײַן ליבלעכן ברודער (צוגענומען בײַ אים זײַן געליבטע), כאָלעמט זיך אַ שלעכטער כאָלעם. אָן איבערגעשראָקענער אויף טויט, לויפֿט ער אַרויס פֿון זײַן שלאָפֿצימער מיט אַ לײַכטער אין דער האַנט, פֿליט מאַמעש אַראָפּ פֿון די טרעפּ, און אין איין אָטעם דערציילט ער, וואָס מיט אים איז געשען. דער מאָנאָלאָג האָט געפֿאָדערט ניט נאָר קינסטלערישע געשולטקײַט, נאָר אויך אַ גרויסע פֿיזישע קראַפֿט. גראַנאַך האָט געפּרוווט אויסגעפֿינען מיטלען, וועלכע זאָלן מיר העלפֿן שפּילן דעם מאָנאָלאָג ווי געהעריק. קעדיי איך זאָל אַרויסברענגען יעדעס וואָרט אַ פּאַרסאַפּעטער, מיט אָן אָפּגעהאַקטן אָטעם, האָט ער מיר אײנמאָל אין אַ שפּאַס געייצעט פֿאַרן אַרויסלויפֿן אויף דער בינע אַ מאָל צוואַנציק קלאַפּן מיט די הענט אין דעם דעק פֿון אַ שטול. אַזוי האָב איך טאַקע געטאָן, אָבער נאָך אַזאַ פֿויקן האָב איך שוין ניט געהאַט קיין קויעך אַרויסברענגען אַ וואָרט. און גראַנאַך איז געווען צופֿרידן, ווען אים האָט סאָפּקאָלסאָף זיך אײַנגעגעבן אויסצולערנען מיך שפּילן דעם מאָנאָלאָג.

נאָך גראַנאַכן האָט דאָס קינסטלערישע וואָרט אונטערריכטעט בײַ אונדז די פֿאַרדינסטפֿולע קונסט־טוערן פֿון אוקראַיִנע אַדאַ סאָנץ, אַ פּירנדיקע אַקטריסע פֿונעם ייִדישן טעאַטער.

סאַמויִל גריגאָריעוויטש נאָוואַק איז געווען ניט נאָר דער קינסטלערישער אָנפֿירער פֿון אונדזער קורס, נאָר אויך דער דעקאַן פֿונעם ייִדישן אָפּטייל. מיט גרויס פֿאַרינטערעסירטקײַט און אַכרײַעס האָט ער פֿאָרמירט דעם פּעדאַגאָגישן באַשטאַנד פֿון אונדזער פֿאַקולטעט. צווישן די לעקטאָרס זײַנען געווען דער מיטגליד־קאָרעספּאָנדענט פֿון דער אוקראַיִנישער וויסנשאַפֿט־אַקאַדעמיע עליע ספּיוואַק, דער שפּראַך־קענער דאָוויד לערנער, דער ליטעראַטור־קריטיקער כאַיִם לויצקער, דער טעאַטער־פֿאָרשער

יעשוע ליובאָמירסקי, דער פּאָעט אוראָם וועלעדניצקי, ווען איך האָב שוין פריער דערמאָנט, דער ענציקלאָפּעדיש געבילדעטער פּראָפעסאָר בילאָוו.

א קאָלאָריטפולע פיגור איז געווען אונדזער פּעדאַגאָג פון וואָקאַל רענא איזראַילעוונא קאַלינינא. זי איז געווען ממש איבערפולט מיט אָפּערע־מעלאָדיעס און אָפּערעטן־ניגונים. גערעדט האָט זי מיט אונדז האַלב רוסיש און האַלב יידיש, נאָר מערער פון אַלץ — אויף דער שפּראַך פון נעגינע. זי האָט געקאָנט אויסלערנען זינגען אַפילע די, וואָס האָבן דערצו קיין פעיקייטן ניט פאַרמאָגט.

באַליבט בא די סטודענטן איז געווען באָריס טאַיראָוו, וועלכער האָט אונדז געלערנט טאַנצן, געלערנט מייסטעריש, מיט א שפּאַס און מיט א שמייכל. טאַיראָוו האָט אָרגאַניזירט בא אונדז „קאַפּוסטניקעס", וואָס זיינען באַשטאַנען פון אַקטיאָרישער אימפּראָוויזאַציע, פריילעכע וויצן און גלאַט כאָכמעס. אויף אָט די „קאַפּוסטניקעס" האָט זיך אָנגעהויבן אַנטפּלעקן דער טאַלאַנט פון די איצט באַרימטע פאָלקס־אַרטיסטן פון אוקראַינע יורי טימאָשענקאָ און יעפים בערעזין (טאַראַפּונקא און שטעפּסעל), וועלכע האָבן זיך דאַן געלערנט אויפן אוקראַינישן אָפּטייל.

די פירנדיקע בינע־מייסטערס פונעם טעאַטער האָבן אונדז אָפּט מיטגעהאָלפן אין אונדזער שעפערישער אַרבעט. איודע האָבן מיר שטאָלצירט דערמיט, וואָס מיר שפּילן אויף איין סצענע מיט אַזעלכע קאָריפייען, ווי יאַקאָוו ליבערט און הירש ווייסמאַן, וועלכע זיינען נאָך געווען באַקאַנט מיט אוראָם גאָלדפאַדענען און געאַרבעט אינאיינעם מיט דער מוטער פונעם היינטצייטיקן יידישן טעאַטער עסטער־ראָכל קאַמינסקאַיאַ. מיר האָבן זיך געגרויסט דערמיט, וואָס מיר נעמען אָנטייל אין פאָרשטעלונגען צוזאַמען מיט די באַגאַבטע בינע־מייסטערס דמיטרי זשאַבאָטינסקי, לייזער קאַלמאַנאָוויטש, אַרקאַדי נוגער, אַדע יאַצאָווסקאַיאַ, דאַניל דנעפּראָוו, אַדע סאָנץ, פיאָדער סטריזשעווסקי, וואָלף שייקעוויטש, ניוסיע שיינפעלד, שעווע פינגעראָוואַ און פיל אַנדערע.

וויסנדיק, אַז איך שטרעב באַהערשן די סודעס פון דער רעזשיסור, האָט סאַמויל גריגאָריעוויטש נאַוואַק פון צייט צו צייט פאַרטרויט מיר פאַרשיידענע אַרבעטן אין אָט דעם געביט. אייןמאָל האָט ער מיר פאַרגעלייגט אָנשרייבן א קורצן רעזשיסערישן פּלאַן פון פּושקינס „מייסעלע וועגן דעם פישער און וועגן דעם פישעלע". איך האָב פאַרגעלייגט אַזוינס, אַז אַפילע אין כאָלעם וועט עס ניט געקאָנט געשטעלט ווערן.

— סיידן אין קינאָ, — האָט געזאָגט מיין ליבער לערער. — אָדער עפּשער אין א ליאַלקע־טעאַטער.

דאַרף זיך טרעפן... אין עטלעכע כאַדאָשים אַרום האָט מען מיך און די מיידלעך פון אונדזער קורס פאַרבעטן אַרבעטן אין דעם ניי־געשאַפענעם יידישן ליאַלקע־טעאַטער. ער איז געשאַפן געוואָרן איבער איינעם א צופאַל.

דער פּאָעט ביניאָמין גוטיאַנסקי האָט אָנגעשריבן א פאָלקס־קאָמעדיע „לייזער דער בייזער", א פריילעכע און שאַרפזיניקע, פול מיט וווּנדערבאַרע געשטאַלטן. די פּיעסע איז געשריבן געוואָרן ספּעציעל פאַר א ליאַלקע־טעאַטער. נאָר אַזוי ווי קיין יידישער ליאַלקע־טעאַטער איז ניט געווען, האָט גוטיאַנסקי איבערגעדיכטעט די קאָמעדיע אויף אוקראַיניש.

דעם קאָלעקטיוו פונעם אוקראַינישן ליאַלקע־טעאַטער איז די קאָמעדיע געפעלן געוואָרן. אָבער אויב שטעלן זי אויף אוקראַיניש, וועט זי פאַרלירן איר נאַציאָנאַלן קאָלאָריט, דעם ריין־יידישן הומאָר. דאַן איז אויפגעקומען א געדאַנק, ס'זאָל געשאַפן ווערן באַם ליאַלקע־טעאַטער א יידישע גרופּע, וועלכע זאָל שטעלן די קאָמעדיע אין אָריגינאַל.

פאָרלייענענדיק די פּיעסע, האָט גוטיאַנסקי געהאָפט געפינען צווישן אונדז הייסע אָנהענגער פון זיין פאַרטראַכט. און ער האָט קיין טאָעס ניט געהאַט. באַלאָנים צו שפּילן האָבן זיך געפונען מערער ווי מע האָט באַדאַרפט. א ספּעציעלע קאָמיסיע האָט אָפּגעקליבן אַקטיאָרן פאַר דעם קינפטיקן יידישן ליאַלקע־טעאַטער.

זעקס זיינען מיר געוואָרן: יאַשע מירסאַקאָוו, באָריס אַבראַמאָוו, סאָניע שניידערמאַן, נינע פּרעסייזן, ליובע טאַרנאָווסקאַיאַ און איך. געאַרבעט האָבן מיר אונטער דער אָנפירונג פונעם הויפּט־רעזשיסער געאָרגי פּאַוולאָוויטש סאָראָקאַ, וועלכער האָט ספּעציעל צוליב דעם שטודירט יידיש. מיך האָט ער גענומען אַלס זיינעם אַן אַסיסטענט. קימאַט אויף אַלע רעפּעטיציעס איז ביי געווען ביניאָמין גוטיאַנסקי. ער פלעגט ממש אויסשפּילן יעדע ראָל, אַריינגעלייגט אין דעם פיל האַרץ, דערפינדערישקייט.

אין דריי כאַדאָשים אַרום איז פאָרגעקומען די פּרעמיערע. זי איז דורך מיט גרויס דערפאָלג און האָט באַקומען א הויכע אָפּשאַצונג אין דער פּרעסע. די צושויער, סיי קינדער, סיי דערוואַקסענע, האָבן הילכיק געלאַכט און הייס אַפּלאָדירט. געשפּילט האָבן מיר אין די שולן, קולטור־הייזער און פּיאָנער־לאַגערס. אייןמאָל זיינען מיר אַרויסגעטראָטן אין סוויאַטאָשינער קינדערהיים פאַר די קינדער פון די שפּאַנישע רעפּובליקאַנער, ווען מע האָט אין יענעם האַרבסט געבראַכט קיין קיעוו. מע האָט געדאַרפט זען, ווי די קינדער מיט זייערע דערציער האָבן רעאַגירט אויף דער פאָרשטעלונג, גע־

לאַכט און אַפּלאָדירט. און זייערע עלטערן, די רעפּובליקאַנער שלאַכלייַט, וועלכע האָבן שוין געדאַרפט זיך אָפּגעזעגענען מיט זייערע קינדער און אומקערן זיך קיין שפּאַניע, האָבן דערבייַ געלאָזט אַ טרער...

זומערצייַט זייַנען מיר אַרויסגעפאָרן אויף גאַסטראָלן קיין אָדעס און אין דעם קאַלינינדאָרפער ראַיאָן. ס׳איז געווען אַ פאַרגעניגן נאָכצושפּירן, ווי בערדיקע קאָלווירטניקעס און באַאַרטע פרויען, זיצנדיק באַנאַנד מיט זייערע קינדער און אייניקלעך, האָבן האַנאָע געהאַט פון דער שאַרפזיניקער קאָמעדיע.

אין דעקאַבער 1937 יאָר האָבן מיר אָנטיילגענומען אין דעם ערשטן אַלפאַרבאַנדישן פעסטיוואַל פון ליאַלקע־טעאַטערס אין מאָסקווע. אונדזער דערפאָלג איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכער. אויף דער פאָרשטעלונג זייַנען בייַגעווען אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן, און זייערע מיטיילונגען זייַנען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין פילצאָליקע צייַטונגען. מערער פון אַלץ איז אונדז געווען טייַער דער פּאָזיטיווער אָפּרוף פונעם קינסטלערישן אָנפירער פון דעם מאָסקווער ליאַלקע־טעאַטער סערגיי וואָלאָדימיראָוויטש אָבראַזצאָוו. מיר זייַנען געווען מאַמעש, ווי מע זאָגט, אויפן זיבעטן הימל.

ביז איצט געדענק איך דעם אַפּטייקערס מוזיקאַלן מאָנאָלאָג, וואָס איך האָב אויסגעפּילט.

אָט איז ער, אָט איז ער — נאָר מיט פּראַשקעס, נאָר מיט פּראַשקעס,
הערש־לייב דער פּראָוויזער.
פּראַשקעס, פּראַשקעס אַלערליי,
אַ דאָקטער, אַ יאָקטער,
פאַר אַ קאָפּיקע גיב איך צוויי,
אַ געשניצטער און אַ געטאָקטער,
פאַר אַ גראָשן גיב איך דרייַ...
מיט אַ טשיפּיקל אַ רויטן —
איך דאַרף זיי אַרויסוואַרפן סייַוויסיי.
איך ווייס מער פון אַ טויטן!
קומט צו מיר, קומט צו מיר, קומט צו מיר, גיכער, גיכער, גיכער,
איך היילן און קוריר, איך היילן און קוריר. גיכער, גיכער, גיך.

אין מעשעך פון אַנדערהאַלבן יאָר האָבן מיר צוזאַמען מיטן לערנען זיך אין אינסטיטוט געאַרבעט אין ליאַלקע־טעאַטער. מיר האָבן באַוויזן נאָך איין פּרעמיערע — מוישע פּינטשעווסקיס „באַטשאַן". נאָר לערנען זיך און אויך אַרבעטן איז געווען אוממעגלעך. כאָטשבי דערפאַר, ווייַל מע האָט געדאַרפט אַרויספאָרן אויף גאַסטראָלן. אויף אונדזער אָרט האָט מען אין טעאַטער אָנגענומען אַן אַנדער גרופּע אַרטיסטן, צווישן וועלכע ס׳איז, אַגעוו, געווען בראָניע פּראַניטשעווסקאַיאַ, די איינציקע יידישע פרוי, וועלכע האָט זיך געראַטעוועט בייס די צעשיסונגען אין באַבי יאַר.

שטרעבנדיק צו רעזשיסור־פּראַקטיק, האָב איך נאָך אין טעכניקום אָרגאַניזירט אַ קאָמיוגישע אַגיט־בריגאַדע, וועלכע איז אַרויסגעטראָטן מיט טעאַטראַליזירטע ליטעראַריש־מוזיקאַלע קאָמפּאָזיציעס אין די קיעווער אַרבעטער־קלובן, קולטור־הייַזער, יידישע שולן און אויך דורך ראַדיאָ. מיר האָבן אַריינגעפלאָכטן אין אונדזערע פאָרשטעלונגען יידישע פאָלקסלידער, פראַגמענטן פון שאָלעם־אַלייכעמס ווערק און פון די ווערק פון סאָוועטישע יידישע דיכטער.

אין האַרבסט 1936 האָבן מיר אָנטיילגענומען אינעם פייַערלעכן אָוונט, געווידמעט דעם 20־טן יאָרצייַט פון שאָלעם־אַלייכעמען. אויפן אָוונט איז בייַגעווען דעם שרייַבערס פרוי — אָלגאַ לאָיעווא. איך האָב זיך געגרויסט, וואָס איך טראָג די זעלבע פאַמיליע, זיך פאָרשטעלן פאַר דער לעבנס־באַגלייטערין פונעם קלאַסיקער האָב איך ניט געוואַגט.

שוין אין די זעכציקער יאָרן, ווען שאָלעם־אַלייכעמס טאָכטער מאַרי מיט איר מאַן ב. צ. גאָלדבערג זייַנען געווען אין טשערנאָוויץ, האָבן זיי מיך געפרעגט:

— זייַט איר טאַקע אַן עמעסער לאָיעוו, צי אַ געמאַכטער?

און זיי זייַנען געווען ביז גאָר צופרידן, ווען איך האָב מיט שטאָלץ זיי געמאָלדן, אַז איך בין ניט נאָר אַן עמעסער לאָיעוו, נאָר אַפילע אַ ווייַטער קאָרעוו פון מאַריס זיידע מיילעך לאָיעוו.

אָנהייבנדיק פונעם דריטן קורס, האָבן מיר געאַרבעט איבער דיפּלאָם־ספּעקטאַקלען. דער ערשטער צווישן זיי איז געווען גאָלדפאַדענס ווייניק באַוווסטע קאָמעדיע „די מומע סאָסיע". אין איר האָט אָנטיילגענומען דער גאַנצער קורס. איך האָב געשפּילט די ראָל פון קימאַט „אַ געקאָנטשעטן" סטודענט. גערעדט האָב איך דייַטשמעריש און מייַן גאַנץ פירעכץ איז געווען „הויך אינטעליגענטיש". די פאָרשטעלונג איז געפעלן געוואָרן ניט נאָר דעם פּאַשעטן צושויער, נאָר אויך געניטע קונסט־קענער. האָבן מיר זיך אָנגענומען מיט מוט און אַרויסגעפאָרן אויף גאַסטראָלן אין די שטעט אַרום קיעוו — קיין וואַסילקאָוו, פאַסטאָוו און בעלאַצערקאָוו. אומעטום זייַנען אונדזערע פאָרשטעלונגען דורכגעגאַנגען מיט גרויס דערפאָלג. דאָס איז פאַר אונדז אַלעמען געווען אַ גליקלעכע נעסיע.

אין יאַנוואַר אײן־און־פערציקסטן האָבן מיר באַוויזן אַ נייַע פּרעמיערע — מאָליערס קאָמעדיע „הער דע־פּורסאָניאַק". ווידער בין איך געווען נאָוואַקס געהילף אין דער רעזשיסור. איבערגעזעצט די

קאָמעדיע האָט דער שרײַבער הערשל אָרלאַנד, די מוזיק האָט געשאַפֿן אונדזער פּעדאַגאָג און קאָמפּאָזיטאָר סאַמויל שוואַרץ, די קינסטלערישע פֿאָרמירונג און די קאָסטיומען האָט צוגעגרייט דער קינסטלער לעאָניד ראַבינאָוויטש (אין עטלעכע יאָר אַרום נאָך דער פּאַטערלענדישער מילכאָמע האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז לעאָניד נאַומאָוויטש איז געווען איינער פֿון די סאָוועטישע מיליטערלײַט, וועלכע האָבן געראַטעוועט די בילדער פֿון דער וועלט־באַרימטער דרעזדענער גאַלעריי. די רעטונגס־אָפּעראַציע האָט ער באַשריבן אין זײַן בוך „זיבן טעג" אונטערן פּסעוודאָנים לעאָניד וואָלינסקי).

די באַגײַסטערטע רעצענזיע אין דער רעפּובליקאַנישער צײַטונג „דער שטערן" אויף אונדזער שטעלונג פֿון מאָליערס קאָמעדיע האָט באַקומען אַ ברייטן רעזאָנאַנס. אין אינסטיטוט האָבן אָנגעהויבן אָנקומען אָנפֿראַגעס פֿון די ייִדישע טעאַטערס פֿון ביאַליסטאָק און ריגע, פֿון קעשענעוו און לוואָוו, פֿון טשערנאָוויץ און קאַונאַס. אַלע האָבן געוואָלט וויסן, ווער מיר זײַנען און וואָס מיר זײַנען, ווען ענדיקן מיר דאָס לערנען און אין וועלכן טעאַטער וואָלט יעדערער פֿון אונדז געוואָלט אָנקומען. אייניקע פֿאָרשטייער פֿון די דאָזיקע טעאַטערס זײַנען געקומען צו פֿאָרן אויף אונדזער פֿאָרשטעלונג, כּדי איבערצײַגן זיך, אַז די באַגײַסטערטע רעצענזיע איז ניט קיין איבערגעטריבענע.

דאָס לערנײאָר אויפֿן לעצטן קורס האָט זיך דערנעענטערט צום סאָף. מיר זײַנען שוין געווען קימאַט אויס סטודענטן, געפֿילט זיך ווי עמעסע אַקטיאָרן, און מיט נאָך אַ גרעסערן כיישעק האָבן מיר אָנגעהויבן גרייטן אַ נײַע פֿאָרשטעלונג לויט שאָלעם־אַלייכעמס ראָמאַן „בלאָנדזנדע שטערן", אין וועלכער איך בין שוין געווען אַן עמעסער רעזשיסער...

בײַ אונדז אַלעמען איז געווען אַ געפֿיל, גלײַך פֿליגלען זײַנען בײַ אונדז אויסגעוואַקסן. ס׳האָט זיך געעפֿנט אַ גרויסע און צויבערפֿולע וועלט פֿון סצענישער קונסט, און מיר זײַנען געווען זיכער, אַז אַלע בינעס און אַלע ספּעקטאַקלען זײַנען אונדזערע. מיר זײַנען שוין געווען דערוואַקסענע און געשולטע אַרטיסטן. נאָר די הערצער האָבן געקלאַפּט יוגנטלעך־האַסטיק און פֿריידיק, פֿול מיט ווילן אָפּצוגעבן זיך דער הייליקער זאַך פֿון טעאַטראַלער קונסט. נאָר...

עס האָט זיך אָנגעהויבן די מילכאָמע, און מיר אַלע, דער גאַנצער קורס, זײַנען אוועק אויפֿן פֿראָנט. אַכט יאַטן זײַנען מיר געווען. אומגעקערט פֿון דער מילכאָמע האָבן זיך בלויז פֿיר. אונדזערע אומפֿאַרגעסלעכע מיטקורסניקעס, די עמעסדיקע, טאַלאַנטפֿולע אַקטיאָרן רוּוון גורעוויטש, מישע וואַרשאַווסקי, איזי שטערן און מישע קאָנסטאַנטינאָווסקי זײַנען אומגעקומען אויף די פֿראָנטן פֿון דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע.

זיי שטייען מיר אַלע פֿאַר די אויגן...



## געלייענט אין דער צײַטונג „איזוועסטיאַ"

ИЗВЕСТИЯ
СОВЕТОВ НАРОДНЫХ ДЕПУТАТОВ СССР
Газета выходит с марта 1917 года

# א רויטער טעפּיך, אָדער א „שוואַרצער וואַראָן"

א פֿאַנטאַסטיש־דעטעקטיווע געשיכטע מיט פּילצאַליקע רעאַלע פֿאַקטן

מיר וועלן באַדינגלעך אָנרופֿן אונדזער העלד מיטן פֿאַמיליע־נאָמען סמיט און — אויך באַדינגלעך — מיטן ערשטן נאָמען דזשאָן. וועט זיך באַקומען א טיפּישער ענגלענדער. אַלט איז ער (באַדינגלעך) בא די אַכציק, נאָר ער איז אין א גלענצנדער פֿאָרם, וואָס עס איז ניט קיין זעלטנהײַט פֿאַר א בריטאַניער פֿון זײַן שטאַנד. אַזויווי אין די דרײַסיקער יאָרן איז אונדזער העלד געווען אויף אַקטיווער דינסט, דערצו נאָך אין אן אָפֿיציערישן ראַנג, איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז איצט איז ער א בריגאַדיר אין דעמיסיע און טראָגט, מעגלעך, אַפֿילע דעם טיטל „סער", דאָס הייסט — ער האָט דערגרייכט די הייך פֿון א „ריטער".

פֿון די צײַטונגען, גיכער לויט דער טראַדיציע, אײדער צוליב אן אנדער מין סיבע, לייענט ער געוויינלעך דעם „טײַמס", און דאָס גאַנצע באַוווסטזיניקע לעבן שטימט ער פֿאַר די קאָנסערוואַטאָרן. מער פֿון אַלץ אויף דער וועלט האָט ער ליב דיסציפּלין און דענקט, אַז קיין פּרינציפּן טאָר מען ניט פֿאַראַטן, פּונקט אַזוי, ווי דעם קלוב, אין וועלכן מע איז א מיטגליד.

זײַן לעבן איז געפֿלאָסן, ווי א רויִקער טײַך, ביז עס איז פֿאַרלאָפֿן אן אומדערוואַרטע געשעעניש. איבערקלײַבנדיק אַלטע קאָפּיִעס פֿון פֿאַרגעלטע ראַפּאָרטן, רעליאַציעס, באַפֿעלן, ווי אויך פֿאָטאָגראַפֿיעס און צײַטונג־אויסשניטן, האָט אונדזער העלד געפֿונען א בלעטל, וואָס האָט בא אים אָפּגענומען די רו. דערפֿון האָט זיך אַלץ אָנגעהויבן.

ער האָט אָפּגעשיקט דעם ערשטן בריוו אין פֿאָרין־אָפֿיס.

„טײַערער סער! — האָט געשריבן דזשאָן סמיט, — עפּשער וועט איר זײַן אַזוי גוט מיר מיטיילן, צי איר ווייסט, אַז דער איצטיקער פּרעמיער־מיניסטער פֿון ייִסראָעל ייִצחאַק שאַמיר איז דער באַוווּסטער טעראָריסט ייִצחאַק יעזערניצקי, נאָך וועלכן איך האָב זיך נאָכגעיאָגט אין פּאַלעסטינע אין סאָף פֿון די דרײַסיקער יאָרן? לויט דעם פּאַפּיר, וואָס איך האָב צופֿעליק אַנטדעקט אין מײַן אַרכיוו, איז דאָס אײנע און די זעלבע פּערזענלעכקײַט. נעמט צו מײַנע פֿאַרזיכערונגען, אופֿריכטיק אײַער... און אַזוי ווײַטער און ווײַטער..."

דער ענטפֿער איז געווען א שנעלער, נאָר א קורצער.

„כּאָשעווער סער! מיר באַשטעטיקן, אַז אײַער אינפֿאָרמאַציע איז ניט קיין פֿעלערהאַפֿטע, נאָר אײנצײַטיק קאָן זי ניט אָנגענומען ווערן פֿאַר א זיכערער. צום דזשענטלמען, מיט וועלכן איר אינטערעסירט זיך, פּאַסטן ניט די עפּיטעטן, וואָס איר האָט אויסגעקליבן. דער הויפּט פֿון א רעגירונג, מיט וועלכער בריטאַניע האַלט אונטער נאָרמאַלע דיפּלאָמאַטישע באַציִונגען, קאָן ניט אָנגערופֿן ווערן טעראָריסט. נעמט צו... און אַזוי ווײַטער".

דזשאָן סמיט (באַדינגלעך וועלן מיר האַלטן, אַז ער איז זייער אן אײַנגעאַקשנטער, ווײַל אַקשאָנעס איז אײנע פֿון די וויכטיקסטע שטריכן פֿונעם בריטאַנער כאַראַקטער) האָט זיך ניט געקאָנט באַרויִקן.

„סער! איך קאָן דאָקומענטאַליש באַשטעטיקן, אַז שאַמיר — יעזערניצקי איז פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר דורכפֿירן א סאַך טעראָריסטישע אַקציעס קעגן די בריטאַנער מאַכטן. אויף זײַן כעזשבן איז דער מאָרד פֿון אונדזערע סאָלדאַטן און פּאָליציייער. דרײַ מאָל האָט מען אים אַרעסטירט און דרײַ מאָל איז ער אַנטלאָפֿן. איך אינטערעסיר זיך, סער, צי עס זײַנען אײַך באַוווּסט די דאָזיקע פֿאַקטן. נעמט צו... און אַזוי ווײַטער".

„טײַערער סער! — דאָס מאָל איז דער בריוו פֿון פֿאָרין־אָפֿיס געווען באַפֿאַרבט אין מער וואַרעמע, אַפֿילע אין האַרציקע טענער. — מיר פֿאַרשטייען אײַערע געפֿילן — דער טויט פֿון כאַווירים פֿאַרגעסט זיך ניט, אַזוי אויך די דינסט ווײַט פֿונעם היימלאַנד באַם אויספֿילן דעם כויוו. מיר האָפֿן אָבער, אַז איר זײַט מאַסקים: די פֿאַרגאַנגענהײַט איז שוין פֿאַרבײַ. דער מיסטער שאַמיר איז איצט פּרעמיער־מיניסטער, איר פֿאַרשטייט — א פּרעמיער! ער קאָן אַפֿילע קומען צו פֿאָרן קיין ענגלאַנד מיט אן אָפֿיציעלן וויזיט און וועט אויפֿגענומען ווערן מיט ווירדע".

„גנעדיקער סער, — האָט געשריבן דער בריגאַדיר אין דעמיסיע, אָפּטרעטנדיק פֿונעם אָנגענומענעם עטיקעט, וואָס עס איז אַרויסגערופֿן געוואָרן בא אים פֿון דער אופֿגעבראַכטקײַט מיטן ענטפֿער אף זײַן פֿאַריקן בריוו. — אָט וועגן דעם רעד איך טאַקע. צי איר ווילט, צי ניט, נאָר שטרענג לויטן געזעץ דאַרף מען אין לאָנדאָן אָט דעם פּרעמיער באַגעגענען ניט אף אַ רויטן טעפּיך, נאָר מיט אַ „שוואַרצן וואָראָן", דאָס הייסט — מיט אַן אַרעסטאַנט־וואָגן".

„סער! איר גייט אַריבער אַלע דערלויבטע גרענעצן, וועלכע זײַנען אָנגענומען באַם ווענדן זיך צו אָפּיציעלע אינסטאַנצן. דאָס ווײַטערדיקע איבערשרײַבן זיך רעכן איך פֿאַר איבעריק".

„ס'איז דען ניט באַוווּסט אין פּאַרין־אָפּיס, אַז דער אָרדער אַפֿן אַרעסט פֿון שאַמירן, דעם אָנטיילנעמער פֿון דער טעראָריסטישער ציִעניסטישער אָרגאַניזאַציע, וועלכער האָט אף זײַן כעזשבן ניט ווייניק מענטשישע לעבנס, איז ווי פֿריִער אין קראַפֿט. איך קאָן זיך וועטן אף וואָס איר ווילט. בא מיר איז פֿאַראַן די קאָפּיע פֿון דעם דאָקומענט. איך בין איבערצײַגט, אַז ער איז פֿאַראַן אויך אין די אַרכיוון פֿונעם מיניסטעריום פֿון אינערלעכע אינייאָנים. פֿאַרינטערעסירט זיך דורכצוקאָנטראָלירן די עמעסדיקײַט פֿון מײַנע ווערטער".

דער פּרעמיער־מיניסטער י. שאַמיר איז פֿון די דרײַסיקער יאָרן ביזן אָנהייב פֿון די פֿערציקער געווען אַן אַקטיווער טעראָריסט. דיעם באַפֿעל וועגן זײַן אַרעסט, באַשטעטיקט די אינפֿאָרמירטע אין אינייאָנים פֿון דער רעגירונג־קאַנצעליאַריע צײַטונג „דיילי טעלעגראַף", האָט ביז איצט קיינער ניט אָפּגעשאַפֿן.

און בעעמעס, באַם ערשטן יאַוועון זיך פֿונעם ייִסראָעלדיקן פּרעמיער־מיניסטער אין לאָנדאָן, וואָלט מען, לויטן געזעץ, געדאַרפֿט אים דאָרט טייקעף אַרעסטירן.

נאָר דער טאָך פֿון דער פֿראַגע איז ניט בלויז אין דעם פֿאַרגעלטן פּאַפּיר. דער געוועזענער „באַיעוויק" — אַזוי ווי ער איז אַ טעראָריסט געווען, אַזוי איז ער אַזא פֿאַרבליבן.

ווער ווייסט, צי דער אָפּיציעלער לאָנדאָן וועט אײַנגיכן ניט שליסן קיין וואָסער־ניט־איז באַזונדערס פּאָמפּעזן־קלינגענדיקע פֿאַרשטענדיקונג מיט טעלאַוויוו וועגן צוזאַמענאַרבעט קעגן טעראָריזם. און פֿונעם ייִסראָעלדיקן צאַד וועט דעם דאָקומענט אונטערכאַסמענען דער טעראָריסט שאַמיר... אָרעמער, אָרעמער סער דזשאָן סמיט. זײַנע פּרינציפּן, ווײ־ווײ, אַנטשפּרעכן ניט די הײַנטצײַטיקע בריטאַנישע באַדינגונגען...

א. קריוואַלאַפּאָו

## באַקומען אַ דערלויבעניש אומקערן זיך אין ראַטנפֿאַרבאַנד

צופֿעליק האָט זיך אַזוי באַקומען, אַז די לעצטע פֿינף יאָר האָבן מיר ביידע, איך און ער, געלעבט אין אַמעריקע. אייגנטלעך דער, וועגן וועמען ס'וועט דאָ ווײַטער גיין אַ רייד, האָט שוין פֿריִער קימאַט נײַן יאָר געהאַט אָפּגעלעבט אין דער פֿרעמד, סאַכאַקל 5020 טעג ווײַט פֿונעם היימלאַנד!

איך בין געקומען קיין אַמעריקע לויט מײַנע אַרבעטס־אָנגעלעגנהײַטן. אים אָבער האָט געבראַכט אַהין דער ווילן אַנדערש אײַנצואָרדענען דאָס לעבן. דעריבער, שמועסנדיק וועגן זאַכן, וואָס זײַנען אונדז ביידן געווען באַקאַנט פֿון דער אייגענער דערפֿאַרונג, פֿלעגן מיר אָפּטמאָל ניט פֿאַרשטיין איינער דעם אַנדערן. אָבער דאָס איקערדיקע דערפֿון, וואָס מ. א. גאָראָכאָווסקי האָט דערציילט, איז קלאָרער פֿון קלאָר — ער וואָלט אַוודע געוואָלט אויסמעקן פֿון זײַן לעבן און פֿונעם זיקאָרן די דאָזיקע 5020 טעג, אָבער ער איז עס ניט בעקויעך צו טאָן. די דאָזיקע לאַנגע וואָכן, כאָדאָשים און יאָרן האָט ער ניט נאָר פֿאַרטאַכלעוועט, ער האָט זיך מיט זיי ביטער צעצאָלט פֿאַר זײַן לײַכטזיניקײַט.

עס האָט געלעבט אף דער אוקראַיִנע אַ פּאַשעטער באַסאַר־ווערדאָם — מיכאַיִל יאַקאָוולעוויטש גאָראָכאָווסקי. געבוירן אַן ערעך צוויי יאָר פֿאַרן גרויסן אָקטיאַבער. אַ צוואַנציקיאָריקער איז ער אַוועק אין דער רויטער אַרמיי און געווען אין אירע רייען ביזן סאַמע טאָג פֿון דעם זיג. פֿון קינדהײַט אָן אַ צוגעוווינטער צו יעדער מעלאָכע, אַ געזונטער און אַ בעריע אף קאָל־האַמינים אַרבעטן, האָט דער געוועזענער טאַנקיסט געפֿונען זײַן אָרט אין דעם פֿרידלעכן לעבן, כאַסענע געהאַט, געוואָרן אַ טאַטע פֿון צוויי טעכטערלעך.

און אָט, אַפֿן צוויי־און־פֿופֿציקסטן לעבנס־יאָר איז ער פּלוצעם, — ווי ער גופֿע רופֿט דאָס אָן, — „אַראָפּ פֿון זינען": אונטער דעם אײַנפֿלוס פֿון דער ציִעניסטישער פּראָפּאַגאַנדע נעמט ער און פֿאָרט אַוועק מיט ווײַב און קינדער קיין ייִסראָעל. „און דו, אַלטע קליאַטשע, ביסט אויך געקומען אַהער?", — האָט מען אים מיט אַ פּײַנעם באַרעכ־

האָבע „מעקאַבל־פּאַנעם" געווען אין טעל־אַוויווער אַעראָפּאָרט. „ניין, מיר נייטיקן זיך אין יונגע און קרעפּטיקע כּעוורעלײַט — מילכאָמע צו האַלטן מיט די אַראַבער!". פֿונדעסטוועגן איז אים געלונגען אײַנאָרדענען זיך אַלס ניט־קוואַליפֿיצירטער שוואַרצאַרבעטער. אָנגענומען אַ פֿול מויל וואַסער, האָט ער בישטיקע איבערגעטראָגן די אוולעס און זידלערײַען, געלעבט אין דאַכקעס און אָפּגעלייגט אַ גראָשן צו אַ גראָשן — אַנדערש וואָלט ער זיך קיינמאָל ניט געקאָנט אויסקויפֿן פֿון די, וואָס האָבן אים פֿאַרנאַרט אַהער. און איצט, ווי באַלד דער „אוילע" האָט געהאַט די האַזע אין אַ שטאַמל געטאָן וועגן זײַן ווילן אַוועקצופֿאָרן פֿון ייִסראָעל, האָבן זיי גענומען פֿאָדערן, ער זאָל זיי אומקערן אַלע הוצאָעס, וואָס זיי האָבן אויסגעגעבן אַף אים. פֿאַר דאָס און יענץ און פֿאַר יעדער קליינבײַ־קײַט — צאָל!

אין אַ יאָר אַרום איז מיכאַיל יאַקאָוולעוויטשן פֿונדעסטוועגן געלונגען אַרויסרײַסן זיך פֿון ייִסראָעל, און ער האָט זיך איבערגעפּעקלט קיין ניו־יאָרק. דאָרט האָט זיך אים אײַנגעגעבן צו געפֿינען אַ שטיקל אַרבעט בײַ איינעם אַ קרעמער אַפֿן סקלאַד. דער באַלעבאָס האָט אים פֿרעך און געווויסנלאָז עקספּלואַטירט, אָבער צאָלן האָט ער אים געצאָלט אַ סאַך ווייניקער פֿון דעם אָפּיציעל־מינימאַלן לוין, וועלכער וואָלט אים געקומען לויט די אַמעריקאַנישע געזעצן. דערבײַ האָט ער דערקלערט, אַז אַף גאָראָכאָווסקין אַלס פֿרעמדן זײַנען ניט כּאָל די געזעצן פֿון פּשאַ. פֿונדעסטוועגן האָט מיכאַיל יאַקאָוולעוויטש ווי־ניט־איז פֿאַרדינט זײַן שטיקל ברויט און געלעבט, כאָטש אין דאַכקעס, נאָר געלעבט.

פֿיל שווערער איז געווען צוגעוווינען זיך צו דער מאָראַל און צו די זיטן פֿון זײַן נײַער סוויווע. נאָך פֿריִער פֿון אים האָב איך געוווּסט, אַז אין ניו־יאָרק דאַרף מען טאָמיד זײַן געהיט, און קעדיי ניט אַרײַנצופֿאַלן אין דער כראָניק פֿון פֿאַרברעכנס, דאַרף מען גוט דורכטראַכטן יעדן שריט און טריט. איך ווייס אויך די סטאַטיסטישע אָנגאַבן וועגן דער גרויסער צאָל אָפּיציעל פֿאַרעגיסטרירטע פֿאַרברעכנס. אין דעם פֿראַט שטייט ניו־יאָרק אַף איינעם פֿון די ערשטע ערטער צווישן די שטעט פֿון אַמעריקע.

אָבער וועגן דעם, אַז די געוועזענע סאָוועטישע בירגער ווערן אויך קאָרבאָנעס פֿון די היגע באַנדיטן, דערפֿון, איך בין זיך מוידע, האָב איך קיין אָנונג ניט געהאַט, ביז וואַנען איך האָב ניט דורכגעבלעטערט די נעקראָלאָגן אין די דאָרטיקע צײַטונגען, וועלכע מיכאַיל יאַקאָוולעוויטש האָט מיר באַוויזן.

בײַ זיך אין דער דירע זײַנען דערהאַרגעט געוואָרן דער מינדעריעריקער סלאַווע שאַכניס און זײַן מאַמע. מע האָט דערשאָסן דעם 23־יאָריקן געבאַדי אַלפֿערן, פֿון אַן אווטאָמאַטן־ביקס צעשטעפּט אַף טויט איליאַ זעלצערן, שווער פֿאַרוווּנדעט זײַנע צוויי פֿרײַנט — באָריס נײַפֿעלדן און מיכאַיל וואַקסן, באַרויבט און דערהאַרגעט בערכײַ מאָדעכײַעוון און באָריס כוטאָרסקאָיען. זינאַידע קאָגאַן און איר 12־יאָריקן זון עדיק האָט מען צעשטאָכן מיט מעסערס און דערשטיקט מיט טעלעפֿאָן־דראָטן. נאָרוואָס האָט זיך פֿאַרענדיקט דער סקאַנדאַליעזער פּראָצעס איבערן מערדער פֿון נאָך איינעם אַ געוועזענעם סאָוועטישן בירגער — וואַלערי אַלעקסאַנדראָוון... מיט אָט די זיטן אין דער „געזעלשאַפֿט פֿונעם אַלגעמיינעם וווילזײַן" האָט זיך „באַקאַנט" אויך גאָראָכאָווסקי: עטלעכע מאָל זײַנען אים באַפֿאַלן באַוואָפֿנטע באַנדיטן. דאָס לעצטע מאָל איז עס געשען פּונקט אין דעם זעלבן אָוונט, ווען ער האָט באַזוכט די סאָוועטישע פֿאָרשטייערשאַפֿט אין וואַשינגטאָן און דערהערט די פֿריידיקע יעדיע: ער קאָן זיך אומקערן.

אַ צופֿעליקער צונויפֿפֿאַל פֿון די צוויי געשעענישן? מעגלעך, אַז יאָ. אָבער די אָנפֿאַלער האָבן געהאַנדלט אַזוי, ווי זיי זאָלן האָבן פֿאַרווירקלעכט די דראָונגען אַף גאָראָכאָווסקיס אַדרעס, נאָך דעם ווי ער האָט דערקלערט וועגן זײַן ווילן צו פֿאַרלאָזן אַמעריקע: „אַרײַנבראָקן דיר מיט אַ האַמער אין נאַקן, — האָסט עס קאָשער פֿאַרדינט!" אַף צוריקוועגס פֿונעם קאָנסולאַט האָט אים פֿאַרהאַלטן אַ מיטאַרבעטערן פֿון דער פֿעדעראַלער אויספֿאָרשונגס־ביוראָ און גענומען אים אויספֿרעגן, צוליב וואָס ער איז געגאַנגען אין דער סאָוועטישער פֿאָרשטייערשאַפֿט, מיט וועמען און וועגן וואָס ער האָט דאָרט גערעדט. אַגעוו, אַזאַ אינטערעס מיצאַד דער אַמעריקאַנער אָכראַנקע צו זײַן פּערזאָן איז פֿאַר גאָראָכאָווסקין ניט געווען קיין נײַס. ניט איין מאָל האָט מען אים שוין געהאַט אַרויסגערופֿן אַהין. וווּגערי דעוויס און זײַן שטעלפֿאַרטרעטער — פֿריטשעשטשענסקי האָבן אים „גענומען אַפֿן צימבל", פֿאַרהערט און גרינטלעך אויסגעפֿרעגט. דערבײַ האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי זײַנען זייער גענוי אינפֿאָרמירט וועגן אַלץ, וואָס שײַעך דעם לעבן פֿון מיכאַיל יאַקאָוולעוויטשן. ניטאָ זיך וואָס צו כידעשן — די שכיינים און באַקאַנטע האָבן אים דערציילט, אַז מע צווינגט זיי צו שרײַבן מעסירעלעך אַף אים.

מעגלעך, אַז ער וואָלט אויך דאָס אויסגעהאַלטן, ווען ניט די אומופֿהערלעך נאָגנדיקע בענקשאַפֿט נאָכן היימלאַנד, די בענקשאַפֿט, וועלכע עס האָבן נאָך פֿאַרשטאַרקט די פֿרעמדע, עקלדיקע, לויט זײַן מיינונג, נאָרמעס פֿון מענטשלעכע צווישנבאַציִונגען. „אַ גאַנצן טאָג האַלט מען אין איין ריידן וועגן געלט, — דערציילט מיכאַיל יאַקאָוולעוויטש. — צוליב געלט שווינדלט מען, לעשעם באַרײַכערונג גייט מען אַף יעדער גזיילע. ווען איר וואָלט וויסן, מיט וואָס פֿאַר אַ מאַכינאַציעס מע פֿאַרנעמט זיך, אָרגאַניזירנדיק פֿאַלשע „וויזאָוון" פֿון סאָוועטישע בירגער, זיי זאָלן

אוועקפֿאָרן אַף מײַרעוו, צו זייערע קלוימערשטע, מישטיינסגעזאָגט, „קרוויוים"... איך האָב שוין מער ניט קיין קויכעס צו פֿאַרבלײַבן אין אַ מעדינע, וואָס אירע הערשער הערן ניט אויף צו טאָן שלעכטס דעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד. איך בין אַ פּאַשעטער שאָפֿער, ניט פֿון די שטאַרק געבילדעטע. אָבער פֿאַר די דרײַצן יאָר פֿון מײַן לעבן אין אַמעריקע האָב איך אַ סאַך, זייער אַ סאַך פֿאַרשטאַנען!"

אייניקע פֿון די מאַסקאַנעס, צו וועלכע מיכאַיל יאַקאָוולעוויטש איז נאָך אַזויפֿיל פּלאָגענישן געקומען, האָט ער מיט אַ פֿלאַמאַסטער אָנגעמאָלט אַף אַ פּלאַקאַט און שאָענווײַז אָפּגעשטאַנען מיט אים לעבן דעם אַרײַנגאַנג אין אונדזער קאָנסולאַט אין דער אַמעריקאַנער הויפּט־שטאָט, אַזוי אַז אַלע זאָלן קאָנען זען און לייענען: „האָט ראַכמאָנעס, ראַטעוועט! אָן אַ טאַטן און אָן אַ מאַמען קאָן מען נאָך לעבן, אָבער אָן דעם היימלאַנד — בעשום־אויפֿן ניט!" „איר מעגט מיר גלייבן, — איך זאָג אײַך אופֿריכטיק און אָפֿנהאַרציק, — דערציילט מיכאַיל יאַקאָוולעוויטש, קוים אײַנהאַלטנדיק די טרערן, — אויב מע וואָלט מיר כאַסוועכאָלילע אָפּגעזאָגט און ניט דערלויבט אומצוקערן זיך אַהיים, וואָלט איך סײַוויסײַ ניט געווען בעקויעך מער צו לעבן אין אַמעריקע, און איך וואָלט זיך אַ מיסע אָנגעטאָן".

און אָט ווערט זײַן פּאָנעם באַשײַנט פֿון פֿרייד:

— נעכטן, ווען איך בין געקומען צו פֿליִען קיין שערעמעטיעוואָ, בין איך ווי אָפּסנײַ געבוירן געוואָרן. דערנאָך די גאַנצע נאַכט ביזן סאַמע פֿרימאָרגן האָב איך ניט צוגעמאַכט קיין אויג, געהערט דעם „מאַיאַק", און עס האָט זיך מיר אַלץ ניט געגלייבט, אַז איך בין שוין טאַקע אינדערהיים. אָט וועל איך אַ ביסל קומען צו־זיך, און הײַדאַ קיין זשיטאָמיר צו מײַן שוועסטער קאַטערינע! איך כאַלעש וואָס גיכער און ווי געהעריק זיך אַ נעם טאָן צו דער אַרבעט.

א. פּאַלאַדין

## זיך אויסגעניכטערט...

פֿון ניו־יאָרק האָט זיך אומגעקערט קיין מאָסקווע דעם 29 דעקאַבער 1986 אַ גרופּע געוועזענע סאָוועטישע בירגער — באַ 50 מענטשן פֿון פֿאַרשיידענע פּראָפֿעסיעס.

דער אוויִאַ־לײַנער האָט זיך פֿאַרהאַלטן אין וועג, און שוין שפּעט אַפּדערנאַכט האָבן דעם אָנקום פֿון די געוועזענע סאָוועטישע בירגער אָפּגעוואַרט אינעם אַעראָפּאָרט שערעמעטיעוואָ־2 אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן — פֿאָרשטייער פֿון טעלעוויזיע, ראַדיִאָ, אינפֿאָרמאַציע־אַגענטורן, צײַטונגען.

ט. יע. קאָרדאָנסקי, אַ מוזיקאַנט, האָט וועגן זיך דערציילט:

— אוועקגעפֿאָרן בין איך אַכט מיט אַ האַלב יאָר צוריק, האָפֿנדיק, אַז אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן פֿון אַמעריקע וועל איך האָבן אַ מעגלעכקײַט זיך אָפּגעבן דער ראָק־מוזיק, נאָר עס הייבט זיך ניט אָן! די גאַנצע צײַט איז אויסגעקומען קריגן אַ שטיקל ברויט, קיין פֿרײַנט האָב איך דאָרט ניט געהאַט. כ'האָב שוין אַזוי אַרויסגעקוקט זיך אומקערן אַהיים...

די מישפּאָכע קלעווער איז געקומען מיט אַ צווייייאָריק קינד. געבוירן געוואָרן איז ער אין אַמעריקע, נאָר די עלטערן האָבן געטרוימט, ער זאָל לעבן אין פּססר.

אַף דער פֿראַגע, פֿאַרוואָס זיי האָבן עמיגרירט, ענטפֿערן די פּאַסאַזשירן פֿונעם לײַנער פֿאַרשיידן, אָבער אין טאָך האָבן אַלע געהאַט אַ פֿאַרלאַנג צו געפֿינען אַפֿן מײַרעוו אַ „גאַניידן", און באַ יעדן אַף דער צונג — אָנערקענונג: זיך געכאַפּט אַף דער ווענטקע פֿון דער ציִעניסטישער פּראָפּאַגאַנדע און אַרויסגעפֿאָרן פֿון פּססר לויט דער אײַנלאַדונג פֿון אויסגעטראַכטע קרוויוים אין יִסראָעל. און בלויז דאָרט, אַפֿן מײַרעוו, זיך אויסגעניכטערט...

דאָס היימלאַנד האָט אַרויסגעוויזן גרויסמוט, און ס'ווילט זיך האָפֿן, אַז זיי וועלן באַרעכטיקן די מעגלעכקײַט, וואָס מע האָט זיי געגעבן — ווידעראַמאָל צו ווערן סאָוועטישע בירגער.

א. איוואַנקאָ

● ● ●

מיר צעלפּערן און פּראָגרעס
פון אונזערע לייענער

# יעדער מענטש דאַרף עס וויסן!

וװי גרויס איז דער שאָדן, וועלכן די מילכאָמעס האָבן געבראַכט דער מענטשהייט? — פרעגט וו. סולטאַנאָוו (וואָראָניעזש)

די געלערנטע האָבן אונטערגערעכנט, אַז פאַר די לעצטע 5,5 טויזנט יאָר זײַנען אין דער וועלט פאָרגעקומען אַן ערעך 15 טויזנט מילכאָמעס און קאָנפליקטן, ד.ה. אין דורכשניט צוויי-דרײַ אַ יאָר. אין זיי זײַנען אומגעקומען אַן ערעך דרײַ מיליאַרד 540 מיליאָן מענטשן. אין שטילשטאַנד-באַדינגונגען האָבן מענטשן געלעבט בלויז 292 יאָר.

די אַמערסטן בלוטיקע מילכאָמעס האָט צעבונדן די בורזשואַזיע, וועלכע האָט אײַנגעשטעלט און אײַנגעהאַלטן איר מעמשאָלע ניט נאָר מיטן קויעך פונעם קאַפּיטאַל, נאָר אויך מיט פײַער און שווערד. בלויז אין אייראָפּע האָבן די מילכאָמעס אומגעבראַכט: אין XVII יה. — 3,3 מיליאָן מענטשלעכע לעבנס, אין XVIII יה. — 5,2 מיליאָן, אין XIX יה. — 5,5 מיליאָן.

די גרעסטע צאָל מיליטערישע קאָנפליקטן זײַנען פאָרגעקומען אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם. צוויי וועלט-מילכאָמעס, וועלכע ס'האָבן צעבונדן די סאַמע אַגרעסיווע קויכעס פונעם מאָנאָפּאָליסטישן קאַפּיטאַל, האָבן ניט צו זיך קיין גלײַכע לויט דער צאָל לענדער, וועלכע האָבן אין זיי אָנטיילגענומען, לויט די מאַסשטאַבן פונעם כאַיל און מענטשלעכע קאָרבאָנעס.

צום בײַשפּיל, די ערשטע וועלט-מילכאָמע (1914—1918) האָט אַרומגעכאַפּט מער פון $^2/_3$ באַפעלקערונג פונעם וועלט-קײַלעך. די שלאַכטן האָבן געפלאַקערט אין אייראָפּע, אַזיע און אַפריקע. די אַרמיי פון צוויי קאָאַליציעס איז אין 1917 באַשטאַנען פון 37 מיליאָן סאָלדאַטן און אָפיצערן. אונטער דער ביקס זײַנען געשטעלט געוואָרן 50,5 מיליאָן מענטשן. אין דער בלוטבאָד, וועלכע ס'האָבן צעבונדן די אימפּעריאַליסטן, זײַנען אומגעקומען און געשטאָרבן פון ווונדן 9,5 מיליאָן סאָלדאַטן און אָפיצערן — קימאַט אַזויפיל, וויפל עס זײַנען אומגעקומען אין אַלע מילכאָמעס פון די פאָריקע צוויי יאָרהונדערטער. 20 מיליאָן מענטשן זײַנען פאַרוווּנדעט אָדער צעקאַליעטשעט געוואָרן. קימאַט 10 מיליאָן זײַנען געשטאָרבן אין הינטערלאַנד פון הונגער און קראַנקײַטן. דער אומקום פון אַזאַ אומגעהייערער צאָל מענטשן איז אַ רעזולטאַט פון דער פאַרשפּרייטונג פון אַ נײַעם אויטאָמאַטישן געווער — טאַנקען און עראָפּלאַנען, פון דעם פאַרשטאַרקטן אַרטילערישן פײַער. דאָס ערשטע מאָל האָט מען אָנגעווענדט געווער פון מאַסנפאַרניכטונג — גיפט-שטאָפן, פון וועלכע עס האָט געליטן 1 מיליאָן מענטשן.

די צווייטע וועלט-מילכאָמע (1939—1945), וועלכע ס'האָט צוגעגרייט די צווישנפעלקערלעכע אימפּעריאַליסטישע רעאַקציע און וועלכע עס האָבן אַרויסגערופן די אַמערסטן אַגרעסיווע מעלוכעס — דײַטשלאַנד, איטאַליע און יאַפּאַניע, איז געוואָרן די סאַמע בלוטיקע אין דער געשיכטע פון דער מענטשהײַט. אין דער מילכאָמע זײַנען אַרײַנגעצויגן געוואָרן 61 מעלוכעס פון אַלע קאָנטינענטן, מער פון 80% פון דער באַפעלקערונג פונעם ערדקײַלעך. די שלאַכטן זײַנען פאָרגעקומען אַף דער טעריטאָריע פון 40 לענדער. אין משך פון 6 יאָר האָבן געקנאַלט אויפרײַסן און ס'זײַנען אומגעקומען מענטשן אין אייראָפּע, אַזיע, אַפריקע, אַף די צוטריט-וועגן צו אויסטראַליע, אַף די ראַכוועסן און אַרכיפּעלאַגן פונעם וועלט-אָקעאַן. אויסער די ספערן פון מיליטערישע אָפּעראַציעס איז געבליבן בלויז דער אַמעריקאַנער מאַטעריק. אין די באַוואָפנטע קרעפטן זײַנען מאָביליזירט געוואָרן מער פון 110 מיליאָן מענטשן.

די טאָגטעגלעכע מענטשלעכע פאַרלוסטן אין דער צווייטער וועלט-מילכאָמע האָבן באַטראָפן אַן ערעך 25,2 טויזנט מענטשן (אין דער ערשטער וועלט-מילכאָמע — 6,5 טויזנט). פּינקטלעך פעסטשטעלן די צאָל אומגעקומענע איז זייער שווער, ווײַל אין אַ סאַך לענדער זײַנען ניטאָ קיין אָפיציעלע סטאַטיסטישע אָנגאַבן פון די פאַרלוסטן אָדער די אָנגאַבן אַנטשפּרעכן ניט דער ווירקלעכקײַט. די גרעסטע מערדער — די פאַשיסטן — זײַנען געקראָכן פון דער הויט, באַמיִענדיק זיך אויסבאַהאַלטן זייערע רעציכעס. אויך הײַנט-צו-טאָג סטאַרען זיך זייערע אידעאָלאָגישע אַדוואָקאַטן אויסבאַהאַלטן אָדער פאַרקלענערן די צאָל פון די אומגעבראַכטע מענטשן.

אָבער אויטאָריטעטע אויספאָרשונגען דערווײַזן, אַז עס זײַנען אומגעקומען 50 מיליאָן מענטשן, דערונטער 27 מיליאָן אַף די שלאַכטפעלדער. לויטן כעזשבן פון אייניקע געלערנטע, זײַנען אין דער צווייטער וועלט-מילכאָמע דערהארגעט געוואָרן 32 מיליאָן סאָלדאַטן און אָפיצערן און 25 מיליאָן ציווילע אײַנוווינער, 29 מיליאָן מענטשן זײַנען פאַרוווּנדעט אָדער צעקאַליעטשעט געוואָרן,

און ערך 20 מיליאָן קינדער זײַנען פאַרבליבן יעסוימים.

די גרעסטע פאַרלוסטן זײַנען אויסגעפאַלן אויפן סאָוועטנפאַרבאַנד, וועלכער האָט גענומען אויף זיך דעם הויפּט־קלאַפּ פון דער היטלעריסטישער מיליטערישער מאַשין און אַ לענגערע צײַט פאַקטיש אַליין זיך קעגנגעשטעלט דעם גאַנצן פאַשיסטישן בלאָק. מער פון 20 מיליאָן בירגער פון פססר האָבן אָפּגעגעבן זייערע לעבנס אין דער מילכאָמע, אין וועלכער די נאַציסטן האָבן געשטעלט פאַר זיך דעם ציל פאַרניכטן דאָס ערשטע לאַנד פון סאָציאַליזם. די מערהײַט אומגעקומענע זײַנען געווען ציווילע בירגער — קאָרבאָנעס פון די פאַשיסטישע רעפּרעסיעס, פון די אָנפאַליען פון דעם סוינעס אַוויאַציע, פון הונגער און קראַנקײַטן. אַנדערע לענדער האָבן אויך געהאַט גרויסע פאַרלוסטן: פוילן — קימאַט 6 מיליאָן מענטשן, יוגאָסלאַוויע — 1,7 מיליאָן אאַז"וו. טײַער האָט געקאָסט היטלערס אַוואַנטיור אויך דעם דײַטשישן פאָלק (13,6 מיליאָן מענטשן, אומגעקומענע, פאַרווונדעטע, קריגס־געפאַנגענע, פאַרפאַלן־געוואָרענע) און דעם איטאַליענישן פאָלק (500 טויזנט אומגעקומענע).

אויף די צײַטווײַליק אָקופּירטע טעריטאָריעס פון פססר האָבן די היטלעריסטן דורכגעפירט אַן אַכזאָריעסדיקע פּאָליטיק פון מאַסן־אויסראָטונג. צום בײַשפּיל, אין ווײַסרוסלאַנד האָבן זיי געשאַפן מער פון 260 טויט־לאַגערן, הונדערטער טורמעס, געטאָס, וווּ עס זײַנען אומגעבראַכט געוואָרן הונדערטער טויזנטער מענטשן. אין אוקראַיִנע זײַנען בלויז אין באַבי יאַר דערמאָרדעט געוואָרן אַרום 120 טויזנט מענטשן.

אין דער צווייטער וועלט־מילכאָמע האָט דער אימפּעריאַליזם צום ערשטן מאָל אָנגעווענדט געווער פון מאַסן־פאַרניכטונג, אַרײַנגערעכנט אַטאָם־באָמבעס. דאָס אויסניצן זיי קעגן יאַפּאָניע, וועלכע איז שוין געשטאַנען אויפן ראַנד פון אַ מאַפּאָלע, איז ניט געווען אַרויסגערופן מיט מיליטערישער נויטווענדיקײַט. דאָס איז געווען אַ באַרבאַרישער אַקט פון די פאַרייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע. די אַכזאָריעסדיקע באָמבאַרדירונג פון כיראָסימע און נאַגאַסאַקי האָט פאַרניכטעט מער פון 100 טויזנט לעבנס פון פרידלעכע אײַנוווינער. אויב רעכענען די קאָרבאָנעס פון שטראַל־קרענק און אַנדערע פאַקטאָרן, וועט די צאָל געליטענע דערגרייכן 447 טויזנט. מע דאַרף אָפּמערקן, אַז די אַטאָם־באָמבאַרדירונגען זײַנען דורכגעפירט געוואָרן מיטן העסקעם פון דער ענגלישער רעגירונג.

די צוויי וועלט־מילכאָמעס, וועלכע ס'האָט צעצונדן דער אימפּעריאַליזם, האָבן ניט נאָר אומגעבראַכט אַן אומגעהייערע צאָל מענטשן, און אומגעקומען זײַנען די סאַמע געזונטע און אַרבעטס־פעיִקע, — די מילכאָמעס האָבן מיטגעבראַכט קאָלאָסאַלע מאַטעריעלע פאַרלוסטן.

די מיליטעריש־היסטאָרישע וויסנשאַפט טיילט די מאַטעריעלע הוצאָעס פון די מילכאָמעס אויף דירעקטע און אומדירעקטע. צו די ערשטע טראָגט מען אויף דאָס קאָסטן פון דער טעכניק, געווער, שיס־מאַטעריאַלן, עקיפּירונג, דעם אויפהאַלט פון אַרמייען מיליטערלײַט, ווי אויך די פרײַז פאַר די פאַרניכטעטע אָדער רויִנירטע אונטערנעמונגען, טראַנספּאָרט, געבײַדעס, דעם שאָדן פאַרן פאַרמעגן פון דער באַפעלקערונג אאַז"וו. צו די אומדירעקטע הוצאָעס געהערן: פּענסיעס פאַר די אינוואַלידן און פאַר די מישפּאָכעס פון די אומגעקומענע, פּראָצענטן פון די מעלוכע־האַלוואָעס אין די מילכאָמע־יאָרן און אַנדערע.

אין געשיכטלעכן אַספּעקט קומט פאָר מיט דער צײַט אַ פאַרגרעסערונג פון די מאַטעריעלע מילכאָמע־פאַרלוסטן. צום בײַשפּיל, די קרימער מילכאָמע (1853—1856), אויב רעכענען נאָר די ביודזשעט־הוצאָעס, האָט געקאָסט בײדע צדאָדים 350 מיליאָן דאָלאַרן, די רוסיש־יאַפּאַנישע מילכאָמע (1904—1905) האָט בלויז רוסלאַנד געקאָסט — 1,3 מיליאַרד דאָלאַרן. אין XX יה. האָט אויף דער פאַרגרעסערונג פון די מאַטעריעלע הוצאָעס וועזנטלעך געווירקט די אײַכעסדיקע ענטוויקלונג פון די קאַמפס־מיטלען. אַזוי, לעמאָשל, האָבן אין דער ערשטער וועלט־מילכאָמע די לענדער, וואָס האָבן מילכאָמע געהאַלטן, פּראָדוצירט אַרום 170 טויזנט האַרמאַטן און מינענוואַרפערס, מער פון 9 טויזנט טאַנקען און 182 טויזנט פאַרשיידענע טיפּן אַעראָפּלאַנען. די מיליטערישע הוצאָעס פון די מעלוכע־ביודזשעטן (אין די אײַנגעשטעלטע פרײַזן) האָבן באַטראָפן 208 מיליאַרד דאָלאַרן. און אין דער צווייטער וועלט־מילכאָמע האָבן דײַטשלאַנד, איטאַליע, יאַפּאָניע, סאָוועטנפאַרבאַנד, פשא און ענגלאַנד — די גרויסע מעלוכעס, וועלכע האָבן געקעמפט, — אַרויסגעלאָזט באַ 2,6 מיליאָן האַרמאַטן און מינענוואַרפערס, באַ 300 טויזנט טאַנקען און אויטאָמאַטיש־אַרטילערישע אינסטאַליאַציעס, העכער 550 טויזנט שלאַכט־אַעראָפּלאַנען. די מיליטערישע הוצאָעס פון די מעלוכעס האָבן דערגרייכט (אין פאַרגלײַכבאַרע פרײַזן) מער פון 1,1 טריליאָן דאָלאַרן.

ס'איז אָבער ניט ריכטיק צו רעכענען דעם שאָדן, וועלכן עס ברענגט די מילכאָמע בלויז אין פּעריִאָד פון די קאַמפס־אָפּעראַציעס. די עקאָנאָמיסטן האָבן אונטערגערעכנט, אַז די מאַטעריעלע הוצאָעס אויף דער צוגרייטונג, דורכפירונג און ליקווידאַציע פון די פאָלגן פון די מילכאָמעס פון דער ערשטער העלפט פון XX יה. האָבן באַטראָפן באַ 4700 מיליאַרד דאָלאַרן. דערבײַ פאַלט דער איבערוועגנדיקער טייל פון דער אַסטראָנאָמישער סומע — 4 טריליאָן — אויף דער צווייטער וועלט־מילכאָמע. ווי גרויס עס איז די צאָל, קאָן מען אורטיילן לויט די פאָלגנדע אָנגאָבן: פאַר דעם געלט האָט מען געקענט 50 יאָר אומזיסט האָדעווען די גאַנצע באַפעלקערונג פונעם ערדקײַלעך אָדער באַזאָרגן מיט וווּל־אײַנגעאָרדנטע דירעס מער פון 500 מיליאָן געזינדן.

אַ באַדײַטנדיקן טייל פון די מיליטערישע אויסגאָבן אין דער צווייטער וועלט־מילכאָמע האָבן פאַרנומען די פאַרלוסטן, וועלכע זײַנען אַרויסגערופן געוואָרן פונעם כאָרעוו מאַכן מאַטעריעלע ווערטן. אומגעפער האָט עס באַטראָפן 316 מיליאַרד דאָלאַרן. מע דאַרף האָבן אין זינען, אַז דאָס רויִנירן אינדוסטריִעלע אָביעקטן האָט באַקומען אַ סטראַטעגישע באַדײַטונג.

באַזונדערס גרויסע פֿאַרלוסטן האָבן די פֿאַשיסטישע אָקופּאַנטן פֿאַרשאַפֿט דער פֿאָלקסווירטשאַפֿט פֿונעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד. באַרבאַריש זײַנען צעראַבירט געוואָרן אַלע אָקופּירטע געגנטן. אָפּטרעטנדיק, האָבן די היטלעריסטן אָנגעווענדט די טאַקטיק פֿון „אויסגעברענטער ערד". אין רעזולטאַט קאָן מען דעם פֿאַרנעם פֿונעם פֿאַרשאַפֿענעם פֿאַרלוסט אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד לאַכלוטן ניט פֿאַרגלײַכן מיט די פֿאַרלוסטן, וועלכע די נאַציסטישע אַגרעסיע האָט געבראַכט אַנדערע לענדער. די פֿאַשיסטן האָבן פֿולשטענדיק צערויִנירט און פֿאַרברענט 1710 סאָוועטישע שטעט און יישובֿים, מער פֿון 70 טויזנט דערפֿער און שטעטלעך, מער פֿון 6 מיליאָן געבײַדעס, איבערגעלאָזן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ מער פֿון 25 מיליאָן מענטשן. דער סאָוועטנפֿאַרבאַנד האָט פֿאַרלאָרן 30 פּראָצענט פֿונעם נאַציאָנאַלן רײַכטום. די אַלגעמיינע מאַטעריעלע קאָסטן פֿונעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד ווערט געשאַצט אין 2 טריליאָן 569 מיליאַרד רובל.

שטאַרק צערויִנירט געוואָרן זײַנען אויך אַנדערע לענדער. אין פּוילן, למשל, האָבן די אָקופּאַנטן אומגעבראַכט קימאַט 40% פֿונעם נאַציאָנאַלן רײַכטום. לויטן קאָסטן איז עס אַ רעזולטאַט פֿון אַרבעט פֿון צוויי פֿאַריקע דורות פּאָליאַקן. די פֿאַרייניקטע שטאַטן פֿון אַמעריקע האָבן, אין טאָך, אויסגעמיטן אַזעלכע פֿאַרלוסטן. זייערע מאַטעריעלע פֿאַרלוסטן האָבן באַטראָפֿן בלויז 0,4% פֿונעם אַלגעמיינעם סכום פֿאַרלוסטן פֿון אַלע לענדער אין דער צײַט פֿון דער מילחמה.

אויך נאָכן 1945 זײַנען אויף פֿאַרשיידענע קאָנטינענטן פֿאָרגעקומען מער פֿון 100 גרויסע און קליינע לאָקאַלע מילחמות און באַוואָפֿנטע קאָנפֿליקטן, בײַ די אורקוואַלן פֿון וועלכע עס זײַנען געשטאַנען די אַמערסטן רעאַקציאָנערע אימפּעריאַליסטישע קרײַזן. זיי האָבן פֿאַרוואַנדלט די מילחמות אין אַ וויכטיקסטן אינסטרומענט אינעם קאַמף קעגן דער רעוואָלוציאָנערער און נאַציאָנאַל־באַפֿרײַערישער באַוועגונג. לויט אייניקע אָנגאַבן, זײַנען אין די דאָזיקע קאָנפֿליקטן, וועלכע זײַנען צעבונדן געוואָרן מיט דער אונטערשטיצונג פֿון די פֿאַרייניקטע שטאַטן פֿון אַמעריקע, ענגלאַנד, פֿראַנקרײַך, ישׂראל, דאָרעם־אַפֿריקע און אַנדערע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, אומגעקומען 20—22 מיליאָן מענטשן, אין דער מערהײַט פֿרידלעכע אײַנוווינער.

די אַוואַנטיורן פֿון די פֿאַרייניקטע שטאַטן אין קאָרייע און וויעטנאַם עפֿענען דאָס צעטל פֿון די בלוטיקע רעציכעס פֿונעם אימפּעריאַליזם אין אונדזער צײַט. אין וויעטנאַם האָבן די אַמעריקאַנער אַגרעסאָרן דערהאַרגעט, פֿאַרברענט מיט נאַפּאַלם, אָפּגעסאַמט מיט דעפֿאָליאַנטן — כעמישע פּרעפּאַראַטן — קימאַט 7 מיליאָן בירגער. אין אַלע מילחמות און קאָנפֿליקטן נאָכן 1945 האָבן אָנטיילגענומען מער פֿון 12 מיליאָן סאָלדאַטן און אָפֿיצערן פֿון די אימפּעריאַליסטישע אַרמייען. קעדיי צו פֿאַרגלײַכן, וועלן מיר דערמאָנען, אַז דער גרעסטער צאָל־באַשטאַנד פֿון דעם היטלעריסטישן ווערמאַכט איז געווען אַרום 10 מיליאָן מענטשן.

מע קאָן, אַגעוו, דערמאָנען די ענגליש־אַרגענטינער מילחמה, וועלכע עס האָט צעבונדן לאָנדאָן מיט דער אונטערשטיצונג פֿון וואַשינגטאָן, דעם אַראַביש־ישׂראלדיקן קאָנפֿליקט, וועלכער פֿאַרטיליקט טאָגטעגלעך מענטשלעכע לעבנס, וועגן דעם ווילקיר פֿון פּשאַ אין דער אומאָפּהענגיקער רעפּובליק גרענאַדע. די אַמעריקאַנישע אַדמיניסטראַציע פֿאַרשטאַרקט די „ניט־געמאָלדענע מילחמה" קעגן די פֿעלקער פֿון אַפֿגאַניסטאַן, ניקאַראַגואַ, אַנגאָלע, מאָזאַמביק, קאַמפּוטשיע, ליוויע.

די פֿעלקער פֿון דער גאָרער וועלט שטרעבן הײַנט אָן אַלע קוויכעס, קעדיי ניט דערלאָזן, עס זאָל זיך צעפֿלאַקערן אַ נײַע וועלט־מילחמה. די הויפּט־ראָל אין דעם קאַמף געהערט די סאָציאַליסטישע לענדער אין דער שפּיץ מיטן סאָוועטנפֿאַרבאַנד. דער וועלט־סאָציאַליזם האָט ניט בלויז פֿעסטע מאָראַליש־פּאָליטישע פּאָזיציעס, נאָר אויך אַ קרעפֿטיקן מיליטעריש־עקאָנאָמישן פּאָטענציאַל, קעדיי אײַנצוהמען די אימפּעריאַליסטישע אַגרעסיע. צוזאַמען מיט די סאָציאַליסטישע לענדער קעמפֿט פֿאַר שלום דער צווישנפֿעלקערלעכער אַרבעטערקלאַס, אין אַוואַנגאַרד פֿון וועלכן עס שטייען די קאָמוניסטישע פּאַרטייען. די פֿעלקער פֿון אַזיע, אַפֿריקע און לאַטײַן־אַמעריקע קעמפֿן פֿאַר זייער נאַציאָנאַלער אומאָפּהענגיקייט. הונדערטער מיליאָנען מענטשן פֿון פֿאַרשיידענע פּאָליטישע און רעליגיעזע איבערצײַגונגען, נעמען אָנטייל אין דער צווישנפֿעלקערלעכער באַוועגונג פֿאַר שלום.

אויף דער באַגעגעניש מיט די פֿאָרשטייער פֿונעם צווישנפֿעלקערלעכן פֿאָרום פֿון די געלערנטע פֿאַר פֿאַרבאָטן די נוקלעאַרע אויספּרוּוון דעם 14 יולי 1986 י. האָט מ. ס. גאָרבאַטשאָוו געמאָלדן, אַז אין רעזולטאַט פֿון אַ נוקלעאַרער מילחמה דערוואַרט דער מענטשהײַט אַלס מינימום — דעגראַדאַציע און אַלס דעם סאַמע רעאַלן וואַריאַנט — אומקום. אויך דאָס געוויינלעכע געווער, — האָט אונטערגעשטראָכן דער גענעראַל־סעקרעטאַר פֿונעם צ״ק פֿון קפּסס, — קאָן אַדאַנק די דערגרייכונגען פֿון דער וויסנשאַפֿט זיך גלײַכן לויט די צעשעדיקונג־אייגנשאַפֿטן מיטן נוקלעאַרן. ניט ווייניקער געפֿערלעך זײַנען די פֿאָלגן פֿון אָנווענדן כעמיש און באַקטעריאָלאָגיש געווער.

אַ וועלט אָן מילחמות, אָן געווער — אַזאַ איז דער אידעאַל פֿונעם סאָציאַליזם. אין דער פּראָגראַם פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פֿון דעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד, וועלכע איז אָנגענומען געוואָרן אויפֿן XXVII צוזאַמענפֿאָר, איז פֿאַרשריבן: „די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פֿונעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד גייט אַרויס פֿון דעם, אַז ווי גרויס עס זאָל ניט זײַן די געפֿאַר פֿאַרן שלום, וועלכע שאַפֿט זיך איבער דער פּאָליטיק פֿון די אַגרעסיווע קרײַזן פֿונעם אימפּעריאַליזם, איז קיין פֿאַטאַלע אומפֿאַרמײַדלעכקייט פֿון אַ וועלט־מילחמה ניטאָ. אויסמײַדן אַ מילחמה, באַשיצן די מענטשהײַט פֿון אַ קאַטאַסטראָפֿע איז מעגלעך. אין דעם באַשטייט דער היסטאָרישער באַרוף פֿונעם סאָציאַליזם, פֿון אַלע פּראָגרעסיווע, פֿרידנסליבנדיקע קוויכעס פֿון אונדזער פּלאַנעטע".

ס. איסײַעוו,
קאַנדידאַט פֿון היסטאָרישע וויסנשאַפֿטן

## קינסטלער הערש אינגער (מאָסקווע)

פאגאניני





אילוסטראַציעס צו שאָלעם־אַלייכעמס „דאָס טעפּל“ און „דער פּאַרקישעפּטער שנײַדער“





אילוסטראַציע צו שאָלעם־אַליכעמס „בלאָנדזשענדע שטערן״

דאָס איז טשי

## בּיניאָמין גאָראָדעצקי

## „כ'האָב שוין גאָר לאַנג ניט גענומען די דאַמקע אין די הענט"

פון דער צײַט, ווען די יונגע אַרטיסטן מאָסקווין און טאָפּאָרקאָוו האָבן רעפּעטירט אין דעם מאָסקווער קינסטלערישן טעאַטער די באַוווּסטע סצענע פון גאָגאָלס פּאָעמע „טויטע נעפּאַשעס", אין וועלכער נאָזדריאָוו און טשיטשיקאָוו שפּילן אין דאַמקעס, איז שוין דורכגעגאַנגען אַ שאָק מיט יאָרן. ניט געקוקט אויפן גרויסן טאַלאַנט פון די אַקטיאָרן, האָט די סצענע מיט זייער דאַמקעס־צווייקאַמף זיך ניט אײַנגעגעבן. זיי אַליין האָבן דאָס פאַרשטאַנען און זיך טאַקע געווענדט צו סטאַניסלאַווסקין מיט אַ באַקאָשע, ער זאָל אויסשליסן די דאַמקעס פון דער פּיעסע. נאָר סטאַניסלאַווסקי האָט אַפילע הערן ניט געוואָלט. ער האָט אויפגעקלערט די אַקטיאָרן, פאַרוואָס גאָגאָל האָט אַרײַנגעפירט אין דער פּאָעמע די שאַשקעס, און וואָס פאַר אַ פּסיכאָלאָגישע אָנלאָדונג זיי טראָגן.

בעעמעס, אין פאַל, אויב טשיטשיקאָוו געווינט די פּאַרטיע, שפּילט ער אויס אַנדערהאַלבן הונדערט טויטע נעפּאַשעס, אין יענע צײַטן — אַ גאַנצן פאַרמעגן! אויך נאָזדריאָוו, וועלכער האָט מיט אַ טאָג פריִער פאַרשפּילט אויפן יאַריד אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט, ביזן לעצטן גראָשן, — אויך ער האָט געוואַרט מיט אומגעדולד, אַז טשיטשיקאָוו זאָל פאַרשפּילן די הונדערט רובל.

איר געדענקט דאָך מיסטאָמע, אַז נאָזדריאָוו איז געווען אַ גרויסער שווינדלער. טשיטשיקאָוו האָט דאָס גוט געוווּסט און דעריבער האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פון אַלע נאָזדריאָווס פאָרשלאָגן צו שפּילן אין די אָדער אַנדערע שפּילן. סאַפּקאָלסאָף האָט נאָזדריאָוו אײַנגערעדט זײַן גאַסט צו שפּילן אין דאַמקעס: „דאָס איז דאָך ניט קיין באַנק[1]; דאָ קאָן נישט זײַן ניט קיין גליק, ניט קיין פאַלשקײַט: אַלץ איז דאָ קונסט; אָט וועל איך דיר אויסזאָגן אַ סאָד, אַז איך קען גאָר ניט שפּילן, צי דען וועסטו מיר געבן אַ פאָרע?"... און טשיטשיקאָוו האָט אַ טראַכט געטאָן: „כ'וועל שפּילן מיט אים אין דאַמקעס... עפּעס געדענקט זיך, אַז איך האָב געשפּילט גאַנץ נישקאָשעדיק, און אַרויסווײַזן זײַנע קונץ־שטיק וועט אים דאָ זײַן שווערלעך!.."

יאָ, מיט אַ היפּשער אָנשטרענגונג האָט געמוזט פירן די שפּיל גאָגאָלס העלד. ניט אומזיסט האָט ער

אַלע גענג אינדערשטיל אויסגעציילט ...
דענקט...

לאָמיר אַ קוק טאָן, וואָס פאַר אַ ...
שפּילן די אַקטיאָרן אין דער דאָזיקער ...
וויינלעך, קומען זיי אָן צו אַ קונץ: ...
מיט זייערע קערפּערס די דאַמקע־ברעט ...
טוען זיי, וואָס זיי ווילן: שטעלן איבּ...
אָן קיין שום לאָגיק.

דער רעזשיסער מיכאַיִל אַבּראַמאָוו ...
האָט ניט לאַנג צוריק געשטעלט לויט ...
מע אַ טעלעוויזיע־פילם פון פינף סע...
הייב גייט דאָרט די דאַמקע־שפּיל גאָר ...
טיאָרן (שעפּאָוואַלאָוו און קאַליאַגין) ...
ברעט געגנ, וועלכע מע באַווײַזט ...
(עמעס, ווי שאָלעם־אַליכעם וואָלט ...
זאָלן אַזוי וויסן אין פרעמדע גערטענ...
גען, ווי די אַקטיאָרן ווייסן, וואָס פאַ...
מאַכן!..). אָבער נאָך עטלעכע געגנ ...
דער באַדינער מיט דער טאַץ און ...
דאַמקע־ברעט...

עס איז געוויס אַ שאָד, וואָס מע ...
ווײַזן פאַר די צושויער די געגנ פון ד...
פון גאָגאָלס העלדן. כאָטש אין קונסט ...
קלייניקײַטן — אַלץ איז וויכטיק, מ...
אַקטיאָרן מאַכן קונצן, פאַרשטעלן מיט ...
פערס די דאַמקע־ברעט בײַם נאָזדריאָ...
זײַן באַריִמטע „קאָמבינאַציע".

פאַרשטייט זיך, אַז עס איז אַ גר...
געס אויף די אַרטיסטן און אויך אויף ...
האָב איך זיך אַ טראַכט געטאָן ...
בּיניאָמין, דו ביסט דאָך אַ גראָסמײַס...
זאָלסטו ניט אַ פּרוּוו טאָן ווידער ...
שפּיל? איר וועט זאָגן, אַז דאָס אי...
אײַסעק. אַוודאי זײַט איר גערעכט, ...
מעס אַ שווערע האָרעוואַניע, אָבער ו...
ניט געטאָן פאַר די ליבע לייענער ...
היימלאַנד"... מע דאַרף אויך זאָגן, ...
הילף זײַנען בעקויעך אַרויסווײַזן די ...
מאָר זײַטלעך פון דער פּאָעמע, ווע...
וועגן דער שאַשקע־שלאַכט פון טש...
נאָזדריאָוון! דאָס אַלץ איז געווען, מע...
טאָן רעסטאַווּרירן די אומשטערבלעכ...



[1] האַלטן אַ באַנק — קאָרטן־שפּיל.

אַלזאָ, מיט די ווײַסע ציגלעך האָט געשפּילט נאָזדריאָוו. פֿון גאָגאָלס טעקסט קומט אויך אַרויס, אַז ביז נאָזדריאָוס שלימאַזלדיקער „קאָמבינאַציע" זײַנען לאַכלוטן ניט געווען קיין שאַשקעס־אויס־טוישן. מע קאָן זיכער אָנקומען צו דער האַשאָרע, אַז די קעגנער האָבן דורכגעפֿירט די פֿלאַנג־סטראַטעגיע. ווײַל אין יענע צײַטן האָט מען געהאַלטן, אַז אָנגריף־אָפּעראַציעס אין צענטער זײַנען ריזיקאַל.

איך גיי איבער צום טאָך.

„— מיר ווייסן אײַך. ווי איר שפּילט שלעכט! — האָט געזאָגט נאָזדריאָוו און האָט אַרויסגערוקט אַ ציגל (1. cb4).

— כ'האָב שוין גאָר לאַנג ניט גענומען די דאַמקע אין די הענט, — האָט געזאָגט טשיטשיקאָוו און האָט אויך גערוקט פֿאָרויס אַ ציגל (1. . . .hg5).

— מיר ווייסן אײַך, ווי איר שפּילט שלעכט! — האָט ווידער געזאָגט נאָזדריאָוו און האָט אַרויסגערוקט אַ ציגל (2. gh 4).

— כ'האָב שוין גאָר לאַנג ניט גענומען די דאַמקע אין די הענט, — האָט איבערגעחזרט טשיטשיקאָוו און האָט גערוקט פֿאָרויס אַ ציגל" (2. . .gh4).

נאָך עטלעכע גענג (3. ba5—fe5, 4. hg3—gf6, 5. bc3—fg7) האָט זיך געשאַפֿן אַ לאַגע, וועלכע ווערט באַוויזן אויף דער דיאַגראַמע:




וואָס איז געווען ווײַטער? איר געדענקט, נאָזדריאָוו האָט אַקשאָנעסדיק געפּרוּווט זיך דערשלאָגן אַ וועלכע־ניט־איז פּאָרע: „לעכאָלהאָפּאָכעס זאָלן בא מיר זײַן צוויי גענג נאָכאַנאַנד". נאַטירלעך, אַז טשיטשיקאָוו האָט קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפֿן די פּרעטענזיעס פֿונעם קעגנער. אָבער אין דער געגעבענער לאַגע איז דאָס רעכט צו מאַכן צוויי גענג נאָכאַנאַנד אַלציינס ווי אַ ניצאָכן. און בא נאָזדריאָוון האָט אויפֿגעבליצט אַ געדאַנק צו פֿאַרווירקלעכן אַן „אָריגינעלן מאַנעווער".

„— מיר ווייסן אײַך, ווי איר שפּילט שלעכט! — האָט געזאָגט נאָזדריאָוו, אַרויסרוקנדיק אַ ציגל, און אין דער זעלבער צײַט אַ רוק געטאָן מיטן מאַנזשעט פֿונעם אַרבל אַן אַנדער ציגל".

וואָס האָט פּאַסירט? נאָזדריאָוו האָט איבערגעשטעלט די ציגל „f4" אויף דעם פֿעלד „h6", און קעדיי פֿאַרווישן די שפּורן, האָט ער מיטן אַרבל אַ רוק געטאָן אויך דעם ציגל „e3", ווײַל ער האָט געוווּסט, אַז דער קעגנער וועט דאָס באַמערקן אין דער ערשטער ריי.

„— כ'האָב שוין גאָר לאַנג ניט גענומען אין די הענט!.. ע, ע! ברודער, וואָס איז דאָס! נעם אים אָפּ צוריק! — האָט געזאָגט טשיטשיקאָוו.

— וועמען? — האָט געפֿרעגט טאַמעוואַטע נאָזדריאָוו.

— דעם ציגל! — האָט געזאָגט טשיטשיקאָוו און האָט איינצײַטיק דערזען קימאַט אונטער דער סאַמע נאָז זײַנער אַן אַנדער ציגל, וואָס האָט זיך, ווי עס האָט זיך געדאַכט, דורכגעגאַנגעט אין די דאַמקעס; פֿונוואַנען ער האָט זיך גענומען, האָט נאָר איין גאָט געוווּסט.

— ניין, — האָט געזאָגט טשיטשיקאָוו, אויפֿהייבנדיק זיך פֿונעם טיש, — מיט דיר איז ניטאָ קיין שום מעגלעכקײַט צו שפּילן. אַזוי־אָ שפּילט מען ניט, צו דרײַ ציגלעך מיטאַמאָל!

פֿאַרוואָס צו דרײַ? דאָס איז אַ טאָעס. איינער האָט זיך אָפּגערוקט ניט בעקיוון. איך וועל אים שטעלן אויפֿן אָרט. ביטע!

— און דער אַנדערער פֿונוואַנען האָט זיך גענומען?

— וועלכער אַנדערער?

— אָט דער, וואָס קלײַבט זיך דורך אין דאַמקעס?

— אָט האָסטו, קלוימערשט דו געדענקסט ניט!

— ניין, ברודער, איך האָב אַלע גענג געציילט און געדענק אַלץ: דו האָסט נאָרוואָס דעם ציגל אוועקגעשטעלט, זײַן אָרט איז אָט וווּ!"

דער סקאַנדאַל, וואָס האָט אויסגעבראָכן איבערן ציגל, וועלכער איז דורכגעגאַן אין די דאַמקעס „קימאַט אונטער דער סאַמע נאָז", האָט זיך פֿאַרענדיקט מיט טשיטשיקאָווס אַנטלויפֿן.

אַלזאָ, דער צווייקאַמף, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן בעשאָלעם, איז געבליבן ניט פֿאַרענדיקט. עפּשער קאָנט איר ראַטן גאָגאָלס העלדן אַן אַנדער אויסוועג? אַדעראַבע. איך אָבער זאָג זיך אָפּ צו געבן אייצעס גאָגאָלן.

פֿאַרבײַגייענדיק, וויל איך ווענדן אײַער אויפֿמערקזאַמקײַט אויף אַזאַ דעטאַל. אַלע ווייסן, אַז טשיטשיקאָוון האָט מען גערופֿן פּאַוועל איוואַנאָוויטש, אָבער ווער ווייסט נאָזדריאָווס נאָמען? אומזיסט וועט איר זיך מאַטריען זײַן. די פּראָבלעם האָט ניט קיין לייזונג! גאָגאָל האָט ניט געגעבן נאָזדריאָוון קיין נאָמען!

איך מיין, אַז פּראָסט נאָזדריאָוו קלינגט אַ סאַך שטאַרקער, ווי נאָזדריאָוו מיטן נאָמען און פֿאָטערנאָמען. עס איז קאָלאָריטפֿול. ס'קלינגט איבערצײַגעוודיק און סימפּאַטאָמאַטיש. נאָזדריאָוו בײַטיקט זיך ניט אין נעמען! אַזוי האַלט איך. אָבער אויב איר האַלט אַנדערש — איז צו געזונט! איך וויל אײַך ניט אָנבינדן מײַן מיינונג. יעדערער איז פֿרײַ צו טראַכטן אַזוי, ווי ער וויל.




## אירמע דרוקערס פאָלקלאָר־אָנזאמלונג

אין היימישן ארכיוו פון דעם איצט שוין פארשטאָרבענעם יידישן סאָוועטישן שריפטשטעלער אירמע דרוקער האָט זיך אָפּגעהיט א קסאוויאד פון ווערטלעך, רעדנסארטן, רעטענישן, „זאָגעכצן”, וועלכע דער שרייבער האָט געזאמלט און פארשריבן. מיר וועלן אין א ריי נומערן פון „סאָוועטיש היימלאנד” פארעפנטלעכן די דאָזיקע זאמלונג.

רעדאקציע

# רעדנסארטן

א בוים בייגט זיך בלויז, ווען ער איז יונג.

א בלינד הינדל געפינט אויך אמאָל א קערנדל.

אַן אָרעמער מעיוכעס איז געגליכן צו די שיוורי לוכעס.

א גאַנץ יאָר באָרוועס, און טישעבאָוו אין זאָקן.

א מענטשן, אין וועלכן דו געפינסט קיין פעלער ניט, זאָלסטו ניט גלייבן, ער איז פאַלשער.

א גאַנץ יאָר שיקער און פורים ניכטער.

א געמאַכטע מאַכעשייפע איז ערגער ווי אן עמעס.

א דאַנק קאָן מען אין קעשענע ניט אַריינלייגן.

אַף א יונגן בוים שפּרינגען אַלע ציגן.

אומגעקערט זיך — הייסט אויך געפאָרן.

אומזיסט איז נאָר דער טויט, און דאָך קאָסט ער דאָס לעבן.

אז א קאַרגער וויל לעבן מיט דער ברייטער האַנט, עסט ער באָרשטש מיט לעקער.

אז גאַנאָווים שלאָגן זיך, קומט אַרויס די גנייווע.

אז מע שלאָגט גאָלד, קרעכצט עס שטיל, אײַזן אָבער שרײַט גוואַלד. ווײַל גאָלד שלאָגט א פרעמדער, אָבער דעם אײַזן — זײַן אייגענער ברודער, דער האַמער.

אז דאָס האַרץ איז פול, גייען די אויגן איבער.

אז מע גיט א זעץ אין הונט, וואָיען אַלע.

א געמאָלטע בלום האָט קיין ריח ניט.

אז מע זוכט א באַנדער, געפינט מען א גלעזער.

אז מע שפּילט זיך מיט א קאַץ, מוז מען נעמען פאַר ליב איר קראַץ.

א מיעסקײַט, אז זי פּוצט זיך אויס, זעט זי אויס נאָך מיעסער.

אז צוויי שלאָפן אויף איין קישן, דאַרף זיך דער דריטער ניט מישן.

אז קרופּניק איז אַן אכילה, איז באַנדריוקע א קעהילע.

א טויטן טראָגט מען ניט צוריק.

איטלעכער האָט זײַן בערגל מיסט פאַר דער טיר.

א קאַשערער גראָשן איז בעסער ווי א טריפה קערבל.

א ליגנער גלייבט ניט קיינעם.

א ליגנער מוז האָבן א גוטן זיקאָרן.

א מוטער דאַרף האָבן א גרויסן פאַרטעך די כעס־רוינעס פון די קינדער צו פאַרדעקן.

א מינהאָג ברעכט א דין.

א נאַר זאָגט, וואָס ער ווייסט, און א קלוגער ווייסט, וואָס ער זאָגט.

א נאַרישקײַט, אז עס געראָט אַמאָל, איז דאָס אויך א נאַרישקײַט.

א נאַר לאַכט דרײַ מאָל: ווען ער הערט, ווען ער פאַרשטייט און ווען ער דערמאָנט זיך.

א ליידיקער טאָפּ פּאַרדולט דעם קאָפּ, פון ליידיקע פעסער איז דער געשריי גרעסער.



א שלימאזל פאלט אפן רוקן און צעקלאפט זיך די נאז.



אז מ'וויל אפטאן דעם באלעגאלע א שפיצל, גייט מען באם וואגן צופוס.



א האלבער עמעס איז א גאנצער ליגן.



אזוי ווי די זריע אזוי איז די טווע.

אז מע לייגט ניט קיין קליינע לאטע, ווערט א גרויסע לאך.



אז דער מילנער שלאגט זיך מיטן קוימענקערער, ווערט דער מילנער שווארץ, און דער קוימענקערער ווייס.



א שוטעף איז ווי א גראבליע, ער שארט אלץ צו זיך.



א ביסל און א ביסל ווערט א פולע שיסל.



אז דער זון האט כאסענע, גיט ער דעם ווייב א קסיווע און דער מאמען א געט.



אז מע ברייט זיך אפ מיט הייסן, בלאזט מען אף קאלטן.



אז מע איז שולדיק דעם קירזשנער, איז מען א באלכויוו איבערן קאפ.



א פולער וואק שטייט פעסט.



אז מע האט ניט קיין סוס, גייט מען צופוס.



א כאסענע איז ווי א פראסט — ארום גלאנצט, אין די אויגן שטייען טרערן און מע טאנצט.



אז מ'גייט צו דער געליבטער, שמעקט די גארבער־גאס מיט די שענסטע רייכעס.



אלע ציין זאלן דיר ארויספאלן, און ס'זאל דיר בלייבן איין צאן אף ציינווייטיק.

אזוי איז עס, שמאל איז עס, ארײַן מוז עס, וואס איז עס? (א נאדל).



אמאל איז עס געווען א מייסע און איצט איז עס א לעגענדע.



אף א שימכע ווײנט זיך געשמאק, ס'איז פריילעכער צו וויינען.



א יונגער קאן שטארבן, אבער אן אלטער מוז שטארבן.

אלכּעט איז זיך גוט שלאָגן אָף א פרעמדער ברוסט.

אז די באָרד ברענט, איז די מאָרדע לעבלעך.

א קאַרגער זופּט זיך מיט א גאָפּל, און טרייסלט נאָך אָפּ.

באָרגן מאַכט זאָרגן.

בינד מיך אָף אַלע פיר, נאָר וואַרף מיך צווישן מייַניקע.

בעסער דעם בעקער, ווי דעם דאָקטער.

בא מיר איז א זייגער פון דער פירמע פייטער, אז ער וויל שטייט ער, אז ער וויל גייט ער.

בייַסט ווייַטער וועט איר געפינען קעז אויך.

בעסער א מיִעסע לאַטע, איידער א שיינע לאָך.

גרינג צו זאָגן, שווער צו טראָגן.

געלט איז אן אוווידע־זאַרע, אָבער אז ס'איז ניש־טאָ, איז א גרויסע צאַרע.

גיב מיר ניט קיין גראָשן פּאַרויס און שמיר מיך מיט סאַזשע ניט אויס.

געפינט מען דאָס פּערל, זיפּט מען מער ניט דאָס זאַמד.

דאָס אויג דערציילט, וואָס דאָס האַרץ מיינט.

דער כאָלעם איז גרעסער ווי די באַכט.

דאָס וואָרט אין מויל איז א האַר, פון מויל — א נאַר.

דער שאַמעס קלייַבט זיך אין שול אַרייַן און לייגט זיך אליין שלאָפן.

דער ווייַטסטער ברעג פון מיזרעך איז אָף מייַרעוו.

# מאַטעריאַלן פאַר א לעקסיקאָן
## פון דער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור

### ווינגער, מאָרדכע
(1890—1929)

— פילאָלאָג. געבוירן אין פּאָלטאַווע. אין סאָף פון די ניינציקער יאָרן צוזאַמען מיט די עלטערן אריבערגעפאָרן קיין וואַרשע. אין 1911 האָט ער פאַרענדיקט די גימנאַזיע און אָנגעקומען זיך לערנען אפן פילאָלאָגישן פאַקולטעט פון וואַרשעווער אוניווערסיטעט. נאָך אין די סטודענטישע יאָרן פאַרעפנטלעכט א ריי אַרבעטן וועגן יידישער אָרטאָגראַפיע און דיאַלעקטאָלאָגיע. אין 1913 דערשיינען זיינע צוויי בראָשורן וועגן רעפאָרמירן די יידישע שריפט און דעם יידישן אויסלייג. אין 1914 פאַרענדיקט דעם אוניווערסיטעט, נאָר אין צוזאַמענהאַנג מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מילכאָמע איבעררייסן די לינגוויסטישע טעטיקייט, אין מעשעך פון צען יאָר געווען א פריוואַטער לערער — צוערשט אין כאַרקאָוו, דערנאָך אין מאָסקווע, מאָביליזירט געוואָרן אין דער רוסישער אַרמיי. נאָך דער דעמאָביליזאַציע אין 1917 געווען א לערער אין דער טאַשקענטער יידישער שול. זינט 1919 — מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, זיך באַטייליקט אין די שלאַכטן קעגן די ווייסע קאַזאַקן. אין 1921 געאַרבעט אין פאַרטיי־אָרגאַנען און אין רעגירונגס־אַנשטאַלטן אין טורקעסטאַן, אין 1922 — 1923 — סעקרעטאַר פונעם מיטלאַזיאַטישן קאָמוניסטישן אוניווערסיטעט אין טאַשקענט. דערנאָך אריבערגעפאָרן קיין מינסק, ווו געוואָרן פאַרוואַלטער פונעם יידישן אָפּטייל באַם פּעדאַגאָגישן פאַקולטעט און לעקטאָר פון יידישער דיאַלעקטאָלאָגיע און גערמאַניסטיק אין ווייסרוסישן מעלוכע־אוניווערסיטעט. פאַרעפנטלעכט א ריי אַרטיקלען און בראָשורן וועגן פראַגן פון יידישן אויסלייג און דיאַלעקטאָלאָגיע. געווען פאַרזיצער פון דער שפּראַך־קאָמיסיע באַם יידישן סעקטאָר און שטעלפאַרטרעטער פונעם פאַרוואַלטער פונעם ווייסרוסישן מעלוכע־אוניווערסיטעט, איניציאַטאָר און אָנפירער מיט דער אַרבעט איבערן אקאַדעמישן ווערטערבוך און שפּראַך־אַטלאַס.

ווערק: וועגן דער שפּראַך און אויסלייגונג פון „ספר של רב אנשל". אין זשורנאַל „לעבן און וויסנשאַפט", 1912; דיאַלעקטאָלאָגישע באַמערקונגען אין נויעך פּרילוצקיס „זאַמלביכער פאַר יידישן פאָלקלאָר, פילאָלאָגיע און קולטור־געשיכטע", ב. 1, וואַרשע, 1912; יידיש אַנטהאַלט פרעמדע ווערטער, איז יידיש א שפּראַך? אין „אונדזער זשורנאַל", וואַרשע, 1913; העברעיִשע קלאַנגען אין דער יידישער שפּראַך. „דער פּינקעס", ווילנע, 1913; יידישער סינטאַקסיס. וואַרשע, 1913; מאַין אָיסלעיג. דאָרט, 1913; אינסטרוקציע פאַרן ווערטער־אַרויסשרייבער פונעם יידישן אקאַדעמישן ווערטערבוך. זשורנאַל „צייטשריפט", בוך 1, מינסק, 1926; וועגן דעם יידישן שפּראַך־אַטלאַס. זשורנאַל „די יידישע שפּראַך", קיִעוו, נומ. 1, 1927; וועגן דעם יידישן אַלעפבייס און אויסלייג. אין דער זאַמלונג „יידישע אָרטאָגראַפיע", דאָרט, 1928; לינגוויסטישע קאַרטאָגראַפיע און דער יידישער שפּראַך־אַטלאַס. זשורנאַל „צייטשריפט", מינסק, ב. 2—3, 1929; שפּראַכוויסנשאַפט און אויסלייג. אין דער זאַמלונג „יידישע אָרטאָגראַפיע", קיִעוו, נומ. 1, 1928; יידישע עטימאָלאָגיעס. אין „שריפטן פון ווייסרוסישן מעלוכע־אוניווערסיטעט", בוך 1, מינסק, 1929; לינגוויסטישע קוואַלן פון מענדעלעס שפּראַך. דאָרט; יידישע דיאַלעקטאָלאָגיע. מינסק, 1929;

ביבליאָגראַפיע: ז. רייזען, לעקסיקאָן, ב. 1; א. זאַרעצקי, די ביבליאָגראַפיע פון מ. ווינגערס אַרבעטן. זשורנאַל „די יידישע שפּראַך", קיִעוו, יאַנוואַר—פעברואַר, 1929; נ. שטיף, ווינגער — דער לינגוויסט. דאָרט; א. גורשטיין, א נייער ווענדפּונקט אין דער מענדעלע־פאָרשונג. „וויסנשאַפטלעכע יאָרביכער", ב. 1, מאָסקווע, 1929; ל. ווילענקין. וועגן מ. ווינגערן, נעקראָלאָג. זשורנאַל „שטערן", מינסק, 1929, נומ. 3; כ. נאַדעל, אופלעבן דאָס ביבליאָגראַפיע־וועזן. צייטונג „אייניקייט", מאָסקווע, 5 יול 1947; זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד", נאָטיצן אפן קאַלענדאַר. 1965, נומ. 9; לעקסיקאָן פון דער נייער יידישער ליטעראַטור, ב. 3, שפּאַלטן 356—358.

### ווייסמאַן, ז.
(1875—?)

— פּעדאַגאָג, איבערזעצער פון לערנביכער. געבוירן אין ווייסרוסלאַנד. געלעבט אין ווייסרוסלאַנד און — אף אוקראַינע. זינט 1925 געווען לערער פון העכערער מאַטעמאַטיק אין אַן אַרבפאַק, אין קיִעווער יידישן קאָאָפּעראַטיוון טעכניקום. געאַרבעט אויך אין דער „קולטור־ליגע", געדרוקט אַרטיקלען אין דער פאַריאָדישער פּרעסע.

ווערק: (איבערזעצונגען) ק. פ. לעבעדינצעוו, אַלגעבראַיִשע אויפגאַבעס, ערשטער טייל. קיִעוו, 1925; י. פּאָלאָנסקי, בלי פון געוויקסן. דאָרט, 1927: י. ל. הורוויץ, אָנפאַנג־ידיִעס פון געאָמעטריע, לערנבוך פאַר דער מיטלשול, 5־טער לערניאָר.

מאָסקווע, 1933; דער זעלבער, סיסטעמאַטישער קורס פון געאָמעטריע, לערנבוך פאַר דער מיטלשול, ערשטער טייל, פּלאַנימעטריע, פאַרן 6־טן — 8־טן לערניאָרן. דאָרט, 1933; דער זעלבער, צווייטער טייל, סטערעאָמעטריע. פאַרן 8־טן — 9־טן לערניאָרן. דאָרט, 1933: נ. ריבקין, זאַמלונג אויפגאַבעס אַף טריגאָנאָמעטריע, פאַר דער מיטלשול, 6־טער — 8־טער לערניאָרן. דאָרט, 1933; דער זעלבער, גראַדליניקע טריגאָנאָמעטריע, לערנבוך פאַרן 9־טן און 10־טן קלאַס פון דער מיטלשול. דאָרט, 1934; אַ. קיסעליאָוו, אַלגעבערע, לערנבוך פאַרן 6־טן און 7־טן קלאַס פון דער מיטלשול, ערשטער טייל. קיִעוו—כאַרקאָוו, 1936; דער זעלבער, געאָמעטריע. מאָסקווע, 1935.

ביבליאָגראַפיע: לעקסיקאָן פון דער נייַער יידישער ליטעראַטור, ב. 3, שפּאַלט 410.

## ווייצבליט, אי.
## (דאַטעס אומבאַוווסט)

— סאָציאָלאָג, פּובליציסט. געבוירן אַף אוקראַינע. אין סאָף פון די צוואַנציקער — אָנהייב פון די דרייסיקער יאָרן געווען אַ מיטאַרבעטער אינעם אינסטיטוט פאַר יידישער פּראָלעטאַרישער קולטור אין כאַרקאָוו. געווען אַ לעקטאָר אין די יידישע טעכנישע הויכשולן אין כאַרקאָוו און קיִעוו. געדרוקט אַרטיקלען וועגן פראַגן פון סאָציאָלאָגיע און דעמאָגראַפיע אין די צייַטונגען „עמעס", „דער שטערן", „אָקטיאַבער", אין זשורנאַל „די רויטע וועלט" (כאַרקאָוו) און אין אַנדערע אויסגאַבעס.

ווערק: דעראַזשנע — דאָס איצטיקע יידישע שטעטל (רוסיש). מאָסקווע—לענינגראַד, 1929; די דינאַמיק פון דער יידישער באַפעלקערונג אין אוקראַינע פאַר די יאָרן 1897 — 1926. כאַרקאָוו, מעלוכע־פאַרלאַג, 1930; אַגראַריזאַציע אָדער אינדוסטריאַליזאַציע. דאָרט, אוקרמעלוכנאַצמינדפאַרלאַג, 1930; וועגן אַלטן און נייַעם שטעטל. דאָרט, צענטרפאַרלאַג, 1931.

ביבליאָגראַפיע: אַ. לאַרין, פאָרוואָרט צו אי. ווייצבליטס בוך „דעראַזשנע — דאָס איצטיקע יידישע שטעטל"; מ. קיפּער, פאָרוואָרט צו אי. ווייצבליטס בוך „אַגראַריזאַציע אָדער אינדוסטריאַליזאַציע".

## ווילענקין, לייזער
## (1894—?)

— לינגוויסט. געבוירן אין שטעטל האַראַדאָק, ווייַסרוסלאַנד. זינט 1912 געאַרבעט אַף אַ כאַרקאָווער כעמישן זאַוואָד. אין 1917 אַריבערגעפאָרן קיין פּעטראָגראַד, וווּ אָנגעהויבן זיך פאַרנעמען מיט לינגוויסטיק. אין די יאָרן 1921—1925 זיך געלערנט אָפּן פעדאַגאָגישן פאַקולטעט פון לענינגראַדער אוניווערסיטעט. אין אַט דער צייַט געווען אויך אַ לערער אין אַ קינדערהיים און שפּעטער — אין אַ פאָלקס־שול. אין 1926—1929 — וויסנשאַפטלעכער אַספּיראַנט אין לענינגראַדער מיזרעך־אינסטיטוט. אין 1929—1931 — דאָצענט אין ווייַסרוסישן אינסטיטוט פאַר יידישער קולטור אין מינסק, אין 1932—1935 — מיטאַרבעטער אין מאָסקווער אינסטיטוט פאַר שפּראַכפאָרשונג און אינעם אינסטיטוט פאַר קריטיק און ביבליאָגראַפיע. אין די יאָרן 1935—1937 — ביבליאָטעקער אין דער מאָסקווער לענין־ביבליאָטעק. אין מעשעך פון פיל יאָרן געפירט די אַרבעט איבערן צונויפשטעלן אַן אַקאַדעמישן יידישן ווערטערבוך און אַ יידישן שפּראַך־אַטלאַס. ער האָט צונויפגעשטעלט אַ גרויסע קאַרטאָטעק פון יידישן וואָרט־אוצר. פאַרעפנטלעכט אַרטיקלען אין כאַרקאָווער „דער שטערן", קיִעווער „פּראָלעטאַרישע פאָן", מינסקער „אָקטיאַבער".

ווערק: דער יידישער אַקאַדעמישער ווערטערבוך און דער יידישער שפּראַך־אַטלאַס, פּראָיעקט. מינסק, ווייַסרוסישע וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע, 1929; יידישער שפּראַך־אַטלאַס פון סאָוועטנפאַרבאַנד, פאָנעטיק. דאָרט, 1931.

ביבליאָגראַפיע: מ. ווײַנרײַך, זשורנאַל „ייִוואָ־בלעטער", ב. 4, נום. 2. ווילנע, 1932; לעקסיקאָן פון דער נייַער יידישער ליטעראַטור, ב. 3, שפּאַלטן 426 — 427.

## זאַסלאַווסקי, דאַוויד
## (1889—?)

— פּובליציסט. געבוירן אין קיִעוו. אין 1910 פאַרענדיקט דעם יורידישן פאַקולטעט פונעם קיִעווער אוניווערסיטעט. פון דער פריִער יוגנט זיך באַטייליקט אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, געווען אַרעסטירט. אין 1904 דעביוטירט אין דער רוסישער פּרעסע, שפּעטער געדרוקט אַרטיקלען און פעליעטאָנען אין דער ווילנער יידישער „פאָלקסצייַטונג", אין פּעטערבורגער „די צייַט", „אַרבייַטער־שטימע". אין 1926 געוואָרן אַ מיטאַרבעטער אין דער צייַטונג „איזוועסטיאַ", און פונעם 1928 ביזן סאָף פון זייַן לעבן — אין דער צייַטונג „פּראַוודאַ". געשריבן אַרטיקלען אויך פאַר די יידישע צייַטונגען „דער עמעס" און „אייניקייַט". געווען אַ מיטגליד פונעם יידישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט. אוטאָר פון אַ סאַך ביכער פעליעטאָנען און פאַרצייכענונגען, פון אַרטיקלען וועגן דער רוסישער ליטעראַטור, וועגן מ. יע. סאַלטיקאָוו־שטשעדרין און ס. מ. דאָסטאָיעווסקי.

ווערק (אין יידיש): דזשוזעפּע גאַריבאַלדי. ווילנע, 1906; באַ די ברעגן פון טעמזע. דאָרט, 1907; פאַרשוועכטע רייניקייַטן. פּעטערבורג, 1917; 15 יאָר ראַטנפאַרבאַנד און די יידישע מאַסן. מאָסקווע, „עמעס", 1932; די יידן אין ראַטנפאַרבאַנד. דאָרט, 1933; דער דייַטשישער פאַשיזם ברענגט קנעכטשאַפט די פעלקער. דאָרט, 1941.

ביבליאָגראַפיע: אַ יאָמטעוו פון דער סאָוועטישער פּרעסע. צייַטונג „אייניקייַט", 25 סענטיאַבער 1945; קורצע ליטעראַרישע ענציקלאָפּעדיע, ב. 2, שפּאַלט 998; לעקסיקאָן פון דער נייַער יידישער ליטעראַטור, ב. 3, שפּאַלטן 554 — 556.

Урок IV (продолжение) — ל׳ימעד פֿיר [фир] (פֿאַרזעצונג)

**Задание 5.** Читайте пары однокоренных слов. Обратите внимание на разные начертания печатной буквы «фэй» [ф] в середине и в конце слова:

| I | II | II | I |
|---|---|---|---|
| БЕГАТЬ | БЕГИ! | לויף! | לויפֿן |
| КУПИТЬ | КУПИ! | קויף! | קויפֿן |
| ЗВАТЬ | ЗОВИ! | רוף! | רופֿן |
| СПАТЬ | СПИ! | שלאָף! | שלאָפֿן |
| ТВОРИТЬ | ТВОРИ | שאַף! | שאַפֿן |

РАЗЛИЧАЙТЕ!

[ф] – ף и ך – [х]

**Задание 6.** Читайте, различая указанные буквы.

Прочтите и выучите скороговорку:

אף פֿינף פֿורן פֿאָרן פֿ׳ישער און פֿירן פֿר׳ישע פֿיש.

перевод: «на пяти телегах едут рыбаки и везут свежую рыбу».

**Согласная буква «пэй», звук [п]**

Звук [п] обозначается такой же буквой, как и [ф], но дополнительно с точкой внутри:

ПОРТ – א פּאָרט

**Задание 7.** Прочтите и напишите русскими буквами:

1) פֿענ׳אל, 2) פּיל׳אָט, 3) פּאָרטר׳עט, 4) פּאר׳אד, 5) קאפּיט׳אן, 6) פּאָפּוג׳יי, 7) פּאָמיד׳אָר, 8) ספּאָרט, 9) פּרעפּאר׳אט, 10) פֿאקט.

РАЗЛИЧАЙТЕ!

[п] – פּ и פֿ – [ф]

